דעם „טאָג", דער צייטונג פון אידישער אינטעליגענץ און וויסנשאפט.

מיט פריינטשאפט און אכטונג

ד ע ר  מ ח ב ר

מיין געטרייער ליבער פרוי ג אָ ל ד ע
און מיינע ליבע קינדער: לייבל (לעאָן),
אברהם זכריה (אַבראַשאַ) און רייזל (ראָ-
סיטאַ) מיט נשמה און ליבע געווידמעט.

וו. טשערנאָוועצקי

# טעפּליק, מיין שטעטעלע

## קאַפּיטלען פון פופציק יאָר לעבן

ערשטער באַנד



אַרויסגעגעבן פון:
„אַרגענטינער מאַגאַזין"

בוענאָס איירעס

1946

PRINTED IN ARGENTINE



---

V. CHERNOVETZKY

# TEPLIK, MAIN SCHTETELE

## (MI PUEBLITO TEPLIK)

Editado por

"EL MAGAZINE ARGENTINO"

BUENOS AIRES

1946

# אינהאַלט:


זייט

פאָרעדע — יוסף מענדעלסאָן — — — — — — — — — — 7

אָנשטאָט אַן הקדמה — דער מחבר — — — — — — — — 11

קאַפּיטל

1 וואו געפינט זיך ערגעץ טעפּליק ? — — — — — — — 17

2 פון וואָס האָבן געלעבט טעפּליקער אידן — — — — 27

3 טעפּליקער בתי־מדרשים, רבנים, שוחטים און כלי־קודש 45

4 ווי אַזוי האָט אויסגעזעען די „היגיענע” אין טעפּליק ? 57

5 טעפּליקער מלמדים, חדרים און טעפּליקער ועד החינוך 69

6 ווי אַזוי האָבן געוואוינט טעפּליקער אידן ? — — — — 81

7 טעפּליקער קלעזמער — די בעסטע פון גאַנצן געגנט 97

8 טעפּליקער אידן פּראָווען חתונות ביי זייערע קינדער 105

9 טעפּליקער טיפּן — טעפּליקער שטאָט בעלי־הבתים — 115

10 די „ציוויליזאַציע” מאַכט אָן צרות אין טעפּליק — 127

11 טעפּליקער אידן גרייטן זיך מקבל שבת זיין — — 141

12 טעפּליקער אידן קהלן זיך — — — — — — — — — 173

13 פּסח — דער באַליבטסטער יום־טוב ביי טעפּליקער אידן 195

14 טעפּליקער קינדער האַלטן פון אַלע אידישע ימים־טובים 215

15 טעפּליקער אידן פירן מסחרים מיט דער „אויסערלע־כער וועלט” — — — — — — — — — — — 255

16 טעפּליקער אידן לעבן איבער ביטערע צייטן — — 267

17 טעפּליקער אידן פאָרן אויף „דאַטשעס” — — — — 277

18 טעפּליק ווערט פאַרניכטעט, פיזיש פון די באַנדעס און מאָראַליש פון דער „נייער אָרדענונג” — — — — 285

# טעפּליק — די רעאַלע און די אַפּעלאַטיווע

## עטלעכע שורות אַלס פּתיחה צום בוך...

---

עס איז, געווים, אַ צופאַל, וואָס דער ערשטער באַנד פונעם בוך „טעפּליק, מיין שטעטעלע", פאַר וועלכן די ווייטערדיקע שורות דאַרפן דינען, ווי אַ מין פּתיחה, זעט די ליכטיקע וועלט אין דעם יאָר, ווען אונזער פאָלק פאַרצייכנט מיט יראת הכבוד צום אייביקן ליכטיקן אָנדענק פון שלום עליכם, דעם דרייסיקסטן יאָרצייט פון דעם, וועלכער איז פאַרן לעבן געווען דער טרייסטער, דער גרעס-טער טרייסטער — דורך זיין שפּרודלדיקן, געזונטמאַכנדיקן גע-לעכטער — פון אונזער פאָלק אין דער אָרימקייט און אין דעם עלנט פון זיין גלות-לעבן.

עס איז, געווים, אַ צופאַל, אָבער דער דאָזיקער צופאַל רופט אַרויס אַ אידעען-פאַרבינדונג, שוין דורך דעם אליין, וואָס שלום עליכם ע"ה איז דאָך געווען דער מייסטער-זינגער, דורך זיין גע-זונטן געלעכטער און האַרציקן ליריזם פון... טעפּליק, פון די אַלע קליינע ליבהאַרציקע אידישע שטעטלעך, פאַרלאָרענע אין די אומענדלעכע סטעפּעס פון דער אוקראַינע, דער זוניקער, דער אין ווײַנשל-סעדער פאַרטרונקענער, זומער-לעב, אין ווייסן שניי-און-פראָסט פאַרהילטער, ווינטער-לעב... שלום עליכם איז געווען דער מייסטער-זינגער פון די טעפּליקס, די יאַמפּעלעך, די כאַשטשעוואַטעס, די מאַזעפּעווקעס, די הייסינס, די קאָזאַדאַיעווקים, די האַלטעס און באַלטעס, די פּיטשעכוואַסטעס און פּיטשעיאַבעדים — שטעטלעך מיט רעאַלע און מיט אויסגעטראַכטע נעמען, שטעטלעך וואו עס

האָט געדייעט א אידיש אייגנאַרטיק, א קליין, אָן אָרים, אָבער אָן אייגנאַרטיקער, פון דורות איינגעוואָרצלטער לעבנס-איינשטעל. שלום עליכם איז געווען דער וואָס האָט באַזינגען דאָס דאָזיקע לעבן, דער וואָס האָט געמאכט אונז ג ע ז ו נ ט ל א כ ן דורך זיינע אייביק פאַרבלייבנדיקע שילדערונגען פון יענעם לעבן פון דער אי־דישער אָרימקייט און... אייגנאַרטיקייט — פון די כתריאלעווקער קליינע מענטשעלעך מיט זייערע קליינע השגות — ל אַ כ ן יאָ, אָבער פאַר קיין פאַל ניט א ו י ס ל אַ כ ן, ווייל לאַכן איז גע־זונט און אויסלאַכן איז קראַנקהאַפטיק...

און דאָס דאָזיקע לעבן איז, כידוע, פאַרשוואונדן. אויף אייביק אַראָפּגעטראָגן מיטן שטראָם און שטורם פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, פריער, דורך די באַנדעס אוקראַינער הײַדעמאַקעס דער־נאָך, דורך דער רעוואָלוציע, שפּעטער — און די לעצטע שפּורן רעשטן פון דעם אמאָליקן אידישן קליינשטעטלשן לעבן אין אוק־ראַינע זיינען געווים געוואָרן אַראָפּגעשווײַנקט דורך דעם מבול פון בלוט, מיט וועלכן די נאַצישע אָקופּאַציע האָט פאַרפלייצט די גאַנצע אידישע אייראָפּע, אוקראַינע אין כלל.

טעפּליק, מיר נעמען דעם נאָמען פון דעם שטעטל ווי אַן אַפּע־לאַטיוון נאָמען פאַר דעם גאַנצן איינשטעל פון אידישן לעבן אין דעם קליינעם שטעטל אין אוקראַינע, הגם טעפּליק איז א רעאַלער, געאָ־גראַפישער פּונקט, מיט א רעאַלן לעבן געווען, און שלום עליכם האָט האַרציק און הומאָרפול געשילדערט דאָס שטעטל און דעם „מיטן עטאַפּ", דורך די אויסטערלישע פּערסאָנאַזשן פון „שלום בער טעפּליקער פון טעפּליק" און אַנדערע; טעפּליק, זאָגן מיר איז פאַרשוואונדן, אָבער די טעפּליקער זיינען זיך צעשוואומען און צע־רונען איבער גאָר דער אידישער אימיגראַציע-וועלט און אין זייער האַרץ און אין זייער געדאַנק האָבן זיי מיטגעפירט וואַרימע דער־אינערונגען פון דער צעשטערטער, אויף אייביק פאַרשוואונדענער היים; א בענקשאַפט נאָך טעפּליק, כ'מיין צו זאָגן נאָך דעם פאַר־שוואונדענעם לעבנס-איינשטעל פון אידן אין דעם קליינעם אידישן אוקראַינער שטעטל.

קומט איצט, פריינט ו. טשערנאָוועצקי, א טעפּליקער אליין, א דאָרטיקער מיט זיין גאַנצן לעבן און וועזן, געדאַנק און געפיל,

א דאָרטן דערצויגן-אויפגעוואקסענער און וואו ער האָט פארבראכט, כמעט, א העלפט פון די פופציק יאָר לעבן, וואָס ער פארצייכנט און פארמעסט זיך צו רעסטאווורירן אין א דריי בענדיקן בוך, דאָס אידישע לעבן אין טעפּליק — אין אוקראַינע ווילן מיר זאָגן, ווי עס איז געווען מיט אזעלכע פערציק און דרייסיק יאָר צוריק, ווי עס האָט געלעבט, געפילט, געאָטעמט, געארבעט, געטראכט, געפרייט זיך, געלאכט, געליטן און „געבידעוועט” אין יענע יאָרן, ווען דער אומשטערבלעכער שלום עליכם האָט געוואָרפן אויף דעם — אויף טעפּליק דער רעאלער און טעפּליק דער אפּעלאטיווער — זיין דערוואָרעמדיקן ליכטיקן שטראל פון הומאָר און פרייד.

עס איז געוויס א צופאל, זאָג איך, וואָס „טעפּליק מיין שטעטעלע” דערשיינט אין דעם יאָר פונעם דרייסיקסטן יאָרצייט שלום עליכמס, אָבער עפּעס מער ווי אן איינפאכע אידעען-אסאָציאציע דופט ארוים די דאָזיקע צופעליקייט.

:: :: ::

דער מחבר, אן אמתער טעפּליקער, אן אוקראַינער, פון דעם אמתן אוקראַינער קליינשטעטל, האָט אין יאָר 1921, תיכף נאָך דער בלוטבאָד, וואָס די היידאמאקעס און די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע — די פּעטלורעס און די גרעגאָריעווס — האָבן געבראכט אויפן אידישן שטעטל אין אוקראַינע, געהאט די מצווה צו זיין ד ע ר ע ר ש ט ע ר, וועלכער האָט געבראכט דאָ, דער ארגענטינער אידישער עפנטלעכקייט, דעם ערשטן דירעקטן גרוס וועגן יענעם חורבן, וועגן דעם אונטערגאנג פון דעם אידישן שטעטל אין אוקראַינע, און דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, דאן רעדאקטאָר אין „די אידישע צייטונג”, אליין אויך א אוקראַינער — הגם ניט פון די ט ע פּ ל י ק ע ר, נאָר פון די יעהופּעצער — האָט, דאַן, אויפגענומען דעם ערשטן טרויעריקן גרוס, וואָס דער מחבר, איצט, פון „טעפּליק, מיין שטעטעלע” האָט געבראכט דאן צו זיינע לאנדסלייט דאָ, צו דעם גאנצן אידישן ישוב אין ארגענטינע: די ערשטע באריכטן און דירעקטע דערציילונגען וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, אין די יאָרן 1918 און 1919, געשריבן פון וו. טשערנאָוועצקי, זיינען דאן, אין „די אידישע צייטונג” געדרוקט געווען. איז ניט מער ווי רעכט געווען, אז דער, וואָס האָט דאַן ארייגע-

פירט, אזוי צו זאָגן, דעם איצטיקן מחבר פון „טעפּליק, מיין שטע־טעלע״, אין דער עפנטלעכקייט פונם אידישן געדרוקטן וואָרט אין ארגענטינע, זאָל אויך איצט, עטלעכע און צוואנציק יאָר שפּעטער, איינלייטן מיט די דאָזיקע שורות דאָס בוך, דורך וועלכן עס ווערט געמאכט א פארזוך — און לויט מיין מיינונג זייער א געראָטענער — צו אויפלעבן דורך די פּערזענלעכע זכרונות — דאָס פאַרשוואונ־דענע, אָרימע אָבער הארציק־פרייליכע איינשטעלונג פונם אידישן לעבן אין אוקראינע, פון פאַריקן דור.

דער מחבר טוט עס, אין דער פאָרמע פון פּערזענלעכע זכרונות; אָבער עס זיינען מער ווי פּערזענלעכע זכרונות, עס איז א פּרואוו צו רעסטאווירן, דורך פּשוטער ניט געפּוצטער, נאָר ווארהאפטיקער שילדערונג, דאָס אידישע לעבן אין אוקראינע, ווי עס האָט אויס־געזען ביזן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז אויף אייביק אָפּגעווישט געוואָרן.

דער מחבר טוט עס ערלעך, איינפאך, כמעט אָן ליטעראַרישע מיטלען — בלי כחל, בלי שרק, ובלי פּרכוס — אָן שום איבערטרייבן און אָן שום ניט דערזאָגן; ער טוט עס אָבער מיט דער ווארימקייט און הארציקייט פון אן אייגענעם מענטשן, פון א דאָרטיקן, מיט דעם לשון פון דאָרטן, מיט האוואיעס פון טעפּליק, מיט הומאָר פון טעפּ־ליק און מיט דער בענקשאפט פון א טעפּליקער נאָך זיין שטעטל — א בענקשאפט וואָס יעדער אוקראינער איד טראָגט אין זיין הארצן...

און אין דעם באשטייט טאקע די מעלה פונעם בוך, וואָס עס איז פּשוט, „עמך׳דיק״, טעפּליק׳ארטיק, אזוי צו זאָגן פון אָנהויב ביזן סוף — און דערפאר באקומט זיך דאָס בילד גאנץ, ווארהאפטיק און עכט און עס וועט דערפאר ביים לייענער ארויסרופן לעבעדיק און רעאל דאָס בילד פון אן אמאָלעקעדיקער טעפּליק — דער אפּע־לאטיוועט נאָמען פארן אידישן שטעטל אין אוקראינע.

יוסף מענדעלסאָן.

# אַנשטאָט א הקדמה

---

אָנהויבן שרייבן א בוך, און נאָך א בוך פון אזא פארנעם ווי אָט דער, וועמענס ווייטערדיקע שורות איר וועט לייענען, אָנהויבן גלייך, טאקע ממש גלייך, אָן א פּיצל פאָררעדע, וואָלט געהייסן: ערשטנס, גייען קעגן א מנהג העולם, און צווייטנס — עס וואָלט טאקע... קיין טעם נישט געהאט.

ווען מען גייט נאָך באקלערן, אז מען גייט שרייבן א בוך, וואָס וועט זיך ציען, פארציען און... אויסציען אויף גאנצע דריי בענדער, קומט דאָך — לכל הדעות, — אָנצוהויבן מיט א שטיקל הקדמה, און זאָגן א פּאָר ווערטער דעם חשובן לעזער! אים, אזוי צו זאָגן, „אריינפירן אין שטימונג".

און — אלס טראדיציאָנעלער איד, וואָלט איך, אַן און פאר זיך, נאָכגעגעבן אָט דעם מנהג העולם און וואָלט אָנגעהויבן מיט אן הקדמה, בפרט נאָך, אז אין איצטיקן פאל, מוז איך, בעל כרחי, עפּעס זאָגן, ווייל איך דאַרף זיך מודה זיין אויף א גרויסן „חטא", וואָס איך בין נאָר־וואָס באגאנגען! א חטא וואָס איז נישט קלענער און נישט ווייניקער ווי...

— גנבה!

איך מוז זיך מודה זיין, אז איך גיי שרייבן קאפּיטלען פון „50 יאָר לעבן", און דער אמת איז, אז ווען איך הויב אָן שרייבן אָט דעם בוך, פעלט מיר נאָך צום „50"־ער א פּאָר ראש השנה'ס! און ביז אין די 50 יאָר ווער ווייסט וואָס עס קאָן נאָך פּאַסירן.

אמת! ווען דער ערשטער באנד פון אָט דעם בוך ווערט פארענדיקט, ווען די לעצטע שורות ווערן געשריבן, פעלט מיר שוין גאָר א קליינינקייט צום „פּופּציקער"! (ר"ח תמוז תש"ו). אָבער — איך האָף אז, ביז די לעצטע שורה פון דעם לעצטן קאפּיטל פון דעם דריטן באנד וועט אָנגעשריבן ווערן, וועל איך, איה"ש, ווערן אוים „ליגנער".

און, אזוי ווי, דרכו של עולם הוא, איז, אז מען ווערט... עלטער, נישט יונגער,

און, אזוי ווי אין די לעצטע פּאָר יאָר, האָב איך, אָט די עלטער, אָנגעהויבן פילן, און עס איז געווען מאָמענטן ווען עס האָט זיך מיר טאַקע אויסגעוויזן אז... „מען רופט מיך"! האָב איך זיך מישב געווען, און זיך טאַקע אליין א זאָג געטון:

רב' וועלוול! א יאָר מער — א יאָר ווייניקער, נעם זיך צו דער ארבעט און שרייב! שרייב, וועגן אָט דעם, וואָס איז דאָס טייערסטע ביי א מענטשן — דיינע זכרונות, דיינע קינדער־יאָרן, דיינע פופציק יאָר לעבן און קאַמף פארן לעבן!
און אויב, פריינט לייענער, דו וועסט א פרעג טון:

וועמען אינטערעסירט דיין לעבן? וואָס פאר א גדול בישראל ביסטו, אז מיר זאָלן זיך אינטערעסירן ווי אזוי דו האָסט געשפּאַנט און איבערגעשפּאַנט אלע 50 יאָר פון דיין לעבן?

וויל איך פארלויפן דיינע געדאַנקען, פריינט, און דיר זאָגן:

דעם אמתן אמת — שרייב איך ניט נאָר מיין לעבן, נאָר אויך דיין לעבן און דאָס לעבן פון הונדערטער און טויזנטער אזעלכע ווי איך און דו! דערפאר האָב איך מיין לעבנס־בוך, די אזויגערופענע „מעמוארן" אָדער „זכרונות", ניט א נאָמען געגעבן מיינע פופציק יאָר לעבן, נאָר סתם —

קאַפּיטלען פון 50 יאָר לעבן!

איך גיי, אין אָט די זכרונות, אָפּפרישן אין מיין מוח, אין דיין מוח און אין אונזער אלעמענס מוח, די זכרונות פון אונזערע קינדער־יאָרן, די שיינע, ליכטיקע בילדער פון אונזער אלטער, צעבראָכענער, פארפייניקטער, פארשוויג־דענער און חרוב געוואָרענער אלטער היים, און טאַקע דערפאר, האָב איך אָט דעם דאָזיקן ערשטן באַנד, געווידמעט מיין קליינעם, זיסן שטעטעלע, טעפליק!

איך וויל, מיט אָט דעם ערשטן באַנד, שטעלן א מאָנומענט אָט דעם טעפליק, אלע טעפליקס, וועמען דער גרויזאַמער שונא האָט אָפּגעווישט און ארויסגעריסן מיטן וואָרצל.

איך וויל, מיט אָט דעם ערשטן באַנד מיינעם, „טעפליק, מיין שטעטעלע", ניט בלויז, אָפּפרישן אין זכרון ביי אונז, ביים עלטערן דור אידן, וואָס גע־דענקען די טעפליקס, וואָס זיינען דאָרט געבוירן געוואָרן, זיך דאָרט אויפגע־באַוועט, אין חדר געלערנט און צו מענטשן געקומען, — נאָר איך וויל באַקאַנען אונזערע קינדער, — וועלכע לייענען אידיש, — מיט די געבורט־פלעצער פון זייערע עלטערן, מיט דעם אופן און מעגלעכקייט ווי אזוי זייערע עלטערן זיינען דערצויגן געוואָרן! ווען זיי וועלן זיך באַקענען ווי אזוי זייערע עלטערן זיינען געוואַקסן געוואָרן, ביי וועלכע אומשטענדן מיר — זייערע עלטערן — איז אויס־געקומען צו קריגן אביסל וועלטלעכע בילדונג און „בכלל קומען צו לייטן", ווען זיי וועלן זיך באַקענען מיט אונזערע „טעפליקס", און וועלן געוואוירע

ווערן, אז דאָס אָרימסטע קינד פון דער הײנטיקער וועלט, האָט א בעסער לעבן ווי דאָס רײכסטע קינד, וואָס אַלע טעפּליקס, האָבן געהאַט, — ווען זײ — אונ־זערע קינדער — באקומען מער רעספּעקט צו די לײדן פון זײערע „אַלטע" און מער דאַנקבאַרקײט פאַר דער לײכטער, באקוועמער, דערציאונג, וואָס זײ האָבן בײ אונז!..

מיט דעם דאָזיקן ערשטן באנד גײ איך אָפּפרישן, און דערמאנען יענע גליקלעכע זיסע קינדער־יאָרן, וועלכע מיר האָבן געלעבט פרײ פון זאָרג, און אונזער אײנציקע מורא איז נאָר געווען, אָדער פאַרן „סטראַזשניק" מיט דער שווערד אין דער זײט, אָדער פאַרן שױגעצל, וואָס שטײט בײם קלױסטער און וואַרפט שטײנער און לאָזט שבת בײטאָג אידישע בחורים ניט גײען מיט זײערע באַרישניעס שפּאַצירן צום פּױלישן צווינטער.

איך גײ אָפּפרישן אין מײן, און דײן מוח, יענע גליקלעכע יוגנט־יאָרן, פול מיט שײנע חלומות, מיט שײנער פאַנטאַזיע, פון ליבע, פון דערפאָלגן און פון... כּפּלית!..

און אַזױ פירנדיק דיך בײ דער האַנט, איבער מײנע 50 יאָר לעבן, וועסטו דערזעען אין שפּיגל דײנע 50 יאָר לעבן! דו וועסט דערזעען דײן שטעטעלע, דײן בראַסלאַווער אָדער גערער קלױז, דײן עזריאל דעם שמש, דײן שלום בעל־עגלה, וואָס פירט פּאַסאַזשירן צום באַן, און איך האָף, אַז עס וועט דיר הנאה טון, וואָס דו וועסט פּלוצים דערזעען דײן ליב שטעטעלע, מיט אַלע באַקאַנטע פּנימער פון דעם שוחט, חזן און מלמד פון דײן שטעטעלע! דו וועסט, אין „טעפּליק, מײן שטעטעלע" דערקענען, דײן קלױז, און להבדיל, דײן באָד! דו וועסט דערקענען דײן מאַרק און דײן טאַראַוויצע! דו וועסט דערקענען דײן שנײדער, וואָס האָט דיר גענײט א קאָסטיומטשיקל אויף פּסח און וועסט אויך דערקענען דײן קערזשנער, וואָס האָט דיר אָנגעמאָסטן א „קאַשקעט", און האָט דיך אויסגעפּוצט לכבוד יום־טוב.

איך רעד אין דעם דאָזיקן בוך וועגן „טעפּליק, מײן שטעטעלע", אָבער, פאַר מײנע אויגן שטײען הונדערטער און הונדערטער שטעטעלעך, גרעסערע און קלע־נערע, און — בלויז א חלוק אינעם נאָמען — וועסטו דאָרט דערקענען דײן אַלטע, זיסע הײם, וואו דו ביסט געבוירן געוואָרן, וואו דו האָסט נאָך עמיצן איבער־געלאָזט און וועלכעס דו... האָפסט שוין אפילו ניט צו זעען אמאָל!..

:: :: ::

לױט אַלע כּללים פון שרײבן „זכרונות", האָב אין ערשטן באנד שוין געדאַרפט אָנהויבן פון מײן שטוב, פון מײן לעבן, און אַזױ דערציילן און דער־ציילן זכרונות פון א 50 יאָריק לעבן!

איך האָב, אָבער, אַנדערש געטון! איך האָב דעם ערשטן באנד געהײליקט, מקדיש געווען דעם אָנדענק פון אונזער ליבער אַלטער הײם, ניט וויכטיק צי דאָס שטעטעלע הײסט: טעפּליק, אָדער טערנעווקע, האַלאָוואַניעווסק אָדער קרי־

וואזער! ביט וויכטיק, צי דאָס שטעטעלע הייסט בערשאד, טשיטשעלניק, הוריעוו, סאווראן אָדער טולטשין! איך האָב געשריבן וועגן טעפּליק, אָבער די אידן פון קובליטש און גאווערון, מאנקיווקע און מאָנאסטרישטש, מעזשביזש און באַר, וועלן דאָרט דערקענען זייערע באליבטע פלעצער, זייערע מלמדים און באַהעל־פערס, וואָס האָבן אין זיי גאָטס תורה ארייגעלערנט! זיי וועלן דערקענען דעם שוחט, צו וועלכן די מאמע האָט זיי געשיקט קוילען אַן עוף, און זיי וועלן דער־קענען דעם רב, וואָס האָט זיי געגעבן חופה וקדושין. זיי וועלן, אין „טעפּליק, מיין שטעטעלע", דערקענען זייער שמש וואָס האָט געוועקט צו סליחות און דעם... סעדער, וואָס האָט זייער טאטן, פּריוויטיק, דערלאנגט א שעפּעלע און א פּריש בעזעמל! זיי וועלן, אין „טעפּליק, מיין שטעטעלע", דערקענען דעם שטרויענעם דאַך פון זייער שטיבעלע און די קערנעצע פון וועלכער נחמן דער טויבער האָט זיי געטראָגן די וואסער אין שטוב אריין!

:: :: ::

ווען איך פלעג אָנשרייבן א קאפּיטל וועגן טעפּליק, בין איך, מיט מיין גאנצן וועזן, געווען... אין טעפּליק. איך האָב געשריבן א שורה און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז, אָט בין איך אין טעפּליק, אָט „פירט מען צו דער חופה", אָט גיי איך נעבן דער פּויק און אָט בין איך א גליקלעכער, וואָס פּרעסמאן פּויקער האָט מיך געלאָזט — פאר א שטיקל לייקעך, וואָס איך האָב אים גע־בראכט — אָנרירן די פּויק און אפילו געבן... א קלאַפּ אין דער „טאַץ".

און איך בין זיכער, אז ווען דו, טייערער פּריוואט לייענער, וועסט לייענען אָט דאָס קאפּיטל, וועסטו זיך אויך — אין די געדאנקען — אריבערטראָגן אין דיין טעפּליק, אין דיין טערליצע, צי אין דיין אוכרימעווע, און דו וועסט — אזוי לייענענדיק — זיך דערמאנען אין דיינע גליקלעכע קינדער־יאָרן, וועסט זיך דערמאנען אין דער „ספּאַלני" וואו דו ביסט געשלאָפן, אינעם חדר אין וועלכן דו האָסט געלערנט, אינעם איבערבייסן וועלכן מען האָט דיר מיטגעגעבן אין חדר אריין, און אזוי לייענענדיק, וועסטו ארויסנעמען דיין טיכעלע און, אומ־באמערקטערהייד, וועסטו זיך אָפּווישן א טרער פון די אויגן!..

אָט די טרער, וועלכע קומט פון דיין בענקשאפט און דערמאנונג פון דיין אלטער צעבראָכענער, פארברענטער און צעשטערטער היים, וועט דינען אלס אָנדענק פאר די הייליקע נפשות אונזערע, דיינע און מיינע, וועלכע זיינען אומגעבראכט געוואָרן פון אומבארימהערציקן שונא!..

:: :: ::

איך האָב דעם ערשטן באנד „טעפּליק, מיין שטעטעלע", געשריבן אין דער לייכטסטער און פּשוטסטער שפּראך!

מיין ציל איז, אים צו מאכן לייכט און צוגענגלעך צו לייענען פאר אלעמען! דערהויפּט פאר דער פרוי, פאר אונזער טייערער מאַמע פון קינדער, און טאקע

פאר אונזערע אידישע קינדערלעך. אזוי ווי דער ערשטער באנד באציט זיך אויף די זיטן און מנהגים, ווי אויך אויף זאכן, וועלכע מען האט גערופן מיט פאָ־פולערע נעמען ביי אונז אין דער אלטער היים, האָב איך, פאָלגלעך, אויך גענוצט אָט יענע אויסדרוקן, טעפליקער שפראך, וועלכע מען האט גערעדט ביי אונז, ביי דיר, און אין יעדער הויז פון אוקראינע. אלזאָ, איך האָב, אבזיכטלעך ניט גע־ביטן דעם סטיל פון שרייבן, כדי די טעפליקער „קאפיטלען" זאָלן זיין נענטער צו דער ווירקלעכקייט.

טעפליק, מיין שטעטעלע טעפליק, האָט ניט ארויסגעגעבן קיין גאונים מיט וועלכע זי קאָן זיך באריכמען! זי האָט ניט קיין שילן וואָס זיינען אלט טויזנט יאָר און וואָס זיינען בארימט אין דער געשיכטע! טעפליק, מיין שטעטעלע טעפליק, האָט ארויסגעגעבן פשוטע, הארציקע אידן, אידן בני תורה, אָבער — דאָך פשוטע! און

מיט זייער שפראך רעד איך אין אָט דעם ערשטן באנד „טעפליק, מיין שטעטעלע".

ביים פארענדיקן די „פאָר ווערטער", וויל איך דאָ אויסדריקן מיין דאנק, מיין הארציקן דאנק, מיין לאנדסמאן און בעסטן פריינט ה' גרעגאָריאָ געלער (פון סאנטא פע), וועלכער האָט מיר שטארק ארויסגעהאָלפן ביי מיין ארבעט פון ערשטן באנד, ספעציעל ביים דערמאנען מיך נעמען און געשעענישן אין אונזער טעפליק, וועלכע ער געדענקט אזוי אויסגעצייכנט.

און ווען איך האלט ביים דאנקען, זאָל מיין דאנק אויך דערגרייכן מיין פריינט יעקב מושקאַט מיטאייגנטימער פון דרוקעריי „קולטור", וועלכער האָט זיך ספעציעל אָפגעגעבן, אז דער ערשטער בוך מיינער זאָל ארויס שיין, נעט און עסטעטיש!.

אגב! דעם זעצער ה. באַס, שליסער א. נודעל, מאשיניסט י. ברוסקי און שעף פון דער איינבינדעריי, יאָסל מושקאט, א באזונדער דאנק פאר זייער אָפגעבן זיך צום בוך מיט ספעציעלער אויפמערקזאַמקייט. אַ ספעציעלן יישר כח דעם צייכנער־קינסטלער משה פייגענבלום פאר זיין געלונגענער הילע צום שער־בלאט.

**ד ע ר מ ח ב ר.**

## קאפיטל איינס

# וואו געפינט זיך ערגעץ טעפליק?

טעפליק — דאָס שטעטעלע וואו איך בין געבוירן געוואָרן: הייסינער אויעזד, קאַמעניעץ-פּאָדאָליער גובערניע. — פאַרוואָס פיגורירט ניט טעפליק אויף דער מאַפּע?... — די סטאַנציע קובליטש. — טעפליקער גאַסן און טעפליקער בלאָטעס. — טעפליקער מויערן: גראַף פּאָטאָצקים און אַלטער האָראָוויצש — מען דערציילט נסים פון זיין שטוב און זיינע סקאַלגיעס (שלאָף-צימערן). — גראַף פּאָטאָצקים מויער און די „שדים" וואָס טאַנצן דאָרט אַרום — טעפליקער טייכן. — דער אידישער טייך און דער גויעשער — עס האַלט ביי אַ הריגה און פּאַגראָם צוליב אַ פערדישן עק. — טעפליקער קלויסטער. — די פּאָטשט וואָס לעבט בלויז פון אידישע „קליענטן"... טעפליקער „מאַבט. — דער פּריסטאַוו וואָס „נעמט" אַ צענערל און דער אוריאַדניק וואָס באַנוגנט זיך מיט אַ „חצי פויגל". — דער מיראָוואָי סודיאַ — טעפליקער וואָלאָסט, וואו מען שטעלט זיך צום פּריזיוו.

דער מנהג העולם איז אַז ווען מען וויל עמעצן אַריינפירן אין אַ שטוב אַריין אָדער אין אַ סביבה פון מענטשן, דאַרף מען אים „פאָרשטעלן", אָדער ווי פלעגט מען ביי אונז זאָגן „אינטעליגענטנמעסיק": פּאַזנאַקאָמען!

און אָט וועל איך אייך דאָס ערשטע „פּאַזנאַקאָמען" מיט אונזער שטעטעלע טעפליק, דאָס שטעטעלע וואו איך בין געבוירן געוואָרן און דאָרט אָפּגעלעבט די ערשטע — אפשר אויך די בעסטע, די ריינסטע און די גליקלעכסטע 13 יאָר פון מיין לעבן.

וואו ליגט ערגעץ טעפליק?

אַז איר וועט זוכן אויף דער מאַפּע פון איירָאָפּע אָדער אַפילו בלויז פון רוסלאַנד, וועט איר טעפליק ניט געפונען. איר מעגט נעמען די גרעסטע מאַפּע פון בלויז אוקראַינע און מעגט זיך פאַרגרייטן מיטן גרעסטן טעלעסקאָפּ, אסור צו איר וועט אויסזוכן דאָרט מיין שטעטעלע טעפליק. און מיינט איר פאַרוואָס? אפשר גלויבט איר, אַז טעפליק איז ניט קיין וויכטיקער

פונקט אויף דער וועלט? אפשר מיינט איר, אַז טעפּליק האָט זיך חלילה עפּעס פאַרזינדיקט ביי דער געאָגראַפישער וועלט, אַז מען זאָל זי איגנאָ־רירן און ניט דערמאָנען? — חלילה! טעפּליק איז דווקא אַ גרויס שטעטל מיט אַן אייגענעם יאַריד אַלע צוויי וואָכן (מאָנטיק), מיט אַ וואָלאָסט, וואו־הין מען קומט זיך שטעלן צום פּריזיוו פון אַרומיקע שטעטלעך. נאָר וואָס דען? פאַרוואָס־זשע פיגורירט ניט טעפּליק אויף דער וועלטס מאַפּע? איז דער תירוץ:

— טעפּליק האָט ניט קיין אייגענע באַן־ליניע! טעפּליק געפינט זיך אַ קימאַ לן פון 7 ווערסט פון אַ באַן־סטאַנציע, און אויב ס'איז נאָך קליין דער אומגליק — איז דער צווייטער „אומגליק” אַ גרעסערער! די אייזנבאַן־סטאַנציע טראָגט גאָר דעם נאָמען פון שטעטל „קובליטש”, אַ שטעטל וואָס איז גרויס ווי אַ גענעץ און וואו עס זיינען פאַראַן מער... ציגן ווי הייזער! און אַזוי ווי אַלע קובליטשער הייזער זיינען געווען מיט שטרויענע דעכער, און עס האָט פשוט ניט געסטייעט אַ דאַך אויף יעדער ציג, פלעגן דריי ציגן זיך שטענדיק בוצקען און זיך שלאָגן איבער אַ דאַך...

אַזוי פלעגט מען דערציילן ביי אונז אין טעפּליק, ווען מען האָט גע־רעדט פון קובליטש. מען איז געווען שטאַרק אייפערזיכטיק אויף קובליטש פאַרוואָס זי האָט די זכיה צו טראָגן דעם נאָמען פון דער סטאַנציע, ווען על פּי שכל ועל פּי יושר איז דער נאָמען געקומען טעפּליק.

אָט דאָס איז געווען די אורזאַך פאַרוואָס טעפּליק האָט ניט פיגורירט אויף דער וועלט־מאַפּע, נישט אויף דער רוסישער מאַפּע אפילו, און נישט אפילו אין דער „גיאָ” פון די אייזנבאַנען.

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן זיך געפונען אַ סך אידן וואָס האָבן „מאָ־ראַליש” געליטן פון אָט אַזאַ „דערנידערונג”, און איינער פון זיי, אברהמלע טראַכטענבערג, אַ צעדרייטער איד, וועגן וועלכן מירן נאָך שפּעטער רעדן, פלעגט — אַלס פּראָטעסט — קיינמאָל ניט פאָרן מיטן באַן קיין אומאַן, נאָר מיט יאָסל בעל עגלה. זאָל, פאָני גנב, וויסן ווי אַזוי צו פאַרשעמען זיין טעפּליק...

אַלזאָ, פון איין זייט, האָט זיך טעפּליק געגרעניצט מיטן דאָרף וואַזשני און מיט דער סטאַנציע קובליטש. פון דער צווייטער זייט האָט זיך טעפּליק געגרעניצט מיט קיעווער גובערניע. אַז מען איז נאָר אַרויסגעפאָרן פון טעפּ־ליק אַ ווערסט צען האָט מען זיך געזעגנט מיט פּאָדאָליער גובערניע און מיט הייסינער אויעזד און מען איז אַריינגעפאָרן אין אומאַנער אויעזד און אין קיעווער גובערניע.

דאָס ערשטע דאָרף אויף אָט דעם וועג, האָט געהייסן ראָסאָשע, און איז געווען דער ערשטער פּונקט וואו יאָסל בעל עגלה האָט אָפּגעשטעלט די פּאָר סוסים נעבן דער קרעטשמע מען איז אראָפּגעגאַנגען אָפּדאַווענען, (מען פלעגט דאָך ארויספאָרן פאַרטאָג). און מען האָט גענומען צו ביסלעך בראָנפן און ווינטער — אויך א פּאָר זיסע גלעזלעך טיי.

פון דער דריטער זייט האָט זיך טעפּליק געגרעניצט מיט א שטעטעלע טערניוווקע. דאָס דאָזיקע שטעטעלע איז געווען א סך קלענער פון טעפּליק, האָט געהאַט ווייניקער גאַסן אויסגעשטיינערטע און דערפאַר — מער בלאָטעס און גרויסע בלאָטעס דערצו. דערפאַר איז דאָס געווען באַרימט מיטן יאריד וואָס האָט זיך געשטעלט איין מאָל אין צוויי וואָכן (דינסטיק). דער דאָזיקער יאריד איז געווען א קוואַל פון פּרנסה פון הונדערטער אידן פון גאַנצן געגנט ארום ווי: לאַדיזשען, כאַסטשעוואַטע, קריוואזער, סאַווראַן, לידווינקע און דערהויפּט — טעפּליק. איז געקומען דער מזלדיקער דינסטיק, איז האַלב טעפּליק אַוועק אויף טערניוווקער יאריד. און אויב עס האָט נאָר נישט גערעגנט און אויב דער אוראַדניק איז ניט געווען שכור און געלאָזט „מאַכן מיטן רגל", זיינען שוין די אידן געפאָרן צוריק בגלופינדיק. זיי האָבן פאַרדינט אויף שבת.

איידער מען איז אָבער געקומען קיין טערניוווקע איז מען דורכגעפאָרן א דאָרף טאַשליק, און ווי צו להכעיס, פלעגט אין דעם דאָרף אויך פאָרקומען א יאריד — איין מאָל אין צוויי וואָכן און אויך... דינסטיק, אָבער — ניט דעם דינסטיק וואָס טערניוווקער יאריד! פלעגט טאַקע דער טאַטע ע"ה זאָגן, אז ער געדענקט ניט קיין דינסטיק ער זאָל אין טעפּליקער שיל (וואו ער האָט געדאַווענט) זאָגן דעם „יום"! ער פלעגט דאָס גאַנצע לעבן, דינסטיק, זיין אָדער אין טאַשליק אָדער אין טערניוווקע...

פון דער פערטער זייט האָט זיך טעפּליק געגרעניצט מיט גרויסע דערפער ווי איוואַנגאָראָד, ראַסקאָשאָווקע, און ווייטער אַביסעלע — מיטן שטעטעלע טערליצע א. אנד.

און איצט, אז איר קאָנט שוין די „געאָגראַפיע" פון טעפּליק, וועל איך אייך באַקאָנען מיטן שטעטעלע גופא.

פאַראַן שטעטלעך אין אונזער געגנט, וואָס ווען מען פאָרט אריין מיט א וואָגן אין שטעטל איז דער דישעל אין איין עק שטאָט, און די אונטערשטע רעדער — אין אנדערן עק...

טעפּליק, זעט איר, איז שוין געווען א „שטאָט" וואו דער גאַנצער וואָגן

האָט געקאָנט שטיין אין מיטן שטאָט און ניט נאָר איין וואָגן, נאָר גאַנצע 20 וועגענער אין דער לענג...

פאַרמאָגט האָט טעפּליק 2 גרויסע געפלאַסטערטע גאַסן און אַ גרויסן מאַרק — אויך אַ געפלאַסטערטן. אַ חוץ דעם זיינען צוויי גאַסן, זייטיקע, אויך געווען געפלאַסטערט. איין גאַס — שמואל שפּינלבאַנדס גאַס, וואו מען איז געפאָרן צום באַן, באַרג אַראָפּ, און די צווייטע נחמן לאַדיזשינסקיס גאַס, וואָס האָט געפירט צו טערניוועקער בריק. די איבעריקע גאַסן און געסלעך, זעקס אין צאָל, האָבן נעבעך ניט געהאַט קיין איין שטיין אויף זיך. דאָך, ווען עס פלעגט גיין אַ רעגן איז צוויי אָדער דריי וואָכן נאָך דעם רעגן די בלאָטע אויף די צענטראַלע „גאַסן" געווען נישט קלענער און אפשר נאָך גרעסער ווי אין די זייטיקע געסלעך. די גוישע פורן וואָס פלעגן פאָרן און זיך אָפּשטעלן בלויז אין מאַרק, אָדער אין די צענטראַלע גאַסן האָבן שוין געזאָרגט צו ברענגען בלאָטע אויף די רעדער אָדער סתם צו צעריען די בלאָטע אין גאַס. די זייטיקע גאַסן פלעגן ניט ליידן פון אָט דער צערו־דערונג" און די בלאָטע איז שנעל פאַרטריקנט געוואָרן.

„מויערן" האָט טעפּליק געהאַט סך־הכל... צוויי! איינעם אין מאַרק, אַ גרויסן מויער מיט קלייטן, וואָס האָט געהערט צו אַלטער האַראָוויץ און אַ צווייטער איז געווען גראַף פּאָטאָצקיס מויער, עט־עט פון יענער זייט בריק.

אַלטער האַראָוויץ אַליין איז געווען אַ איד אַ גביר, אַן עושר, טאַקע אַ מיליאָנער. מען האָט אים געשאַצט אין ק"ן אלפים ר"ך (150 טויזנט פּע־זעס). געלעבט האָט ער פון דירה געלט און פון אַ גרויס אייזן־געשעפט וואָס ער האָט געהאַט אינמיטן שטעטל. געוואוינט האָט ער, אַרויס דער שטאָט, נעבן דער פּאָסט, אין אַ שיינעם רחבותדיקן הויף פול מיטביימער און בלו־מען. וועגן זיין הויף האָט מען דערציילט גאַנצע לעגענדעס! מען האָט גע־זאָגט, יאַק־בי, אַז ביי אים האָבן אַלע זיינע קינדער באַזונדערע „ספּאַלנים" (שלאָף־צימערן...). מען האָט געזאָגט, יאַק־בי, אַז אַפילו די דינסטן האָבן באַזונדערע ספּאַלנים. פאַרשטייט זיך, אייניקע האָבן עס נישט געגלויבט און אייניקע האָבן געהאַט אַ חשד, אַז עס קאָן זיין, אַז עס איז אמת. ווען מען האָט אָבער דערציילט, אַז ער האָט אַ באַזונדער צימער פאַר אַ... מרחץ (אַ באַד־צימער) און אַז ער מאַכט זיך אַ מרחץ אַלע פרימאָרגן, זומער און ווינטער, און מען האָט אַפילו דערציילט, אַז אַלטער האַראָוויץ האָט געלאָזט אויסבויען אַ באַזונדער צימער פאַר מענטשלעכן געברויך — האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס איז אַ ליגן, שקר וכזב! ווייל אָט דאָס, קאָן זיך בלויז דערלויבן דער... גובערנאַטאָר אָדער דער קיסר אַליין!...

דער צווייטער גרויסער מויער — גראַף פּאָטאָצקים איז געווען אָפּגע־שלאָסן און איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז קיין שום אידישער פוס, אַ חוץ משה רופא אָדער הערשל פעלדשער איז אים ניט איבערגעטראָטן זינט ער שטייט. פונדערווייטנס פלעגט מען נאָר זען, ווי באַרישניעס, אָנגעטון אין הויזן פאָרן דאָרט רייטנדיק אויף „ביסטרע״ פערד, און ביינאַכט איז דאָרט ליכטיק און מען פראַוועט הוליאַנקעס. און ווען אַ מאַמע האָט געוואָלט פאַר־שלעפערן אַ קינד און דעם דערציילן אַ שיין מעשהלע, האָט זי אים, ביים וויגעלע, אָדער ביים הענגענדיקן קויש, אָדער גלאָט אויף די הענט, געוויגט און דערציילט, ווי אַזוי די שדים קומען זיך צונויף אין הויף אריין אַלע נאַכט, ווי אַזוי די חצופה לילית טאַנצט דאָרט אַ נאַקעטע פאַר די שכורע פריצים, און ווי אַזוי דער שטן איז דאָרט אַ גאַנצער בעל הבית אין הויף.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר, זיבן-אַכט יאָריקע יאַטן, אַהיימגענדיק ווינ־טער מיטן לאַמטערן פון חדר, אַז מיר האָבן פון ווייטנס דערזען די ברענענ־דיקע לאָמפּן אין „הויף״, זיינען מיר, ניט טויט ניט לעבעדיק אריין אין שטוב אריין און ביינאַכט ניט געקאָנט איינשלאָפן פון מורא פאַר די שדים און פאַר דער פאַרשייטער לילית!... און געגעבן האָבן מיר זיך דאָס וואָרט, ווען מיר וועלן ווערן גרויס, וועלן מיר נעמען שטעקנס און פאַרטרייבן אַלע שדים פון הויף און די לילית אויפהענגען אויפן גרויסן לאַמטערן וואָס שטייט אין הויף...

און אַזוי איז טאַקע געשען, אָבער אַביסעלע אַנדערש. מיט יאָרן שפּע־טער האָט מען טאַקע די שדים מיט דער לילית פאַרטריבן פון הויף. דאָס איז געווען אין יאָר 1917 ווען עס האָט אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע, זיינען די פּויערים אריין אין הויף, צוגענומען דאָרט אַלע ווערטפולע און נוצ־לאָזע זאַכן, פאַרטריבן אַלע איינוואוינער פון הויף און געמאַכט פון אים אַ קלוב.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער בעל הבית פון צווייטן הויף, אַלטער האָ־ראָוויץ האָט קיין האַניק פון דער רעוואָלוציע ניט געלעקט און ער איז גע־שטאָרבן אין פרעמדע תכריכים. אָבער וועגן דעם — שפּעטער.

און אַז איך שטעל אייך שוין פאַר טעפּליק, וויל איך איר זאָלט זיך באַקאָנען מיט ביידע טייכן וואָס טעפּליק האָט פאַרמאָגט.

דער ערשטער טייך איז געווען — דער „אידישער״ טייך. דאָס הייסט, ער איז געווען נאָענט צו די אידישע הייזער, האָט אין זיך אריינגעזויפּט דאָס וואַסער פונעם מרחץ, און דער עיקר — די אידישע קינדערלעך האָבן

פון אים שטאַרק הנאה געהאַט: זומער האָט מען זיך דאָרט געבאָדן און ווינ־טער האָט מען זיך אויף אים געגליטשט.

דער צווייטער טייך איז שוין געליגן ווייטער פון אידישן תחום, טאַקע ממש אין דאָרף. זיך גיין באָדן אַהין האָט מען געדאַרפט דורכגיין גוי־אישע הייזער, גויאישע שקצימלעך און גויאישע... הינט. און אַז מען איז בשלום געקומען צו אים, און זיך אויסגעטון צו באָדן, האָט מען געדאַרפט האָבן איינעם, וואָס זאָל היטן דאָס אָנטון, ווייל מען איז קיינמאָל ניט גע־ווען זיכער, אַז מען וועט אַרויסגיין פון וואַסער וועט מען עס נאָך טרעפן...

דערפאַר האָט אָבער אָט דער „גויאישער" טייך געהאַט אַ גרויסע מעלה. ער איז געווען טיף. איז ערשטנס האָט מען געקאָנט אַ שווים טון און ווייזן קונצן אין וואַסער און צווייטנס האָט מען געבראַכט אַהין... די פערד זיך באָדן, איז געווען אַ געלעגנהייט אָנכאַפּן די פערד ביים עק און כאַפּן אַן אומזיסטן פאָר אין וואַסער. און דאָ, פאַרשטייט זיך, האָט זיך עס גע־האַנדלט אין „מזל". איז דער פערדאַטש געווען אַ אידישער, דאָס הייסט פון אַ אידישן בעל עגלה, האָט דער פירער און „באָדער" פון פערד געקאָנט שרייען ביז הייזעריק ווערן, אַז מען זאָל אָפּלאָזן דעם עק, האָט עס אים געהאָלפן ווי אַ פּגר — „האָספּאָדי פּאָמילוי". איז אָבער דער פערד געווען אַן עכט גויאישער, האָט מען אים, אָדער גאָרנישט אָנגערירט, אָדער... מען האָט געכאַפּט מיט דער לאַנגער בייטש איבערן נאַקעטן לייב.

און אַמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז דער גוי אָדער דער שגץ, האָט קיין בייטש נישט געהאַט און אונזערם אַ בחור האָט דווקא געוואָלט מאַכן אַ ריי־זע פון איין עק טייך ביזן צווייטן, פלעגט ער עס טון אָן מורא. דערפאַר אָבער האָט דער גוי אַרויסגעפירט דאָס פערד פון טייך און האָט זיך אַוועק־געזעצט ביים ברעג וואַרטן ביז דאָס אידישע אינגל וועט אַרויס פון טייך, וועט ער אים אונטערהאַקן די זייטן...

אַזאַ פאַל געדענקט זיך מיר, האָט פּאַסירט מיט נחום מלמדס אַ „מזיק"! דער אמתער „תוך" איז ער געווען (שפּעטער איז ער געוואָרן אַ באַנדיט, און אין די פּאָגראָמען האָט ער גערויבט אידן...). ער האָט געטון אַ גוי אויף צו להכעיס און זיך נאָכגעהאַנגען נאָך זיין לאָשיק. דער גוי, מיט הענט און אויגן פון אַ גזלן, האָט זיך דערנאָך אַוועקגעזעצט וואַרטן ביז נחומצים זון וועט אַרויס פון טייך. דער יאַט, אָבער, האָט פאַרשטאַנען, אַז עס וואַרט אויף אים אַ רוצח, איז געליגן אין וואַסער און געשריגן געוואַלד ביז פאַר־נאַכט. עס זיינען זיך צונויפגעלאָפן אידן און גויים, און עס וואָלט געווען געוואָרן אַ הריגה. חברה בעלי עגלה זיינען געקומען מיט דישלעס, חברה

קצבים מיט זייערע מעסערס, און די גויים האָבן זיך אויך באוואָפנט, ניט מיט קיין רצועות. ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געוואָרן, ווען עס קומט ניט צופאָרן רייטנדיק אויף זיין דאַרער קליאַטשע, דער אַלטער געשטופּלטער אור־ריאַדניק. געוואויר ווערנדיק וואָס דאָ טוט זיך, האָט ער געגעבן אַ שלעפּ אַרויס זיין פאַרזשאַווערטע שווערד און דער עולם, די גבורים פון ביידע צדדים זיינען זיך צעלאָפן ווי פון אַ ברענענד הויז...

איך האָב דערציילט אָט דעם עפּיזאָד, ווייל ער האָט זיך מיר איינגע־קריצט טיף אין זכרון. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אפשר זעקס יאָר, און דאָך האָב איך פאַרשטאַנען די רציחה פון עשו'ן, וועלכער איז גרייט צו הרגנען, ניט נאָר פאַר זיין בכורה, נאָר פאַר אָנרירן דעם עק פון זיין פערד...

און אַז איר קאָנט שוין טעפּליקער טייכן, ווילן מיר אייך אויך דער־ציילן, אַז טעפּליק האָט פאַרמאָגט אַ... גויאישן קלויסטער וואָס איז געשטאַ־נען גאָר נאָענט פון אידישע הייזער, און ווי אידישע יונגעלייט האָבן ביי־נאַכט מורא געהאַט דורכצוגיין, און ווען מען איז דורכגעגאַנגען ביי־טאָג, האָט מען געזאָגט די ברכה שקץ תשקצנו...

עט ווייטער איז געווען אַ פּוילישער „קאַסטיאָל", אַהין פלעט די יוגנט גיין שפּאַצירן, און צווישן זיי ביידע האָט זיך געפונען די פּאָסט און טעלעג־ראַף וואָס האָט באַדינט טעפּליקער אידן, דעם פּוילישן „הויף", דעם פּריס־טאַוו און דעם וואָלאָסט. די טעפּליקער גויים האָבן קיין פּאָסט ניט געדאַרפט, האָבן קיין בריוו אָדער צייטונגען ניט באַקומען, און דער פּאָטשטאַליאָן האָט, אפשר, איין מאָל אין יאָר, געהאַט אַ בריוו פאַר אַן איוואַן פּאַפּערילע אָדער פעדאָט סמאַזשענקאָ. פלעגט ער אויך ניט גיין זוכן אָט די כאַמולעס, נאָר איבערגעלאָזט די בריוו אין וואָלאָסט.

דערפאַר אָבער זיינען די טעפּליקער אידן געווען גוטע „קליענטן" פון דער פּאָסט. געשיקט און באַקומען בריוו פון אַמעריקע, געשיקט און באַקו־מען בריוו פון די סוחרים פון אָדעס, קעשעניעוו און טאַקע מאָסקווע. און אייניקע פון זיי האָבן באַקומען בריוו פון „זאַגראַניצע" און דער עיקר פון ארץ ישראל אָדער פון ניידיטשן פון פּאַריז וואו מען האָט זיך געלערנט „בוכהאַלטעריע" דורך קאָרעספּאָנדענץ...

און אַז איר קאָנט שוין טעפּליקער פּאָטשט, פאַרוואָס זאָלט איר ניט קאָנען טעפּליקער „וואָלאָסט" (מאַכט־אויטאָריטעטן).

די הויפּט „מאַכט" אין טעפּליק איז געווען דער פּריסטאַוו. אַ געזונ־טער פעטער גוי מיט גרויסע וואָנצעס, איז מיט איטלעכן אויף „דו" און נעמט אַליץ, וואָס עס הויבט זיך אָן מיט אַן „אַלף":

אַ פּופּציקער, אַ צענערל, אַ קערבל און גלאַט אַ מתנה!

לאַנג פלעגט זיך דער פּריסטאַוו ניט האַלטן. צוויי דריי יאָר ניט מער. באַלד פלעגט אָנקומען וועגן אים אַ מסירהלע, פלעגט מען אים בייטן און ברענגען אַ... צווייטן כאַבאַרניק. און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער.

דער פּריסטאַוו, פלעגט זיך זעלטן ווייזן אין גאַס, סיידן ווען ער איז ספּעציעל געגאַנגען מאַכן עמיצן אַ „מולטאַ" (אַרויפלייגן אַ געלט־שטראָף). דערפאַר איז זיין געהילף — דער אוריאַדניק אַ גאַנצן טאָג געווען אין גאַס. דער דאָזיקער שני למלך, פלעגט אויך „נעמען", אָבער זיין גרעסטע השגה איז געווען — אַ דרייערל. געוויינלעך, אָבער, פלעגט ער נעמען אַ „חצי־פויגל" (אַ האַלב קערבל).

נאָכן אוריאַדניק, האָבן „געהערשט" איבער טעפּליק אַ פּאָר סטראַזש־ניקעס און אַ האַלב טוץ „סאָצקעס".

פאַרשפּאָרט צו דערמאָנען, אַז אויף צו דערדינען זיך צום „טשין" פון סאָצקי, האָט מען ניט געדאַרפט קאָנען לייענען אָדער שרייבן, נאָר מען האָט געדאַרפט גיין אָנגעטון אַ האָריקע סוויטע אָדער קאַזשוך און הייסן:

איוואַן זלאָדי!

קיין איד — מעג ער האָבן געענדיקט דעם אוניווערזיטעט, האָט קיין סאָצקי ניט געטאָרט זיין.

איינער פון דער הויפּט מאַכט איז געווען דער מיראָוואָי סודיאַ (פרידנס ריכטער), אָבער, אַזוי ווי טעפּליקער אידן האָבן זייערע ענינים געבראַכט צום... רב, האָט דער מיראָוואָי סודיאַ געהאַט זייער ווייניק עסקים מיט אידן.

דאָך פלעגט שבת בייטאָג, אַ האַלב שטעטל אידן, גיין צום „סוד" און הערן ווי דער סודיאַ פּסקנט דיני ממונות צווישן גויים און גויים און גויים מיט אידן. און זעלטן־זעלטן, צווישן אידן מיט אידן, וועלכע האָבן זיך גע־לאָדן איבער אַ... האַלבן מעטער פּלויט אָדער איבער אַ פּאָמיניצע וואַסער וואָס איין שכנה האָט געגאָסן אין רשות פון דער צווייטער שכנה...

און צו ענדע, ווייל איך אייך באַקאָנען מיט טעפּליקער „וואָלאָסט" וואָס, כאָטש טעפּליקער אידן האָבן זיך מיט אים זייער ווייניק אָנגעקערט, ווייל — נאָך אַלעמען, איז דאָך דער וואָלאָסט אַ גויאישע אינסטיטוציע, דאָך, האָבן מיר, קינדער, געקאָנט דעם וואָלאָסט דורך און דורך, ווייל דאָרט פלעגט מען זיך שטעלן צום פּריזיוו, און וואו און ווען איז נאָך געווען אַזוי פריילעך ווי ווען מען האָט זיך געשטעלט צום פּריזיוו! וואו האָט מען נאָך געהערט אַזוי־פיל „מזל־טובס" און אַזוי פיל אידיש געוויין און מאַמעס היסטעריקע, ווי ביים וואָלאָסט! אָט די גרויסע געביידע וואָס איז געשטאַנען שוין כמעט

ביים דאָרף, און וואָס האָט געהאַט אַ סך פענצטער אויף וועלכע מיר, יאַטן, האָבן זיך אַרויפגעדראַפּעט צו זען ווי אַזוי די אידישע אויסגעדאַרטע איננ־לעך שטייען האַלב נאַקעט און דער דאָקטאָר באַטראַכט זיי...

ניט איינמאָל, פלעגן מיר, קינדער, הערן ווי דער דאָקטאָר אָדער דער וואָיענסקי נאַטשאַלניק זאָגט אויף אַ היימישן בחור „ניע גאָדיען" (ער טויג ניט), פלעגן מיר פון בוים אַראָפּ אויף וועלכן מיר האָבן זיך געהאָנגען כדי אַריינקוקן אין „פּריסוטסטוויע" — אָנזאָגן די טאַטע־מאַמע די גוטע בשורה:

„ניע גאָדיען"!

זיך פאַרצושטעלן די פרייד פון טאַטע־מאַמע ווען זיי האָבן דערהערט, אַז זייער זונדעלע... „טויג־ניט" — איז איבעריק! מען איז געווען גליקלעך וואָס דער זון האָט אַ חסרון, וואָס ער איז אַ קראַנקער און טויג ניט פאַר קיין סאָלדאַט...

געווען אויך קאָמישע מאָמענטן ביים פּריזיוו און אַנדערע — טראַגיש קאָמישע!..

אַזוי ווי די דאָקטוירים מיטן וואָינסקע נאַטשאַלניק בראש, וואָס האָבן „צוגענומען" די „פּריזיוניקעס" זיינען געבעך געווען גרויסע... כאַבאַרניקעס, פלעגט זיך טרעפן, אַז זיי האָבן געמוזט — כדי צו קאָמפּלעטירן די צאָל סאָלדאַטן וואָס טעפּליקער קרייז האָט געמוזט אַרויסגעבן — צונעמען קאַ־ליקעס, בלינדע, היקעוואַטע, אָדער האַלבע אידיאָטן (פרידורקעוואַטע).

איז זיך לייכט פאַרצושטעלן די געלעכטערן, ווען מיר פלעגן, פון די ביימער אַראָפּ, מעלדן:

— חיימקע היקעוואַטע: — „גאָדיען"!

— שלמה בער טאַדרעסעס (אַ קאַליקע אויף ביידע פיס) — „גאָדיען"!

ווער עס זאָל אויסשיסן אין אַ יאָמער — איז קיינער ניט געווען, ווייל טאַטע־מאַמע האָבן זיי ניט באַגלייט צום „שטעלן־זיך" אַזוי זיכער איז מען געווען מיט זיי. און ווען אָט די קאַליקעס זיינען אַרוים פון וואָלאָסט פלעגט מען זיך וויצלען איבער זיי און מיר — חברה יאַטן — פלעגן זיך שטעלן פאַר זיי „פּאָדקאָזאָראָק" (אָפּגעבן דעם מיליטערישן כבוד).

ווען דער פּריזיוו האָט זיך געענדיקט, האָבן מיר, חברה חדר־אינגלעך, ווידער פאַרגעסן דעם וואָלאָסט אַ גאַנץ יאָר — ביזן צווייטן פּריזיוו! די עלטערע אידן, ווידער, האָבן געהאַט גרוים דרך ארץ פאַרן וואָלאָסט צוליב אַ סך סבות.

אַט דער וואָלאָסט האָט עס פאַרנומען א גרויסן אויבנאָן אינעם לעבן פון טעפּליקער אידן און דערפאַר טאקע איז כדאי געווען, אַז איר זאָלט אים קאָנען און זאָלט אפילו וויסן, אַז די געביידע פון וואָלאָסט איז געווען די איינציקע אין דאָרף וועמענס דאַך איז געווען געדעקט, ניט פון שטרוי און אפילו ניט פון טשערעפּ — נאָר פון בלעך.

אַט האָב איך אייך אזוי ארום אריינגעפירט אין אונזער טעפּליק.

## ק אַ פּ י ט ל צ ו ו י

# פון וואָס האָבן געלעבט טעפּליקער אידן?

פון וואָס האָבן געלעבט טעפּליקער אידן? 10 פּראָצענט אידן האָבן פּרנסה און 90 לעבן פון... בטחון און לופט. — טעפּליקער קרעמער טעפּליקער „הורטאָווניקעס" — מען האַנדלט מיט „זאַגראַניצע" און מען בייט די... טאַבליצע אַלע יאָר. — חייקע יחיאל פּישערס און שלמהלע ביק. — אַלטער האָראָוויץ דער „מאַגנאַט" פון שטאָט. — זונטיקדיקער מאַרק־טאָג, וועלכער איז געווענדט אין פּריסטאַוו — דער מאָנטיקדיקער יאַריד — די „טאָרהאָוויצע" (פערד מאַרק) פעלצנמאַכער וואָס פאַרקויפן אונטערן פּרייז. — די „מאכאטוויני־קעס". זייער „מאַכן מיטן רגל". — זיי קויפן ווייץ אויף 62 קאָ־פּיקעס אַ פּוד און פאַרקויפן אויף 58... — די טאַנדייטניקעס און היטלמאַכער. — מען פאָרט אויף די יאַרידים — טערניווקע און טישליק. — ווייבער וואָס גיבן פּרנסה· — אהרן יאָסל גערשונאָוו — דער טעפּליקער „גאָט אי טשאַוועס". נחמן לאָדעזשינסקי — א איד מיט א „פּעקל" אויף זיך. שבתי קרעמער — דער קבצנישער באקא־לייטשיק· — טעפּליקער „פּראָלעטאַריאַט", אַ ראַבאָטשי נאַראָד וואָס העלפט אראָפּוואַרפן דעם צאַר. — דאָס פאַרדינען אויף שבת.

אין משך פון די לעצטע צענדליקער יאָרן ווען איך האָב זיך אמאָל דער־מאָנט אין מיין געבורט־שטעטלע, ווי אין די צענדליקער און הונדערטער שטעטלעך וואָס איך האָב געקאָנט, פלעג איך ניט איינמאָל אַ טראַכט טון:

גאָט מיינער! פון וואָס האָבן געלעבט די טעפּליקער אידן?

עס גיט אַ שוועב פאַר מיינע אויגן טעפּליקער מסחרים, טעפּליקער מאַרק־טאָג און טעפּליקער יאַרידים: איך דערמאָן זיך און איך שטעל אַוועק פאַר מיינע אויגן די טעפּליקער „געשעפטן": די גרויסע מאַנופאַקטור גע־שעפטן פון לובארסקי, פון יודל שפּילבאַנד, די באַקאַליינע קלייטן פון יחיאל פישער און פון שלמהלע ביק און איך מאַך דעם חשבון, אַז פון דעם טויזנט אידישע משפּחות וואָס האָבן געוואוינט אין טעפּליק, האָבן אפשר צען פּראָצענט געהאַט אַ זיכערע פּרנסה און טאָג־טעגלעכן איינקונפט! די

איבעריקע 90 פּראָצענט, האָבן געלעבט פון... לופט אָדער פון בטחון. און דאָך! דאָך האָט מען געצאָלט שכר לימוד, מען האָט חתונה געמאַכט קינדער, מען האָט געפּראַוועט שלש סעודות און מלוה מלכות, מען האָט זיך נישט איבערגעאַרבעט איבער די כוחות און... מען האָט דערלעבט אייניקלעך און אור־אייניקלעך!...

מען האָט געלעבט פון לופט און „בטחון" דאָך גלויב איך ניט צי אין טעפּליק האָבן זיך געפונען 100 אידן וואָס האָבן געוואוינט ביי יענעם אין שכנות! און אויב מען האָט שוין יאָ געוואוינט ביי יענעם אין „ספּאָלני" אָדער אין אונטערשטן גאָרן — האָט מען ניט געטראָגן דעם עול פון צאָלן דירה געלט אַלע חודש, ווי דאָ פון 1־טן ביזן 5־טן, אָן עול וואָס טריקנט אַמאָל אויס דעם מוח און מאַרך און איז מקצר ימים!

געווען אַ סך קבצנים אין טעפּליק! קבצנים דלפנים! דאָך געדענק איך ניט איך זאָל האָבן אַמאָל געזען איין „דעסאָלאָכאָ" פון דער דירה צוליב ניט צאָלן דירה געלט און איך געדענק ניט קיין איין אידן וואָס זאָל ניט האָבן קיין קוילעטש אויף שבת און אַ שטיקל פיש און טשאָלנט...

און דאָך האָבן 90 פּראָצענט אידן ניט געהאַט קיין סטאַבילע פּרנסה ברוח. דער הויפּט־קוואַל פון פּרנסה איז געווען דער זונטיקדיקער מאַרק־טאָג, און דער יאַריד וואָס האָט זיך געשטעלט אַ מאָנטיק איבער אַ מאָנטיק.

דער זונטיקדיקער מאַרק־טאָג איז געווען דער הויפּט־קוואַל פון לייזעכץ. עס האָבן געלייזט „גרודעס גאָלד" דער באַקאַליישטשיק (אַלמאַסענעראָ) און ס'האָבן געטומלט און גערעשט די טאַנדייטניקעס (ראָפּאַ־העטשאַ). וואָס זשע קומט אָבער אַרויס, אַז דער גאַנצער טאָג און דער גאַנצער פדיון איז געווען געוועגדעט אין... נאַטשאַלסטוואָ.

זונטיק האָט מען ניט געטאָרט עפענען די קלייטן ביז נאָך 12 אַזייגער, ביז מען איז ניט אַרויסגעגאַנגען פון קלויסטער. נו, אידן האָבן דאָך פאָרט געוואָלט לייזן און ערלים האָבן זיך געאיילט אַהיים אין די נאָענטסטע דער־פער. איז שוין געווען געוועגדעט אין פּריסטאַוו.

איז דאָס געווען אַ „גוטער" פּריסטאַוו, אַן ערל וואָס „נעמט" — דאַן איז אַלץ געגאַנגען ווי געשמירט, מען האָט דעם אָדון געצאָלט וואָך־געלט, און די „קליינע וועררים", דאָס הייסט דעם אוריאַדניק, די סטראַזשניקעס און „סאָצקים", האָבן גענומען אַ מכה אין דער האַנט און „ניט געזען" ווי מען לאָזט אַריין דעם קונה דורך דער האַלבער טיר.

ווי זשע אָבער איז געווען דער דין ווען דער פּריסטאַוו איז געווען אַ המן הרשע און אַ נקי כפּימדיקער און כאַטש גיב אים אַכצן קרענק וויל ער

דווקא נייגצן און ער „נעמט ניט". האָבן שוין אויך די „קליינע ווערים" ניט גענומען און אכטונג געגעבן, אַז קיין שפּאַרונקעלע זאָל ניט זיין אָפן. דאַן — איז שוין דער זונטיקדיקער מארק־טאָג געווען אַ פאַרפאַלענער... בייטאָג, ווען די גויים גייען ארויס פון „תיפלה" און פאָרן אהיים זיך אָנשיכורן — קומען זיי שוין ניט אין שטאָט אריין.

דער טעפּליקער יאַריד, איינמאָל אין צוויי וואָכן איז אויך געווען זייער וויניק „פּאָפּולער" אין אומגעגנט. און ניט איינמאָל פלעגט מיר ווי טאָן וואָס צו אונזער יאַריד קומט קיין איין איד ניט פון די שכנותדיקע שטעטלעך, און אפילו גויים קומען אויך ווייניק. דאָך, איז מיין בעסט פאַרגעניגן געווען מאַנטיק — אויב איך האָב נאָר ניט געהאַט קיין הדר, ווייל דער רבי בכבודו ובעצמו, איז אויך געגאַנגען כאַפּן אַ „מציאה" אויפן יאַריד, — פלעג איך מאַנטיק אריינלייגן די הענט אין די קעשענעס און אוועקשפּאַצירן אויפן יאַ־ריד: דאָס בעסטע האָב איך ליב געהאַט צו שטיין אויף דער „טאַרהאָוויצע" און קוקן ווי אזוי מען פּאַטשט זיך אין די הענט און מען דינגט זיך מיטן גוי פאַר דער בהמה אָדער פערד.

שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ בחורעץ פון אַ יאָר צען האָב איך געכאַפּט די „סמיקאַלקע" ווי אזוי די קצבים צו די פערד־הענדלער קויפן זייערע בהמות. זיי האָבן געמאַכט יד אחת און איינער פלעגט צוגיין צום ערל און אים פרעגן וויפל ער וויל פאַר דער בהמה?

דער ערל ענטפערט סטאָ קאַרבאָוואַנצעס (הונדערט קערבלעך), פלעגט אים דער קצב פאַרלייגן: זעכציק...

פאַרשטייט זיך, אַז דער ערל האָט ניט געוואָלט הערן אפילו פון אזא פּרייז. דער קצב איז אוועקגעגאַנגען און עס איז צוגעקומען אַ צווייטער און האָט פאַרגעלייגט בלויז 55... אַ דריטער איז געקומען און האָט פאַרגעלייגט בלויז פופציק רובל.

דער ערל איז געווען צעטומלט און ווען ער האָט שפּעטער דערזען דעם ערשטן „קופּיעץ" וואָס האָט אים פאַרגעלייגט זעכציק רובל, האָט ער „אָפּ־געגאַרט דעם אידן" און ביי אים צוגענומען די זעכציק רובל...

אזעלכע סצענקעס האָב איך שפּעטער באַמערקט צענדליקער. אזוי האָט מען געהאַנדלט און אזוי האָט מען געמוזט האַנדלען, ווייל דער ערל איז גע־ווען אַן עקשן און ניט געוואָלט פאַרשטיין, אַז זיין בהמה, פאַר וועלכער ער בעט הונדערט רובל, וועט דער קצב שעכטן, האַרעווען ביז ער וועט דאָס פלייש פאַרקויפן און צוזאמען מיט דער פעל וועט ער נישט אָפּנעמען קיין הונדערטער...

בולטער וועגן ערלס עקשנות און אומוויסנהייט האָב איך געזען אויפן תבואה מאַרק.

איז געקומען דער פּויער און געבראַכט דריי זעקלעך ווייץ צום פאַר־קויפן. אַזוי ווי פאַר צוויי וואָכן האָט ער גענומען 62 קאָפּיקעס אַ פּוד, וויל ער איצט אויך אַזאַ פּרייז.

די מיל, די גרויסע מיל, וואָס קויפט אויף דעם ווייץ, צאָלט אָבער דעם מוחר־תבואהניק בלויז 58 קאָפּיקעס אַ פּוד.

וואָס זשע זאָל דער איד טון? ניט קויפן דעם ווייץ? — וועט אים דער פּויער אַהיימפירן און ער, דער איד, וועט ניט האָבן אויף שבת...

יאָ קויפן? — דאַרף ער דערלייגן צום מסחר. ער דאַרף צאָלן דעם ערל 62 קאָפּיקעס און אָפּנעמען 58. וואָס זשע טוט מען? קומט דער „רגל" — דער פּוס — צו הילף. ווען דער ערל שטעלט אַוועק דעם זאַק תבואה אויף דער ענגלישער וואָג, שטייט איין איד (געוויינלעך האָט מען געאַרבעט שות־פות, צו 4 אָדער 5 שותפים), שטייט איין איד פון פאַרנט ביי דער וואָג און וועגט, און דער שותף שטייט ביים זאַק ווייץ, און שטופּט אים אין דער הויך מיטן פּוס און מאַכט גרינגער זיין וואָג... פלעגט דער „רגל" אַזוי אַראָפּ־נעמען פון וואָג אַ 20 פונט פון זאַק.

זיינען אָבער די ערלים קלוגער געוואָרן און האָבן ביים זאַק קיינעם ניט געלאָזט שטיין. אלא ניט — האָט ער געקוקט אויף די „פיס". וואָס זשע טוען אידן? — גיט מען זיך אַן עצה ביים „צינגל" פון דער וואָג וועלכעס ווערט אַראָפּגערוקט אָדער גאָר אַ „נייער סיסטעם" וואָס דער פּויער האָט זיך יאָרן־לאַנג ניט געכאַפּט.

כידוע, ווי באַוואוסט, איז אויף אַן ענגלישער וואָג אַ פונט — צען פונט. פיר פונט אויף דער וואָג פון פאַרנט — איז אַ פּוד. די זעלבע פיר פונט ווען מען לייגט פון אונטן, דאָרט וואו דער זאַק ליגט — זיינען בלויז... פיר פונט. איז, אַז עם האָט זיך געטראָפן אַ טערקע גוי וואָס האָט ניט צו־געלאָזט צו דער וואָג קיינעם ניט, פלעגט מען אים נעמען מיט אָט דעם טרוק. מען האָט אַרויפגעלייגט פון פאַרנט — צוואַנציק פונט (וועלכע האָבן ווערט געהאַט 5 פּוד) און אויף צוריק האָט מען געלייגט פיר פונט און מען האָט אים געמאַכט אַ חשבון: צוואַנציק פונט, נאָכדער (צוריק) פיר פונט — בלייבט 16 פונט און 16 פונט איז פיר פּוד.

דער ערל האָט זיך געקראַצט אין פּאָטיליצע און ניט פאַרשטאַנען. ער וואָלט געקאָנט שווערן, אַז אין דער היים האָט ער אָפּגעוואויגן פינף פּוד אַ זאַק און דאָ איז בלויז פאַראַן פיר פּוד. ער זעט אָבער אַז קיין שום איד

שטייט ניט ביי דער וואָג, און די וואָג איז פּראָווילנאַ, גיט ער זיך אונטער און קאָווירט — טאַקע אויף 62 קאָפּיקעס אַ פּוד, אָבער בלויז פאַר 4 פּוד.

איך באַשרייב אַט־די פּאַסירונג פערציק יאָר נאָכדעם ווי איך האָב עס געזען. אין משך פון די פערציק יאָר האָב איך ניט איינמאָל געטראַכט, וועגן אַט דעם מסחרן און בין געקומען צום באַשלוס:

דער „באַגנבעטער" און „אָפּגנאַרטער" פּויער איז אוועקגעפאָרן אין זיין היים מיטן קניפּל, איינגעפּאַקט אין דער פאַטשיילע אָדער ער האָט עס אוועקגעגעבן אין קלייט אויף אַ ספּידניצע זיין יאַוודאַכען און אַ קאָזשוך פאַר זיך. ער איז געקומען אהיים האָט ער געטראָפן בהמות זיך אַרומדרייען, חזרים זיך פּאַשען, און עופות מיט אייער און מילך וויפל זיין האַרץ גלוסט... ער האָט געגעסן צו זאַט און אַ זאַרגלאָזער אַרויף שלאָפן אויפן אויוון.

דער איד, ווידער, וואָס האָט אים „באַשווינדלט", האָט קוים קוים פאַרדינט פּרנסה און מיט די צען גילדן וואָס ער האָט פאַרדינט, דאַרף ער מפרנס זיין אַ פאַמיליע, צאָלן שכר לימוד פאַר זיינע בנים, צוגרייטן נדן און אויסשטייער פאַר אַ פּאָר מיידן וואָס מעגן שוין הערן קלעזמער, און פון אַט די צען גילדן דאַרף מען נאָך אויסהאַלטן די רבנים, שוחטים און בעל טאַקסע, עס דאַרף סטייען פאַרן מרחץ און להבדל — פאַר אַ תנ"ך'ל פאַר זיין זונדל און פאַר יודל שרייבער וואָס לערנט זיינע קינדער „שורה־גרוסן" שרייבן.

פון די צען גילדן דאַרף אים סטייען פאַרן פעלדשער אָדער אפשר חלילה גאָר פאַרן דאָקטאָר און פאַרן אַפּטייקער. און אַזוי ווי שבת וועט דאַווענען אַ חזן מיט משוררים, דאַרף מען פאַר אים אויך צוגרייטן... נו, אַ! און וואו איז מעות חטין און וואו איז משלוח מנות, און געלט אויף כפּרות?

דאָס אַלץ זיינען זאַכן, וואָס דער „שווינדלער" דער איד, וואָס צאָלט פאַר ווייץ 62 קאָפּיקעס אַ פּוד, ווען דער פּרייז שטייט העכסטנס 58, — דאַרף אויסגעבן פון די צען גילדן, און וואָס איוואַן איוואַנאָוויטש, דער ערל וועמען מען האָט אַזוי „מיאוס" „באַשווינדלט", ווייסט ניט פון אַט די אַלע הוצאות און קאַפּווייטיקן.

אַט אַזוי פּלעג איך טראַכטן אין משך פון 40 יאָר ווען איך האָב זיך דערמאָנט אין יענע „סצענקעס" ווי אַזוי פיר אָדער פינף אידן האָבן זיך „פאַרלייגט" „אָפּצושווינדלען" אַ פּויער און אים צאָלן 62 קאָפּיקעס אַ פּוד ווייץ און אָפּנעמען 58.

מירן זיך אומקערן אַביסעלע אויף צוריק. מירן מאַכן אַ שפּאַציר צווישן די „שמויסניקעס", דאָס הייסט אידן, וואָס פאַרקויפן שמויסענע פעלצן.

דער שמויסענער פעלץ איז ביי אונזערע פויערים געווען דער באַ־ליבטסטער מלבוש. איך ווייס ניט ווער עס האָט געהאַט מער יסורים, צי מיין פאָטער ע"ה וואָס האָט געדאַרפט חתונה מאַכן אַ „מויד" און האָט ניט געהאַט, ניט אויף קיין נדן און ניט אויף חתונה הוצאות, צי מאַכטיי בינ־דיוזשניקאָוו אָדער אַנדריי וואַרילאָוו, צוויי גרויסע געזונטע גויים, וואָס פלעגן האַנדלען מיטן טאַטן, אים ברענגען האָלץ און שטרוי אויפן ווינטער, און כאָטש זיי האָבן געהאַט צו פינף דיעסיאַטין פעלד, און אַביסל „כודאַ־באַ" און הינער און אייער לרוב, דאָך — אַזוי האָבן זיי זיך געקלאָגט — האָבן זיי ניט געקאָנט אָפּשפּאָרן צו קויפן אַ ווייסן „קאָזשוך" און ווען עס קומט „ראָזשדיעסטוואָ" אָדער „נאָווי־גאָד", און אַלע שכנים זייערע גייען אין קלויסטער מיטן ווייסן קאָזשוך, מוזן זיי, נעבעך, גיין אין דער האַריקער „סוויטע" וואָס איז „אַ חרפה זיך צו ווייזן פאַר גאָט מיט איר"...

דאָס בעסטע פאַרגעניגן מיינס איז געווען צו שטיין ביי די „שמויס־ניקעס" און קוקן ווי אַזוי זיי פאַרקויפן אַ „קאָזשוך". ער נעמט דעם גויס האַנט (די דאָלאָניע) און גיט אַ פּאַטש אריין אַהין: „טריציאַט קאַרבאָוואַנ־צעס" — דרייסיק קערבלעך. דער „קונה", איוואַן אָדער פעדאָט, שרעקט זיך ניט איבער פאַרן פרייז און אָפּרעסירט... 10, אָדער העכסטנס 12 רובל.

ווערט דער שמויסניק בוטיבע באַליידיקט, שווערט זיך מיט טויטע קללות, אַז עס שטייט אים אַ סך אַ סך צו דערלייגן ווען ער זאָל אַפילו נע־מען 25 רובל. נאָר וואָס דען? אַזוי ווי דער קונה קויפט ביי אים אַלע יאָר (ס'הויבט זיך ניט אָן) און ערשט פאַראַיאָרן האָט ער געקויפט ביי אים אַ קאָזשוך פאַר דער זשינקאַ (פאַרן ווייב), לכן, דערום לאָזט ער אים אַראָפּ אויף... 29 רובל און זאָל ער עס טראָגן געזונטערהייט. דערביי, גייט אַ פּאַטש אין דער דאָלאָניע אַז דעם ערל שטעלן זיך טרערן אין די אויגן.

דער פויער ווערט אַביסעלע... ווייכער און נאַבאָוועט... אַ גאַנץ קערבל!

און עס גייט אַוועק אַ סדרה „אַראָפּלאָזן" און „נאַבאָווען", אַ פּאַטש און ווידער אַ פּאַטש אין דער דאָלאָניע, ביז מען גלייכט זיך אויס אויף... 17 קערבלעך.

דער שמויסניק „וויינט" און שווערט זיך, אַז ווען ניט זיין קראַנק ווייב וואָס ליגט אין בעט און ער דאַרף דאָס געלט אויף „לעקאַרסטוועס" — וואָלט ער ניט פאַרקויפט אונטער דעם פרייז און ער נעמט צו מיט צופרידנ־קייט די קנאַקנדיקע דרייערלעך. דער גוי, ווידער, איז צופרידן וואָס, גראָד אויף זיין מזל ווערט קראַנק דעם זשידס ווייב און ער כאַפּט אַזאַ מציאה...

דער סוף איז, אז דער ערל גייט אוועק מיט א שיינעם ווארימען פעלץ און דער איד האָט שוין... פּאַרדינט אויף שבת!

און אזוי האָט זיך געצויגן א גאַנצן טאָג.

אוועק דער גוי, איז געקומען אַן אַנדערער. ווידער א „פּאַטשעניש אין די הענט", ווידער זיך שווערן און זיך שלאָגן מיט די קולאַקעס אין קאָפּ, אַז ער דערלייגט געלט און קאָן ווייניקער ווי 28 רובל ניט נעמען און ווידער דאָס קראַנקע ווייב מיטן קראַנקן קינד. און מען נעמט 16 אָדער 17 רובל און מען פאַרדינט אַלץ אויף שבת.

פאַרשטייט זיך, אַז מער ווי איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז דער ערל האָט געגעבן א פּרייז וואָס מען האָט טאַקע געמוזט דערלייגן! האָט זיך אָבער ניט געגלוסט ארויסלאָזן דעם גוי פון דער האַנט, ווייל, האָט איר אים ארויסגעלאָזט — האָט איר אים שוין ניט געזען! און לייזן — ווילט זיך פאַרט. נו, האָט מען שוין אזוי געדרייט מיטן גוי, אזוי פאַרדרייט אים דעם קאָפּ, אַז מען האָט אים אָנגעטון אַן אַנדער פעלץ, א געמיינערן, א קור־צערן אָדער אַן ענגערן און מען האָט אים גוט אָנגעפּאַטשט די דאָלאָניע און... מיט צרות געלייזט פאַרן „קאָזשוך".

דאָ, ביי אַזאַ פאַל, האָבן שוין ביידע געהאַט... א קרענק.

דער ערל האָט געקויפט א געמיינעם פעלץ און דער שמוישניק האָט קוים קוים ארויסגענומען דעם „קרן" און אפשר — א פּאָר קאָפּיקעס פאַר־דינסט.

געוועזן אָבער אויך פאַלן ווען מען האָט פאַרקויפט מיט...דערלייגעכץ. דאָס איז געטון געוואָרן כדי דער ערל זאָל ניט אוועקגיין צום שכן און דאָרט קויפן... די קאָנקורענץ צווישן זיך, דאָס ניט פאַרגינען דעם שכן איז ניט צו באַשרייבן און נאָך ווייניקער צו פאַרשטיין...

היינט, ביי די יאָרן וויפל איך בין אַלט, און ווען איך טראַכט וועגן אָט דעם מסחר מיט 40 יאָר צוריק, הויב איך ניט אָן צו פאַרשטיין, ווי אזוי האָבן אָט די סוחרים און בעלי־מלאכות, זיך ניט צונויפגערעדט צווישן זיך אום ניט צו פאַרקויפן זייער פראַצע אונטערן פּרייז. נאָך אַלעמען, איז דאָך דער גאַנצער מסחר געלעגן ביי אידן אין די הענט און זיי האָבן דאָך אַלע געזען, אַז דאָס בעסטע פאַרדינסט גיבן זיי אוועק דעם... פּויער, וועלכער קויפט דעם פעלץ אָדער דאָס שמוישענע היטל, בחצי חנם. דאָך האָט מען עס ניט פאַרשטאַנען און מען האָט געריסן דעם קונה ביי די אַרבל ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן.

א צווייט פאַרגעניגן מיינס איז געווען צו שטיין צווישן די „טאַנדייט־

ניקעס״ (פּאַרקױפערס פון פּאַרטיקע מלבושים) און קוקן ווי אַזוי זײ מסחרן און פאַרקױפן איוואַנען אַ „קאַסטיום״ אױף פּראַזדניק (יום־טוב). דאָרט, פלעג איך ניט איינמאָל, ניט קאָנען אויסהאַלטן און אויסשיסן אַ געלעכטער.

און — אַנו, זײט אַ בריה און לאַכט ניט, ווען איר זעט ווי מען מעסט אָן אַ „קאַסטיום״ אַ שגץ וואָס איז לאַנג ווי עוג מלך הבשן און די טראַכט איז אויף אים ענג, קורץ און שמאָל. ער דרייט זיך, ער וויל אַ קוק טון אויף זיך ווי אַזוי ער זעט אויס, נאָר מען „אַרבעט״ אַזוי אַרום אים, אַז מען פאַר־טומלט אים, און... מען פּאַקעוועט זי אים איין.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ גייט אויך די זעלבע פּראָצעדור. מען מאָנט ביי אים 18 קאַרבן און ער גיט... פינף. מען גלייכט זיך אויס אויף... זעקס און ער פאַרט אַהיים מיט אַ קאַסטיום וועלכן ער וועט ניט קאָנען אָנטון...

אָדער זײט אַ בריה און לאַכט ניט, ווען איר זעט ווי אַ יונגער שגץ טוט אָן אַ „קאַסטיום״ איז ער אויף אים גרויס, ברייט און לעפּיש, אַז ער רופט אַזש אַרויס אַ געלעכטער ביים טאַנדייטניק אַליין. מען דערציילט דעם שגץ, אַז עס איז אַ קאַסטיום וואָס מען האָט אים געמאַכט פאַרן פּריץ פון הויף, נאָר אַזוי ווי יענער איז קראַנק, פאַרקױפט ער אים פאַר האַלב געלט — פאַר... 20 קאַרבן.

דעם שגץ געפעלט דער געדאַנק וואָס ער וועט טראָגן דעם פּריצס קאַס־טיום. איבערהויפּט געפעלן אים די... גלאַנצנדיקע קנעפּ פון רעקל. אָבער — ער האָט בלויז ביי זיך 7 קערבלעך מיט 4 גילדן (אַ גילדן איז 15 קאָפּיקעס). נעמט מען ביי אים צו דאָס גאַנצע געלט און מען פרעגט אים אויף... זיין דאָרף און זיין נאָמען. אין צען טעג אַרום דאַרף דער טאַנדייטניק דאָרט זיין, וועט ער ביי אים אָפּנעמען עטלעכע הינער, אַ שאָק אייער און אפשר אַ שע־פעלע. דער שגץ געפינט אַ געלעגנהייט אָפּנאַרן דעם אידן, גיט ער אים אָן דעם נאָמען פון אַן אַנדער דאָרף און זיין נאָמען אויך ניט דעם ריכטיקן און ווידער דאָס אייגענע: ביידע זיינען צופרידן. דער נאַרישעוואַטער שגץ, וואָס וועט זיך באַרימען אַז: אובמאַנואַוו זשידאַ (ער האָט אָפּגענאַרט אַ אידן) און דער איד איז צופרידן ווייל ער האָט... פאַרדינט אויף שבת.

שפּעטער מיט יאָרן, ווען איך בין שוין געוואָרן אַ בחור פון אַ יאָר... צוועלף און איך האָב געהאַט חברים וועמענס פאָטערס זיינען געווען טאַנ־דייטניקעס, פלעג איך זײ פרעגן:

— סטייטש, היתכן! מען קאָן דאָך אויספירן צופרידנצושטעלן דעם קונה! דעם לאַנגן געבן אַ לענגערן קאַסטיום און דעם קליינטשיקן געבן מער ווייניקער זיין מאָס!

פלעגן זיי מיר אָנווייזן אויף דער שווערקייט פון אַזאַ האַנדלונג; אַ שווערקייט וועלכע עס מאַכן טאַקע אָט די אומוויסנדע פּויערים.

— ער קומט צו צו דער שטעל קויפן — אַזוי פלעגן זיי מיר דערקלערן, — וואַרפט ער אַן אויג אויף אַ „קאַסטיום" ווייל עס געפעלט אים דער קאָ־ליר. לאָזט זיך אויס, אַז פּונקט אָט דער קאָליר איז ניטאָ זיין מאָס.

ער, איוואַן פּאַפּערילע, וויל עס אָבער ניט וויסן, ער וויל דווקא אַזאַ קאַסטיום. און עס איז ניטאָ קיין כוח אים איבערצייגן און איינרעדן, ער זאָל נעמען אַ צווייטן, אַ בעסערן, אַ שענערן.

וואָס זשע טוט מען, מען קאָן דאָך דעם קונה ניט אָפּלאָזן, מען מוז דאָך פאַרדינען אויף שבת. נו, איז אַלצדינג וואָס דער קונה וויל — מוז זיין גוט אויף אים. כאָטש... ער איז לאַנג און דער קאַסטיום איז אַ קורצער אָדער פאַרקערט. מען מוז לייזן און מען מוז פאַרדינען אויף שבת.

:: :: ::

דאָס „פאַרדינען אויף שבת" איז געווען דאָס פּאָפּולערסטע וואָרט אין אונזערע קליינע היימישע שטעטעלעך. דאָס גאַנצע לעבן פון דער גאַנצער וואָך האָט זיך געדרייט אַרום איין איינציקער זאַך:

— פאַרדינען אויף שבת!

איך ווייס ניט ווי אַזוי אין די רייכע הייזער, נאָר אין אונזערע אָרימע הייזער האָט מען אָנגעהויבן רעדן פון שבת און פון פאַרדינען אויף שבת, נאָך פון „שפּויסענאַכטס" (שבת אויף דער נאַכט) אָן. ווער שמועסט פון זונטיק — רעדט מען שוין ניט, אַז מען האָט שוין אינזינען געהאַט דעם... שבת.

זונטיק אין דער פרי, די גויים פלעגן זיך אָנהויבן צונויפפאָרן אין שטעטל אַריין, זיינען אידן און אידענעס שוין געווען אין גאַס און אין מאַרק און געטאַפּט אין גויס וואָגן און געפרעגט: שאָ טאַם מאַיעש? (וואָס האָסטו?)

איז די גויע געקומען צופוס אויפן מאַרק־טאָג און געטראָגן אַן עוף, האָבן עס הונדערטער הענט איבערגעטאַפּט און איבערגעדרונגען, געזאָגט מבינות צי עס האָט שמאַלץ און וויפל שמאַלץ עס האָט, און צי די יויך וועט זיין פעט און צי עס וועט זיין...גריוון פאַרן קוגל אויף... שבת! און האָט שוין אַ איד געקויפט דאָס עוף, פאַר אַ גילדן מיט 4... (דאָס הייסט 17 קאָ־פּיקעס. די 4 זענען געווען פיר גראָשן, האָט ער אפילו במחשבה ניט געטראַכט, „חלילה", איר צו קוילען אינמיטן מיטוואָך. סיידן עמיצער איז געווען קראַנק און האָט געדאַרפט אַ „יאכל" (אַביסעלע גוטע יויך מיט אַ שטיקעלע עוף). בדרך כלל, האָט מען דאָס עוף געקויפט אויף... שבת.

און וועגן פּרנסה? צו וואָס האָט מען געדאַרפט פּרנסה אויב ניט כדי צו פּראַווען אַ שיינעם שבת!

איז מען געקומען דינסטיק פון טאַשליקער אָדער טערניווקער יאַריד, האָט מען דערציילט, אַז מען האָט פאַרדינט אויף שבת!

מיטוואָך איז מען געפאָרן קיין טשאַרנאָגרעבליאַ אויפן יאַריד און מען האָט, אָדער „דערלייגט די פור" (דאָס הייסט, ניט אַרויסגענומען די הוצאות וואָס מען האָט באַצאָלט פאַרן פאָרן אויפן יאַריד), אָדער — מען האָט... פאַרדינט אויף שבת!

דאָנערשטיק איז מען געפאָרן אויפן יאַריד קיין לאַדיזשענקאַ אָדער אי-וואַנגאָראָד אָדער גאָר קיין פּורילע (געהייסן האָט דאָס דאָרף פּאָגאָרעלאָיע) און מען האָט שוין געבראַכט פון דאָרט די „אמתע" פּאָר עופות. אַ האַלב שאָק אייער (אַ שאָק איז 60). זומער האָט דער טאַטע געבראַכט איינעם אָדער צוויי גרויסע קאַווענעס (סאַנדיאַס) אָדער דיניעס (מעלאָן) און מען האָט עס באַהאַלטן אויף... שבת.

דער שבת איז געווען דער ליכטיקסטער פּונק אין אונזער קליינשטעטל-דיקן טונקעלן לעבן. און איך גלויב און בין איבערצייגט, אַז דער שבת, דער פאַרגעניגן פון שבת און דער געדאַנק, אַז אָט וועט קומען דער „ליבער הייליקער „שבת", אָט דאָס אַלעס, האָט געגעבן כּוח אונזער פאַריקן דור און פריערדיקע דורות, אויסצוהאַלטן אַלע צרות און פּרעניות, און בלייבן לעבן. און נאָך וויפל לעבן? ביזן טיפן עלטער.

צי האָט מען זיך געזאָרגט פאַר פּרנסה אויף דער גאַנצער וואָך, אָדער אויפן גאַנצן חודש — זיכער ניט. מען האָט זיך געזאָרגט בלויז אויף... שבת.

פון וואָס זשע פאַרט האָבן געלעבט די טעפּליקער אידן? זיינען דאָך די פּאָר טויזנט אידישע משפּחות ניט באַשטאַנען פון בלויז פעלצנמאַכער, „מאַכעטוויעניקעס" (מוכר-תבואהניקעס) און טאַנדייטניקעס.

דאָס איז טאַקע אמת. טעפּליקער אידן האָבן געהאַט אַ סך מלאכות. געווען אין טעפּליק אַ גאַנצער „שיכט" פון קרעמער ווי: באַקאַליישטשיקעס (אַלמאַסענען), אייזן געשעפטן, מאַנופאַקטור געשעפטן און סתם „געשעפטס-לייט", וואָס האָבן אין מאַרק געדרייט מיטן שטעקעלע און פאַרקויפט דעם מלכס אוצרות און דערפון געמאַכט אַ שיין לעבן, געפּראַוועט שיינע חתונות. ביי די קינדער און געזאָגט דעות אין בית המדרש און להבדיל — אין מרחץ.

פאַרמאָגט האָט טעפּליק אַ גאַנצע רייע הורטאָווע געשעפטן („אָל פּאַר מאַזשאָר"). זיי — אָט די הורטאָווניקעס זיינען עס געווען די צושטעלער פון סחורה פאַר די עטלעכע צענדליק קרעמערס וואָס טעפּליק האָט פאַרמאָגט.

דער גרעסטער „אלמאסען אל פּאר מאזשאר״ האָט געהערט צו אַ אידן, וואָס האָט געהייסן יחיאל פישער. געגאַנגען אָבער איז דאָס געשעפט אויפן ווייבס נאָמען. חייקע יחיאל פישערס. ער, יחיאל פישער, אַ איד, נעבעך אַ קאַליקע, פלעגט זיך ווייניק וואָס מישן אין געשעפט און זיך אָפּגעבן מיט קהלשע זאכן. ער פלעגט זיך זאָרגן פאַרן הקדש, און פאַר הייצונג אין בית המדרש און טאָקע, אַז דער רב זאָל האָבן אין צייט זיין וואָכגעלט.

שבת אויף דער נאַכט איז זעלטן געווען ניט צו טרעפן ביי אים קיין צוויי־דריי אורחים ביים טיש און דאָס זינגען די זמירות האָט מען געהערט פון אָפענעם פענצטער איבער דער גאַנצער גאַס.

פאַרשטייט זיך, אַז יחיאל פישער איז געווען אַ גביר, אַן עשיר אדיר. מען האָט אים געשאַצט אין ק״ן אלפים רוך (150 טויזנט קערבלעך), דאָס הייסט, ער האָט פאַרמאָגט אַ פערט־חלק פון אַן אַמעריקאַנער פאַבריקאַנט. און דאָך איז פאַראַן אַ גרויסער חילוק וויפל אַ טעפּליקער עושר האָט אָפּ־געקאָסט די שטאָט און וויפל אַן אמעריקאַנער אידישן גביר וואָס פאַרשפּילט טויזנטער אין די רולעטעס אָדער פּאָקער, קאָסט אָפּ דאָס אידישע לעבן...

דער צווייטער הורטאָווניק פון באַקאַליי געשעפט איז געווען אַ איד, וועמען מען האָט גערופן שלמהלע ביק. אַ פּשוטער, שטענדיק פאַרשמאָל־צעוועטער קרעמער, האָט ער שווער און ביטער געהאָרעוועט אויף זיין געלט און כאָטש ער האָט געלייזט בלויז אויף „הורט״ — פלעגט ער אריינכאַפּן אַ „פּדיון״ פון... אַ פּעקל שוועבעלעך, אַ פערטל פונט צוקער, אַ חלבנה ליכטל א. אַ. וו. אָט דער קליינער פּדיון איז ביי אים געווען זיס ווי צוקער. אזוי ווי אָבער ער אליין פלעגט אַטענדירן אָט דעם „לאַחדים״ פּדיון, און אזוי ווי ער איז נעבעך געווען אַ קורצזיכטיקער און פלעגט ממש אָנטאַפּן די גריווינקע אָדער דעם גילדן, האָט עס חברה קליינוואַרג דערשמעקט, פלעגן לויפן צו אים איינקויפן קלייניקייטן און מער ווי איין מאָל און מער ווי צען מאָל, פלעגט מען ארויסגיין פון דער קלייט אי מיט דער סחורה אי מיטן געלט...

איך געדענק אַפילו קוריאָזע פאַקטן, ווי מיר, קליינוואַרג, פלעגן אַ גאַנ־צע גרופּע זיך אָפּרעדן און צוזאַמען אריין מיט אַ רעש „איינקויפן״. ווער — אַ הערינג, ווער אַ ליכט, און ווער פּאָר צען גראָשן טרוקענע הייוון. דער סוף איז געווען, אַז מיר פלעגן אים אזוי פאַרדולן דעם קאָפּ, אַז מיר זיינען ארויס אי מיט דער סחורה אי... מיט פאַרדינטע עטלעכע קאָפּיקעס, ווייל מיר האָבן געמאָנט „סדאַטשע״ פון דעם געלט וואָס... מיר האָבן אים נישט געגעבן.

און כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט מיט זיינע יונגע

קונים, דאָך פלעגט ער אונז זוכן אריינגנאַרן מיט „מתנות“, אַז מען זאָל ביי אים קויפן. פאַרשטייט זיך, אַז דעם צונאָמען „ביק“ האָט ער געקראָגן ניט פאַר זיין גרויסער חכמה. געשטאָרבן איז ער אין אַ פראָסטיקן טאָג „נאָווי־גאָד“ (ערשטער יאַנואַר). זיין טויט און לויה געדענקט זיך מיר גוט, ווייל מיר — די קינדער — זיינען געווען די גרעסטע... „אבלים“ און אונז יונג־וואַרג האָט ער שטאַרק באַנג געטאָן...

געווען נאָך אייניקע „גרויסע“ באַקאַליינע הורט־געשעפטן ווי זעליג גערשונאָוו (אַ קרוב פון די היגע גערשונאָווס), אָבער זעליגס קלייט איז גע־ווען אַ סעלעקציאָנירטע ער האָט געהאַט אַ געקליבענע קליענטעלע און בלויז פאַרקויפט אין הורט, אַלנפאַלס — אין גרויסע סכומים.

חוץ באַקאַליינע הורטאָווניקעס, האָבן טעפּליקער אידן פאַרמאָגט גרוי־סע „זשעליאַזנע מאַגאַזינען“ (אייזן־געשעפטן). דער הויפּט הויפּט געשעפט פון אייזן איז איינגעשטאַנען אין די הענט פון אַ אידן אַ גביר, טאַקע אַן עשיר אדיר, וואָס האָט געהייסן אַלטער האַרוויץ.

אַלטער האָרוויץ, טאַקע אַ שוואָגער פון חייקע פישער, איז געווען דאָס, וואָס מיר רופן אַן „אריסטאָקראַט“. האָבנדיק אַ רייע קלייטן אין מיטן מאַרק, האָט ער זיין וואוינונג אויסגעבויט העט הינטער דער שטאָט, נעבן דער פּאָסט, און עס אויסגעבויט אויף אַ... „גויאישן“ שטייגער, ווי למשל: אַ גאַנ־צער הויף מיטביימער, אַ סך לופט, ארום דער שטוב — גרין גראָז און אַ ספּעציעלע וואוינונג פאַר דער דינערשאַפט.

איך בין ניט זיכער, צי צען טעפּליקער אידן האָבן אַמאָל איבערגעטראָטן זיין שוועל, וואָרום ער האָט זיך געהאַלטן זייער אָפּגעשיידט פון טעפּליקער אידן, און וועגן קהלשע זאַכן פלעגט מען גיין אין קלייט אריין. געזאָגט האָט מען אָבער, אַז ביי אים זיינען אויף די ווענט ניט פאַראַן קיין איין בילד פון אַ צדיק אָדער גאון אָדער פון די צען לוחות, ווי עס פלעגט זיך פירן אין די אידישע באַלעבאַטישע הייזער, נאָר עס הענגען עפּעס גרויסע בילדער פון קווייטן מיט וועלדער און אַפילו נאַקעטע... מלאכים מיט פליגל.

פאַרשטייט זיך, וואָלט זיך עס ניט געהאַנדלט וועגן אַלטער האָראָוויץ, דעם גרעסטן גביר פון שטאָט, וואָלט מען אַלע מגפות און שקאַרלאַטינעס און דיפטעריעס צוגעשריבן צו דעם „חלול השם“ פון האַלטן נאַקעטע מלאכים אויף די ווענט. אַזוי אָבער, האָט מען זיך באַנוגנט פון בלויז רעדן און אַרומ־רעדן און... בלייבן באַם רעדן.

אַנדערש איז שוין געווען מיט די מאַנופאַקטור געשעפטן (שניט סחו־רות). זיי אַלע זיינען כמעט אָנגעקומען נאָך סחורה קיין אָדעס, קעשעניעוו

אַדער זאַגראַניצע (אויסלאַנד). ווער עס פלעגט מער פון אַלע קויפן אין „זאַגראַניצע" איז געווען אַ פּיפּיקער סוחר ליובאַרסקי.

ווען ליובאַרסקי פלעגט פאָרן קיין זאַגראַניצע, זיינען אים קינד און קייט מקנא געווען. אַ קלייניקייט, עפּעס זאַגראַניצע. אַן אַנדער לאַנד, אַן אַנדער לשון און אַנדער געלט. דערהויפּט פלעגן מיר, צען־יאָריקע חברה אים מקנא זיין, און אים באַגלייט — באַגלייך מיט זיינע פאַמיליערע עט־עט הינטער דער שטאָט. דערפאַר, אַז ער פלעגט קומען פון זאַגראַניצע, פלעגן אים שוין די גרויסע מקנא זיין, ווייל ווי נאָר די קאַסטנס סחורה פלעגן אָנ־קומען, פלעגט מען אויפן דריטן טאָג באַמערקן, אַז אויף זיין טאַבליצאַ, נעבן דעם וואָרט „ליובאַרסקי" שטייט מיט קליינע אותיות: „ביוושע" (געווע־זענע...).

אַזוי פלעגט זיך עס ציען יאָרן און יאָרן. ער האָט אַלע יאָר געביטן די טאַבליצע און... איז געשטאָרבן אין פרעמדע תכריכים...

אָט דאָס זיינען געווען אונזערע „הורט־געשעפטן", די גרויסע גבירים, „מיליאָנערן", פאַר וועמען די שטאָט האָט געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ, האָט זיי אָפּגעגעבן דעם שענסטן כבוד, אָבער — אויך זיי האָבן געטון פאַר דער שטאָט אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט.

חוץ אָט די הויפּט סוחרים, האָט טעפליק פאַרמאָגט אַ גאַנצע רייע קליינע קרעמער און קרעמערלעך. געווען אַ גאַנצע רייע „אַלמאַסענען", וואָס האָבן ניט געוואָרט אויפן גוים פדיון און געלעבט פון אידן.

איין קלייטל אַזעלכעס האָבן טעפליקער אידן ספּעציעל אָפּגעשאַצט — דאָס איז געווען שבתים קלייטל. דאָרט האָט מען געקראָגן פאַר אַ קאָפּיקע אַ שטיקל הערינג מיט מילך און דווקא אַ „מיטנשטיקל" און פאַר אַ גראָשן אַ ווײידעלע אָדער אַ קאָפּ! ווען איר זענט נאָר אַראָפּגעגאַנגען די דריי טרעפּ־לעך צו שבתין האָט איר געטראָפן אָנגעשניטן שטיקלעך הערינג. דער דאָ־זיקער שבתי איז בכלל געווען אַ קרעמער פאַר... קבצנים. ביי אים האָט איר געקראָגן פאַר אַ קאָפּיקע צוקער, פאַר אַ גראָשן טיי, און פאַר אַ גראָשן אַ ליכטל. נאָך קיין פונט צוקער אָדער גאָר אַ „היטל" צוקער, איז קיינער צו אים ניט געגאַנגען. דאָס וואָלט געהייסן גיין קויפן ביי דער גאַנז האָבער.

געווען ביי אונז נאָך אַ צווייטער זעלטענער קרעמער. אהרון יאָסל גער־שונאָוו (זעליקס אַ ברודער). דער דאָזיקער אהרון יאָסל איז געווען אַ מין „גאָט אי טשאָוועס" אין מיניאַטור. אַז מען איז אַריינגעגאַנגען צו אהרון יאָסלען איז ניט געווען קיין זאַך וואָס איר זאָלט ביי אים ניט קאָנען קריגן. צוקער און ציצית, טראָן צו די שטיוול און להבדל אַ מחזור לראש השנה.

ראַזשינקעס אויף ווײַן און קיט צו די פענצטער. מיט איין וואָרט — דאָס וואָרט „נײַן", „נישטאָ" — האָט פאַר אהרון יאַסלען נישט עקזיסטירט.

געאַרבעט האָבן ביי אים אין קלייט אפשר צען מענטשן, אָבער ער אליין האָט געאַרבעט פאַר צען. און ווי פאַררעשט ער איז געווען, האָט ער אויך געמאַכט דעם גרעסטן חשבון אויפן קאָפּ און קיינמאָל קיין טעות ניט געהאַט. און מערקווירדיק, ער פלעגט אין איין און דער זעלבער צייט, אַטענ־דירן דריי פיר קונים מיטאַמאָל (די קלייט איז שטענדיק געווען פול מיט קונים) און אין מיטנדערינען, אַרויסנעמען אַ קעלישיקל בראַנפן, אַ פּאַטש טון אין דער דאָלאָניע, איז דער קאָרעק אַרויס אין דער לופטן, האָט גע־דויערט אַ מינוט, פלעגט ער גלייך פון קעלישיקל עס אויסזופן, אָפּגעווישט מיטן פאַרשמאָלצעוועטן אַרבל די ליפּן און ווייטער אַטענדירן די קליענטעלע.

און פּרנסה?

ער, אהרון יאַסל גערשונאָוו איז אפשר געווען דער איינציקער אין טעפּ־ליק וואָס „האָט געשאַרט מיט לאָפּעטעס"! אַזאַ שפע ווי ביי אים איז געווען, איז ביי קיינעם ניט געווען. ער, אהרון יאַסל, איז געווען דער איינציקער קרעמער וואָס האָט ניט אַרויסגעקוקט אויפן מאַרק־טאָג, האָט ניט געוואָרט אַז דער פּויער און די פּויערטע זאָלן קומען אַריינרוקן דעם פינגער אין פּעסל הערינג און דערביוועען עט־עט הינטן אַ הערינג מיט אַ גראָבן רוקן, און אויב מען האָט זיך פאַרקוקט האָט די גויע אַריינגערוקט דעם הערינג אין „פּאַ־זעכע". צו אים, צו אהרון יאַסלען, זיינען בכלל קיין גויים נישט געקומען קויפן. ער האָט אויסשליסלעך געלייזט פון אידן און בלויז פון אידן.

און צײַלנדיק אויף די פינגער די טעפּליקער קרעמער וואָס האָבן גע־האָט פּרנסה ברווח און וואָס האָבן געלעבט „גביריש", מיט אַן אייגן שיין הויז און... עטלעכע ביימער מיט אַ גאָרטן פון פאָרנט, דאַרף מען ניט פאַר־געסן צו דערמאָנען אונזער גביר נחמן לאַדיזשינסקי, אַ איד פון אַ זשע־ליאַזנע געשעפט, אַ בעל הבית אדיר מיט אַ מזרח־שטאָט אין בראַסלאָווער קלויז. דער דאָזיקער לאַדיזשינסקי האָט אָבער געהאַט אַ פאַרשטערט לעבן ביי אונז אין טעפּליק. ער האָט געהאַט לייבלעכע קרובים, טאַקע אין טעפּליק גופא. וואָס זיינען ניט געווען אַזוי איי־איי־איי! וואָס ביי זיי — מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס, איז נאָך געווען אַן ענין פון פאַר מתן תורה... און איינעם פון זיי האָט מען טאַקע געמשפּט פאַר רויב און מאָרד און... אויפגעהאַנגען.

ער, נחמן לאַדיזשינסקי אַליין, האָט אויך געהאַט דאָס אמתע פּעקל אויף זיך — אָבער וועגן דעם, אויף אַ צווייטן פּלאַץ.

די איבעריקע „באַקאַליינע, גאַלאַנטעריינע און מאַנופאַקטורניע מאַגאַ־זינען", לויט ווי אויף דער טאַבליצע האָט זיך געשריבן, האָבן זיך נעבעך געמוטשעט אויף דער פּרנסה, זיינען גוט אויסגעריסן געוואָרן ביז זיי האָבן דערלעבט דעם... פּרייטיק צו נאַכטס צו קאָנען פאַרמאַכן דאָס „געשעפט" און געניסן פון עונג שבת.

איין גליק האָבן די טעפּליקער קרעמער געהאַט. זיי האָבן ניט געוואוסט פון קיין... פּאַגראַמען, טשעקן און וועקסעלן. זיי האָבן ניט געוואוסט ווען „די באַנק איז אָפן" און זיי האָבן בכלל קיין באַנק אין די אויגן ניט געזען. אמת, געווען אין טעפּליק א „ליי און שפּאָר קאַסע", „סודנאָ־סבע־רעגאַטעלנאַיאַ קאַסאַ", וואו מען האָט גענומען א גמילת חסד אויף אויסצו־צאָלן א פּערציקער א וואָך אָדער א קערבל א חודש. אָבער, אויף וויפל איך געדענק האָט די דאָזיקע „פינאַנץ אינסטיטוציע" קיינמאָל קיין קיעברא אויף קיין אידן ניט געבעטן און אויך... קיינמאָל קיין „צוועקעס" ניט געהאַט.

בכלל איז אין טעפּליק ניט געווען פּאָפּולער דער מנהג „אויף באָרג", אויף אויסצוצאָלן. די אידן צווישן זיך, די קרעמער מיט קרעמער, האָבן גע־האַנדלט אויף מזומן. דאָס גאַנצע קלייטל פון טעפּליקער קרעמער האָט באַ־טראָפן צוויי אָדער העכסטנס דריי הונדערט קאַרבן, איז דאָס געווען אינ־גאַנצן זיינס, ער איז דערויף ניט געווען שולדיק קיין גראָשן. שולדיק, גע־באָרגט און געהאַנדלט אויף קרעדיט, האָבן די „גרויסע", די „העכט", די הורטאָווניקעס, און להבדיל — די פּאָר פּראָצענטניקעס וואָס מיר האָבן פאַר־מאָגט. זיי, אָט די לעצטע, האָבן א חוץ א גוטן משכון ווי די זילבערנע לעפל, דעם גאָלדענעם זייגער, אָדער דעם „טכוירענעם טוליפּ", גענומען א וועקסעלע אויך...

און איידער איך פאַרענדיק מיט די טעפּליקער קרעמער, וויל איך אונ־טערשטרייכן נאָך א „גליק" וואָס זיי האָבן געהאַט. זיי האָבן ניט געוואוסט ווען... עס איז דער ערשטער! ווען מען דאַרף צאָלן דירה געלט. דאָס קלייטל איז געווען אַן אייגנס, און אויב ניט קיין אייגנס, האָט מען עס געדונגען און געצאָלט דירה געלט אויפן יאָר. און אַז מען האָט ניט געצאָלט צו דער צייט, איז אויך געווען א קליינער אומגליק, מען האָט שוין אָפּגענומען אין קלייטל...

וואָס, וואָס, רואיקער האָבן די טעפּליקער קרעמער זיכער געלעבט ווי די אַמעריקאַנער אידן וואָס פאָרן מיט קאַטשן און וואָס לויפן אין די באָד־פּלעצער. רואיקער האָבן אויך געלעבט די טעפּליקער אידענעס, כאָטש דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן געהאָלפן דעם מאַן אין קלייט. און ניט נאָר

געהאַלפן, נאָר געווען די גאַנצע סוחרטע און אָפּט, אָפּט, די איינציקע ברויט־געבערן, ווייל דער מאַן איז געווען אַ שטיק כניאָק און איז געלעגן אין בית מדרש ביי דער הרובע אָדער גאָר אין מאַרק ביי אַ רעדל אידן, אַזעלכע לייד־דיקגייער ווי ער, און גערעדט פון „פּאָליטיקע"...

טעפּליק האָט אויך פאַרמאָגט אַ „פּראָלעטאַריאַט". אמת, זיי, די שנייד־דער־יונגען און שניידער־מיידלעך, די סטאָליאַר־חברה און קצבים־יאַטן, האָבן ניט געוואוסט און אפילו קיינמאָל ניט געהערט דאָס וואָרט „פּראָלעטאַ־ריאַט". זיי האָבן זיך גערופן „ראַבאָטשי נאַראָד" און זיינען געווען זייער קריגעריש געשטימט. זיי האָבן פאַרלאַנגט ניט מער און ניט ווייניקער ווי... אַראָפּוואַרפן דעם צאַר! דאָלאָי ניקאָלאַי! איז געווען זייער לאָזונג.

פלעגט זיך אָט דער ראַבאָטשי נאַראָד צונויפזאַמלען פרייטיק צו נאַכטס אָדער שבת פאַרנאַכט ערגעץ אין אַ זייטיק שטיבל אָדער גאָר אין וועלדל נעבן פוילישן קאָסטיאָל, און דאָרט מאַכן די רעוואָלוציע, זינגענדיק רעוואָ־לוציאָנערע לידער און סטראַשענדיק מיטן פויסט דעם... וואָלאָסטנאָי סאָצקי און אפילו דעם סטאַראָסטאַ אויך.

דער דאָזיקער ראַבאָטשי נאַראָד, אינגלעך און מיידלעך, די גרעסטע טייל עלטערע מיידלעך האָבן זייער שווער געאַרבעט אויף דער „קאָלקע", אויף דער ניי־מאַשין, אָדער גאָר אין דער איינציקער „אמתער" פאַבריק וואָס טעפּליק האָט פאַרמאָגט — פון שטרויענע „קאָלפּאַקעס צו פלעשער". זייער אַרבעט איז געווען פון 12 ביז 14 שעה אַ טאָג. וועגן אַן אַכט שעהדיקן אַר־בעטס־טאָג האָט מען נאָך אין טעפּליק קיין האַנונג ניט געהאַט. און ווער ווייסט צי טעפּליקער „פּראָלעטאַריאַט" וואָלט גאָר געווען אַקצעפּטירט אַזאַ גזרה ווי 8 שעה אַרבעט! ווייל ערשטנס, האָט מען געאַרבעט פון שטיק און צווייטנס וואָס וועט מען טון מיט די איבעריקע שעה פון טאָג?...

און אַזוי ווי פאַרדינען האָט מען דאָך געדאַרפט אַ סך, ערשטנס, העלפן אויסהאַלטן די שטוב און טאַקע אַריינברענגען אויף שבת (אַלץ אויף שבת!), צווייטנס האָט מען געדאַרפט אַ ניי ציצן קליידל, אַ פּאָר שטיוועליעטן אויף יום־טוב און דער עיקר — אַ פּאָר פליטקע גאַלאָשן. אָט וועגן די גאַלאָשן „טרעאוגאָלניק" האָבן געחלומט חדר אינגלעך, כלה מיידלעך און חתן בחור־רים. איבערהויפּט, אָבער, האָט דער „ראַבאָטשי נאַראָד" געחלומט צו טראָגן גאַלאָשן, פונקט ווי עס טראָגט סאָראַ קושניר, אסתר מוטשניק אָדער חנה שפּילבאַנד. פלעגט מען טאַקע צואַרבעטן נאָך אַ שעה אין טאָג, נאָך אַ שעה פאַרטאָג, אָפּשפּאָרן די נויטיקע דריי קערבלעך און זיך פאַרזאָרגן מיט אַ פּאָר גאַלאָשן. און ווי גליקלעך זיינען זיי געווען אָט די חברה יונגען און

מיידן, ווען אויף זייער מזל האָט אביסל געריגנט און — כאָטש עס איז שוין געווען טרוקן — האָבן זיי זיך באוויזן מיט די גאַלאָשן אויפן שבתדיקן שפּאַציר.

:: :: ::

מיין בילדל און זכרונות וועגן טעפּליקער „ראַבאָטשי נאַראָד" וואָלט ניט געווען דערגענצט, ווען איך שטרייך ניט אונטער אַן אינטערעסאַנטן פאַקט.

לויט קאַרל מאַרקס תורה, דאַרף דער ראַבאָטשי נאַרדאָ (פּראָלעטאַריאַט בלע"ז) זיין צווישן זיך אייניק, און לכל הפּחות, ביי זיך אַליין, ניט איינטיילן אין „העכערע" און „נידעריקע" קלאַסן. טעפּליקער פּראָלעטאַריער האָבן גאָר־ניט געוואוסט אפילו אַז עס איז פאַראַן אַ קאַרל מאַרקס, זיי האָבן זיך געהאַט זייער אייגענעם געזעץ, און דערפאַר טאַקע איז דער טעפּליקער ראַבאָטשי נאַראָד געווען איינגעטיילט אין „אינטעליגענטע" אַרבעטער ווי למשל „פּרי־קאַשטשיקעס" (עמפּלעאַדאָס), זייגערמאַכער, שלאָסערס, „דרוקער" (גאַנצע דריי אַרבעטער) א. אַ. וו. דאָס איז געווען איין קלאַס ראַבאָטשי. דער צוויי־טער קלאַס איז געווען, שניידער, סטאָליאַרעס, פּעלצנמאַכער, היטלמאַכער און ענלעכע, וואָס האָבן געפירט אַ באַזונדער פּראָלעטאַרסקי לעבן און די דריטע, די עט־עט „נידעריקע ראַסע" ווי למשל, קצבים־יונגען, בעל עגלות יאַטן, קאַוואַליעס, וואָס האָבן געמאַכט שבת באַזונדער. אַלע דריי גרופּעס אַרבעטער האָבן צווישן זיך קיין באַציאונגען ניט געהאַט, און כאָטש מען איז געבוירן געוואָרן אין איין פּלאַץ, געגאַנגען צוזאַמען אין חדר, און צו־זאַמען געוואַקסן, דאָך, ווען מען איז שוין געוואָרן גרויס, אַזוי אַ 18־20־יאָ־ריקע און מען האָט זיך געטראָפן שפּאַצירן שבת אין גאַס, האָט מען זיך ניט געגריסט, גלייך... ווי מען קאָן זיך גאָרניט אָדער מען זעט זיך צום ערשטן מאָל...

ווען עס איז אָבער געקומען צו אַן עת צרה, ווען מען האָט זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם (אין די יאָרן פון 1905־1907), דאַן זיינען די קצבים יאַטן, געווען די חשובסטע חברים. מען האָט געוואוסט, אַז ווען זיי דיזשורעווען ביינאַכט — מעג מען שלאָפן רואיק.

:: :: ::

די אייגנטלעכע טעמע פון אָט דעם קאַפּיטל איז געווען אַרויסצוברענגען:

— פון וואָס האָבן געלעבט טעפּליקער אידן? איך האָב אָבער אַבזיכט־לעך זיך אָפּגעשטעלט ניט נאָר צו באַשרייבן זייערע פּרנסות וועלכע זיינען

געוועז אזוי מאָגער, נאָר איך האָב געוואָלט ארויסברענגען זייער לעבן בכלל, בעסער געזאָגט, אונטערשטרייכן אז:

כאָטש טעפּליקער אידן האָבן געלעבט אין דחקות, דאָך האָבן זיי געלעבט אַ לאַנג, געזונט, רואיק לעבן. אַ לעבן אָן דאגות. און די גרעסטע דאגה איז געווען:

— וואו נעמט מען אויף שבת?

און — האָט מען שוין געהאַט אויף שבת — איז אַוועק די דאגה, איז געווען ליכטיק אין שטוב, אין יעדער ווינקעלע. האָט מען שוין געבראַכט אַן אורח אויף שבת און געזונגען זמירות, אז די טענער געדענקען מיר שוין צענדליקער יאָרן.

טעפּליקער אידן האָבן קיין פּרנסה ניט געהאַט, אָבער — זיי האָבן געהאַט אַ רואיק זיס לעבן און... ניט גרוי געוואָרן צו פערציק יאָר...

קאפיטל דריי

# טעפליקער בתי־מדרשים, רבנים, שוחטים און כלי־קודש

טעפליקער „כלי קודש". — טעפליקער רבנים וואס האבן געשפילט א גרויסע ראל אין גאנצן געגנט. — אורילע דיין. יעקב מאיר דער רב, א איד א חלוש, א שטילער, א פראטאטיפ פון רבי יוזעפ־לען. פישל דער רב, א מאדערנער איד א ציוניסט. מען מאכט אויף אים א בילבול און ער באקומט דעם טשין פון „קאזיאנע ראבינער". — זיין קאמף מיטן מאנאסטרישטשער רבין. — שמשון אהרן דער רב, א איד א משכיל וואס חלומט וועגן א אידישער מלוכה אין ארץ ישראל. — זיין טבויירענער „טילעב". ער „העלפט" די טעפליקער אידן אויף פסח. — די רבנישע קינדער — אסתר מוטשניק און מרים מיז. — טעפליקער שוחטים — ראובן בעל טאקסע. — די „חזקה". — גרשון שוחט צו וועמען די טעפליקער אינגלעך פלעגן לויפן קוילען עופות. — בעני שוחט. — חיים אהרן שוחט וואס איז אויך א זייגערמאכער... — טעפליקער בתי מדרשים. — די גרויסע שיל וואו זומער איז מען צעשמאלצן געווארן און ווינטער פארפרוירן געווארן.—דער „פאליש", דאס פלאץ וואו מען דאוונט ניט. — דאס פלאץ ארום דער שיל. — דער שטאטישער בית הכסא... דער ארון קודש און דער „באלעמער". — א מסירה און די שיל ווערט פארחתמעט. — דער בית המדרש. — די בערשאדער קלויז. די בראצלאווער קלויז. — משה מאטיעס קלויז. — שמואל אהרנס שילכל. — דאס טאבליטשקעלע „היט די קעשענע". — טעפליקער שמשים: אהרן יאסל מיט דער גולי אויפן קאפ, דניאל זיין „פא־מאטשניק".

איך וואלט ניט געוואלט אז מען זאל מיך חושד זיין אז איך וויל מיין שטעטעלע, מיין טעפליק, דערהויבן מער ווי אנדערע שטעטלעך פון אונזער אמאליקער, ליבער, אלטער היים, און דערפאר וועלן אפשר זיין איבער־טריבן מיין באהויפטונגען, אז אונזערע טעפליקער קלעזמער, צי מלמדים, און דערהויפט רבנים האבן געהאט א שם אויפן געגנט.

דער אמת איז אבער פארט אזוי.

איך געדענקט, אַלס קינד און אַלס שכן און קרוב פון אַ רב, פלעג איך איבערליגן ביים רב אין שטוב מיין גאַנצע פרייע צייט פון חדר און זיך צו־הערן צו די „דין־תורהס" וואָס פלעגן פאָרקומען ביים רב אין שטוב. די גרעס־טע טייל פלעגן קומען פון אַרומיקע און אַפּילו ווייטע שטעטלעך. נאָך יעדער דין־תורה פלעגט מען קאָמענטירן אין קלויז דעם פסק דין און איך פלעג הערן ווי מען פלעגט אונטערשטרייכן, אַז אונזערע רבנים האָבן אַ גרויסן שם אינעם גאַנצן געגנט.

איידער איך קום צו צו די רבנים, וויל איך דערמאָנען אַ אידן וואָס איז ניט געווען קיין רב אָבער אויטאָריטעט האָט ער געהאַט מער ווי אַ רב. אורעלע דיין האָט ער געהייסן. איך געדענק אים פאַר אַן אַלטן אידן, קרוב צו אַ בן שמונים, זיין שטוב איז שטענדיק געווען פול מיט אידן בני תורה, אידן וואָס זיינען געקומען זיך לאָדן און פאַרלאָזן אויף אים. ער האָט גע־וואוינט אין אַן ענגער וואוינונג, אין אָרימקייט און אפשר אין נויט, און דאָך פלעגט ער ניט נעמען קיין פסק געלט און געלעבט פון דעם וואָס ראובן בעל טאַקסע האָט אים געצאָלט אַ קערבל מיט 20 קאָפּיקעס אַ וואָך.

דעם ערשטן רב וואָס איך געדענק ביי אונז איז געווען יעקב מאיר דער רב. אַ הויכער איד, אַ חלוש, אַ שטילער און רואיקער איד, פלעגט ער זיצן אַ גאַנצן טאָג איבער דער גמרא און נאָר מפסיק געווען ווען ער איז נעגאַנגען אין שיל אַריין דאַווענען, ווען ער האָט געדאַרפט עפּעס „נעמען אין מויל אַריין" אָדער פסקענען אַ שאלה. ס'פלעגט אויך טרעפן, אַז מען איז געקומען צו אים מיט אַ גט. ער פלעגט אָבער זעלטן געבן דעם גט. ער האָט אַזויפיל מאָל גערעדט און איבערגערעדט דאָס פּאָר־פאָלק ביז — אָדער עס איז זיי נמאס געוואָרן און זיי זיינען אַוועק צו אַ צווייטן רב, אָדער ער האָט זיי קאָנווענסירט (איבערצייגט) און זיי האָבן געמאַכט שלום צווישן זיך.

געלעבט האָט דער רב פון די צוויי קערבלעך אַ וואָך וואָס ראובן בעל טאַקסע האָט געצאָלט און מרים די רביצין (געשטאָרבן אין אַרגענטינע אין יאָר 1926) פלעגט, פאַרשטייט זיך, קוים קוים אויסקומען מיט דער הכנסה און הוצאות. בפרט נאָך, ווען מען פלעגט קומען צום רב נאָך אַן עצה ווענן אַ מסחר אָדער שידוך, האָט מען געדאַרפט מכבד זיין מיט אַ גלאָז טיי מיט איינגעמאַכטס און אַ קיכעלע אויך. זי פלעגט זיך קלאָגן פאַרוואָס ער טרייבט אַרויס די פּאָר־פאָלקן וואָס קומען זיך גטן. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. ער פלעגט בעסער ליידן הונגער און ניט צעשיידן קיין פּאָר־פאָלק.

אין יענער צייט (מער ווייניקער אין יאָר 1908), איז קיין טעפּליק

**אַראָפּגעקומען אַ יונגער סימפּאַטישער רב, אַ איד אַ חובב ציון און משכיל. הרב פישל מ״ץ ע״ה.**

ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך ביי אַזאַ פאַל, ווערט דאָס שטעטל צעטיילט אין צוויי לאַגערן. איין לאַגער איז פאַר איין רב און דער צווייטער — פאַרן צווייטן רב. אויך טעפּליק איז ניט געווען קיין אויסנאַם. אָבערביידע רבנישע צדדים האָבן זיך פאַרהאַלטן זייער טאָלעראַנט איינער צום צווייטן. ניט געפירט קיין מחלוקתן און אַפילו געלעבט בשלום צווישן זיך.

דאָך האָט פישל דער רב געהאַט אַ פּאָר גרויסע שונאים וועלכע זיינען אים שטאַרק דערגאַנגען די יאָרן און פאַרביטערט די טעג. דער גרעסטער שונא זיינער איז געווען דער מאָנאַסרישטשער רבי און זיינע חסידים אין טעפּליק. עפּעס אין אַ געוויסער צייט האָט ערגעץ פישל דער רב זיך אַרויסגעזאָגט קעגן די נסים ונפלאות פון מאָנאַסטרישטשער רבין. דאָס איז באַלד אָפּגעטראָגן געוואָרן צום אויבנדערמאָנטן רבין, וועלכער האָט אים אָנגעהויבן צו רודפן עד חרמה.

די טעפּליקער חסידים פון מאָנאַסטרישטשער רבין האָבן גענומען צו הילף דעם באַוואוסטן טעפּליקער מסור יהודה לייב מאָזעס און אין אַ שיינעם טאָג איז אַוועק אַ מסירה „אַהין וואוהין מען דאַרף״, אַז פישל דער רב נעמט צונויף קאָפּיקעס ביים קוילען די עופות און שיקט קיין יאַפּאַן (דעמאָלט איז געווען די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה) צו העלפן שלאָגן דעם צאַר.

אין מיטן דער נאַכט איז געקומען אַ זשאַנדאַרמעריע פון גייסין, געמאַכט אַן איבערפאַל אויפן רבס הויז און אַוועקגעפירט דעם רב מיט 10 קאַסטנס „דאָקומענטן״ וואָס זיינען באַשטאַנען פון... ספרים, שמות, חומשים און כתבי־יד (מאַנוסקריפּן) וואָס פישל דער רב פלעגט שרייבן און באַקומען פון באַרימטע רבנים.

אַזוי ווי עס האָט זיך געהאַנדלט אין מלחמה־צייט האָט דער ענין געקאָנט באַקומען אַ שנעלן סוף מיט דער... צעשיסונג פונעם רב. עס האָבן זיך אָבער באַלד אַריינגעמישט די גרעסטע בעלי־בתים פון שטעטל, וועלכע האָבן זיך דערקלערט ערבים, אַז אויב מען וועט אויסגעפינען דעם רב שולדיק, שטעלן זיי אים צו צו דער מאַכט.

מען האָט אָנגענומען דאָס ערבות און באַפרייט דעם רב. די דאָקומענטן זיינען אַוועק קיין פּעטערבורג צום דאָרטיקן צענזאָר און אין זעקס חדשים אַרום איז אָנגעקומען אַן ענטפער: אומשולדיק און אַלס באַלוינונג פאַרן שרעק און באַליידיקונג — דער טשין „קאַזיאָנע ראַבינער״, אַן אַמט וואָס פישל דער רב האָט קיינמאָל ניט אויסגענוצט.

פישל דער רב איז געווען דער ערשטער וואָס אָנגעהויבן העפטיק צו פאַרשפּרייטן אין טעפּליק די אידייע פון מאָדערנעם שיבת־ציון. ער פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט רעדן אין קלויז וועגן ציון און וועגן ציוניזם.

אין יאָר 1912 פאָרט ער אַרויס קיין אומאַן וואו ער פאַרנעמט דעם אַמט פון דאָרטיקן רב הכולל. זיין שטוב אויף קאָמערטשעסקי גאַס ווערט דער צענטער פון אידישן רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אומאַן. עס קומט אָן די רעוואָלוציע און עס קומט אים אויס שטאַרק צו קעמפן מיט די יעווסעקן. ער שטאַרבט עלנט. פון זיין גרויסער פאַמיליע בלייבט ביי זיין טויטן בעט בלויז זיין געטרייע פרוי.

דער דריטער רב וועלכן איך געדענק אין טעפּליק האָט געשפּילט די וויכטיקסטע ראָל אינעם לעבן פון טעפּליקער אידן, ווייל אים איז אויסגעקומען צו אַקטואירן אין יענע יאָרן ווען טעפּליק האָט אויפגעהערט צו לעבן נאָרמאַל און זיך באַהאַלטן אין די קעלערס און אויף די בוידעמער — אין די פּאָגראָם־יאָרן. דער דאָזיקער רב האָט געהייסן שמשון אהרון.

שמשון אהרון דער רב איז געקומען קיין טעפּליק אַ פּאָר יאָר נאָכדעם ווי פישל דער רב האָט פאַרלאָזט דאָרט זיין כסא הרבנות. אין ענין „וועלט־לעכקייט" איז שמון אהרון געווען אַ מאָדערנער רב. אַ קלוגער ביז גאָר, האָט ער זיין כסא הרבנות פאַרוואַנדלט אין אַ פּלאַץ וואו אידן פלעגן קומען וועגן מסחר און אפילו אריינגענומען דעם רב אַלס שותף.

טעפּליקער גבירים פלעגן פון אים קיין גרויס נחת ניט האָבן, ער פלעגט כמעט אַלע שבת רעדן אין בית המדרש און שטראָפן און מוסרן די גבירים.

איינמאָל, אין אַן ערב פסח, נאָך אַ ביטערן שלעכטן ווינטער וואָס האָט צוגענומען אַ סך פּרנסה ביי אידן, איז ער אַרויס מיט אַ דרשה, אַז די גבי־רים זאָלן געבן אַ סך מעות חטים, ווייל די נויט איז זייער גרויס.

נאָך דער דרשה קומט ער אהיים אַ פריילעכער און צופרידענער. ער דערציילט זיין פרוי, אַז ער האָט געפאָדערט געלט אויף מעות חטים און ער האָט שוין כמעט געפועלט, אַלנפאַלס — העכער האַלב געפועלט! ער האָט געפועלט, אַז די קבצנים זאָלן נעמען. איצט פעלט נאָך, אַז די גבירים זאָלן געבן...

שמשון אהרון איז געווען אין טעפּליק געהויכט און געקרוינט, כאָטש ער האָט געהאַט אויף זיך אַ קליינינקן „פלעק".

דעם פלעק האָט ער באַקומען צוליב „שלמהלע ביק" וועלכער איז נעבעך געווען אַ גרויסער עם־הארץ. האָט זיך שלמהן געוואָלט פאַר־

שרייבן אין דער „חברה משניות". אזוי ווי אָבער ער האָט ניט געקאָנט „פּערדלען" (ער האָט אַליין אזוי געזאָגט אויף זיך, מיינענדיק מיט דעם, דאָס ניט קענען קיין עברי...). האָט ער אָפּגערעדט מיט שמשון אהרון דעם רב, אַז ער זאָל אים אויסלערנען „די תורה" וואָס מען דאַרף האָבן, זיך צו פאַרשרייבן אין דער חברה משניות, דערפאַר האָט ער אים געמאַכט אַ... טכוירענעם „טילעב" (פּאַלטאָ).

ווען שמשון אהרון דער רב פלעגט זיך ווינטער באַווייזן מיטן טכוי־רענעם טילעב פלעגט מען זיך וויצלען, אַז ביז שלמהלע ביק וועט קאָנען דעם גאַנצן אלף־בית (וואָס דער רב לערנט אים), וועלן די האָר פון טילעב אויס־קריכן און ביז ער וועט קאָנען משניות וועט שוין אויף דער וועלט קיין ווינ־טער ניט זיין.

אין אַלגעמיין האָט די געשיכטע מיט דעם טכוירענעם טילעב געמאַכט זייער אַ שלעכטן איינדרוק אין טעפּליק.

אין דער צייט פון די פּאָגראָמען, איז שמשון אהרון דער רב געווען דער ערשטער איינשטעלן דאָס לעבן און גיין צו די באַנדיטן און מיט זיי פאַרהאַנדלען וועגן פּרייז פון אָפּשטעלן די פּאָגראָמען. ער האָט געקוקט דעם טויט אין די אויגן און טאַקע אַ סך אָפּגעראַטעוועט, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט ראַטעווען.

פאַרענדיקנדיק מיטן קאַפּיטל טעפּליקער רבנים, ווילן מיר, לשבח, דער־מאָנען די רבנישע קינדער, וועלכע זיינען געווען אַ מוסטער פון פיינקייט און אויפּפירעכץ פון טעפּליקער יוגנט, כאָטש קיינער פון זיי איז ניט גע־גאַנגען אין פּאָטערס וועגן צו לערנען אויף רב.

:: :: ::

יעקב מאיר דער רב האָט געהאַט דריי קינדער. אַלטער, יענטע און אסתר. (די לעצטע איז געווען ניט קיין אייגן קינד, נאָר דער צווייטער פרויס זיינערס, וועלכע איז אָבער דערצויגן געוואָרן ביי אים פון קינדווייז אָן).

אַלטער האָט אָנשטאָט צו דער גמרא זיך גענומען צו וועלטלעכע למו־דים, געוואָרן מיט דער צייט אַ מין פּראָשעניע־שרייבער און כמו אדוואָקאַט. זיין „קעפּל" און זיין טאַלאַנט ביים שרייבן פּראָשעניעס ראַטעווען אָפּ אַ סך טעפּליקער אידן פון אַ סך צרות און ליידעניש. ער האָט חתונה קיין טער־ניוווקע און דערנאָך עמיגרירט ער קיין אַמעריקע. זיין טאָכטער יענטע איז איינע פון די קלוגסטע און פרומסטע אידישע טעכטער. קאָן אין די קליינע אותיותלעך און מען פלעגט אויף איר זאָגן, אַז זי קאָן פּסקנען אַ שאלה.

דאָס דריטע קינד איז אסתר, באַקאַנט אין טעפּליק אַלס אסתר מוטש־

ניק, וועלכע לערנט עקסטערנע אין דער היים און ענדיקט די 8 קלאַסן גימ־נאַזיע. אסתר מושניק געפינט זיך איצט אין אַרגענטינע. עס קומט אונז אויס צו דאַוונען ראש השנה אין איין שיל, און ווען איך זע זי איצט, שוין אַ גרויע פרוי שטיין מיטן סידור אין דער האַנט און געשמאַק זאָגן „פּיוט" און אַרום איר שטייען נאָך פרויען און קוקן אַראָפּ צום חזן, טראַכט איך:

ווען אַט יענע פרויען זאָלן אויך געווען האָבן יעקב מאיר דעם רב פאַר אַ טאַטן, וואָלטן זיי אויך געקאָנט „זאָגן" און אויך געוואוסט וואָס זיי זאָגן...

:: :: ::

פון פישל דעם רבס קינדער איז מיר געבליבן אין זכרון זיין טאָכטער מרים מ"ע. די איבעריקע קינדער, אַלע אינגלעך, זיינען זיך צעפאָרן יונגער־הייט, ווער קיין ארץ ישראל, ווער קיין טיף רוסלאַנד אַזש ביז מאָסקווע. מרים איז געבליבן מיטן פאָטער ביזן יאָר 1920. זי איז געווען איינע פון די בעסטע העברעערינס און אין דער זעלבער צייט געלערנט אין גימנאַזיע. פאַר די טעפּליקער קינדער און שפּעטער פאַר דער יוגנט פון אומאַן, וואוהין פישל דער רב האָט זיך אַרויסגעצויגן, איז געווען אַ גרויסער כבוד, אַז מרים מ"ע איז זיך מיט זיי צונויפגעקומען, זיך מיט זיי געחברט אָדער געענטפערט אויפן גוט־מאָרגן.

אין די יאָרן פון אימיגראַציע (1920) פאָרט אַוועק מרים מ"ע קיין ארץ ישראל אַלס חלוצה, באַקאָנט זיך דאָרט מיט אַן אַרגענטינער לעגיאָנער, אַ זון פון היגע קאָלאָניסטן, טוביה ווייסענבערג, האָבן חתונה און קומען קיין אַרגענטינע באַאַרבעטן די ערד. אין די שלעכטע יאָרן פון 1929, פאַרקויפן זיי זייער חלק ערד אין מאָזעסוויל, קלייבן זיך אַרויס קיין קאָרדאָבאַ, וואו זיי וואוינען דאָרט.

פאַרן שרייבן דאָס קאַפּיטל, בין איך ספּעציעל געפאָרן קיין קאָרדאָבאַ זיך זען מיט פישל דעם רבס טאָכטער, מיט מרים מ"ע. איך האָב יענע מרים מ"ע ניט געטראָפן. איך האָב געטראָפן אַ פרוי אַ פאַרהאָרעוועטע און פאַר־דאגהטע פון טאָג־טעגלעכער פרנסה. דערפאַר אָבער האָב איך געטראָפן פישל דעם רבס אייניקלעך, אויך מיידלעך, און איך האָב במחשבה, ביי זיך געפּועלט, אַז ווען פישל דער רב שטייט אויף פון זיין קבר וואָלט ער זיך מיט אַזעלכע אייניקלעך ניט געשעמט...

שמשון אהרון דער רב האָט געהאַט אַ זון, טאַקע אין מיינע יאָרן און חברים זיינען מיר געווען. חיים האָט ער געהייסן. אַ געראָטענער בחור און מיט אַלע מעלות. טעפּליק איז אָבער געווען ניט פאַר אים. ער האָט זיך גע־ריסן אין דער וועלט אַריין. פריער איז ער אַוועק קיין אָדעס, געענדיקט די

גימנאַזיע און דערנאָך האָבן מיר געהאַט גרוסן, אַז ער איז אין אַמעריקע און ער איז אַ גרויסער אינזשעניער.

:: :: ::

נאָך די טעפּליקער רבנים, פאַרנעמען די שוחטים דעם צווייטן פּלאַץ פון די כלי קודש.

שוחטים האָט טעפּליק פאַרמאָגט פיר און אַלע פיר זיינען געווען גרויסע קבצנים, גרויסע דלפנים און געלעבט פון דעם קצבה־געלט וואָס ראובן דער בעל טאַקסע האָט זיי געצאָלט. ווען מען האָט געדאַרפט קוילען אַן עוף איז מען פריער אַוועקגעגאַנגען צו ראובן בעל טאַקסע און ביי אים גענומען אַ קוויטל פאַר צוויי קאָפּיקעס און מיטן קוויטל איז מען אַוועק צום שוחט. דער שוחט פלעגט פריער נעמען דאָס קוויטל, עס צערייסן אויף צווייען, דערנאָך האָט ער גענומען דאָס עוף און געקוילעט. „ארבעט" פלעגן די שוחטים האָבן בלויז אינדערפרי, אַ חוץ דאָנערשטיק האָבן זיי געשאָכטן בייטאָג און ביז שפּעט אין דער נאַכט.

געווען ביי אונז אַן אַלטער שוחט, גרשון האָט ער געהייסן. פלעגן מיר יונגוואַרג לויפן צו אים קוילען דאָס עוף. דער דאָזיקער שוחט איז געווען אַ קורצזיכטיקער און ביים קוילען דאָס עוף האָט ער פריער אָנגעטאַפּט מיטן פינגער דאָס העלזל, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל ניט שניידן דעם בויך פון עוף אָדער... זיין אייגענעם פינגער. פאַר אונז יונגוואַרג איז זיין קורצזיכטיקייט געווען אַ גרויסע מעלה. מיר פלעגן זיך אָפּרעדן עטלעכע קינדער און געקומען אַלע מיטאַמאָל קוילען און אַלע מיטאַמאָל האָבן אים געשטופּט די „קוויטלעך". דער סוף איז געווען, אַז צוויי אָדער דריי פון אונז, האָבן אים גאָר אַריינגעשטופּט צעריסענע קוויטלעך וואָס מיר האָבן אויפגעהויבן פון דער ערד און מיט די צווייער קאָפּיקעס פון די קוויטלעך האָבן מיר זיך צעטיילט...

בכלל איז גרשון שוחט געווען אַ האַרציקע נשמה. שטילערהייט, איינשטעלנדיק זיין פּאָזיציע, זיין פרנסה און זיין רעפּוטאַציע, פלעג ער קוילען אָן קוויטל, ווען עס איז געקומען אַן אָרימאַן, וועלכן ער האָט געקאָנט... אָדער פאַר אַ קראַנקער אלמנה וועלכע מען קאָכט אַ יאָכל כדי צו דערקוויקן די נשמה... דער בעל טאַקסע האָט אים אפילו איינמאָל „געכאַפּט ביי דער האַנט" ביי אַזאַ „פאַרברעכן, אָבער ער האָט ניט געקענט דערווייזן ביי אַ בית דין, אַז ער האָט קיין קוויטל ניט גענומען.

די אַנדערע שוחטים זיינען שוין געווען האַרטערע אידן און האָסטו

פאַרלוירן דאָס קוויטל, האָסטו געמעגט וויינען ביז ביינאַכט. אָן קיין קוויטל האָט ער ניט געשחטן.

איינער אַ שוחט, חיים אהרון האָט ער געהייסן, האָט אין דער פרייער צייט זיך צוגעלערנט זייגערמאַכעריי. אַזוי ווי זייגערמאַכעריי איז געווען אַ „פּאַטשאַטנע" פּרנסה האָט עס געפּאַסט פאַר אַ שוחט צו זיין אַזאַ „בעל־מלאכה". אַזוי ווי אָבער ער איז געווען אַ גרויסער שלימזל האָט ער זיך די מלאכה ניט אויסגעלערנט און עס איז אַרומגעגאַנגען אַ וויץ וועגן אים:

— ווען חיים אהרון קוילעט אַ האָן — גייט ער, און ווען ער מאַכט צו־רעכט אַ זייגער — שטייט ער.

און ניט קוקנדיק דערויף וואָס די שוחטים האָבן ניט געהאַט קיין פּרנסה פון זייער „פּראָפעסיע", האָבן זיי זי ניט אוועקגעוואָרפן און זי איבערגעגעבן בירושה צו זייערע קינדער. געהייסן האָט עס „חזקה" (אויף דעם מאָדערנעם לשון וואָלטן מיר עס אָנגערופן „אַנטיגוועדאַד"). צוליב אָט דער חזקה האָט מען זיך געהאַלטן יאָרן און יאָרן מיט אָט דער פּרנסה, גע־שאָכטן טויזנטער עופות און אַליין קיין עוף ניט פאַרזוכט די גאַנצע וואָך, געשאָכטן טויזנטער בהמות און אַליין געגעסן אַ שטיקל לונג און לעבער וואָס דער קצב פלעגט שענקען. און דאָך האָבן זיי זיך געהאַלטן מיט דער „חזקה", ווי מיט אַ ירושה פון גאָט.

דערפאַר אָבער, האָבן די טעפּליקער שוחטים געהאַט אַ סך כבוד. זיך משדך זיין מיט אַ שוחטס אַ זון איז געווען אַן ערן־שידוך און אַ שוחטס אַ טאָכטער האָט מען גענומען און אַ גראָשן נדן בלויז צוליב איר יחוס. עפּעס אַ קלייניקייט אַ שוחטס אַ טאָכטער.

:: :: ::

שילן און בתי מדרשים זיינען אין טעפּליק געווען גאַנצע זיבן. דער אויבנאָן פון די בתי תפילה האָט פאַרנומען די אַלטע גרויסע שיל. וויפל די שיל איז אַלט געווען געדענקט קיינער ניט. איך האָב קינדווייז אַמאָל גע־פרעגט אידן בני תשעים וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין טעפּליק צי זיי געדענקען וויפל די שיל איז אַלט און קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. אייניקע האָבן געזאָגט אַז זיי פלעגן דאָס פרעגן זייערע עלטערן און זיידעס, און קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. די שיל איז געווען געבויט אונטן מיט אַ שטיינערנעם פונדאַמענט ביז האַלבע ווענט און ווייטער אַרויף פון ברעטער. דער דאַך אויך אַ הילצערנער. אַלע יאָר פלעגט מען אַראָפּנעמען פון דעם, אַזוי גערופענעם „סמעטנע" געלט וואָס די מעשטשאַנסקע אופראַווע האָט צונויפגעמאָנט שטייערן ביי די שטאָטישע

אידן און מען האָט צורעכט געמאַכט די שיל און אַלע יאָר איז די שיל גע־שטאַנען אין סכנה איינצופאַלן. דערהויפּט איז געשטאַנען אין סכנה דער „עזרת נשים” פון אויבן. די טרעפּ און די „פּאַרענטשעס” אין דער שיל אַריין זיינען שוין געווען איבערפוילט און ווי אַזוי עס איז ניט געשען קיין אומ־גליק, דערהויפּט אין די טעג פון יום־טוב אָדער ראש השנה און יום כפור — פאַרשטיי איך עס ניט ביז היינט צו טאָג. פּונקט ווי איך פאַרשטיי עס היינט ניט ווי אַזוי האָבן די בעלי הבתים פון דער שול דערלאָזט, אַז פון אַלע דריי זייטן (אַ חוץ פון פראָנט) זאָל די שיל דינען פאַרן שטאָטישן... בית הכסא... איז נאָר צוגעפאַלן גוט די נאַכט איז די שיל געוואָרן דער זיץ פּלאַץ לצורך פאַר צענדליקער אידן וועלכע האָבן געוואוינט אין שכנות און אפילו ווייטער אויך... אינדערפרי איז קיינער ניט געקומען ריין מאַכן. די חזרים פון דאָרף וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט פראַנק און פריי האָבן שוין געזאָרגט דערפון...

די מתפּללים פון דער שיל זיינען געווען פון בעלי־הבתישן גראַד. אמת, עס אונטן, אונטער בעלעמער, זיינען געזעסן די בעלי־מלאכהס אָדער סתם די אָרימע לייט. אַלע מתפּללים פון דער גרויסער שיל האָבן געהאַט אייגענע „שטעט” וואו עס איז בפירוש געשטאַנען אָנגעשריבן „שמואל יוסף בר' יהודה אריה”. (פון קיין פאַמיליע נאָמען האָט מען ניט געהאַלטן). די גרעס־טע טייל אָבער זיינען געווען גלאַט „חזקה שטעט”, אויף וועלכע דער מתפּלל איז שוין געזעסן זייט יאָרן און יאָרן.

אין מיטן שיל איז געשטאַנען דער גרויסער הילצערנער „בעלעמער” און מען האָט געדאַרפט אַרויפגיין פינף טרעפּלעך ביז מען איז צוגעקומען צום טיש אויבן. דאָרט איז געזעסן דער גבאי ראשון דוד קינסקעס, אַ איד אַ ליוועראַנט (פערד־הענדלער), אַ שטיקל „דיקטאַטאָר”, וואָס האָט גע־דאַוונט אין דער הויך און איבערגעזאָגט יעדער וואָרט, יעדער שורה פון דאַווענען צו צוויי און דריי מאָל. ווען עס איז געקומען שמחת תורה, האָט מען ביי אים געשיכורט ביז טאָג, געגעסן פּופּעקלעך און לעבערלעך, זיך געטשעפּעט צו פאַראַסקען די אַלטע דינסט וואָס האָט גערעדט אידיש ווי אַ אידיש קינד און מען האָט דוד קינסקיס ווידער „אויסגעקליבן” אַלס גבאי ראשון! אַזוי איז דאָס געגאַנגען יאָרן און יאָרן. פלעגט קומען דער זומער, פלעגט אַריינרינען אין שיל דורך די צעבראָכענע פענצטער אָדער דאַך און ווינטער איז מען איבערגעפרוירן געוואָרן פון קעלט און דוד קינסקיס האָט גענומען 800 קאַרבן „סמעטנע” געלט צורעכט מאַכן די שיל און געמאַכט אַ שניידערשן חשבון פון געלט און דער דאַך און די שיל איז געבליבן ווי געווען. ביז עס איז געקומען שמחת תורה, האָט מען ווייטער זיך געבאָדן

אין בראָנפּן און מען האָט „אויסגעקליבן" דוד קינסקיס פאַר „גבאי ראשון", און אַזוי זיינען אַוועק יאָרן און יאָרן ביז, ביז דוד קינסקיס צעקריגט זיך מיט יהודה לייב מאַזעס (דער מוסר), יענער גיט אַ שרייב אַריין אַהין וואו־הין מען דאַרף און אין אַ פּרייטיק פּאַרנאַכט קומט מען אַראָפּ פון הייסין און מען פאַרחתמעט די שיל, אַלס געפאַר פאַר די מתפּללימס לעבן...

וואָס יענעם פרייטיק האָט זיך אָפּגעטון אין טעפּליק איז אומעגלעך צו באַשרייבן מיט דער פּען. איך בין ניט זיכער צו די גרעסטע גזירה מצד די רוימער אין די צייטן פון בית שני, האָט געמאַכט אַזאַ רושם אין ירושלים ווי דאָס פאַרמאַכן די שיל אין טעפּליק.

ערשטנס: זיינען טאַקע געבליבן עטלעכע הונדערט אידן, מענער און פרויען, אָן אַ פּלאַץ צום דאַווענען; צווייטנס, האָט מען פלוצים אָנגעהויבן ליב האָבן און פאַרהייליקן אָט די אַלטע שיל, מען האָט אָנגעהויבן דערציילן נסים ונפלאות ווי אַזוי מען האָט אין אַ מגפה צעפּראַלט דעם ארון קודש און אַריינגעשריגן אַהין מיטן גאַנצן כוח, האָט זיך די מגפה אָפּגעשטעלט! דערהויפּט האָבן געבענקט נאָך דער שיל דער יונגערער דור מתפּללים, וועלכע פלעגן די גאַנצע צייט פון דאַווענען, שבת און יום טוב שטיין אין „פּאָליש" און רעדן פון פּאָליטיק. דער „פּאָליש" איז געווען דאָס פּלאַץ, וואו מען האָט געמענגט... ניט דאַווענען. ס'האָבן אויך געבענקט די שלש־סעודות אידן, וועל־כע פלעגן אַלע שבת דאַווענען אין זייטיקן שילכל (טאַקע ביי דער שיל נעבן פּאָליש) און פאַרנאַכט האָט מען דאָרט געגעסן שלוש סעודות, אַ שטיקל פיש מיט כריין און אַ „כאָלאָדעץ" אָדער איינגעהאַקטן לעבער און פאַרטרינקען מיט אַ ביסל משקה, און געזונגען זמירות און זייער „וטהר לבנו" האָט מען געהערט אויף דער גאַנצער שטאָט.

אָבער אַ חוץ דעם בענקעניש איז געוואָרן אַ פּראָבלעם: וואָס וועט מען טון מיט די צוויי אַלטע שמשים. דער שמש ראשון איז געווען אהרון יאָסל שמש, אַ איד מיט אַ גוליע אויפן שטערן (געזאָגט האָט מען, אַז די גוליע איז אַ דעפּאָזיט פון בראָנפּן). דער צווייטער שמש האָט געהייסן דניאל־שמש. ער איז אַריין אין „פּאַך" אַלס לערן־אינגל אָבער דערנאָך האָט ער געטרונקען בראָנפּן מער ווי זיין רבי.

צו צרות געוואוינט מען זיך אָבער צו. די הונדערטער מתפּללים האָבן זיך צעוואָרפן איבער די איבעריקע בתי תפילה. מיין פאָטער ע"ה האָט גע־מוזט פאַרלאָזן זיין „שפּיגל־שטאָט" אין דער גרויסער שיל און זיך באַנוגע־נען מיט אַ פּשוטער „שטאָט" אין דער „בראַצלאַווער" קלויז. די שמשים האָבן אָנגעהויבן פאַרקויפן אייער און פיש אין מאַרק, און מיט דער צייט

האָט מען זיך מחיה געווען וואָס מען האָט פאַרמאַכט די שיל, ווייל זי איז טאַקע געווען אַ געפּאַר פאַר מענטשלעכע לעבנס.

שפּעטער מיט 15 יאָר, האָט מען די שיל ווידער געעפנט. דאָס זיינען געווען די... קאָמוניסטן וועלכע האָבן געמאַכט דאָרט אַ קלוב און... און זי איז נישט איינגעפאַלן.

דער צווייטער וויכטיקער בית תפילה איז געווען דער בית המדרש. אַהין זיינען געגאַנגען דאַווענען די פּני פון שטאָט. דאָרט האָבן געדאַוונטביידע רבנים, אַלע שוחטים. דאָרט האָבן געדאַוונט די גבירים, משכילים, און סתם די „סמעטענע" פון שטאָט. דאָס דאַווענען אין בית המדרש איז אַפילו געווען אַ סגולה צו אַ שידוך! עפּעס אַ קלייניקייט. ער דאַוונט אין בית המדרש! ביי־טער איז בלויז געווען צו קריגן דאָרט אַ ליידיקע שטאָט. און ווען אַ שטאָ־טישער גביר האָט חתונה געמאַכט אַ זון צו אַ טאָכטער, האָט דער חתונה־געהאַטער ניט געהאַט קיין פּלאַץ צו זיצן און געמוזט שטיין די גאַנצע צייט פון דאַווענען. אַזעלכע יונגע לייט זיינען געווען אין די צענדליקער אין בית המדרש.

אַנדערש איז געווען אין דער בראַסלאַווער קלויז. דאָרט איז געווען גראַמער, דאָרט האָט מען געקראָגן אַ פּלאַץ צו זיצן און די בראַסלאַווער קלויז האָט טאַקע אַריינגענומען די גרעסטע טייל „פּליטים" פון דער שיל.

אין דער בראַצלאַווער קלויז, איז אַ חוץ גראַמקייט, אויך געווען פרייער צו דאַווענען. די בראַצלאַווער חסידים פלעגן משונהדיקערווייז זינגען און אַפילו טאַנצן אין מיטן דאַווענען. ווען עס פלעגט קומען צו די ימים נוראים, פלעגן די גרעסטע טייל בעלי־הבתים פון בראַצלאַווער קלויז אַוועק־פאָרן קיין אומאַן דאַווענען אין דער דאָרטיקער גרויסער בראַצלאַווער שיל. (אין אומאַן איז אויך געווען דער קבר פון בראַצלאַווער רבין). פלעגט ביי אונז אין קלויז, ווערן גראַם אַ מחיה.

אַ שיינע קלויז האָבן מיר געהאַט, האָט מען זי גערופן די „בערשאַדער" קלויז. און גערופן האָט מען זי די בערשאַדער, ניט דערפאַר וואָס דאָרט האָבן געדאַוונט בערשאַדער אידן, אָדער דער גרינדער איז געווען אַ בערשאַדער איד, ניין, ביידע זיינען נים! נאָר פּשוט די קלויז איז געשטאַנען אויף דער גאַס, אויפן וועג וואָס מען פאָרט קיין בערשאַד. די דאָזיקע קלויז איז גע־ווען די איינציקע וואו מען האָט געדאַוונט און געלערנט אַ גאַנצן טאָג. אינ־דערפרי איז דאָרט געווען 6 מנינים. פון 5 פאַרטאָג ביז 11 אינדערפרי. ביי־טאָג האָט מען דאָרט אַ גאַנצע צייט געלערנט גמרא מיט תוספות און פאַר־נאַכט האָט מען ווידער געדאַוונט מנחה־מעריב, און ביינאַכט ווידער גע־

לערנט. אזוי אַרום, אַז אַ בחור׳ל וואָס האָט שוין ניט געלערנט ביי קיין מלמד האָט דאָרט געפונען זיין פּלאַץ.

אַן אינטערעסאַנטער מקום קדוש איז געווען משה־מאַטיעס קלויז. איי־נער אַ טעפּליקער איד, משה מאַטיע, אַ איד ניט קיין גביר האָט זיך צע־קריגט אין זיין קלויז מיטן גבאי, איז ער אַוועק, אָפּגעקויפט ביי באַנדע־ראַווסקין (גראַף פּאָטאָצקים אַדמיניסטראַטאָר פון שטעטל) אַ שטיקל פּלאַץ, טאַקע נעבן אַלע קלויזן און שילן, און מיט אייגענע מיטלען אויסגעבויט אַ קלויז. אַהין זיינען געקומען דאַווענען אַלע „פּראָטעסטאַנטן" פון די איבע־ריקע בתי תפילה! האָט מען עפּעס אַ אידן געקריוודעט אין זיין מקום קדוש, איז ער אַוועק דאַווענען אין משה־מאַטיעס קלויז וואו מען האָט אים אויפ־גענומען בסבר פנים יפות. די צווייטע קלויז פון וואַנען משה מאַטיע איז אַוועק האָט מען גערופן די „צאַלוכעס" קלויז.

געהאַט האָבן טעפּליקער אידן נאָך אַ שילכל — דאָס שניידערשע. גע־רופן האָט מען עס אָבער „שמואל־אהרון" שיל, ווייל שמואל־אהרון, אַ איד פון דער אונטערוועלט האָט דאָרט געהאַט גרויס „איינפלוס". און געוויצלט האָט מען זיך, אַז ווען מען גייט אַריין אין שילכל, הענגט אַ טאַבליצע: „היט די קעשענע".

דאָס דאָזיקע שילכל איז געווען פול מיט מתפללים פון גאָר נידעריקן קלאַס. נענוג צו דערמאָנען, אַז חיים יאַבלאָטשניק, אַ באַוואוסטער רופיאַן (וואָס האָט אויך אָנגעשפּאַרט קיין אַרגענטינע) איז דאָרט געווען גבאי שני.

:: :: ::

אַרום 6 טויזנט נפשות האָט טעפּליק פאַרמאָגט. זיינען די זיבן בתי תפילה געווען פול יעדן שבת און איבערפולט יעדן יום טוב אָדער ימים נו־ראים. עס זיינען געגאַנגען דאַווענען: טאַטע־מאַמע, און אַלע זכרים פון שטוב. עס איז געגאַנגען דאַווענען דער גרויסער גביר, דער רייכסטער בעל הבית און עס איז געגאַנגען דאַווענען דער אָרימער מאַכעטווינעק, דער אָרי־מער בעל מלאכה, דער לאַטוטניק און דער קברן. מען איז געגאַנגען אין מקום קדוש איבערלאָזנדיק די זאָרג אויף מאָרגן. די שילן, די בתי מדרשים זיינען געווען די זאַמל פונקטן פון גאַנצן שטעטל און דער גוט־שבת גוט־יום־טוב האָט מחיהדיק געקלונגען אין יעדנס אויער.

פון אָט יענע בתי מדרשים זיינען אַרויס מענטשן מיט בטחון און אָט דער בטחון האָט אויפגעהאַלטן דאָס אידישע פאָלק ביז היינט צו טאָג.

אָבער וואו נעמט מען יענע זיסע טעג?...

## קאפיטל פיר

# ווי אזוי האָט אויסגעזעען די „היגיענע” אין טעפּליק?

טעפּליקער דאָקטוירים: פּיגורסקי — דער קריסטלעכער דאָקטאָר, וואָס האָט שטאַרק ליב אידן. שעף פון דער „באָלניצע”, וועלכע פּוסטעוועט. דר. לאַפּידוס וואָס איז שוין אויך קאַזיאָנע ראַבינער. דר. מיכאַלאָוויטש וואָס טאַפּט מיט איין האַנט דעם דפק און מיט דער צווייטער האַנט מיינט ער דאָס קערבל פאַרן וויזיט.—טעפּליקער פעלדשערס: משה רופא, דער בעסטער רופא פון שטעטל. זיין איידעם הערשל פעלדשער, טאַקע אַן אמתער פעלדשער מיט אַ דיפּלאָם פון ווילנער „פעלדשערסקאַ שקאָלאַ”. 20 יאָר היילט ער טעפּליקער אידן און די אַנדערע 20 יאָר איז ער פעלדשער אין... אַרגענטינע (סאַנטאַ פעער שטאָט שפּיטאָל). — נאָך אַ פעלדשער אויף וועמען טעפּליקער אידן מורמלען... — טעפּליקער אַפּטייקער און „אַפּטעקאַרסקי מאַגאַזינען”. — אַ אידישער פּראָוויזאָר וואָס האָט אַ שם אויפן גאַנצן „אָקרוג”, אָבער ער עסט טריפס. — אַ צווייטער אַפּטייקער, אַ מאַנאַסטרישטשער חסיד! — חוה עטי-לאהס ביי וועמען עס איז טייער ווי אין... אַפּטייק. — אַ צעטראָגענער אַבטייקער וואָס פאַרגעסט צו פאַרשטעקן דאָס פלעשל מיטן רעצעפּט. — ווי אַזוי האָט אויסגעזען די היגיענע אין „טעפּליק”.

צווישן אַלע אַנדערע זאַכן מיט וואָס טעפּליק האָט זיך קונה שם גע־וועזן, דאַרפן פאַררעכנט ווערן די טעפּליקער דאָקטוירים.

געוועזן גוטע דאָקטוירים אין אַלע שטעטלעך אַרום. געוואוסט האָט מען אָבער, אַז די בעסטע דאָקטוירים זיינען פאַראַן אין טעפּליק. און דער פאַקט וואָס גראַף פּאָטאָצקים הויף האָט גענוצט בלויז טעפּליקער דאָקטוירים און פעלדשערס — האָט זיי צוגעגעבן גרויס חשיבות און אָנזעען.

פון אַלע שטעטלעך פון אַרום און אַרום, ווי למשל: קובליטש, טער־

ניווקע, לאַדיזשענקע, זאַטקיוועץ, נייווירא, האַשטשעוואַטע, האָלאָוואַ־ניעווסק, פלעגט מען אָנקומען קיין טעפליק צו די טעפליקער דאָקטוירים און טעפליקער פעלדשערס. אונזערע גויאישע און אידישע דאָקטוירים זיינען געווען — אַזוי פלעגט די מאַמע זאָגן — ממש „פּראָפעסאָרן".

איינער פון די עלטסטע און וויכטיקסטע דאָקטוירים איז געווען דר. פיגורסקי. דער דאָזיקער דאָקטאָר, איז אויפגעוואַקסן אין טעפליק און האָט זיך געשאַפן אַ נאָמען פון אַ גרויסן אוהב ישראל און בכלל פיינער מענטש. פלעגט ער קומען צו אַ אידן אין שטוב אַריין, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין בעט אַריין צום קראַנקן און מיט אים אַזוי ליבלעך אָנגעהויבן רעדן, אַז דער קראַנקער האָט זיך אָנגעהויבן פילן בעסער.

פאַרן וויזיט האָט ער גענומען אַ האַלב קערבל. נאָר אַז מען האָט אים אַריינגעשטופּט 20 קאָפּיקעס אין דער יד אַריין, האָט ער אויך געזאָגט „ספּאַסיבאָ", און אַז מען האָט אים גאָרנישט געגעבן איז ער אויך ברוגז נישט געווען...

דאָס פאַרקערטע פון אים, אַ דאָקטאָר אַ כעסן, אַ געלט־גייציקער איז געווען זיין אידישער קאָלעגע דר. מיכאַילאָוויטש. ער פלעגט קומען צולויפן שנעל, אַ טאַפּ טון ביים דופּק, זיך הייסן ווייזן די צונג, פאַרשרייבן אַ רע־צעפּט און... אויסגעשטרעקט די האַנט נאָכן געלט. און האָט מען אים גע־געבן 20 קאָפּיקעס, האָט ער זיי געוואָרפן אין פּנים אַריין!...

איינער פון די בעסטע דאָקטוירים אין טעפליק איז געווען דר. לאַפּידוס. ער איז געווען אַ גאון אין דער מעדיצין און גרויסער מענטשנפריינט!

דערפאַר האָבן מיר געהאַט עטלעכע פעלדשערס, און אַ סך פון זיי, זיינען געווען גוטע דאָקטוירים.

אונזער הויפּט פעלדשער איז געווען משה רופא.

משה רופא האָט אין די יונגע יאָרן נאָך געהאַט אַ נייגונג צו מעדיצין. אַזוי ווי ער האָט קיין גימנאַזיע אָדער אוניווערזיטעט אין די אויגן ניט גע־זען, האָט ער די גאַנצע תורה וועגן מעדיצין געשעפּט פון די פאָלקסטימ־לעכע מעדיצין־ביכער און זשורנאַלן, וועלכע ער האָט געלייענט. ער הויבט אָן פאַרשטייען ווי אַזוי אַרומגייען מיט אַ קראַנקן און מיט דער מיטהילף פון דר. פיגורסקי, וועלכער האָט שטאַרק געהאַלטן פון אים, און אים געוויזן און געלערנט, איז ער פּאַוואָליע געוואָרן אַ פעלדשער און אַ גוטער פעלד־שער. אַז משה רופא האָט געזאָגט אויף אַ קראַנקן:

— עס וועט אים גאָרנישט זיין, איז יענעם גאָרנישט געווען. און אַז משה רופא האָט באַטראַכט אַ חולה און אַ... קרעכץ געטון, האָט מען שוין געוואוסט, אַז אויף קיין דאָקטאָר איז נישטאָ וואָס צו פאַרלאָזן זיך און מען דאַרף זיך נעמען צום צווייטן מיטל:

— זאָגן תהילים, רייסן קברים און פאָרן צום רבין!

געווען פאַלן ווען משה רופא האָט שוין אָפּגעזאָגט דאָס לעבן אַ קראַנקן און דר. פיגורסקי האָט באַשטעטיקט, אַז ס'איז פאַרפאַלן — און דאָס „זאָגן תהילים", אָדער „רייסן קברים" אָדער גאָר דעם „רבינס ברכה" האָט גע־האָלפן און דער קראַנקער איז געזונט געוואָרן; האָט מען חלילה נישט באַ־שולדיקט משה רופא אָדער דעם דר. פיגורסקי, אַז זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס דעם קראַנקן איז. פּונקט פאַרקערט: דער רופא איז טאַקע געווען גע־רעכט, נאָר... עס איז געשען אַ נס! גיכער האָט מען געגלויבט, אַז דער „גזר דין" איז צעריסן געוואָרן.

אין אַזאַ פאַל איז מען ווידער געפאָרן צום רבין (דערהויפּט, פלעגט מען פאָרן צום מאָנאַסטרישטשער רבין), אים ווידער ברענגען אַ פּדיון און אַלעמען שטעלן צופרידן.

איבערהויפּט איז די שיל, דער תהילים, דער בית עלמין און דער רבי געווען אַ גרויסער פאַקטאָר אין אונזער קליינעם שטעטל בעת אַ מחלה.

איך געדענק: איך בין אַלט געווען אַ יאָר פיר. איז אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון שקאַרלאַטין צווישן די טעפּליקער אידישע קינדער. וויי, וויי! וואָס דעמאָלט האָט זיך אָפּגעטאָן. די דאָקטוירים און די פעלדשערס זיינען ממש געפאַלן פון די פיס אַרבעטנדיק. די אַפּטייקן און די „אַפּטיעטשנע סקלאַדן" האָבן פיבערהאַפט געאַרבעט צוגרייטנדיק רעצעפּטן פאַר די קראַנ־קע. אָבער, מער פון אַלע איז געווען טעטיק די... גרויסע שיל!

אין אַ שיינעם פאַרנאַכט, האָבן די מאַמעס צונויפגעבראַכט הונדערטער קינדער אין שיל אַריין און די רבנים האָבן געדאַרפט תפילה טון. אויסבעטן ביים רבונו של עולם רחמנות פאַר די אומשולדיקע עופהלעך...

מען האָט צעעפנט דעם ארון קודש, און די יללות פון די מאַמעס מיט די איבערגעשראָקענע קינדער איז געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל.

עס האָט טאַקע „געהאָלפן"!

פונעם צוזאַמענקום פון אַזויפיל מענטשן און קינדער, אַ סך פון וועלכע האָבן שוין געטראָגן אין זיך די באַצילן פון שקאַרלאַטין, האָט זיך ערשט די עפּידעמיע נאָך מער פאַרשטאַרקט און אומגעבראַכט הונדערטער קינדערלעך.

פאַרשטייט זיך, פון קיין „אינזשעקסיאָנען" האָט מען דעמאָלט נישט געוואוסט, און די מאָדערנע היגיענע האָט נאָך קיין טעפּליק נישט דער־גרייכט. מען איז צוגעגאַנגען צום קראַנקן, זיך אַפילו רעכט נישט אָפּגע־וואַשן די הענט. (הענט האָט מען זיך געוואַשן, אָדער, ווען מען איז אויפ־געשטאַנען פון שלאָף — נעגל־וואַסער, אָדער ביים עסן, און אַמאָל, אַמאָל,

ווי־ווער, ביי אשר יצר...). פון קיין ווייסע „גוואַרדאַפאַלוואַס", פון סטערי־ליזירן דעם לעפל וואָס מען שטופּט אין מויל אריין — האָט מען קיין אנונג נישט געהאַט.

מען דאַרף אָבער אויך מודה זיין און עס פאַרצייכענען מיט פאַרגעניגן, אַז אין אונזערע קליינע שטעטלעך אין אַלגעמיין, און אין איצטיקן פאַל — אין טעפּליק — האָט מען פון קיין קראַנקהייטן נישט געוואוסט.

ווער האָט ביי אונז געוואוסט פון... „הויכן בלוט־דרוק"? (אַלטאַ פּרע־סיאָן), ווער האָט געוואוסט פון לעבער, נירן אָדער „אַפּענדיסיטיס". עפּעס האָט מען יאָ געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַ שלאַפקייט וואָס הייסט „סלע־פּאַיאַ קישקאַ" (בלינדע קישקע) און אַז גבירים וואָס האָבן אָט די סלעפּאַיאַ קישקאַ, פאָרן זיך אָפּערירן, אָדער קיין אומאַן צום באַוואוסטן כירורג קראַ־מערענקאָ, אָדער קיין אָדעס אין אידישן שפּיטאָל. קיין קבצן האָט נישט גע־וואוסט פון אָט דער „מחלה" און האָט קיין השגה נישט געהאַט פון פאָרן זיך אָפּערירן!.. וואָס יאָ, זייער פּאָפּולער איז ביי אונז געווען דאָס „גע־ברעכטקייט (אַ גרוזש). כמעט אַ האַלבע שטאָט אידן האָבן עס געהאַט אין איין זייט, אָדער אין ביידע. נו, האָט עס דען זיי אָפּגעהאַלטן פון אויפהויבן אַ זאַק ווייץ פון 5־6 פּוד און נאָך „מאַכן אים גרינג", כדי דער ערל זאָל זען, אַז דאָרט איז... נישטאָ אַזוי פיל וויפל ער דענקט...

אָדער, אַז מען האָט געהאַט אַ „גרוזש", האָט עס דען אָפּגעהאַלטן דעם אידן צו גיין צופוס 25 וויאָרסט קיין קאַמאַריווקע אָדער 10 וויאָרסט קיין טאַשליק אויפן יאַריד?...

און מערקווירדיק, כאָטש מען האָט געלעבט אין אומגלויבלעכע פאַר־נאַכלעסיקטע היגיענישע באַדינגונגען; כאָטש אין גאַנצן שטעטל איז געווען צוויי אָדער אפשר דריי פּריוואַטע... באָד־צימערן, די איבעריקע האָבן זיך געטובלט אין דער אַלגעמיינער שמוציקער מקווה, דאָך, זיינען ווייניק, גאָר ווייניק יונגע מענטשן געשטאָרבן. אידן האָבן זיך אויסגעלעבט די יאָרן ביזן טיפן עלטער און דערלעבט אייניקלעך און אור־אייניקלעך.

וואָס יאָ, קינדער פלעגן אויסשטאַרבן זייער אַ סך. אידישע מאַמעס האָבן געקינדלט, נישט געוואוסט פון קיין „אַבאָרטן", נישט געוואוסט פון... היטן זיך! מען האָט געבראַכט קינדער אויף דער וועלט און פון צען — האָבן זיך אַ גוטע העלפט אָפּגעטראָגן ביזן דערלעבן די ערשטע צען יאָר.

לויט ווי משה רופא פלעגט זאָגן, איז דאָס געווען, ווייל... מען זשאַ־לעוועט די 20 קאָפּיקעס און מען רופט דעם רופא אָדער דעם דאָקטאָר צו שפּעט. דאָס קינד, באַקומט היץ, גיט מען אים פאַר אַ קאָפּיקע ריצענאייל און

נאָך אמאָל ריצענאייל און אז די היץ האלט אָן — מאכט מען א „קאנע" אָדער מען וויקלט עס אין ליילעכער.

ערשט אויפן דריטן אָדער פערטן טאָג ווען אלע „רפואות" העלפן ניט — שיקט מען נאָכן רופא — און אמאָל איז דאָס שוין צו שפּעט — אזוי פלעגט ער זאָגן.

א שטיק אמת איז טאקע געלעגן אין דעם. אָבער, א גרויסער אמת איז אויך געווען, וואָס סיי דער רופא, סיי דער דאָקטאָר האָבן... נישט געוואוסט וואָס דעם קינד איז...

דאָס קינד האָט געהאט לונגען־אָנצינדונג און זיי האָבן עס אָנגענומען פאר אן „אינפלוענץ" (גריפּע) און... דאָס קינד איז געגאנגען א גאנג.

דער גרעסטער טייל קינדער פלעגן שטאַרבן פון דיפטעריע.

עס האָט אָנגעהויבן ווייטון אין האלז, איז געקומען דער רופא, אריינגעשטופּט דעם לעפל אין מויל און דערזען ווייסע זשאגעס אין האלז. זיך געהייסן דערלאַנגען א שטיק וואטע, איז מען אוועק צו דער... ווינטערדיקער קאַלדרע אָדער טאַטנס אויבערראָק, ארויסגעשלעפּט א שטיק שמוציקע וואַטע, איינגעטונקען אין יאָד און מיט א שטעקן — אריין אין מויל! פארשטייט זיך, אויב די „זשאגעס" זיינען געווען בלויז אין איין פלאַץ האָט זיי שוין דער רופא צעשמירט איבערן גאנצן האלז און דאָס קינד איז אין עטלעכע טעג ארום שוין געווען א שוכן עפר.

שפּעטער מיט יאָרן, איז קיין טעפּליק אראָפּגעקומען א נייער פעלדשער, טאקע משה רופאס אן איידעם. הערשל פעלדשער האָט ער געהייסן. געווען איז הערשל פעלדשער א לאדיזשענער, א שטעטל נאָענט פון טעפּליק. אָבער געקומען צו אונז איז ער שוין אלס פּארטיקער פעלדשער פון מעזשביזש וואו ער האָט פּראקטיקירט עטלעכע יאָר.

הערשל פעלדשער האָט חתונה געהאט פאר משה רופאס טאָכטער אין יאָר 1905, און ווען ער איז געקומען קיין טעפּליק האָט ער נישט גערענקט צו פארנעמען זיין שווערס פּלאַץ.

דער שווער אָבער, דערהויפּט, גראף פּאָטאָצקיס „הויף", וואו משה רופא איז געווען הויפּט־פעלדשער, האָט „אינסיסטירט", געפאָדערט, אז דער איידעם זאָל זיך פּערפעקציאָנירן אין פאך. און הערשל פעלדשער פאָרט קיין ווילנע. לערנט דאָרט און גיט אָפּ עקזאמען אין דער „פעלדשערסקע־שקאָלע", ארבעט אביסל אין א זעמסקאַ באָלניצע און ווען ער קומט קיין טעפּליק, שפּעטער, האָט שוין דאָס שטעטל פאר אים דרך ארץ, ווייל מען ווייסט, אז ער איז אן „אמתער" פעלדשער.

הערשל פעלדשער קריגט שנעל די סימפּאַטיע פון טעפּליקער אידן. ער איז געווען אי יונג, אי „מאָדערן". די ערשטע צייטן פלעגט אים דער שווער, משה רופא מיטנעמען צו אַלע זיינע פּאַציענטן און אים באַקאַנען מיט זיין „קליענטעלע". שפּעטער איז שוין הערשל געגאַנגען אַליין.

און אַ מעלה האָט ער געהאַט, אַט דער הערשל פעלדשער. ער איז געווען אַ הויכער, טאַקע גאָר, גאָר אַ לאַנגער, מיט לאַנגע צוויי הענט און לאַנגע פינגער. און אַז ער האָט געגעבן אַ נעם דאָס קינד אויף די הענט און אַ טאַפּ געטון מיט זיינע צוויי פינגער, האָט ער באַלד אָנגעטאַפּט וואו עס טוט וויי און מער אָדער ווייניקער פעסטגעשטעלט די קרענק.

להפּוך פון אַלע פעלדשערס, וועלכע האַלטן זיך גרויס ביי זיך און רעדן קוים קוים אַ פּאָר ווערטער, איז הערשל פעלדשער אַ ריידעוודיקער, אַ איד וואָס קאָן דערציילן אַ וויץ, און אַ נאַש־בראַט מיט יעדן איינעם...

ביי אונזערע טעפּליקער אידן איז דאָס געווען אַ נייעס. כמעט, כמעט אַ דאָקטאָר און דאָך קלאַפּט ער יעדן איינעם אין דער פּלייצע, רעדט בלויז אידיש און, ווי זיין שווער, רעדט יעדערן אוים דאָס האַרץ, אַז דער רוח וועט אים נישט נעמען. הערשל פעלדשער, ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מער איינגעליבט אין שטעטל און ער פאַרנעמט דאָס אָרט פון אַ דאָקטאָר. שפּעטער ווען משה רופא שטאַרבט — (אין יאָר 1910) — פאַרנעמט הערשל פעלדשער דאָס בכבודיקע פּלאַץ פון הויפּט־פעלדשער אין שטעטל.

(הערשל פעלדשער געפינט זיך איצט אין ארגענטינע, סאַנטאַ פּע, און ער (דאָ, הייסט ער, גרעגאָריאָ געלער) פאַרנעמט שוין עטלעכע און צוואַנציק יאָר, אַן אָנגעזעענעם פּאָסטן אין אַ דאָרטיקן מוניציפּאַלן שפּיטאָל).

געווען ביי אונז נאָך אַ פעלדשער, זילבערשטיין האָט ער געהייסן. אויך אַ שטיק מומחה אין פאַך, אָבער זייער אַן איינגעהאַלטענער. ער פלעגט צו קיינעם נישט קומען און מיט קיינעם זיך נישט צוזאַמענטרעפן. חוץ דעם האָט מען אויף אים געמורמלט, אַז ער „אוכאַזשעוועט" נאָטע ווייגמאַנס אַ מויד, און וויל צוליב איר פאַרלאָזן זיין ווייב... דאָס האָט געמאַכט, אַז מען זאָל אויסמיידן אים צו רופן, ביז איינמאָל האָט ער געקראָגן אַ שטעלע אין אַ זעמסקע באָלניצע און איז אַהין אוועק.

אָבער, נישט בלויז די דאָקטוירים און פעלדשערס האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָל ביים קורירן אָדער ראַטעווען די טעפּליקער אידן און זייערע ווייבער און קינדער. גאָר, גאָר אַ גרויסע ראָלע האָט געשפּילט די אַפּטייק און די „אַפּטיעטשנע סקלאַדן".

וואָס איז דער חילוק געווען פון אַפּטייק ביז „אַפּטיעטשנע סקלאַד"?

אין אפטייק האָבן געמוזט אַרבעטן געענדיקטע פּראָוויזאָרס, פּאַכמענער נישט בלויז פון פּראַקטיק, נאָר אויך פון טעאָריע און אוניווערזיטעט. דער־פאַר טאַקע פלעגן די אַפּטייקן נעמען פאַר אַ רעצעפּט טייער און אָפּט אָפּט — שטאַרק טייער.

פלעגן אויך זיין אין רוסלאַנד „אַפּטיעטשנע סקלאַדן" (ווי דאָ — דראָג־געריעס), וואָס אָפיציעל האָבן זיי קיין רעצעפּט נישט געטאָרט מאַכן. זיי האָבן בלויז געמעגט פאַרקויפן... ריצנאַייל, יאָד, שמירעכצן, פּערפומען, זייף, (פון קיין בערשטלעך צו די ציין האָט מען ביי אונז קיין אַנונג נישט געהאַט), פודרע פאַר די באַרישניעס און נאָך אַזעלכע אַפּטייטשנע זאַכן. פלעגט מען דאָך ווען כאַפּן אַ „מציאה" ביים מאַכן די „לעקאַרסטווע" און אַ חוץ דעם — אַזוי ווי דעם רופאס רעצעפּט האָט מען דאָך במילא נישט אַנערקענט אין אַפּטייק, פלעגט מען גיין אין „אַפּטיעטשנע סקלאַד" און דאָרט זאַקאַזעווען דעם רעצעפּט.

געהאַט האָבן מיר איין אַפּטייק אַ גרויסע און זייער אַ פּאָפּולערע אין געגנט. דער אַפּטייקער האָט געהייסן בוקאָווסקי. אָבער ער אַליין, פלעגט זעלטן אַריינגיין אין אַפּטייק. דער הויפּט פּראָוויזאָר איז געווען אַ איד, אַ יונגער בחור, אַן אומאַנער, מיטן נאָמען פּייוול בראָדסקי. דער דאָזיקער פּראָוויזאָר איז באמת געווען אַ מומחה אין פאַך. און בוקאָווסקיס אַפּטייק האָט באַקומען אַ שם אין גאַנצן געגנט צוליב אָט דעם אידישן פּראָוויזאָר פּייוול בראָדסקי. מען פלעגט קומען פון דרייסיק, פערציק און פופציק וויאָרסט ווייט, צו באַשטעלן אַ רעצעפּט ביי בוקאָווסקין אין אַפּטייק, און געפאָדערט אַז בראָדסקי זאָל אים מאַכן.

די טעפּליקער אידן האָבן שטאָלצירט מיט אָט דעם אידישן פּראָוויזאָר פון וועלכן אפילו דער גלח האָלט שטאַרק. מיט איין זאַך, האָט אָט דער פּראָוויזאָר זיי פאַרשטערט די „שמחה"! מיט זיין עסן טריפס. ער איז גע־ווען ביי בוקאָווסקין „אויף אַלעמען פאַרטיק". דאָס הייסט: עסן, טרינקען, שלאָפן און געהאַלט! דער כיטרע בוקאָווסקי האָט אים ממש פון דער שטוב נישט אַרויסגעלאָזט, כדי מען זאָל אים נישט אָפּריידן פון אים, האָט ער אים געגעבן קעסט אויך... און עסן טריפס בפרהסיה, אין יענע יאָרן אין אַזאַ „כרך" ווי טעפּליק, איז געווען איינע פון די גרעסטע „אומגליקן" פאַר די טעפּליקער אידן...

אַזוי האָט געדויערט אַ פּאָר יאָר, ביז גאָט האָט זיך מרחם געווען אויף די טעפּליקער אידן, און דער פּראָוויזאָר בראָדסקי פאַרליבט זיך אין... יעקב מאיר דעם רבס שטיפטאָכטער, אסתר, אַ גימנאַזיסטקע און אינטעליגענטע

באדישניע, און פון דעמאָלט אָן, טראָגט מען בראָדסקין עסן פון רבס הויז, ביז צו דער חתונה.

נאָך דער חתונה, פאַרלאָזט בראָדסקי די אַפטייק, עפנט אויף אַן אַפּ־טייטשנע סקלאַד, אויף זיין אייגענעם חשבון און דער עולם לויפט צו אים מאכן די רעצעפטן.

איידער מיר גייען אַריבער צו די איבעריקע אַפּטייטשנע סקלאַדן, איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אָט דער אידישער פּראָוויזאָר וואָס האָט געצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון צענדליקער שטעט און שטעטלעך מיט זיין פּאַך־קענטעניש, איז היינט אין אַרגענטינע. ער איז געקומען אַהער און זיך געפּרואווט נעמען צו זיין פאַך, וואו עס איז אים נישט געגאַנגען, איז ער געוואָרן אַ קאָלאָניסט. געוואָרן מיט דער צייט אַ גרויסער גביר און איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער אין דער קאָאָפּעראַטיוו פון קאָלאָניסטן (געווען שוין דאָרט וויצע פּרעזידענט...) און נישט איינמאָל פלעגט עס מיך אַ ברי טון ווען איך פלעג זען אָדער לייענען, ווי אָט דער שטאָלצער פּראָוויזאָר, אָט דער אינטעליגענט וואָס די גרעסטע און פאַרנעמסטע פאַמיליעס ביי אונז האָבן געפילט אַלס כבוד ווען ער האָט זיי געענטפערט אויפן „דאָבראַיע אוטראָ", ווען ער האָט צו זיי גערעדט און זיי פאַרזיכערט אַז ער אַליין, וועט זיי צוגרייטן דעם רעצעפּט. אָט דער „בראָדסקי" גייט אין אַ „וואָל־קאָמף", צו פאַרנעמען אַ „בענקל" אין אַ קאָאָפּעראַטיוו און זיין קעגנער, איז אַ פּשוטער איד. אַ איד וואָס האָט קיין אוניווערזיטעט נישט געזען און וואָס קאָן זיך זיכער נישט אונטערשרייבן אויף... לאַטייניש און אַז גאָט וויל — געווינט ער נאָך אָט דעם קעגנער, דעם פּראָוויזאָר...

אַזוי איז אַמעריקע, פלעג איך דאַן טראַכטן. פריער גייט דאָס געלט, דערנאָך די אינטעליגענץ!...

מיר ווענדן זיך אומקערן צו אונזערע „אַפּטיעטשנע סקלאַדן", וועלכע ווי געזאָגט, האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אינעם לעבן פון טעפּליקער אידן.

איינע פון די עלטסטע אַפּטייטשנע סקלאַדן ביי אונז איז געווען פּונקט אַקעגן אונזער הויז. דער דאָזיקער „סקלאַד" איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ ברודער און שוועסטער. ער — אַן אַלטער בחור. זי — אַן אַלטע מויד. און די „פּאַרמאַסיע" איז געגאַנגען אויף איר נאָמען. געהייסן האָט זי עטי חוה־לאהס, און געוואוסט האָט מען, אַז דאָרט נעמט מען טייער, אָבער — מען מאכט אַ גוטן רעצעפּט. אין אַלגעמיין האָט מען נישט געוואוסט ביי אונז פון קיין „ספּעציפיקעס" און נישט איינמאָל איז דעם חולהס לעבן געווען אָפּהענגיק לויט דעם גוטן ווילן פון אַפּטייקער.

אָט האָבען מיר טאָקע געהאַט אַן „אַפּטיעטשנע מאַגאַזין" ווּעמענס באַלעבאָס איז געווען אַ פּאַרברענטער... מאַנאַסטרישטשער חסיד, אָבער — אַ גלוח (אָן אַ באָרד און פּאות) און אַ גרויסער טרייפניאַק! חוץ דעם איז ער געווען גלאַט אַ טשודאַק, האָט ליב געהאַט אַ טרונק און נישט פּיינט גע־האַט כאַפּן אַ פלירט מיט אַ יונג ווייבל אָדער... אַלטע גויה. געהייסן האָט ער דער אַפּטייקער שאַפּיראָ, און צוויי־דריי מאָל אין יאָר האָט ער איבער־געשריבן די „טאַבליצע", ווייל ער האָט אָנגעפּייפט די „מאַזשאָריסטן".

אזוי ווי צו דער פּראָפעסיע האָט ער זיך באַצויגן מיט ווינציק ערנסט־קייט און האָט גאָר געזוכט אַ זייטיק פּרנסהלע ווי למשל, אַרויסנעמען אַ אידן פון פּריזיוו, מאַכן איינעם אַ „מום" כדי אַרויסנעמען אַ „ווייסן בי־לעט", האָט זיך טאַקע געטראָפן, אַז אַ טעפּליקער באַלעבאָס הערשל פּאָליאַק האָט ביי אים באַשטעלט אַ פּאָמאַדע, האָט שאַפּירא — אָנשטאָט „זילבער" אַריינגעטון קרייד מיט וואַזעלינע און דאָס קינד איז שיעור געגאַנגען פון דער וועלט...

דער דאָזיקער שאַפּירא איז אין אַלגעמיין געווען אַ רעטעניש פאַר אונז קינדער. געוואוסט האָבן מיר, אַז ער איז אַ פאַרברענטער חסיד, און ווען ער האָט געמאַכט אַ רעצעפּט פאַר אַ טעפּליקער אידן וואָס איז געווען אַ מאַנאַסטרישטשער חסיד, האָט ער אים געמאַכט בחצי חנם. און דאָך, פלעגט ער זיך גאָלן דריי מאָל אין וואָך. שבת האָט ער געהאַלטן אָפן דעם „אַפּ־טיעטשנע מאַגאַזין". שבת האָט מען ביי אים געטרונקען טיי פון סאַמאָוואַר וואָס ער אַליין האָט געשטעלט, און געשמועסט האָט מען, אַז ער פלעגט אויך שפּילן אין קאָרטן און דווקא יום־כפור...

געשטאָרבן איז ער יונג — צו 55 יאָר, און געזאָגט האָט מען, אַז גע־טריבן אים אין דער ערד אַריין האָט אַ שלעכטער רעצעפּט וואָס... ער אַליין האָט געמאַכט.

נאָך אַן „אַפּטייקער" האָבן מיר געהאַט, האָט ער געהייסן טאַלייסניק. געוואוינט האָט ער ביי שמואל שפּילבאַנד אין שטוב, אין סאַמע מאַרק. דער דאָזיקער אַפּטייקער האָט געהאַט אַ חסרון: ער איז געווען אַן אָפּגעלאָזענע ברואה. נישט איינמאָל האָט ער געגעבן אַ פלעשעלע רעצעפּט אָן אַ קאָריק צו פאַרשטאָפּן דאָס פלעשעלע און ביז דאָס קינד האָט געבראַכט דעם רע־צעפּט אַהיים. האָט ער — אָדער אויסגעגאָסן האַלב אויפן וועג אָדער — ער האָט פאַרזוכט אַביסל און זיך אָנגעמאַכט אַ צרה.

די דאָזיקע אָפּגעלאָזנקייט טאַלייסניקס, האָט אַמאָל געבראַכט זייער טראַגישע קאָנסעקווענצן. ער האָט אַמאָל פאַרגעסן צו פאַרשטעקן אַ 50

ליטראָווע פלאַש מיט בענזין, און פונקט איז שמואל שפּילבאַנדס אַ מיידל פון אַ יאָר 18 אַראָפּגעגאַנגען מיט אַ ברענענדיק ליכט אין קעלער. די פלאַש בענזין האָט אויפגעריסן און צעשטערט אַ טייל פון דער שטוב. שפּילבאַנדס מיידל האָט מען אַרויסגענומען אַ טויטע פון די חורבות!...

:: :: ::

כ'האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף די טעפּליקער אַפּטייקערס, ווייל נאָך אַלעמען איז דאָך ביי זיי אין די הענט געלעגן אונזער געזונט און לעבן. פריער די דאָקטוירים, דערנאָך די פעלדשערס און דער עיקר — זיי די רע־צעפּטן מאַכערס האָבן עס געהאַט אין זייערע הענט הונדערטער אידישע לעבנס און געטון מיט זיי וואָס זיי האָבן געוואָלט...

דאָס בילד וועגן טעפּליקער דאָקטוירים, פעלדשערס און אַפּטייקן וואָלט נישט געווען גאַנץ ווען מיר זאָלן אויך נישט באַשרייבן אונזער טעפּליקער „באָלניצע” (שפּיטאָל).

דער דאָזיקער הייל־אַנשטאַלט איז געשטאַנען עטוואָס אַרויס פון איי־דישן תחום. און כאָטש דר. פיגורסקי איז דאָרט געווען דער הויפּט־דאָקטאָר, און כאָטש אויך אַנדערע דאָקטוירים פלעגן קומען אַהין העלפן די קראַנקע — איז דאָך די באָלניצע שטענדיק געווען ליידיק. נישט איינמאָל פלעגן מיר קינדער זיך אַזוי פאַרשפּילנדיק, אַנטרעפן ביז צו דער באָלניצע, מיר פלעגן זיך אַריינכאַפּן אַהין, זיך דרייען צווישן די בעטלעך און קיינער האָט אונז נישט געשטערט. ווייל... ליידיק איז געווען די באָלניצע, ליידיק ווי אַ פּוסטע קרעטשמע. פאַרוואָס? גאָר פּשוט! קיין איד וועט זיך נישט גיין אַוועקלייגן אין אַ גויאישער באָלניצע וואו מען... עסט טריפה, טאַקע ממש חזיר. און וואו מען מאַכט נישט קיין חילוק צווישן... מילכיקס און פליישיקס און וואו איבער יעדער בעט הענגט אַ צלם.

די פּויערים פון דאָרף, ווידער, פלעגן קיין צייט נישט האָבן אויף אַזעל־כע נאַרישקייטן, ווי זיך גיין אַוועקלייגן אין אַ באָלניצע.

ערשטנס, איז ער פּשוט זעלטן קראַנק געווען. צווייטנס, האָט ער קיין צייט נישט געהאַט צו קרענקען. אָדער מען דאַרף אַקערן, אָדער מען דאַרף זייען, אָדער מען דאַרף שניידן! און אויב ער איז געווען פריי פון אַלע דריי זאַכן — האָט ער גענומען די בייטש מיטן פורל און אַוועק אויפן מאַרק און זיך פאַרדונגען צו פאָרן ערגעץ אויף אַ יאַריד. ווען זשע האָט ער צייט גע־האַט צו קרענקען?...

ווען זשע פלעגט דער גוי אָדער איד קומען אין באָלניצע? — ביי אַן אַקצידענט. דער פּויער האָט זיך צעשניטן אַ האַנט ביים אָנשאַרפן דעם סערפּ,

אָדער ער האָט זיך אריינגעשטאָכן אַ טשוואָק אין דעם פוס, ווייל ער פלעגט דאָך גיין באָרוועס. דער איד ווידער, איז געלאָפן אין באַלניצע ווען ער איז אראָפּגעפאַלן פון לייטער, ווען ער האָט זיך געדראָפּעט אויפן דאַך, כדי צו פארליינגן די לעבער וואו עס פלעגט אריינרינען אָדער די אידענע האָט זיך פארשטאָכן מיט אַ ביינדל פון די פיש וואָס זיך האָט איינגעקויפט אויף שבת.

אין אַזוינע פאַלן, איז מען צו קיין דאָקטאָר אהיים נישט געלאָפן, ווייל אָן עבירה אַ האלב קערבל. זוכן אַ פעלדשער האָט מען אויך נישט געקאָנט, ווייל מערסטנטייל איז דער פעלדשער געזעסן אָדער ביי משה מאָטיען אויף דער „פריזבי" און דערציילט מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט, אָפּט, זייער אָפּט, נישט געשטויגענע, נישט געפלויגענע. אָדער דער פעלדשער איז ארומגעלאָפן צווישן די פאַציענטן און געשטעלט באַנקעס, אָדער געצאַפּט בלוט דורך פיאַווקעס. אין שפּיטאָל אָבער, האָט מען געטראָפן דעם גויאישן פעלדשער פערמאַנענט. ער פלעגט שוין מיט זיינע גרויסע נעגל זיך דער־ביוןען צום ביינדל פון די פיש און עס ארויסשלעפן...

נאָך פיגורסקים טויט, איז די באַלניצע אינגאַנצן פארנאַכלעסיקט גע־וואָרן און זי איז ערשט צונויף געקומען עט, עט שפּעטער מיט יאָרן, ביי די פּאָגראָמען, ווען צענדליקער און הונדערטער אידן זיינען פארוואונדעט גע־וואָרן פון די באַנדיטן.

שפּעטער, ווען דער טיפוס האָט אָנגעהויבן בושעווען, איז די באַלניצע ווידעראַמאָל פול געוואָרן מיט קראַנקע. און אַזוי ווי די וואָלינצעס מיט אַנ־דערע באַנדעס פלעגן אַלץ אָנפאַלן אויף דער שטאָט און אָנמאַכן דאָרט צענד־ליקער אידישע קרבנות, האָבן די אידן געפונען אַ „זיכער" מיטל זיך צו ראַטעווען... זיי פלעגן גאַנצע משפחותווייז אוועק און זיך באַהאַלטן אין „באַלניצע" וואוהין די באַנדיטן האָבן מורא געהאַט צוצוקומען...

וואָס־זשע איז געוואָרן דער סוף? האָט דער טיפוס זיך אריינגעכאַפּט צו אָט די „פּליטים" און אָנגעמאַכט נאָך מער קרבנות ווי די באַנדיטן.

:: :: ::

איך וויל רעזומירן אָט דאָס קאַפּיטל.

עס איז קיין ספק ניט, אז צווישן אנדערע שטעטלעך פון ארום אונז, איז טעפליק געווען דאָס מער היגיענישסטע פון אנדערע מקומות. פּאַרט, געהאַט דאָקטוירים, פעלדשערס, אַ באַלניצע א.א.וו. דאָך, איצט, פערציק יאָר נאָך יענער צייט, ווען איך דערמאָנט זיך, ווי אַזוי מיר האָבן גע־לעבט אין יענע אומשטענדן, איז אָדער... איך פארשטיי עס נישט, אָדער עס גייט מיר דורך אַ גרויל איבערן לייב. איך דערמאָן מיך אין אונזער מרחץ,

אַ קליינע ענגע, הילצערנע געביידע, ביים סאַמע טייך. מען איז אַריין אינעווייניק זיך אויסגעטון אָדם נאַקעט, געזונטע און קראַנקע, טובערקולאָזע און פרישטשעוואַטע, אַלע אַלע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ מקוה, וואָס האָט געהאַלטן צוויי מעטער אויף צוויי מעטער און זיך געטובלט אין דער שטייענדיקער וואַסער! מיט דעם שעפּל וואַסער און מיט דעם בעזימל וואָס עס האָט זיך געוואַשן און „געשמיסן" אַ קראַנקער אויף „עקזעמאַ" אָדער טראַכאָם, מיט דעם זעלבן האָט זיך באַנוצט אַ פולשטענדיק געזונטער מענטש.

און דאָך, דאָך זיינען נסים געשען און מענטשן האָבן נישט געוואוסט פון קיין מחלה און פון קיין יונגן טויט. פאַרוואָס דאָס איז — פאַרשטיי איך עד היום נישט.

נאָך שרעקלעכער, כמעט אומגלויבלעך, איז ביי אונז אין די קליינע שטעטלעך געווען איינגעאָרדנט דער היגיענישער סיסטעם פון גיין „לצורך"!

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז אין גאַנץ טעפּליק געווען אפשר צוויי פּריוואַטע איינגעאָרדנטע צימערן פאַרן מענטשלעכן געברויך. און דאָס גאַנצע שטעטל, גרויס און קליין, מענער און פרויען, האָבן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, געזוכט אַ פּלאַץ, ווער נעבן דער שיל אָדער בית המדרש, ווער נעבן דער באָד און ווער... נעבן דעם שכן פון דער צווייטער טיר!...

האָט חלילה געטראָפן, און איינער האָט געמוזט גיין לצורך... ביי טאָג, איז דאָס געווען אַ טראַגעדיע! דאַן, האָט מען גענוצט די „קאַלטע" זאַל וואָס איז געווען אָפּגעשלאָסן אום ווינטער, אָדער גאָר דעם דאָך צווישן די זעק „ליסקע" (שאַלעכץ פון דער רעטשקע וואָס מען האָט געהאַט צו הייצן דעם אויוון אָדער די הרובע...). אָדער — מען האָט זיך טאַקע „איינגעהאַלטן" ביז עס איז געוואָרן נאַכט, און מען האָט געקאָנט „לויפן" הינטער דער שיל...

איצט — אַזוי פיל יאָרן נאָך דעם, צוגעוואוינט שוין צו די מאָדערנע צימערן, צום „היגיענישן פּאַפּיר" און נאָך אַזעלכע מאָדערנע זאַכן וואָס מען נוצט צום מענטשלעכן געברויך, איצט פרעג איך זיך ניט איינמאָל:

— ווי אַזוי זיינען מיר אויסגעוואַקסן געוואָרן און ווי אַזוי האָבן מיר געלעבט און ווי אַזוי זיינען מיר דאָרט נישט אויסגעשטאָרבן יונגערהייט אין אַזעלכע אומווייסנדע און אומריינע אַנטיהיגיענישע באַדינגונגען?

דאָס דאָזיקע בלייבט טאַקע פאַר מיר אַ רעטעניש. דער פאַקט איז, אַז טראָץ די אַלע שווערע באַדינגונגען פון לעבן — האָט מען געלעבט! און... לאַנג געלעבט!

ק א פ י ט ל  פ י נ ף

# טעפּליקער מלמדים, חדרים און טעפּליקער „ועד החנוך"

טעפּליקער מלמדים. — דער „קאַטשאַן" — דער שרעק פון די קינדער. — יאָסל „שעסטאָפּאַליעץ", וואָס ווערט אַן אמעריקאנער אַללרייטניק. — נפתלי מלמד מיט זיין ראשית דעת. — גדליה מלמד מיט זיינע דריי טעכטער. — עליע שיכמאַן מיט זיין גראַבאַרניע. — זיין זון וואָס ענדיקט אינזשעניער. — די מסירה. — זאַגריי, די העכסטע מדרגה! — דער חדר מסוכן, אַ העברעאישע גימנאַזיע. — משהלע קניאַזשאַנסקי וואָס ווערט אַ באַרימטער דאָקטאָר. — מיין ברודער אברהם וואָס לערנט בלויז תנ"ך און דקדוק. — די „שטאָט פּאַרהערערס. — דער טעפּליקער „ועד החינוך". — זעליק גערשאָנאָוו און זיין „סנהדרין". — איך געווין דעם „וועט" ווער איז דאָס בעסטע אינגל אין טעפּליק. — מיר גיבן אַרויס אַ העברעאישן זשורנאַל. — צו עלף יאָר ווער איך „רעדאַקטאָר" פון אַ געשריבענעם העברעאישן „זשורנאַל" „הנוער" (די יוגנט). — דער „זשורנאַל" שטעלט זיך אָפּ צוליב אַ סקאַנדאַל מיט אַן... „אלף"

מיין שטעטעלע טעפּליק האָט געהאַט אַ שם אין גאַנצן אומגעגנט, מיט די בעסטע מלמדים וואָס עס האָט פאַרמאָגט. טעפּליקער מלמדים און, להבדל טעפּליקער פערד־גנבים, האָבן געשמט אויף עטלעכע הונדערט וויאָרסט אַרום. איז טאַקע קיין חידוש ניט געווען וואָס מען פלעג קומען פון די ווייטסטע ישובים און „קרעטשמעס" און איבערלאָזן די קינדער אין „שטאָט" ביי דעם אָדער יענעם מלמד אויף „אַלעם־גרייטן!" און „אַלעם־גרייטן" האָט געהייסן: ניאַנטשען דאָס קינד, ברענגען אַ העמער וואַסער ווען מען האָט גערדאַרפט, גיין קוילען אַן עוף, „פּאָלגן אַ גאַנג" און אַז עס איז געבליבן צייט — האָט מען מיטן בחורל געלערנט אויך...

וואָס יאָ, עסן האָט מען געגעבן דעם „פּענסיאָניסט" מיט דער פולער האַנט ווייל — אַז ווי וואָלט געווען דעם מלמד און דער מלמדקע ווען דער ישובניק קומט און טרעפט דאָס קינד „איינגעדאַרט" אָדער דאָס קינד זאָל זיך קלאָגן אַז מען גיט אים וויניק עסן.

און פאַרוואָס זאָל מען אים געבן ווייניק עסן? אז אייער און אַן עוף ברענגט דער ישובניק כמעט אַלע זונטיקדיקן מאַרק אָדער מאָנטיקדיקן יאַ־דיד. און אַ שטיקל פּוטער מיט אַ „לאַדישטשיק זויערמילך" ברענגט מען אויך, אָדער מען שיקט צו מיט אַ באַקאַנטן גוי וואָס פאָרט אין שטאָט אַריין, און אַ גרינע אוגערקע ברענגט מען אויך דעם קינד און דאָס און יענץ נעמט מען אויך מיט דעם קינד, נעבעך, וואָס מוז „אַרויסקוקן אויף דער מלמדקעס פּאַפּראַווע" — (אַזוי געווייינלעך פלעגט די ישובניצע זיך קלאָגן) און אחרי ככלות הכל, האָט מען דעם מלמד געצאָלט ״י פאַר „קעסט" אי פאַר שכר לימוד! פלעגן טאַקע די מלמדים אין טעפּליק האָבן נישט קיין שלעכט לעבן ביים רבונו של עולם, בפרט נאָך, ווען אייניקע פון זיי האָבן, אַ חוץ דעם לערנען — אונטערגעהאַנדלט, אָדער — געפירט אַ „פאַברי־קאַציע"...

אַזוי צי אַזוי, די טעפּליקער מלמדים האָבן געשמט פאַר אידן מיט תורה און דער עיקר — זיי „האַלטן דיסציפּלין"! און וואָס האָט געהייסן האַלטן „דיסציפּלין"? — האָבן מיר קליינע קינדער געוואוסט און געפילט אויף אונזערע פּלייצעס.

געווען, למשל, ביי אונז אַ מלמד, דער „קאַטשאַן"! אַזוי האָט מען אים גערופן. זיין שלאָגן קאָן ניט באַשריבן ווערן און קאָן ניט אויסגעמאָלט ווערן אפילו מען זאָל זיין דער גרעסטער קינסטלער. ביי דעם דאָזיקן קאַטשאַן, איז ניט געווען קיין פראַגע פאַרוואָס? ער האָט געשלאָגן ווען מען האָט זיך „פאַרדינט" און האָט געשלאָגן ווען מען האָט זיך ניט פאַרדינט! דער קאַ־טשאַן האָט געקאָנט צעהרגענען, צעמיימיתן אַ קינד, ווייל ער האָט אין מיטן „זאָגן אַ פּסוק" — אַ ניס געטון; ער פלעגט שלאָגן פאַר קומען שפּעט אין חדר און פלעגט הרגענען טאָמער איז מען געקומען... צו פרי! ער פלעגט קנייפּן, בייסן, ציען פאַרן אויער, און אפילו טרעטן מיט די פיס, אויב דאָס קינד האָט נישט געוואוסט „וואו מען האַלט". דאָס איז ביי אים געווען דאָס ערגסטע. ניט וויסן „וואו מען האַלט" ווען דער „טיש" האָט פּסוקימווייז געלערנט אַ קאַפּיטל חומש. פאַר ניט אַריינקוקן און נאָכפּאָלגן דעם „זאָגער" איז מען געווען חייב מיתה.

און מיינט ניט אַז די קינדער וואָס זיינען געגאַנגען צום „קאַטשאַן" זיינען געווען... עלנטע יתומים, וואָס האָבן ניט געהאַט ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר זיי. חלילה! צום „קאַטשאַן" זיינען גראָד געגאַנגען באַלעבאַ־טישע קינדער, און פיינע קינדער. און די טאַטעס און די מאַמעס האָבן גע־וואוסט, אַז דער „קאַטשאַן" איז אַ מערדער און אַז „נאָר" די הענט מעגן

אים „אָפּדאַרן״, אָבער — מען דאַרף מודה זיין, ער איז געווען אַ גוטער מלמד. די קינדער האָבן געהאַט אַ גוטע „פּעולה״ ביי אים. און וואָס איז דער חידוש? מען האָט געלערנט פאַר מורא, כאָטש מען האָט געוואוסט, אַז מען וועט סיי ווי כאַפּן אין די זייטן אַריין.

דערפאַר, אַז עס האָט זיך געענדיקט דער „זמן״ אָדער די צוויי „זמנים״ וואָס מען האָט געלערנט ביים קאַטשאַן און מען איז אַריבער אין די „העכערע״ גראַדן, דאָס הייסט, צו גרעסערע מלמדים, דאַן האָט מען דעם קאַטשאַן נישט איינמאָל געוואָרפן אַ שטיין אָדער אָנגערייצט אַ שגץ מיט אַ הונט, ווען דער קאַטשאַן איז געגאַנגען פון שיל.

איך האָב אָפּגעגעבן דעם „קאַטשאַן״ אַזוי פיל פּלאַץ, ווייל ער איז געווען דער פּראָטאָטיפּ פון קליינשטעטלדיקן מלמד. און פאַר נאָך אַ זאַך... אַ קוריאָז בפירוש.

צוריק מיט אַ פּאָר חדשים פאַרן אָנהויבן שרייבן מיינע „קאַפּיטלען״ טרעף איך זיך מיט מיינעם אַ חבר, טאַקע אַ חבר וואָס ער איז געגאַנגען מיט מיר אין איין חדר, יאַנקל ווישניאַק, הייסט ער, און דערציילנדיק אים, אַז איך גיי שרייבן און באַשרייבן אונזער טעפּליקער לעבן, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— איין זאַך בעט איך דיך. ווען דו וועסט שרייבן וועגן די מלמדים, דערצייל פאַר דער וועלט ווער דער „קאַטשאַן״ איז געווען. אים, זיין שלאָגן, זיינע בוכענצעס, וועל איך געדענקען ביזן גרוב אַריין.

דער דאָזיקער חבר מיינער איז שוין היינט אַ... זיידע. און דאָך, געדענקט ער, און קאָן נישט מוחל זיין דעם קאַטשאַן זיינע מערהעררישע קלעפּ.

איך פון מיין זייט, בין זיי אים מוחל במחילה שלמה. פאַרגעסן אָבער — קאָן איך זיי נישט. דוכט זיך, אַז איך פיל זיי נאָך איצט אין טעם...

דער „קאַטשאַן״ איז אָבער ניט געווען דער איינציקער „שלעגער״ ביי אונז. אַנדער מלמדים האָבן אויך געשלאָגן, אָבער מיט אַ „טאָלק״ און דער עיקר — ווען מען האָט זיך פאַרדינט!

ווי שוין געזאָגט איז דער „קאַטשאַן״ געווען שוין אַ „דרדקי״ מלמד. ביי אים האָט מען שוין אָנגעהויבן חומש. פאַר אים מיט אַ „גראַד״ נידעריקער איז געווען אַ מלמד האָט ער געלערנט „קאָמעץ אַלף — אָ״, „קאָמעץ בית — באָ״! געווען איז דאָס אַן אָנפאַנגס-מלמל. אַ מענטש אַ ריז, וואָס איז נאָך אַ חוץ דעם געבוירן געוואָרן מיט אַ מזל צו האָבן זעקס פינגער אויף דער רעכטער האַנט. האָט מען אים גערופן יאָסל „שעסטאָפּאַל״ און דער זעקסטער פינגער, אַביסל אַן אויסגעקרומטער איז דערגאַנגען די

יאָרן די קליינע עופהלעך און דער עיקר — זייערע יונגע זייטעלעך. ער פלעגט מיטן זעקסטן פינגער געבן אַ רוק אין אַ זייט, האָט מען דערזען יענע וועלט. פון איינעם אַזאַ רוק מיר אין דער זייט, — און אַלט געווען בין איך דעמאָלט גאַנצע... פערטהאַלבן יאָר, — האָט מען מיך, דעם צווייטן טאָג גע־טראָגן אויף די הענט צו משה רופא און דעם קלאַפּ האָב איך געפילט אַ צענדליק יאָר... נאָך דער חתונה.

מיינט איר, אַז פאַר אָט דעם רוק אין דער זייט איז די מאַמע געלאָפן אים אויסדראַפּען די אויגן אָדער דער טאַטע דענונסירן צו דער פּאָליציי און פאַרפירן קעגן אים אַ משפּט? חלילה! עס איז געווען אַזוי נאַטירלעך, ווי עס איז געווען נאַטירלעך, אַז מאַקסים סמאָזשענקאָ מוז שלאָגן זיין ווייב, און דער מאַן וואָס שלאָגט ניט דאָס ווייב — איז קיין מאַן ניט — אַזוי האָט מאַקסים געטענהט. דאָס איינציקע בלויז, וואָס מען האָט געטון — מען האָט מיך און נאָך אַ פּאָר קינדער אָפּגענומען פון חדר און ביזן סוף זמן איז ער געבליבן אָן אַ קנעלונג און ער האָט געמוזט אוועק... קיין אַמעריקע.

מיט יאָרן שפּעטער זיינען מיר געוואָר געוואָרן אַז יאָסל שעסטאַפּאָל איז אין אַמעריקע „אָלרייט", איז געוואָרן אַ שניידער און עס אַרבעטן ביי אים אין „שאָפּ" אפשר 100 מאַן.

אַ פיינערער מלמד, אַ שטילער, רואיקער און שוין אַ שטיק אינטעלי־גענט, איז געווען נפתלי מלמד.

דער דאָזיקער מלמד איז געווען אַ שטיק „אפּיקורס". ער האָט שוין געלערנט לויט דער „נייער מעטאָדע". ביי אים האָט מען שוין געזאָגט „אָ" אָנשטאָט „או". למשל, אַז די עטלעכע אינגלעך האָבן געדאַווענט בציבור האָבן זיי אָנשטאָט „בוריך אתה ד„ " ווי מען פלעגט געוויינלעך ביי אונז זאָגן — האָט מען ביי נפתלי מלמד שוין געזאָגט ברוך אתה א.א.וו.

איין גרויסן חסרון האָט ער נפתלי מלמד געהאַט פאַר אונז קינדער. ער איז געווען געוואַלדיק איינגעליבט אין... „ראשית דעת" פון מ. קרינסקי. ביי אים האָט מען אָנגעהויבן דעם ראשית דעת, און ווען מען האָט געהאַלטן סוף זמן האָט מען די לעצטע קאַפּיטלען געקאָנט אויסנווייניק

און, האָט מען אויפגעמישט דעם ראשית דעת, האָט מען די טרוקענע מאָנאָטאָנע ווערטער געדראַפּט זאָגן שנעל ווי אַ וואַסער...

דערפאַר אָבער, האָט ער קיינמאָל אויף זיין לעבן קיין האַנט נישט גע־ליינט אויף קיין קינד, און — אַז אַ קינד איז קראַנק געוואָרן, פלעגט ער אים קומען מבקר חולה זיין צוויי מאָל אין טאָג. אינדערפרי — ביים גיין דאַווענען שחרית און ביינאַכט — נאָך מעריב.

א ליבהאַרציקן מלמד האָבן מיר, טעפּליקער חברה געהאַט. האָט ער געהייסן גדליה מלמד. ער איז אפשר דער איינציקער וואָס האָט זיך מיר איינגעבאַקן אין זכרון און אין האַרצן צוליב זיין אינגל איציק רויפמאַן (וואו איז ער איצט?) וואָס איז געבליבן מיין חבר אַ סך יאָרן.

דער דאָזיקער גדליה מלמד איז געזעסן אונטער דער בראַצלאַווער קלויז, טאַקע אין אונטערשטן „שטאָק". זיין „דירה" איז באַשטאַנען פון איין גרויסן חדר וואָס איז געווען איבערצוימט מיט אַ שפּאַניער ווענטל וואו די „ספּאַלניע" (שלאָפצימער) איז געווען. די דאָזיקע דירה האָט ער געקראָגן בחינם. ער האָט בלויז געדאַרפט צושטעלן שלוש סעודות אַלע שבת פאַר אַ פּאָר מנינים אידן. און אַזוי ווי די רביצן, כאָטש אַ קרענקלעכע, איז געווען אַ גרויסע בריה, האָט זי שוין אויסגעדרייט אַזוי, אַז דער שלוש סעו־דות זאָל קאָסטן אַ שבוש...

ביי גדליה מלמד האָט מען געלערנט חומש מיט רש"י, און אפילו מיטן „מלבים". זיין „ספּעציאַליטעט" איז געווען אויסלערנען די קינדער „מעביר" זיין די סדרה און מיט דער צייט — לייענען אין דער תורה.

אַן עלטערער איד און אַ קרענקלעכער, איז ער געווען גדליה מלמד. ווען איך האָב ביי אים געלערנט, בין איך נאָך קיין זעקס יאָר ניט אַלט גע־ווען, איז שוין דעמאָלט, האָט ער געהוסט און געקרעכצט. ווען איך האָב אים געזען צום לעצטן מאָל — בין איך אַלט געווען 16 יאָר, האָט ער נאָך אַלץ געהוסט און געקרעכצט און געמלמדעוועט. ער איז קיינמאָל צו קיין דאָקטאָר ניט געגאַנגען, קיינמאָל אויף קיין קוראָרט נישט געפאָרן, ער האָט קוים גע־האַט אויף ברויט און אויף קיין רעצעפּטן האָט אים זיכער ניט געסטאַיעט. דאָך האָט ער דערלעבט אַן עלטער ביז אין די 70־ער יאָרן. און געשטאָרבן איז ער, מיט זיין פרוי, ניט מיט זייער טויט. די ערשטע באַנדע „וואָלינ־צעס" וואָס איז אַריין קיין טעפּליק, האָט אים און זיין פרוי דערהרגעט...

געהאַט האָט גדליה מלמד דריי טעכטער. די יונגסטע, גאָר גאָר אַ שיי־נע, די מיטלסטע כמו אַ שיינע און די עלטסטע, נישט פאַר קיין שום פרוי געדאַכט — אַ מיאוסע און טאַקע אַן עלטערע מויד. און ווי אויף צו להכעיס האָבן זיך צו זיי קיין שדכנים נישט געיאַוועט... די עלטערע האָט שוין יאָ־קאָס יאָ חתונה געהאַט פאַר אַן אַלמן פון קובליטש, איז ער געווען צווישן די ערשטע הרוגים פון די פּאָגראָמען און זי איז ווידער געווען ביים טאַטן. און ווען גדליה מלמד, ווען די חדר אינגלעך פלעגן שטאַרק ליב האָבן, פלעגט אַ קרעכץ טאָן, פלעגן מיר, חדר אינגלעך וויסן, אַז דאָס קרעכצט ער ניט בלויז דערפאַר, וואָס משיח קומט נאָך ניט — נאָר ער קרעכצט קוקנדיק אויף

זיינע דריי מיידן, וועלכע גייען ארום נאַקעט און באָרוועס, שעמען זיך צו גיין ארבעטן (פּאַרט באַלעבאַטישע קינדער) און ווען נאָך חלילה פאַרזיצן...

פון גדליה מלמד האָבן די חדר אינגלעך געהאַט צוויי וועגן: אָדער צו עלי שיכמאַן צו לערנען גמרא מיט תוספות און אין איינוועגס אריינכאַפּן א „ביכל" ווי אשמות שומרון, „אהבת ציון", אָדער צום זאגרייען, א מאָדערנעם מלמד וואָס האָט געלערנט דקדוק, תנ"ך און אויפן מאָדערנעם שטייגער.

צו עלי שיכמאַן האָבן אלע קינדער געהאַט א גרויסן חשק צו גיין.

ערשטנס, איז ער גלאַט געווען א גוטער בטבע און אָנשטאָט א קאַנטשיק, האָט ער באַנוצט א „ווירעלע", וועלכע ער פלעגט צעברעכן אלע מאָנטיק און דאָנערשטיק.

צווייטנס, איז ער געווען א קורצזיכטיקער. ער פלעגט טראָגן גרויסע גראָבע ברילן, און ווען ער פלעגט זיך לאָזן צו אייך מיט אָן אימפּעט, האָט איר זיך געקאָנט צען מאָל ארויסדרייען פון זיינע הענט און ער זאָל אייך ניט דערזען.

ער, שיכמאַן איז געווען דער היפּוך פון „קאַטשאַן". דער קאַטשאַן, אז ער האָט געוואָלט טרעפן א אינגל מיט דעם רימענעם פּאַס, אָדער מיטן יאַמשענעם „פּיזשעלקע" און, על פּי טעות, האָט ער געטראָפן א צווייט קינד איבערן פּלייצעלע, האָט עס אים נישט געאַרט. פאַרקערט, עס האָט אים נאָך הנאה געטון וואָס נאָך א קינד טוט וויי. עלי שיכמאַן אָבער, וויסנדיק, אז ער דערזעט ניט און קאָן חלילה טרעפן אָן אומשולדיק קינד, האָט שוין בעסער אים מוחל געווען, אבי נישט שלאָגן אָן אומשולדיקן און דערפאַר טאַקע האָט מען אים ליב געהאַט.

אָבער געווען נאָך אורזאַכן, פאַרוואָס מען זאָל עלי שיכמאַן ליב האָבן.

ערשטנס, איז ער געווען דער איינציקער מלמד וואָס האָט געהאַט ביי זיך אַזאַ מין „ביבליאָטעק". ער האָט געהאַט אויבן, אויף דער פּאָליצע, א דריי צענדליק העברעאישע ביכלעך פון סמאָלענסקין, אברהם מאפּו, און אַנדערע, וועלכע ער פלעגט אונז חדר אינגלעך לייען אויף „פּראָקאַט". מיר האָבן אים געצאָלט „חודש־געלט" און עס פלעגט אים אריינפאַלן א שיינע פּאָר גראָשן א מאָנאַט. כמעט אלע „ביכער" זיינען געווען פאַרנומען ביי זיינע חשובע לייענער־תלמידים... אָבער נישט בלויז פאַר לייען אונז ביכלעך, איז מען געווען צוגעבונדן צו עלי שיכמאַן. ער האָט נאָך געהאַט א גרויסע מעלה: ער פלעגט אונז דערציילן מעשיות! מעשיות שרעקלעכע פון שדים, פון רוחות אָבער דער עיקר מעשיות האָט ער דערציילט — פון בעל

שם און פון זיינע מופתים און דערציילט האָט ער זיי, אַזוי נאַטירלעך, אַזוי פּשוט, אַז עס האָט זיך אונז אויסגעוויזן, אַז אָט פּאַרט דער בעל שם און אָט זעען מיר אים שטיין אין מיטן פעלד און... מזוג זווגים זיין...

דערציילן די מעשיות פלעגט ער, מערסטנטייל ווינטער. באַלד ווי עס איז געוואָרן נאַכט האָט מען אַפילו קיין לאָמפּ נישט אָנגעצונדן, נאָר אַזוי, זיצנדיק אַלע איינגעקאַרטשעט, פלעגן מיר נישט אַרויסלאָזנדיק קיין דוך פון זיך — אויסהערן אַלע נאַכט אַן אַנדער מעשה...

געקנעלט האָט עלי שיכמאַן מיט אַ גרויס חדר. ער האָט געוואוינט ענג, אַז קיין דריי מענטשן האָבן זיך דאָרט נישט געקאָנט אויסדרייען. אָבער, אַ טייל פּרנסה זיינע איז געווען — גראַבאַרניע. מאַכן „פּאַסטעלעס" פאַר די גויים. די גראַבאַרניע איז טאַקע געווען אונטן אין קעלער פון דער שטוב און דער „ריח" פון דער פעל האָט אונז געשטיקט אין האַלז. אָבער, ווער האָט זיך דען געטראַכט פון גיין קלאָגן. אדרבא, מען פלעגט טורנעווייז, גיין אין קעלער און העלפן דרייען די גראַבאַרניע.

העלפן דעם רבין אין גראַבאַרניע, איז געווען אי אַ מצוה, אי אַ סגולה צו זיין ביים רבין אַ געצאַצקעט קינד, וועט ער געבן אַ ביסל אַהיים און למאי פאַרלייקענען, ער וועט נישט דערלאַנגען מיטן ווירעלע... אַ חוץ דעם זענט איר געוואָרן אַ „מיוחס" ביים רבין און האָט געקאָנט ביי אים פּועלן, ער זאָל דערציילן דאָס מעשהלע וואָס אייך גלוסט זיך הערן, מעג זיין אַפילו צום צענטן מאָל.

אָט למשל האָב איך ליב געהאַט צו הערן ווי אַזוי דער רבי דערציילט פון זיין זון דוד, וואָס איז געוואָרן אַ סטודענט, איז אַוועק קיין קראָקאָוו און לערנט אויף אינזשעניער. דער רבי דערציילט ווי אַזוי אַ בת מלכה איז אים געפאַלן צו די פיס ער זאָל זיך שמדן, וועט זי פאַר אים חתונה האָבן; ווי אַזוי דער גובערנאַטאָר אַליין האָט אים געוואָלט פאַר אַן איידעם, אָבי נאָר ער זאָל זיך שמדן! ווי אַזוי איינמאָל איז סטאָליפּין געקומען אין אוניווערזיטעט און געבעטן דעם גלאַוונע אופּראַווליאַיעשטשע פון אוניווערזיטעט, ער זאָל אים רעקאָמענדירן דעם בעסטן תלמיד פאַר דער קעניגלעכער קאַנצעלאַריע. האָט דער גלאַוונע אופּראַווליאַיעשטשע פון אוניווערזיטעט (ער האָט נישט געוואוסט פונעם וואָרט „רעקטאָר" אָדער „דעקאַן") אים אָנגעוויזן אויף אים, אויף דוד שיכמאַן. ווי סטאָליפּין האָט אים דערזען און זיך צערעדט מיט אים, איז ער „אוסטאַפּיניעט" געוואָרן און אים פאַרגעלייגט זיך תיכף שמדן, וועט ער אים מאַכן פאַר גאָר גאָר אַ גרויסן שררה...

דוד שיכמאַן האָט אָבער אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— „אַ איד בין איך געבוירן און אַ איד וועל איך שטאַרבן"!

אַזוי פלעגט אונז עלי שיכמאַן דערציילן וועגן זיין געראַטענעם זון. אַז עס פלעגן קומען די קאַניקולן (וואַקאַציעס) און דוד שיכמאַן מיט זיין סטו־דענטסקע קאַקאַרדע און די בלישטשענדיקע קנעפּ אויף דער טעזשורקע, ווען ער פלעגט קומען אהיים, פלעגן מיר, די אינגלעך זיך רוקן צו אים און זיך געפילט גליקלעך ווען דוד האָט אונז אַ גלעט געטאָן אָדער סתם איינעם פון אונז עפּעס אַ פרעג געטאָן.

איין זאַך האָבן מיר געוואוסט אויף זיכער. דוד איז אַ גרויסער מתמיד, לערנט זיך אָן זיין פאָטערס הילף. און כאָטש ער לערנט אין אוניווערזיטעט, קאָן ער נאָך אַ בלאַט גמרא, בעסער פון אונז אַלע.

אונזער ליבע צו עלי שיכמאַן האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן בולטער.

אין אַ שיינעם טאָג, האָט עלי שיכמאַן געמאַכט „שותפות" מיט צוויי מאָדערנע מלמדים, און מען האָט געמאַגט אַ „חדר מתוקן" פון עטלעכע גרופּעס.

מען האָט אָפּגעלערנט בלויז צוויי חדשים און די „סאָסיעדאַד" האָט געמוזט צעלאָזט ווערן. און יעדער איינער האָט גענומען „זיינע" תלמידים צו זיך.

זיינען מיט עלי שיכמאַן נאָכגעגאַנגען אַלע זיינע תלמידים און נאָך מיטגעשלעפּט אַנדערע אויך מיט זיך. דאָס האָט פאַרדראָסן איינעם פון די שותפים און ער האָט געמסרט „אהין וואו מען דאַרף", אַז עלי שיכמאַנס שטוב איז אַנטיהיגיעניש און שעדלעך פאַר קינדער (קיין ליגן איז דאָס גראָד נישט געווען...). איז געקומען דער פּריסטאַוו און צעטריבן דאָס חדר.

וואָס זשע טוט מען? לערנען מוז מען דאָך פאָרט, ווייל זיין הויפּט פּרנסה איז דאָך געווען מלמדות, האָט ער זיך אַריינגעקליבן אין בערשאַדער קלויז און דאָרט, אויף די גרויסע בענק און סטענדערס האָבן מיר זיך געמור־טשעט אַ גאַנצן זמן. אָבער מען דאַרף מודה זיין, קיינער פון די קינדער האָט ניט „דעזערטירט" און איז געבליבן מיטן רבין ביז ענדע זמן...

נאָכן ענדיקן דעם „קורס" ביי עלי שיכמאַן איז ווידער געבליבן פאַר אַ טעפּליקער אינגל צוויי וועגן: אָדער אוועק לערנען צו זאַגרייען און דאָרט לערנען תנ"ך, דקדוק און טאַקע העברעאיש אויך, אָדער אוועקגיין אין קלויז אַריין און דאָרט, ביי דער וואַרעמער הרובע, לערנען אַ בלאַט גמרא.

גיין צו זאַגרייען איז געווען די שטרעבונג פון יעדן צען־יאָריקן בחור. ווער ווייסט צי ביי אונז, יונגוואַרג, איז נישט געווען ליבער גיין צו זאַגרייען ווי למשל אָנטאָן דעם גימנאַזיסטישן מונדיר מיט דער „קאַקאַרדע" אויפן

קאָפּ און ווערן אַ גימנאַזיסט... דער אומגליק אָבער איז געווען, וואָס זאַגריי האָט נישט גענומען ווייניקער ווי 25 רובל אַ זמן. דאָס איז געווען כמעט אַ פאַנטאַסטישע סומע פאַר אַ סך חדר־אינגלעך, וועמענס עלטערן זיינען גע־ווען געוואוינט צו צאָלן, אפילו אין חדר „מתוכן" העכסטנס צען רובל אַ זמן, אי דאָס ניט מיט אַמאָל, חלילה...

דערפאַר טאַקע האָט זאַגריי געהאַט ווייניק קינדער, אָבער — די בעסטע וואָס די שטאָט האָט אַרויסגעגעבן. חברה, וואָס האָבן געקאָנט זיך פאַרגינען קאָנען ישעיהו אויף אויסנווייניק, און, אויב איר ווילט — גאַנץ תרי עשר. וואָס יאָ, אַ גרויסע מעלה האָט געהאַט זאַגרייס חדר. ערשטנס, איז ער געשטאַנען נעבן דער בריק און ווינטער האָט מען געקאָנט דאָרט באַפּן אַ „פּריקאַטאַזשקע" אפילו מיט אַ שליטעלע. צווייטנס, האָט זאַגריי נישט געשלאָגן. ווען ניט ווען אַ דריי ביים אויער! און דריטנס האָט ער גע־האַט אַ טבע, אַז בעת איר האָט געלערנט האָט ער „געזאָגט" מיט אייך און פאַר אייך. אַזוי, אַז תמיד האָט איר געוואוסט, „וואו מען האַלט" און די טייטש פון פּסוק.

אין די לעצטע יאָרן פון זאַגרייס ממשלה, האָט זיך אין טעפּליק גע־שאַפן אַ גאַנץ נישקשהדיקע אידישע שולע, טאַקע אין אַמתער חדר „מתוכן", אַ שותפות פון עטלעכע לערער וואָס האָבן געהאַט מוט אַ נאָמען געבן זייער שולע... העברעאישע „גימנאַזיע".

דאָס וואָרט גימנאַזיע איז אַן און פאַר זיך, געווען אַ צוציאונגס־קראַפט פון די טעפּליקער חברה יאַטן, און אין יעדן שטוב האָט זיך געהערט... יללות פון קינדער: זיי ווילן גיין אין „גימנאַזיע". די „גימנאַזיע", האָט אויסגע־נוצט דעם פּסיכאָז פאַר די קינדער און האָט געשטעלט הויכע פּרייזן פאַר שכר לימוד פון דרייסיק קערבלעך און העכער. אָבער, דאָס האָט נישט אָפּ־געהאַלטן די עלטערן פון צו שיקן אַהין די קינדער און צום ערשטן חודש לערנען איז די „גימנאַזיע" געוואָרן איבערפולט.

פאַרשטייט זיך, אַז די מלמדים האָבן זיך אַרומגעקוקט אַז דער חדר מתוכן המכונה, „העברעאישע גימנאַזיע", וועט זיי רואינירן, האָט מען אָנ־געהויבן גראָבן אונטער איר. און זיי האָבן לאַנג נישט געדאַרפט גראָבן. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָבן זיך אַ סך עלטערן אַרומגעקוקט, אַז אין גימנאַזיע לערנט מען נישט און די קינדער פאַרגעסן צו ביסלעך וואָס זיי קאָנען און נאָך פאַר ענדע זמן האָט זיך די גימנאַזיע אָנגעהויבן צעפאַלן. אַ סך אינגלעך זיינען אַוועק צו די פריערדיקע מלמדים, און אייניקע וואוילקענענדיקע אינגּ־לעך, האָבן אָנגעהויבן געבן „לעקציעס" אין שטוב.

צווישן די לעקציע געבער האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין קאָפּ דאָס געשטאַלט פון אַ יונגן סטודענט, אַ מתמיד וואָס האָט געהייסן משהלע קניאַזשאַנסקי. דער דאָזיקער סטודענט איז געוואַקסן ביי אָרימע עלטערן. דער פאָטער זיינער, אַ אידישער לערער פון „שרייבן", איז זייער יונג אָפּגעשטאָרבן און די מוטער זיינע צפּורה, האָט אים דערצויגן און אים דערנערט דערפון וואָס זי האָט פאַרקויפט הייוון אין מאַרק. פון אָט די הייוון, וועלכע זיינען געווען אַ גאַנגבאַר אַרטיקל בלויז דינסטיק און דאָנערשטיק (ביים באַקן ברויט און חלה) האָט משהלע זיך געלערנט אידיש און רוסיש ביז עס איז געקומען די צייט ער זאָל אַוועק קיין קאַרקאָוו און אַריין אין גימנאַזיע. שפּעטער איז ער געקומען קיין טעפּליק, געגעבן לעקציעס אין רוסיש און העברעאיש און... זיך ווייטער געלערנט, ביז ער איז געוואָרן אַ דאָקטאָר. און אַ באַרימטער דאָקטאָר אין קיעווער אוניווערזיטעט.

שוין זייענדיק אין אַרגענטינע בין איך געוואָר געוואָרן, אַז משהלע קניאַזשאַנסקי איז מיט אַן עראָפּלאַן געבראַכט געוואָרן קיין מאָסקווע צו היילן אַ געוויסן סאָוועטישן גדול. אַזאַ גרויסער דאָקטאָר איז ער געוואָרן.

איינער פון די בעסטע מלמדים וואָס האָט זיך גענומען צו דער „פּראָפעסיע" ווען די „גימנאַזיע" איז זיך צעפאַלן איז געווען מיין ברודער אברהם ע"ה. אָבער אַלס „מלמד" האָט ער אויסגעהאַלטן בלויז איין זמן. אַ גרויסער ליבהאָבער פון תנ"ך און דקדוק, האָט ער נישט אָנגענומען קיין קינדער אונטער אַ געוויסן עלטער און געוואָלט לערנען מיט די קינדער באַטש... 20 שעה אַ טאָג, כדי זיי זאָלן — איידער זיי פאַרלאָזן דאָס חדר — קאָנען תנ"ך אויסנווייניק לפּחות.

נאָכן ערשטן זמן, איז ער קראַנק געוואָרן אויפן האַרץ און די דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן „מלמדעווען".

:: :: ::

אַ חוץ די מלמדים, האָבן מיר, טעפּליקער אינגלעך, געהאַט אויף אונזער קאָפּ, אַ גאַנצע גרופּע פון „שטאָט־פאַרהערער" די דאָזיקע אידן, אין דער שפּיץ פון וועלכע עס איז געשטאַנען דער גרעסטער טעפּליקער משכיל און תלמיד חכם, זעליג גערשונאָוו ע"ה, פלעגן אויסקלויבן די בעסטע קינדער פון די גרעסטע חדרים און זיי פּריוויט פאַרנאַכט נעמען אויפן פאַרהער. דער „עקזאַמען" פלעגט פאָרקומען נעבן זעליג גערשונאָווס קלייט, צווישן די פּעסלעך הערינג, פלעגן זיך די אידן אויסזעצן אַרום אין אַ קרייז, און מען האָט גענומען פאַרהערן: וועמען — תנ"ך, וועמען אַ בלאַט גמרא, און אַ צווייטן, אַ פּשוטן פּסוק חומש מיט רש"י.

איין עקזאַמען אַזאַ איז מיר געבליבן אין זכרון מיין גאַנץ לעבן.

עס איז געגאַנגען צו געווינען דעם „קאַמפּעאַנאַט": ווער איז דאָס „בעסטע" אינגל אין שטאָט. דאָס „בעסטע" מיינט צו זאָגן, ווער קאָן בעסער לערנען.

אַלט געווען בין איך דעמאָלט עלף יאָר, און פון די 10 אינגלעך וואָס מען האָט אויסגעקליבן, זיינען ביסלעכוויז, ביסלעכוויז אַרויסגעפאַלן גאַנצע אַכט קינדער, און געבליבן זיינען מיר צוויי. וועלוול נוסקים און יאַנקל דעכטיאַר.

יאַנקל דעכטיאַר איז געווען זייער אַ וואוילער תלמיד. ער האָט קיינמאָל ניט געלערנט און דאָך געקענט.. ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן זכרון. ער האָט אָבער פיינט געהאַט תנ"ך. דאָס בעסטע איז ביי אים געווען דער תלמוד, דערהויפּט בבא מציאה.

ביי זעליג גערשונאָוו און זיינע פאַרהערערס איז אָבער דער „שנים אוחזין בטלית" געווען אַ קנאַפּע מציאה, זיי האָבן געוואָלט, אַז מען זאָל קאָנען משלי, ישעיהו, און אפילו תהילים אויסנווייניק דאָרט, ביי יענע „מאַטעריעס" איז שוין וועלוול נוסקים געווען אַ כוואַט. און ווען זעליג גערשונאָוו האָט געפרעגט:

וואו שטייט ערגעץ: „כי צו לצו — צו לצו קו לקו — קו לקו?" האָט יאַנקל דעכטיאַר נישט געוואוסט אפילו צי עס שטייט אין תנ"ך און וועלוול נוסקים האָט אָנגעוויזן, אַז עס שטייט אין ישעיהו, קאַפּיטל און פּסוק, און פריער שטייט דאָס און דאָס, און דערנאָך שטייט דאָס און דאָס.

אַזוי איז געווען ביי אַ צווייטער פראַגע: וואו שטייט: — הבן יקיר לי אפרים?

יאַנקל דעכטיאַר האָט געזאָגט, אַז עס איז אַ פּסוק פון פּייט, ווייטער איז דאָס אין ערגעץ ניטאָ און וועלוול נוסקים האָט געזאָגט:

עס שטייט אין ירמיהו, קאַפּיטל און פּסוק, און פריער גייט דאָס, דערנאָך יענער פּסוק. און אַזוי ווייטער און ווייטער.

דער סוף איז געוואָרן, אַז איך האָב געוואונען דעם „קאַמפּעאַנאַט" און די קרוין פון „בעסטן אינגל אין שטאָט".

יאַנקל דעכטיאַר האָט נישט געפילט צו מיר קיין שום קנאה און אדרבא, פון דעמאָלט אָן זיינען מיר געוואָרן די בעסטע חברים אויפן גאַנצן לעבן (אין טעפּליק) און צוזאַמען האָבן מיר אָנגעהויבן פּלאַנעווען „אַרויסגעבן" אַ... העברעאישן „זשורנאַל" פאַר דער יוגנט.

געזאָגט און געטאָן.

חברה יונגוואַרג פון 10 און 11 יאָר, זעצן זיך אַוועק, „שרייבן" אַן העברעאישע אַרטיקלען. דערנאָך זעצט מען אַוועק עטלעכע יאַטן וואָס האָבן אַ שיינעם „פּאַטשערעק" און מען שרייבט עס איבער אויף גרויסע בויגנס פּאַפּיר און עס ווערט אַ „ציימונג". די דאָזיקע ציימונג צעהענגען מיר אין אַלע בתי מדרשים אויף די ווענט און אידן האָבן פון וואָס... צו רעדן.

דער זשורנאַל האָט געהייסן „הנוער" („די יוגנט") און מיט גרויסע געכתבעטע אותיות האָט זיך אויבן געזאָגט:

„העורך זאב צרנוביצקה".

אָבער די „ציימונג" האָט געהאַט זייער ווייניק „יאָרן". די „ציימונג" האָט זיך פאַרמאַכט מיט אַ סקאַנדאַל צוליב אַן אומשולדיקער... „אלף" (א).

געשען איז אָט וואָס:

מיר האָבן פאַרשפּעטיקט אַביסל מיט דער ציימונג און זי פאַרענדיקט פרייטיק פאַר ליכט בענטשן. פרייטיק צונאַכטס ביי קבלת־שבת האָבן אידן משכילים לייענענדיק די ציימונג געפונען דאָרט אַ „געוואַלדיקע" גרייז. נעמלעך:

יאַנקל דעכטיאַר, וועלכער האָט זיך ליב געהאַט צו וואַרפן מיט גמרא ווערטער, האָט אין אַן אַרטיקל אַריינגעשטעלט דאָס וואָרט „במטותא" (בבקשה) און אָנשטאָט צו שרייבן לסוף אַן אלף, האָט ער געשטעלט אַ „ה".

האָבן אידן אָנגעהויבן שרייען: גראָבע יונגען, עם הארץ! אַזאַ אומגליק!

וואָס זשע טוט יאַנקל דעכטיאַר? ער שטייט אויף שבת פאַרטאָג, גייט איבער אַלע קלויזן, וואו די ציימונג האָט געהאַנגען, מעקט אָפּ די „ה" און שרייבט צו פון אויבן אַן „אלף".

איז ערשט געוואָרן דער אמתער סקאַנדאַל. מחלל שבת זיין! גויים! שקצים! און —

די „ציימונג" האָט שוין מער נישט געקאָנט אַרויסגיין.

## קאפיטל זעקס

# ווי אַזוי האָבן געוואוינט טעפּליקער אידן?

טעפּליקער הייזער און טעפּליקער „פּאלאצן"!—הייזער פון ליים און שטרוי און הייזער פון ציגל און בלעך. — דער „פּידאַשעק", דאָס וויכטיקסטע פּלאַץ ביי דער שטוב וואו אידן האָבן, שבת נאָכן קוגל, זיך געאַמפּערט וועגן דער וועלט־פּאָליטיק. — די „סטאָלאָווע" מיטן אַלטן מעבל פון שנים קדמוניות. — דער „טיש" וואָס קלאַפּט אויס מיט די פאָדערשטע פיס אַלערליי „נביאות". — די בענקלעך וואָס האַלטן זיך אויף דריי פיסלעך. — דער גרויסער קעראָסין־לאָמפּ וואָס רויכערט און טשאַדעט — די „פּאָדוואָינע" פענצטער וואָס לאָזן ניט צו קיין קעלט. — די „ספּאַלני" פון טאַטע־מאַמע מיט די צוויי הילצערנע בעטן. — דער „אָקאָלאָט" שטרוי אַנשטאָט אַ „קאָל־טשאָן". — די „איבערבעטן" וואָס וואַרעמען אויס יעדער אבר. — די געמויערטע שאַפע מיטן טכוירענעם טילעב און מאַמעס רעטאָנדע. די שכנה וואָס האָט געדונגען אַ ספּאַלני און וואַרט אויף אַ שיפסקאַרטע פון מאַן פון אַמעריקע. — די הרובע מיטן אָפּגעריבענעם קאַלך. — די קיך מיט די צוויי גרויסע פענצטער. — דער פּאָס באָרשטש אין איין זייט און די דיישקע וואַסער פון דער אַנדערער זייט — דאָס פּסחדיקע געפעס. — דער אויוון און „אפּנאויוון", דער פּריפּע־טשיק. — דער בוידעם און די ליסקע (שאָלעכטס פון רעטשקע). די צוויי „פענצטער" אין דאַך וואָס עפענען זיך בלויז... סוכות.

ווי אַזוי האָבן זיך באַוואוינט טעפּליקער אידן? ווי אזוי האָבן טעפּלי־קער אידן זיך אויסגעלעבט זייערע יאָרן וואוינענדיק דאָס גאַנצע לעבן אין איין און דער זעלבער שטוב

ווען איך גיי שרייבן וועגן טעפּליקער הייזער, געבן זיך מיר באלד א שטעל אוועק פאר די אויגן עטלעכע פּאַר „פּליטקע" און „טיפע" גאַלאשען וואָס שטייען אין קאָרידאָר באלד ביים עפענען די טיר. עס שטייט מיר אויך פאר די אויגן דער אייזערנער שטענגל, פארשאפּט דעם שפּיץ, כדי אָפּצור־רייניקן די בלאָטע פון די שטיוול ביים אריינגייען...

ווען איך וויל שרייבן וועגן טעפּליקער הייזער, טעפּליקער וואוינונגען, נעם זיך אַלס ביישפּיל, נישט בלויז די שטוב וואו א י ך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. נאָר אויך — איך שטעל זיך פאָר און באשרייב טאָקע —

די רייכערע הייזער ווי חייקע פישערס, אַלטער האַרעוויצס, זעליג גערשו־נאָווס און די אָ ר י מ ע ר ע, אָבער באַלעבאַטישע וואוינונגען, ווי גדליה מלמדס, מאָטיע קרופּניקס אָדער סתם אַ אידנס אַן אָרימאַנס וואוינונג, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי אָדער דריי צימערן און וואו עס האָבן זיך אַרומ־געדרייט העכער אַ האַלב טוץ און אַפּט־אָפּט אַ ג אַ נ ץ טוץ קינדערלעך און אייניקלעך.

טעפּליק האָט פאַרמאָגט דרייערליי הייזער: די גרעסטע טייל באַלע־באַטישע. דאָס הייסט: געבויט פון ליימענע ציגל און געדעקט דעם דאַך מיט בלעך אָדער רויטן טשערעפּ. אַן אַנדער טייל הייזער, דערהויפּט אין די „הינ־טערגאַסן", זיינען געווען געבויט פון ערד און בלאָטע און די דעכער גע־דעקט מיט שטרוי. אַ דריטע טייל הייזער, זייער זייער ווייניק אין צאָל, זיי־נען עס געווען אַזוי גערופענע פּ אַ ל אַ צ ן, פעסט געבויטע, אַ סך צי־מערן, עטלעכע בוימער פאַר דער טיר, און פון פאָרנט — נישט פאַרבויט נאָר אַרומגענומענע מיט „שטאַכעטן" און אַ מין גערטנדל פון בלומען אינ־מיטן. די שטאַכעטן זיינען געווען אַ שמירה קעגן די ציגן! אָבער די באַלע־באַטים פון די הייזער האָבן געהאַט געברענט צרות פון אונז, חברה יאַטן, וועלכע פלעגן נעמען אַ ברעטל און רייבנדיק איבער די שטאַכעטן מאַכנדיק זיך אַ שפּילעכל אַזאַ, פון וועלכן די באַלעבאַסטע פון הויז פלעגט טויב ווערן פון דעם טומל וואָס דאָס רייבן אין די שטאַכעטן האָט אָנגעמאַכט. צום גליק פאַר די טעפּליקער אידן, זיינען דאָרט געווען זייער ווייניק אַזוינע פּאַלאַצן וואָס האָבן געהאַט אַ פריי פּלאַץ פון פאָרנט און מיט שטכעטן אַרומגע־נומענע.

די דאָזיקע שטאַכעטן האָבן אָבער עטלעכע טעג אין יאָר געבראַכט גרויסע נוצן זייערע באַלעבאַטים ווי בכלל די אידן פון די גאַסן וואו אַזעלכע הייזער זיינען געווען. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען מיר, אַכט־צען־יאָריקע קינדער פלעגן גיין פאַרטאָג מיט אונזערע טאַטעס זאָגן סליחות. ד אַ ן, פלעגן מיר מיט די שטעקעלעך פירן איבער די שטאַכעטן און געטון אַ גרויסע טובה נחמן לאַדיזשענסקי אָדער איציק ראובנס וואָס מיר האָבן זיי אויפגעוועקט צו עבודת הבורא מיט אונזער קלאַפּן...

וועל איך איצט מיט אייך אַריינשפּאַצירן אין אַ געוויינלעכער באַלע־באַטישער שטוב וואָס שטייט אין איינער פון די צענטראַלע גאַסן נאָענט צום מאַרק.

דאָס וויכטיקסטע ביי דער שטוב איז געווען דער „פידאַשעק" (באַל־קאָן). כמעט אַלע הייזער אין דער צענטראַלער גאַס האָבן געהאַט אָדער צוויי

גאָרן אָדער סתם אַ קעלער אונטן, אַזוי, אַז עס איז געווען אַ פּידאַשעק, וואו זומער פּאַרנאַכט האָט מען ארויסגעשטעלט בענקלעך, געזעסן און געכאַפּט לופט", אָדער מען האָט געשטריקט אַ זאָק אָדער גאָר מען האָט סתם גע־באַלאַקעט מיט דער שכנה פון צווייטן פּידאַשעק.

דאָס באַלאַקען אויפן פּידאַשעק איז געווען איינגעטיילט לויטן „סעקס". זיינען אויפן פּידאַשעק געזעסן די ווייבער, די באַלעבאָסטע פון שטוב, איז דער געשפּרעך געווען וועגן... עסן! איינע האָט דערציילט די מציאות ביי די פיש און די אַנדערע האָט דערציילט וועגן די גענז אויף פּסח וואָס זי האָט איינגעהאנדלט און שוין אַריינגעוואָרפן אין שטייג. האָט מען זיך צערעדט וועגן די גענז, איז אַוועק אַ סדרה מיט גענז, שמאַלץ, אַדיערקעס און גריוון. דערביי האָט מען ניט פאַרגעסן צו דערציילן וויפל פעדערן מען האָט און וויפל איבערבעטן מען האָט און וויפל קישן מען דאַרף האָבן אויף איינצו־טיילן אַלע קינדער בעטגעוואַנט.

אַן אַנדערש מאָל איז דער געשפּרעך געווען וועגן... אָנבייסן (מיטיק), וועגן דעם געראָטענעם ברויט אָדער חלה, וועגן די געראָטענע אוגערקעס אָדער גאָר וועגן יקרות פון וועלכן עס איז ניט אויסצוהאַלטן!

אין אַלגעמיין אָבער, איז דער פּידאַשעק געווען דאָס טרעף־פּלאַץ און דאָס אָפּרו־אָרט פאַר די שכנות אויב... נו, אויב זיי זיינען ניט געווען צע־קריגט און ברוגז אויף „מעסער שטעכן".

דאָס זעלבע, אין אַ גרעסערער מאָס האָט געדינט דער פּידאַשעק פאַרן „מוזשעסקי פּאָל", פאַר די מענער! זיי פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן דאָרט, און ניט בלויז די צוויי שכנים פוןביידע הייזער — נאָר סתם אידן באַקאַנטע און באַפריינדעטע, און אויף די טרעפּ פון פּידאַשעק, אייניקע זיצנדיק און די אַנדערע שטייענדיק, האָט מען גערעדט פון „פּאָליטיק", באַשטימט דעם גורל פונעם טערק און פונעם גריך, אויסגעדריקט מיטלייד מיט די אַרמענער און בני־ביה אַ לופטער געטון סטאָליפּינס פּאָליטיק און די רעדע פון פּור־רישקעוויטשן אין גאָסודאַרסטווענע דומאַ.

אויף די טרעפּ פון דעם דאָזיקן פּידאַשעק האָט מען שוין אויך אַרומ־גערעדט וועגן דער טאַקסע, וועגן די קומענדע וויבאָרעס פאַר סטאַראָסטאַ, וועגן משהלע חזן וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען היינטיקן שבת און וועגן איצי שרה נעכעס וואָס האָט זיך — נאָך אָפּלעבן 30 יאָר מיט זיין אידענע און האָבן קינדער און קינדס־קינדער, זי אָפּגעגט און אַוועק קיין אַמעריקע. בכלל איז אַמעריקע געווען די הויפּט טעמע פון די זיצערס אויפן פּידאַשעק און אויף די טרעפּ פון פּידאַשעק! די ווייבער פלעגן ריידן און אַרומריידן

וועגן יענע צענדליקער „לעבעדיקע אלמנות‟, וועמענס מענער זיינען אוועק קיין אַמעריקע. מען האָט גערעדט מיט קנאה וועגן י ע נ ע וועלכע באַקו־מען פון די מענער געלט און „פיקטשעס‟ און טאַקע שיפסקאַרטעס אויך, און מען האָט באַדויערט י ע נ ע וועלכע הערן ניט פון מאַן חדשים און יאָרן און סברא גאָר, אַז ער האָט שוין דאָרט חתונה געהאַט פאַר צווייטער, און ענדיקן פלעגט מען:

— אַ מצוה אויף איר! זי איז געוועזן אַ קלאַפּטע און אים דערגאַנגען די יאָרן, ווייל זי נאָך ער זאָל זי אַריבערנעמען צו זיך כדי זי זאָל אים ד אָ ר ט אויך אָפּדרייען דעם קאָפּ...

די מענער ווידער, האָבן דערציילט די גרויסע גליקן פון אַמעריקע וואו יעדער איינער קאָן ווערן אַ פּרעזידענט און ווי דער פּרעזידענט טאַפּט איז אינגלווייז ארומגעלאָפן באָרוועס און פאַרקויפט צייטונגען, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו ווערן אַ פּרעזידענט!

אַ צווייטער האָט דערציילט, אַז זיין זון שרייבט אים, אַז אין אַמעריקע זיינען פאַראַן אַ סך אידישע... סטראַזשניקעס און פּריסטאַוועס און אפילו מיראָוואָי סודיאַס זיינען פאַראַן אידן!

ווערט אַ געלעכטער צווישן די פּידאַשעק־זיצערס און עס ווייזט זיך אַרויס אַז אייניקע ווייסן שוין פון לאַנג אַז אין אַמעריקע זיינען אפילו פאַ־ראַן אידישע גובערנאַטאָרן און אידישע פּראָקוראָרן (פאַר אַ פּראָקוראָר האָט אַ טעפּליקער איד געהאַט גרויס דרך ארץ, כאָטש ער האָט אים אויף זיין לעבן ניט געזען) און אין אַמעריקע איז אפילו פאַראַן אַ געזעץ, אַז אויב אַ אידישער קצב פאַרקויפט טריף פלייש פאַר כשרם, גייט ער זיצן אויף אַ יאָר צייט!...

די פּידאַשעק זיצערס פלעגן אַזוי אָפּריידן אַ פּאָר שעה צייט און פון פּידאַשעק איז מען געגאַנגען דאַווענען מנחה.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט לענגער וועגן טעפּליקער פּידאַשעק ווייל אַ שטוב אָן אַ פּידאַשעק איז ביי אונז קיין שטוב נישט געווען. און דאָרט וואו קיין פּידאַשעק איז ניט געווען און מען איז מיט די בלאָטיקע שטיוול אַריין גלייך אין סטאָלאָווע, האָט זיך די עקרת הבית טאַקע פאַרשאָלטן די יאָר...

באַלד נאָכן פּידאַשעק האָט זיך אויפגעעפנט די טיר און מען איז אַריין אין „סטאָלאָווע‟. די סטאָלאָווע איז געווען דער „עס־צימער‟, וואו עס איז אויך געשטאַנען אַ „קאָמאָד‟ אין וועלכן מען האָט געהאַלטן, טלית און תפילין, סדורים און מחזורים, אַ חומשל און אַ בענטשערל און גלאַט שמות.

דער דאָזיקער „קאָמאָד‟ איז אַריינגעפאַלן... דרשה געשאַנק פון אַ פעטער

ווען טאַטע־מאַמע האָבן חתונה געהאַט. א י ד בין געבוירן געוואָרן אַ יאָר דרייסיק נאָך זייער חתונה און דער קאָמאָד איז אַלץ געשטאַנען און מען האָט אים גאָרניט געטראַכט צו בייטן.

אין מיטן סטאָלאָווע איז געשטאַנען אַ טיש. וואָס אויב ער איז ניט געווען עלטער, איז ער יונגער זיכער נישט געווען פון קאָמאָד! דער דאָזיקער טיש איז אָבער געווען איינער פון די ווינציקע טישן וואָס אין טעפּליק האָבן זיך געפונען! ער איז געווען אַ „וואָראָזשבים", אַ טרעפער! ער פלעגט אויס־קלאַפּן מיט די פאָדערשטע פיסלעך אַלץ וואָס מען האָט אים געפרעגט!

איצט, פערציק און מער יאָר נאָך יענער פּאַסירונג, שטייט מיר אַלץ פאַר די אויגן ווי גלייך נעכטן זאָל דאָס האָבן געשען און דאָך פאַרשטיי איך עס ניט! מען פלעגט זיך צונויפקומען צו אונז אין שטוב אַריין שכנים און קרובים. מען האָט זיך אויסגעזעצט אויף די בענק און בענקלעך, מען האָט דערלאַנגט „כיבוד". נאָכדעם האָט מען זיך גענומען צום „ספּעקטאַקל".

אייניקע פון די בייוועזנדע — פּינף אין צאָל — פלעגן זיך אוועק־שטעלן אַרום טיש. דריי אין דער ברייט און צו איין פּערזאָן אין יעדער זייט, מען פלעגט אַרויפלייגן די הענט אויפן טיש און האַלטן 15 מינוט! און מערקווירדיק. דער זעלבער טיש וועלכער איז צוריק מיט 15 מינוט געווען שווער מיט רוחות און קיינער האָט אים ניט געקאָנט אַ ריר טון פון אָרט, איז פּלוצים געוואָרן גרינג ווי אַ פעדער און ווי נאָר מען האָט אים אַ זאָג געטון: „טישעלע, הייב זיך" — אַזוי האָט ער אויפגעהויבן די פעדערשטע פיס ווי אַ הינטעלע ווען מען לערנט אים „סלוזש".

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פרעגעניש! די הויפּט פראַגעס זיינען געווען: „וויפל געלט האָב איך אין קעשענע?", וויפל בין איך אַלט? וויפל איז י ע נ ע ר אַלט? און צו וואָס פאַרלייקענען? — אָט די פראַגע האָט שיעור געבראַכט צו אַ טראַגעדיע ביי אונז ווען מיינער אַ פעטער האָט אַ פרעג געטון דאָס טישעלע, וויפל איז אַלט זיין אידענע — די צווייטע פרוי וועלכע האָט זיך געהאַלטן יונגער מיט צען יאָר פון מיין פעטער. דאָס טי־שעלע האָט אויסגעקלאַפּט ביז... 43 יאָר און מיין מומע האָט זיך געשוואוירן, אַז דער טיש זאָגט אַ ליגן! זי דאַרף דריי וואָכן נאָך פּסח קומפּלירן 35 יאָר. איז געוואָרן אַ געלעכטער און מיין מומע האָט אָנגעהויבן וויינען היסטעריש און מען האָט זי קוים אָפּגעראַטעוועט. עס האָט דערנאָך געהאַלטן ביי אַ גט, ווייל די מומע האָט געזאָגט, אַז דער פעטער האָט זי אומיסטן „פאַרנאַרט" צו אונז אין הויז כדי דורכן... טיש געוואוירע ווערן וויפל זי איז אַלט!

אַ שאָד בלויז וואָס טעפּליקער אידן האָבן ניט געוואוסט פון קיין לאָ־

טעריעס און פון קיין „גראנדעס"! ווען ניט וואָלט מען שטענדיק געקאָנט וויסן ביים טישעלע, מיט וואָס עס וועט אַרויס די גראנדע און טעפּליקער אידן וואָלטן געווען גבירים עשירים און ניט געדאַרפט אזוי אָפּבידעווען א לעבן און זיך זאָרגן וואו נעמט מען אויף שבת.

בענקלעך זיינען אין שטוב געווען זייער ווייניק! דערפאַר אָבער זיינען געווען עטלעכע גרויסע, שיין פּאָלירטע, בענק וועלכע מען האָט גענוצט טאָג טעגלעך. זעט איר, אַז עס איז געקומען אַ יום־טוב, פלעגט מען אַרויסטראָגן פון דער „קאַלטער זאַל" די געבעטע בענקלעך און די בענק האָט מען אַריינגעשטעלט אַהין.

אין סטאָלאָווע איז אויך געשטאַנען אַ הילצערנע, ניט געבעטע „סאָפאַ", וועלכע פלעגט דינען — אויף באַנאַכט — פאַר אַ בעט פאַר איינעם אָדער צוויי קינדער צוזאַמען. און אַז מען האָט געדאַרפט, פלעגט מען צופּראַווען צו דער סאָפאַ נאָך אַ ברעט וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, אָדער מען האָט צוגעשטעלט אַ באַנק, דאַן זיינען צ וו יי אָדער ד ר יי קינדער געשלאָפן בהרחבה און האָבן מעגלעך, געהאַט אַ געשמאַקערן שלאָף ווי אַלטער האַרעוויצעס קינדער וואָס זיינען געשלאָפן אין אַ באַזונדערער ספּאַלני און אויף פּליושענע דיוואַנען! דערפאַר האָט אָבער, דאָס שלאָפן אין סטאָלאָווע, געהאַט אַ גרויסן חסרון! מען האָט געמוזט אויפשטיין פרי, ווייל דער טאַטע פלעגט זיך אויפכאַפּן פאַרטאָג, צוגרייטן זיך צו דער רייזע אויפן יאַריד אָדער האָט געדאַוונט אין דער היים און דווקא מיטן נוסח אויפן קול. אָדער נאָר, די שותפים זיינען געקומען זיך צוגרייטן צום מארק־טאָג. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ פאַל, פלעגן די קליינוואַרג איבערגיין אין טאַטנס בעט צו פאַרענדיקן דאָס שלאָפן, אָבער — דער שלאָף איז שוין געווען אַן איבערגעריסענער.

איך וואָלט ניט ריכטיק פאַרענדיקט מיטן „אָפּמאָלן" די סטאָלאָווע פון טעפּליקער אידן ווען איך זאָל ניט דערמאָנען דאָס „פּאָדוואָינע" פענצטער, וואָס די סטאָלאָווע האָט פאַרמאָגט און אין וועלכן עס איז אַריין קנאַפּע זון סיי זומער סיי ווינטער, פּשוט צוליב דעם ווייל דעם שכנס שטוב וועלכע איז אינגאַנצן געווען אַן אַרשין אָפּגעטיילט פון דער שטוב, האָט ניט צוגעלאָזט קיין זון און לופט. דאָך אַז עס פלעגט קומען דער ליבער ווינטער איז געווען דאָס בעסטע פאַרגעניגן צו זיצן ביים פענצטער אויף דער באַנק און זיך צוקוקן צו די „קווייטן" וואָס דער פראָסט האָט אויסגעמאָלט אויף די פאַרפרוירענע טאַפליעס און מען איז ניט אַוועקגעגאַנגען פון פענצטער ביז די מאַמע האָט ניט אָנגעהויבן שרייען, אַז מען זאָל זיך אָפּטראָגן פון דאָרט

ווייל הינטנאָרום יאָגט אַ ווינטעלע און מען קען זיך, חלילה, צוקילן...

פון דער סטאָלאָווע האָבן זיך געצויגן די „וועגן“ צו די איבעריקע ציר־מערן. אַלע טירן זיינען אַריינגעגאַנגען אין סטאָלאָווע אַריין. איין טיר האָט געפירט צו דער ספּאַלני פון טאַטע־מאַמע. דאָרט זיינען געשטאַנען צ וו יי הילצערנע בעטן, איין בעט — דער מאַמעס איז געווען קראַנק אויף אַ פיס האָט מען אונטערגעלייגט אַ שטיין און אַזוי איז דאָס בעט געשטאַנען יאָרן און יאָרן און אויף אָט דעם דריי־פיסלדיקן בעט זיינען געבוירן געוואָרן ד ר יי צ ן קינדערלעך און שפּעטער — אַ פּאָר אייניקלעך!... ביידע בעטן האָבן פאַרמאָגט — אַלס קאָלטשאָנען — צוויי אַקאָלאָט שטרוי וועלכע מען פלעגט בייטן עטלעכע מאָל אין יאָר. אָן ספק, אַז אָט די אַקאָלאָטן שטרוי האָבן ווייניקער געקוועטשט און מען איז אויף זיי בעסער געשלאָפן ווי אויף די היינטיקע מאָדערנע „פולמאַן“ קאָלטשאָנען. דערפאַר אָבער האָט מען אַלס צודעק געהאַט גוטע וואַרעמע איבערבעטן פון וועלכע עס האָט זיך ניט גע־גלוסט אַרויסקריכן. און אַז גאָט האָט נאָך געהאָלפן דער טאַטע האָט פאַר־טאָג איינגעהייצט די הרובע וועלכע איז אויך „אַריינגעגאַנגען“ אין טאַטנס ספּאַלני, האָט זיך שוין ג אָ ר נ י ט געגלוסט אַרויסגיין פון אונטערן איבערבעט.

צווישן ביידע בעטן איז געשטאַנען אַ קליין טישעלע אויף וועלכן מען פלעגט אַוועקשטעלן דאָס „קאַרנעצל“ (אַ קליין לעמפּעלע) וועלכעס מען פלעגט אָנצינדן כדי זיך זען וואו אויסצוטון. עס איז אויך געשטאַנען אויפן טישעלע דער וועקזייגער, וועלכן דער טאַטע האָט אַוועקגעשטעלט ער זאָל ניט פאַרשלאָפן צו פאָרן אויפן יאַריד און ער פלעגט אויפשטיין אַ פּאָר שעה פאַרטאָג און געוואַרט ביז די שותפים מיט מאַכטיי דעם בעל עגלה זיינען געקומען אים רופן.

אין דער זייט, אויף דער וואַנט, האָט געהאַנגען אַ „שפּיגעלע“, אָט פון יענע שפּיגעלעך וועלכע מען קויפט אין מאַרק פאַר צען גראַשן און ביי אַ דראָטל הענגט מען עס אויף. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס שפּיגעלע האָט גע־נוצט ניט צו... פודערן זיך, נאָר פשוט זיך צו פאַרקעמען.

קיין הילצערנעם פּאָל האָט די ספּאַלני ניט פאַרמאָגט. קיין טירן וואָס זאָלן זיך פעסט פאַרמאַכן — אויך ניט. פאַר זיך, האָט טאַטע־מאַמע גענו־מען די „ערגסטע“ ספּאַלני, און די בעסערע, די מאָדערנסטע ווי די מיטל־סטע ספּאַלני וואָס האָט שוין געהאַט אי אַ פּאָל, אי גוטע טירן, האָט מען אָפּגעגעבן פאַר דער חתונה געהאַטער טאָכטער וועלכע איז מיט איר מאַן

געוועזן אויף קעסט אין שטוב און וועלכע האָבן שוין געהאַט א פּאָר קינ־דערלעך אויך.

געוועזן נאָך א דריטע ספּאַלני אין וועלכער עס האָט געוואוינט דער חתונה געהאַטער ברודער און האָט שוין אויך געהאַט א פּאָר קינדערלעך...

אינדערזייט, באַלד ביים אַריינגיין, איז געוועזן די גרויסע „קאַלטע" זאַל, וועלכע האָט געהאַט צוויי פּעריאָדן צו דינען דער פאַמיליע. זומער פּלעגט מען זי עפענען, וואשן צוויי מאָל אין וואָך דעם פּאָל און ווען־ניט־ווען איז מען אריינגעגאַנגען אַהין, אָדער ווען עס האָט געדאַרפט קומען א חתן אָנ־קוקן די מויד פון דער שטוב — האָט מען אים אַריינגעפירט אין אָט דער „זאַל". דער דאָזיקער גרויסער צימער איז געוועזן דער איינציקער וואָס האָט געהאַט גענוג ליכט און לופט, ווייל זיינע פענצטער זיינען ארויסגעגאַנגען גלייך אינדרויסן און ניט אין דער „וויליצע" פון וואַנען די איבעריקע צי־מערן האָבן געצויגן זייער קנאַפּן ליכט און נאָך וויניקער פרישע לופט...

מעבל האָט די זאַל געהאַט זייער אַלטמאָדיש! ניט בלויז איך אָדער דאָס עלטערע שוועסטערל, נאָר אפילו דער עלטסטער ברודער וואָס איז גע־ווען עלטער פון אַלעמען מיט א פּאָר און צוואַנציק יאָר האָט אויך ניט גע־דענקט ווען מען האָט דאָס מעבל איינגעקויפט. און כאָטש דאָס מעבל איז געווען אזוי אַלט, איז דאָס נאָך געווען שטאַרק ווי אייזן, ווייל נאָך אַלעמען האָט מען עס דאָך אזוי זעלטן גענוצט! און ווען אפילו מען האָט שוין יאָ געהאַלטן אָפן די „קאַלטע זאַל" האָט מען אונז אָנגעזאָגט און געהיט, אַז מיר זאָלן חלילה ניט אָנרירן די געבעטע „קאַנאַפּע" (א דיוואַן אזעלכער), מיר זאָלן זיך ניט זעצן אויף איר, ווייל זי ווערט צעקנייטשט! און ווי אויף צו להכעיס, האָב איך ליב געהאַט דווקא זיך צעלייגן ווי א פריץ איבער דער קאַנאַפּע און פאַרזוכן דעם טעם פון א גבירס א קינד...

אין זאַל זיינען אויך געווען צוויי שאַפעס. איינע אַן איינגעמויערטע אין דער וואַנט וואו עס האָט געהאַנגען דער... טכוירענער טילעב, דער מאַמעס רעטאָנדע, און נאָך א פּאָר יקר המציאותן פון טאַטע מאַמע. אַהין, צו דער שאַפע, פלעגן מיר קינדער זעלטן צוטרעטן. די צווייטע שאַפע, איז שוין געווען „אונזערע", די קינדערס. דאָרט האָט געהאַנגען דער נייער קאָסטיום וואָס מען האָט מיר געמאַכט אויף פּסח, דער שוועסטערס „גאַרדעראָב" און אפילו איר חתונה־צושטייער וואָס זי פלעגט זיך באַצייטנס אָנגרייטן.

יאָרנווייז, געדענק איך, זיינען די טירן פון דער שפע געווען ניט מיט אַלעמען. זיי פלעגן צוגעשטעלט ווערן צו דער טיר און אַז מען איז דורכ־געגאַנגען אָדער מען האָט זיי עפעס א טשעפּע געטון, פלעגן זיי ארויספאַלן.

ביז אין א נאכט, ווען איך בין שוין געווען א יתום און שוין געהאט א שטיפמאמע, און דער טאטע איז אוועקגעפאָרן אויף א שבת קיין אומאַן און א י ך מיט דער שטיפמאמע זיינען געבליבן די איינציקע אין שטוב. פאַר־גלוסט זיך דער קאַץ — אינמיטן דער האַלבער נאכט — צו פאַרטשעפּען די טיר פון דער שאפע און אין זאל הערט זיך א מוראדיקער טראַך. גראָד האָט אין יענער צייט זיך געטומלט מיט א באנדע גנבים און מערדער וואָס האָבן זיך זאַנאַדעט קיין טעפּליק און געהאַלטן אין איין אויסליידיקן אידישע הייזער. און אזוי ווי די מומע (אזוי האָב איך — על פּי געזעץ — געדאַרפט רופן די שטיפמאמע) האָט געהאַלטן אינמיטן חלומען פון אָט די גנבים און באנדיטן, הערט זיך אָט דער טראַך. און זי כאַפּט זיך אויף א דערשראָקענע און האַלב טויטע, עפנט אויף דאָס פענצטער פון ספּאַלני און שרייט ק אַ ־ ר אַ או ל! גוואַלט!

דאָס שטעטל איז אַלאַרמירט געוואָרן שכנים זיינען זיך צונויפגעלאָפן און מען האָט געטראָפן די קאַץ זיצן נעבן דער צעבראָכענער טיר פון דער שאפע!...

ווען דער טאַטע איז אין א פּאָר טעג ארום געקומען פון אומאַן, האָט ער שוין געטראָפן די טיר פון דער שאפע צורעכט געמאכט און יאָקל סטאָ־ליאַר האָט געמאָנט צוויי קערבלעך פאַר מלאכה־געלט. און דער טאַטע — וועמענס פּרנסה איז דעמאָלט געווען ניט אזוי גלענצנד — האָט געקרעכצט און הינטער דער נאָז געמורמלט, אַז 30 יאָר איז די טיר געווען אזוי און זי האָט קיינעם ניט פּרישקילעט (מאָלעסטירט) און איצט האָט מען זיך גע־איילט מיט א ז א הוצאה...

אין „זאל" האָט געהאַנגען א גרויסער „צוועלפער" לאָמפּ. אָבער, ווער ווייסט צו אין גאַנצן יאָר האָט מען אַהין אריינגעגאָסן צוויי פונט קעראָסען. גענוצט האָט מען די קליינע לעמפּעלעך, וועלכע מען האָט געטראָגן פון אַל־קיר אין אַלקיר און תיכף ווי מען האָט זיך אויסגעטון, זיי פאַרלאָשן.

א חוץ די צימערן וואָס די פאַמיליע האָט פאַרנומען, האָט מען איין אַלקיר (ספּאַלני) פאַרדונגען פאַר א שכנה. מיטן פאַרדונגען דעם צימער איז מען אויסן געווען האָבן א קליינע הכנסה פון דער שטוב כדי צו דעקן די הוצאות פון... אויסשמירן און צורעכט מאַכן דעם דאַך, און אין דער זעלבער צייט האָט מען טאַקע געוואָלט, אַז עס זאָל זיין היימעלכער און דערהויפּט זאָל די מאמע האָבן מיט וועמען א וואָרט אויסצוריידן.

אזעלכע שכנות זיינען געווען לרוב פון יענע פרויען וועמענס מענער זיינען אוועק אין דער ווייטער וועלט אריין, קיין אמעריקע אָדער ארגענטינע,

און זיי — די ווייבער, ווארטן אויף שיפסקארטעס אָדער לפּחות אויף געלט.

ניט איינמאָל איז ביי אונז אין שטוב געווען א יום־טובדיקע שטימונג, ווייל שרה־נעכבע האָט באקומען א „לעטער" און עטלעכע דאָלאר פון איר מאַן. די פרייד האָט ארומגענומען די גאַנצע שטוב און די מאמע האָט צו־זאמען מיט דער שכנה געוויינט פאר פרייד און זיך געקושט גלייך ווי מען זאָל אָנזאָגן די בשורה, אז א זון איז באפרייט געוואָרן פון פריזיוו. דעסט־גלייכן האָבן מיר געפילט דעם טרויער, ווען עס פלעגן אוועקגיין חדשים און חדשים און עס איז ניט אָנגעקומען קיין וואָרט פון דער שכנהס מאַן, און זי האָט ניט באצאָלט דאָס דירה געלט פארן לעצטן יאָר... פונדעסטוועגן, ווער וואָלט עס געוואגט צו טראכטן אפילו, אז מען זאָל ביי דער שכנה מאָנען דירה־געלט אָדער זי סטראשען מיט ארויסזעצן פון דער דירה. בכלל, געדענק איך ניט מיין גאַנץ לעבן, אז אין טעפּליק זאָל מען געבן א אידן א „דעסאלאָ־כאָ", ווייל ער איז שולדיק דירה געלט.

פונקט פארקערט! גראָד האָט זיך מיר גוט איינגעקריצט אין זכרון אָט יענע טעג, וואָכן און חדשים וואָס די שכנה האָט פון איר מאַן ניט באקומען קיין ידיעה אפשר א יאָר צייט. נו, האָט מען ווינטער געהייצט די הרובע גלייך מיט אַלע, און זיך געטיילט מיט די געבראָטענע קארטאָפל, גלייך מיט אַלע קינדער! און דער טאַטע און די מאַמע האָבן גוט אכטונג געגעבן, צו די שכנה קאָכט אָנבייסן און וואָס זי קאָכט, ווייל מען האָט זיך געזאָרגט, אז עס זאָל איר גאָר ניט פעלן. און כאָטש, איין גאָט ווייסט דעם אמת ווי אזוי די פרנסה איז דעמאָלט געווען, דאָך, איז קיין פראגע ניט געווען פון פאָדערן דעם צימער אָדער ניט הייצן די הרובע...

:: :: ::

איר קאָנט שוין די גאַנצע שטוב. דאָס וויכטיקסטע פלאַץ פון דער שטוב — די קיך, קאָנט איר נאָך ניט. וועל איך אייך איצט באקאָנען מיט טעפּליקער אידישע קיכן, וועלכע מיר זעען שוין ניט און וועלן שוין אזעלכע קיכן ניט זען!...

איין אריינגאַנג פון דער סטאָלאָווע, איז געווען אין קיך אריין. דער דאָזיקער אריינגאַנג האָט ניט געהאַט קיין טיר און עס וואָלט אויך אומעג־לעך געווען דאָרט א טיר, ווייל מען האָט זיך געדרייט הונדערט מאָל א טאָג דורך יענעם דורכגאַנג.

באַלד ווי מען האָט איבערגעשפּאַנט די שוועל פון קיך האָט, איבער קאָפּ, געהאַנגען א גרויסע „פּאָליצע" דאָס איז געווען דאָס פלאַץ פאר די זעקס־זיבן ברויט וואָס די מאמע האָט דינסטיק אָפּגעבאַקן און וואָס האָבן

געסטייעט ביז פרייטיק און פרייטיק האָט מען אָרויפגעלייגט די חלה און די קוילעטשן וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון אויוון. אויף צו דערלאַנגען אַ קוילעטש אָדער אַ ברויט, האָט מען זיך ארויפגעשטעלט אויף אַ בענקל, אָדער מיט דעם שטעקן פון דער לאָפּעטע אָדער קאָטשערע אַזוי לאַנג גע־רוקט ביז דאָס ברויט איז אַראָפּגעפאַלן און מען האָט עס אַ פּאַק געטון!

זעלטן זעלטן פלעגט זיך אויך טרעפן, אַז מען האָט געגעסן ברויט פון „פּעקאַרניע" (פּאַנאַדעריע) דאָס פלעגט זיך טרעפן, אָדער מאַנטיק ווייל עס זיינען געווען אורחים שבת אָדער אידן אויף קידוש און מען האָט די חלה אויפגעגעסן און זונטיק איז מען שוין אויסגעקומען קוים, קוים! אָדער — עס פלעגט טרעפן אין אַ דאָנערשטיק, ווען עס האָט אויסגעפעלט דאָס איי־גענע, היימישע ברויט און מען האָט געמוזט אָנקומען צו גבריאל בעקער. און כאָטש ביי גבריאל בעקער איז דאָס ברויט געווען פריש און פון טאָג, האָט מען דאָך בעסער ליב געהאַט דאָס היימישע אַלט־געבאַקענע ברויט איי־דער דאָס ברויט פון בעקער.

אַ שפּאַן ווייטער, שטייט די דיישקע וואַסער איבערגעדעקט מיט אַ דעק און אויף דער דעק אַ קופּערנע קוואָרט מיט צוויי הענטלעך. די קוואָרט איז אויך אַ ירושה פון עט־עט ווער ווייסט וויפל דורות צוריק.

די דיישקע איז כמעט תמיד פול. יאַנקל דער טויבער וואָס האָט נאָך געטראָגן וואַסער צום זיידן ע"ה טראָגט אויך אונז אַלע טאָג צוויי „מאָל", דאָס הייסט פ י ר עמער וואַסער און נעבט זעכציק קאָפּיקעס אַ חודש און פרייטיק — אַ פרישן „פּידפּאַלעק".

דאָך, האָט זיך געטראָפן, דערהויפּט זומער צייט, ווען דער טאַטע פלעגט נעמען אויף דער נאַכט אַ עמער און ברענגען אַ פרישן עמער וואַ־סער, און האָט מחיה געווען די גאַנצע שטוב מיט אַ קאַלטן געטראַנק. ווער ווייסט צי מען האָט היינט אַזוי הנאה פון די קאַלטע געטראַנקען וואָס מען נעמט אַרויס פון עלעקטרישן אייזקאַסטן, ווי דעמאָלט פון דער פּשוטער וואַסער וואָס מען האָט געטרונקען פון עמער.

און מערקווירדיק. די קרענעצע איז געווען נעבן דער באָד אָדער אַ צוויי־טע וואָס איז געשטאַנען נעבן בוקאָווסקיס אַפּטייק. מען האָט געטראָגן די עמערס וואַסער אָפן און דער שטויב און פּאַרעך זיינען אַהין אַריין אומגע־שטערט. איבערן וועג פלעגט מען אָפּשטעלן דעם וואַסערטרעגער צען מאָל און מען האָט געבעטן אַ טרינק, פלעגט ער קיינעם ניט אָפּזאָגן און מען האָט געטרונקען פון עמער! עס האָבן געטרונקען שקאָצים וואָס זיינען געווען קראַנק אויף אַלערליי אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, זיי האָבן דאָרט איבער־

געזאָזט אַ ביסל סלינע און שפּייעכץ, דערנאָך פלעגט מען אַט די צוויי עמערס וואַסער אַריינגיסן אין פעסל און גלייך געטרונקען און דאָך האָט זיך קיינער ניט אָנגעשטעקט און קיינער פון אַט דעם אומהיגיענישן, לעבן... און אויב מיר האָבן געהאַט „טשאַכאַטאַטשניקעס" (טובערקולאָזע) איז דאָס געווען פון זיצן 16 שעה איבער דער „קאָלקע" און אַרבעטן אָן זון און אָן לופט.

פונקט אַקעגן דעם פאַס וואַסער איז געשטאַנען דער פאַס מיט באָרשטש וואָס די מאַמע פלעגט איינשטעלן אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר און עס האָט גע־סטייעט פאַר אונז, פאַר דער שכנה און פאַר אַלע פריינט און שכנות אַרום אונז. ווען דער באָרשטש פלעגט אָנהויבן צו „אירן" האָט מען אין קיך ניט געקאָנט אַריינגיין. אָבער מען איז יאָקאָס אַריינגעגאַנגען און מען איז דער־פון ניט געשטאָרבן.

די קיך האָט פאַרמאָגט צוויי גרויסע פענצטער וועלכע זיינען אַרויס־געגאַנגען אין הינטערגעסל און די פענצטער האָט מען קיינמאָל ניט געעפנט ווייל מען קאָן נאָך כאַפּן אַ „צוג־לופט"

נעבן אַט די פענצטער איז געשטאַנען אַ גרויסער טאַפּטשאַן אויף וועלכן מען האָט צוגעגרייט דעם אָנבייסן, געשאַטקעוועט קרויט, געהאַקט קאָטליעטן און געקאַטשעט אַ בלעטל לאָקשן. אין דער זייט האָט זיך געוואַל־גערט דאָס זאַלץ־וויגל און דער גרויסער טאָפּ אין וועלכן מען האָט גע־ווייקט דאָס פלייש. אויף די ווענט האָבן געהאַנגען אַ פּאָר בעקעלעך און דער גרויסער בעקן פון די „פּאַמפּעשקעס" אָדער לאַטקעס, און דאָס לאָקשן־ברעט.

גאָר אין דער זייט איז געשטאַנען אַ שאַפקעלע פאַר מילכיק געפעס. דאָס פליישיקע געפעס האָט זיך געפונען אין אַ קליין איינגעמויערט שאַפּ־קעלע פון דער קיך.

דער הויפּט מחותן פון דער קיך איז געווען דער גרויסער געמויערטער אויוון. אַ גאַנצע וואָך האָט מען געקאָכט פון פאָרנטביים פּריפּעטשיק. די, מישטיינס געזאָגט, צוויי טעפּלעך וואָס מען האָט צוגעשטעלט — אַ סוף פון פאַסאָליעס מיט אַ קאַשע מיט יויך אָדער אַ באָרשטש מיט אַ קאַשע מיט יויך (אָן קאַשע מיט יויך איז קיין אָנבייסן ניט געווען). אַט די צוויי טעפּלעך האָט מען געקאָכט באַלד ביים אָנפאַנג פון אויוון. בלויז צוויי מאָל אין דער וואָך (זומער צייט) האָט מען געהייצט דעם גאַנצן אויוון מיט האָלץ אָדער מיט ליסקע (שאָלעכץ פון רעטשקע). דאָס זיינען געווען די טעג דינסטיק און פרייטיק, ווען מען האָט געבאַקן ברויט אָדער חלה. דערפאַר

אבער ווען דערווינטער איז געקומען, דערהויפּט ביי די גוטע פרעסט, פלעגט מען אַלע טאָג הייצן דעם גאַנצן אויוון, ווייל דער אויוון האָט שוין געהאַט אַ מיסיע אָנצואוואַרעמען די סטאַלאַווע פון איין זייט און עס איז געווען אַ גוט פּלאַץ צו שלאָפן פון דער צווייטער זייט. היינט דער „אופינאויוון"! מיר, קינדער, פלעגן זיך הרגענען און וואַרפן גורל ווער עס קומט היינטיקע נאַכט צו שלאָפן אויפן אויוון.

פריייטיק פאַרנאַכט פלעגט דער אויפנאויוון אויך דינען פאַר אַ פּלאַץ וואו מען האָט אויסגעשיט די שאַנעשניק און קאַבאַק־קערלעך און מען האָט זיי געלאָזט דאָרט טרוקענען...

כדי דאָס בילדל פון אַ טעפּליקער באַלעבאַטישער שטוב זאָל פאַר אייך ווערן אינגאַנצן קלאָר, וועלן מיר אייך נאָך אריינפירן אין דער קלאַדאָווקע וואָס איז געווען נעבן דער קיך. אַ קלאַדאָווקע וואו מען פלעגט פּסח אָפּלייגן דעם פוד מצות וואָס דער טאַטע האָט געקויפט דריי־פיר וואָכן פריער. עס זיינען דאָרט געלעגן די פסחדיקע קאַרטאָפל וואָס מאַכטיי האָט געבראַכט אַ מתנה דעם טאַטן, עס איז דאָרט געווען אַ פּלאַץ פון האַלטן עטלעכע זעק־לעך תבואה וואָס זיינען געבליבן פון איין יאַריד צום צווייטן און מער פון אַלעם האָט עס געדינט פאַרן פּלאַץ פון... מיסט וואָס מען האָט געהאַלטן ביז עס איז געוואָרן גוט פינצטער, האָט מען עס אַרויסגעוואָרפן נעבן... דעם צווייטן שכן און דער שכן, האָט די זעלבע נאַכט אָדער מיט אַ נאַכט שפּעטער אַרויסגעוואָרפן ז יי ן מיסט נעבן א ו נ ז ע ר טיר...

:: :: ::

מיט דער טעפּליקער שטוב זענט איר שוין באַקאַנט. איך וויל נאָך איר זאָלט קאָנען דאָס וויכטיקסטע פּלאַץ פון דער טעפּליקער שטוב — דעם בוידעם. דער בוידעם אין טעפּליקער שטוב האָט געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָל. ערשטנס, דער בוידעם איז געווען דאָס בעסטע און זיכערסטע פּלאַץ פאַרן... פּסחדיקן געפעס! ערב פּסח פלעגט זיך דאָס גאַנצע הויזגעזינדל אַרויפכאַפּן אויפן בוידעם און פּאַוואַליענקע, מען זאָל חלילה גאַרנישט צע־ברעכן, אַראָפּנעמען פון דאָרט דאָס געפעס, די טעפּ, די טעלער און דער עיקר — די „כוסות". אויפן בוידעם איז מען געקראָכן מיט אַ לייטער וועל־כער איז נעבעך געווען אַ הינקענדיקער אויף אַ פּאָר טרעפּלעך און מען האָט געדאַרפט זיין אַ בריה ניט געהרגעט צו ווערן קריכנדיק אויף אים.

אַן אַנדער נוץ פונעם בוידעם איז געווען דאָס קאָנען דאָרט אָפּלייגן די ליסקע אויפן ווינטער פאַר די הרובעס און פאַרן אויוון. דער טאַטע פלעגט איינהאַנדלען אַט דעם ברען מאַטעריאַל אינמיטן זומער פאַר זול־זול און מיר

האָבן געהאַט אי הייצונג אויפֿן ווינטער און אַ פּלאַץ צו בראָטן קאַרטאָפֿל, ווייל אין פּריסעק פֿון די ליסקעס פֿלעגן די קאַרטאָפֿלעס אַרויס אַזוי „סיפּ־קע", אַז זיי האָבן זיך געקרישלט אין מויל — אַזוי פֿלעג דער טאַטע דער־ווייזן מיט אַ קאַרטאָפֿל וועלכע ער האָט צענומען אין צווייען.

דער בוידעם האָט אויך געהאַט צוויי „פֿענצטער", ס'הייסט, אָפֿענע צוויי לאָדן וועלכע מען פֿלעגט עפֿענען די אַכט טעג פֿון סוכות און אַזוי ווי די סטאָלאָווע האָט געהאַט אַ סופֿיט פֿון „אָטשערעט", האָט עס געהייסן, אַז עס איז כשר פֿאַר אַ סוכה.

ווען עס פֿלעגט קומען דער ליבער סוכות האָט מען אין טעפּליק גע־קאָנט טרעפֿן צענדליקער און הונדערטער אַזעלכע „לאָדן" אויפֿגעעפֿנטע. דאָס האָט געהייסן, אַז מען האָט אַ סוכה אין שטוב. געווען אָבער אַ סך הייזער וואָס האָבן ניט געהאַט אַזאַ „לוכאַ", פֿלעגן זיי נעבן דער שטוב אויס־בויען אַ סוכה און מקיים זיין דעם „בסוכות תשבו"...

:: :: ::

די דאָזיקע טעפּליקער שטוב, וועלכע איך האָב אייך דאָ פֿאַרגעשטעלט איז געווען די מערסטע טייל פֿון טעפּליקער הייזער. ווער עס האָט געהאַט אַ צימער מ ע ר און ווער אַ צימער ווייניקער. געווען אויך אַ גרויסע צאָל אָרימערע הייזער, דערהויפּט אין די הינטערגאַסן, וועמענס גאַנצע וואוינונג איז באַשטאַנען פֿון א יי ן גרויסן צימער און די ספּאַלני פֿון טאַטע־מאַמע איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ שפּאַניער־ווענטל. ווי אָרים מען איז געווען האָט מען אָפּגעהיט, אַז די קינדער זאָלן אויפֿדערנאַכט זיין אָפּגעטיילט פֿון טאַטע־מאַמעס בעט. איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז אין גאַנץ טעפּליק, אַפֿילו אין די אַריסטאָקראַטישסטע הייזער איז פֿאַר טאַטע־מאַמע נישט געשטאַנען א יי ן ברייט בעט, און נאָך ווייניקער האָבן טעפּליקער קינדער געזען ווי טאַטע־מאַמע טוען זיך אויס און גייען שלאָפֿן...

געווען אויך רייכע הייזער ווי נחמן האָרעוויץ, רפֿאל גאַרמעכס, שמואל שפּילבאַנדס און אַנדערע וואָס האָבן זיך גאָר „רייך" באַוואוינט. געהאַט באַ־זונדערע צימערן פֿאַר אויפֿנעמען געסט. געהאַט אַ פֿאָרטעפּיאַן אין שטוב (געוויינלעך פֿלעגן טעפּליקער אידן אָנרופֿן די פֿאָרטעפּיאַן — טאַפּטשאַן). דער חילוק פֿון אָט די רייכע הייזער ביז די געוויינלעכע באַלעבאַטישע איז געווען, וואָס ביי די רייכע זיינען אַלע צימערן געווען מיט אַ פּאָל פֿון ברע־טער און ביי די פּשוטערע הייזער, זיינען אייניקע צימערן און דערהויפּט די קיך געווען פֿון פּשוטער ערד און מען האָט זיי געדאַרפֿט אַלע פֿרייטיק שמירן.

ביי די רייכערע אידן זיינען פאַר דער שטוב געווען עטלעכע ביימער און אַפילו בלומען וואָס די באַרישניאַ האָט פאַרזעצט און אָפּגעהיט ווי די אויגן אין קאָפּ, און וואָס האָבן זומער געצוויטעט און אריינגעבראַכט אַ גע־שמאַקן ריח אין די אָפענע פענצטער פון די צימערן. ביי די פּשוטע, באַלע־באַטישע הייזער איז קיין סימן פון קיין בוים ניט געווען און אויב עס איז יאָ געווען אַ בוים האָט מען געזוכט אים אויסהאַקן און „פאַרכאַפּן" דאָס פרייע פּלאַץ און דאָרט אוועקשטעלן אַ שטיקל קלייטל צו פאַרדינגען אַ שוסטער אָדער אַ באַקאַלייניק.

דער גרעסטער אומגליק פון טעפּליקער אידן איז געווען, אויב באַנדראַאָווסקי, דער פּריץ, דער אַדמיניסטראַטאָר פון שטעטל, האָט נישט דערלאָזט, אַז מען זאָל דעם בוים אויסהאַקן. גראַף פּאָטאָצקי — אַזוי האָט מען געזאָגט — האָט בפירוש אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל ניט לאָזן אויסהאַקן קיין ביימער. איז טאַקע געווען אַ גרויסער אומגליק און אַ גרויס רחמנות אויף טעפּליקער אידן וואָס האָבן נעבעך געמוזט האָבן גרינע ביימער פאַר דער טיר און שמעקן פרישע לופט! דאָך פלעגט מען זיך אַן עצה געבן. מען האָט זיך דערשלאָגן צו באַנדראַעווסקין מיט אַ מתנהלע און מיט עטלעכע רובל פלעגט מען אַלעס פּועלן.

געוואוינט האָט באַנדראַאָווסקי אַביסעלע אויסער דער שטאָט. טאַקע פון זיין הויז האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דאָרף. געהאַט האָט ער צוויי פייערדיקע הינט; זיי פלעגן שפּרינגען אין פּנים אריין. אַזוי ווי אָבער עס פלעגן טאָג־טעגלעך קומען צו אים אידן — ווער צאָלן צינז, ווער נאָך אַ טובהלע און ווער קויפן אַ שטיקל ליידיק פּלאַץ, האָבן זיך די אידן אויסגעלערנט אַרומ־גיין אַרום די כלבים, פלעגן ריידן צו זיי... אידיש! און מערקווירדיק. די הינט האָבן פאַרשטאַנען, פלעגן ניט שפּרינגען איבערן פּלויט און וואַרטן ביז באַנדראַאָווסקי האָט אַרויסגעשיקט זיין קוטשער אַריינגעמען דעם אידן און ביי אים צונעמען די פּאָר רובל וואָס ער האָט אים געבראַכט.

פאַרנאַכט, ביי מנחה־מעריב, פלעגט דער איד דערציילן די נסים ונפ־לאות וואָס ער האָט געזען ביים פּריץ, ווי אַזוי די הינט האָבן אים אויפגע־נומען, ווי אַזוי ער האָט גערעדט צו זיי און זיי האָבן פאַרשטאַנען און ביים עולם איז געבליבן:

ווער ווייסט צי די הינט זיינען ניט קיין גלגולים פון אַפּיקורסים אָדער סתם אולטייעס, וועמען גאָט האָט אַראָפּגעשיקט אויף דער וועלט אָפּצוקוכ'ען פאַר זייערע זינד...

# קאפיטל זיבן

## טעפּליקער קלעזמער — די בעסטע פון גאַנצן געגנט

טעפּליקער קלעזמער און טעפּליקער חתונות. — טעפּליקער קלעז־מער. — אַ תנאי ביי חתנם צד. — אַ פֿאָטער נעמט צו זיין זון דעם חתן, פון אונטער דער חופּה. — דריי „קאָמפּאַניעס". אַ קלעזמער בעל עגלה, אַ איד אַן עושר „האַלט דאָס ווייב אין דער ערד", אַבי די פערד זאָלן עסן האָבער... — עליק קלאַרנעט, דער קאָפּ פון קאָמ־פּאַניע. — שלמה טרובאַטש אַ טויבער ווי אַ שטיק האָלץ; איציק באַס, וואָס טרינקט אויס אַ גאַנצן „באַס" מיט בראָנפן; דוד איצי „בדחן" ביי וועמען די ווייבער מוזן וויינען און די כלה מוז חלשן; מאָטל קלעזמער לייט דעם מחותן געלט אויף „עסקא", ער זאָל קאָ־נען חתונה מאַכן. — קאָפּל קלעזמער וועמעס פידעלע וויינט און ברעכט דאָס האַרץ. — קסיל קלעזמער, דער אַלט־מאָדישער יאַשע חפץ. — חיימל „באָסיאַק", אַ בחור אַ קראַסאַוויעץ — דער טאַנץ־זאַל; אַ האַלב שטעטל מיידלעך „שטאַרבן" נאָך אים. — דאָס רייכ־סטע מיידל פון שטעטל פאַרליבט זיך אין אים און חיימל יאַב־לאָטשניק גיט זיי חופּה וקדושין. — די „שטאָט" גייט באַדאַראָם. פאַבריק־מיידלעך שאַפן לידל פונם פּאָרל. — דעם מיידלס פאָטער מוז זיך אַרויסציען פון טעפּליק. — די קאָמפּאַניעס מאַכן שותּפות און מען רייסט אַ הויט. — אַ חתונה אָן קלעזמער. — אַ רכילות־קאַמ־פּיין. — די קאָמפּאַניעס צעשלאָגן זיך און די שטאָט אָטעמט אָפּ.

טעפּליקער קלעזמער, ווער האָט פון זיי נישט געהערט? איך טרייב גאָרנישט איבער ווען איך באַהויפּטע, אַז די טעפּליקער קלעזמער האָבן געשמט אויפן גאַנצן אָקרוג. אַלס קינד פלעג איך נישט איינמאָל הערן דעם טאַטן ע"ה זיך באַרימען מיט „זיינע" טעפּליקער קלעזמער; שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ שטיק בחור און עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין די נאָענטע שטעטלעך ווי טערניווקע, כאַשטשעוואַטע, האָלאָוואַניסק, לידווינקע, קובליטש, בערשאַד, אָבעדיווקע, זשאַבאָקריטש אָדער אַפילו הייַ־סין און אומאַן, פלעג איך שוין הערן וואָס פאַר אַ גוטע מיינונג מען האָט וועגן די טעפּליקער קלעזמער. איין עפּיזאָד וועגן די טעפּליקער קלעזמער איז

מיר געבליבן אין זכרון: איך בין דאַן געווען אַ קינד פון אַ יאָר אַכט. די שטאָט האָט דעמאָלט געררעשט מיט פאָלגנדער געשיכטע:

עס האָבן אַ שידוך געטון צוויי אידן: משה חיה ריוועס פון טערניוועקע און פישל פון אייגנפאַרהויז (כ'האָב פאַרגעסן זיין פאַמיליע) פון באַשטשע־וואַטע. די חתונה איז פאָרגעקומען אין טערניוועקע און דעם חתנס פאָטער האָט אויסגענומען אַז דער מחותן דאַרף דינגען די טעפּליקער קלעזמער.

ווייזט אויס, אַז די טעפּליקער קלעזמער האָבן געוואָלט צו טייער, און דער מחותן האָט באַשטימט טערניוועקער קלעזמער.

דער מחותן, דעם חתנס פאָטער, קומט צו דער חופּה און דערזעט, אַז די טעפּליקער קלעזמער זיינען נישטאָ, רעדט ער קיין וואָרט נישט, נעמט דעם חתן־בחור, דרייט אויס דעם דישעל און פאָרט מיט אים אַהיים! ער לאָזט, חלילה נישט אָפּ דעם שידוך, נאָר אַז מען וועט ברענגען די טעפּלי־קער קלעזמער — גייט ער מיטן זון צו דער חופּה...

עס האָט נישט געהאָלפן קיין געוויין און קיין געבעט. רבנים האָבן זיך אַריינגעלייגט און מען האָט גאָרנישט געקענט פועלן. מען האָט געמוזט שיקן צוויי פורן און ברענגען די טעפּליקער קלעזמער און דער מחותן האָט שוין באַצאָלט רבי־געלט!...

אָט דאָס זיינען געווען טעפּליקער קלעזמער.

די קלעזמער זיינען געווען איינגעטיילט אין דריי „קאָמפּאַניעס". די „הויפּט" פון די קאָמפּאַניעס זיינען געווען דריי אייגענע ברידער; יעדער פון די ברידער האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט אַן „אייגן חדר", וועלכע ער האָט „דיריזשירט". געלעבט האָט מען כמעט אויפן... קאָמוניסטישן שטייגער, יעדער איינער — אַ חוץ דעם פּויקער, האָט גענומען גלייכע פּראָצענטער.

דער הויפּט פון די „קאָמפּאַניעס" איז געווען משה קלעזמער. אַ איד אַ בעל־עגלה, פלעגט ער פאָרן אַ טאָג איבער אַ טאָג קיין הייסין און פירן פּאַסאַזשירן אין דער זעלבער צייט פלעגט ער שוין אויך פירן זיין קאָמ־פּאַניע אויף אַ חתונה.

משה בעל־עגלה האָט פאַרמאָגט צוויי אייגענע הייזער, אַ גוטן וואָגן מיט דריי ברענענדיקע פערד, טאַקע די בעסטע פערד פון אַלע בעלי עגלות. ער פלעגט צאָלן אַ הונדערטער אַ פערד אָבער דער פערדאַטש האָט געמוזט זיין אַן אָדלער.

עסן האָט ער געגעבן דעם פערד בלויז האָבער; באַלד נאָך „זשניוואַ" (שניט) האָט ער איינגעקויפט האָבער אויפן גאַנצן יאָר, און ווען קיין בעל עגלה האָט נישט געקענט קריגן אַ זערנע האָבער, האָבן משה בעל־עגלהס

פערד געגעסן האָבער אויף בײדע באַקן, דערפאַר אָבער פלעגט די אידענע זיינע, חיה איטע, „קריגן אַ קרענק נישט קיין ברויט!" ער פלעגט איר פשוט זשאַלעווען דאָס שטיקל ברויט אין מויל אַריין. פאַרשטייט זיך, אַז ער אַליין, פלעגט אין די קרעטשמעס עסן, פרעסן און זויפן וויפל ער האָט געוואָלט! די פערד פלעגט ער פאַשען צוויי מאָל אין טאָג, אָבער דאָס ווייב „האָט ער געהאַלטן אין דער ערד!".

דער דאַזיקער משה קלעזמער האָט געהאַט דריי אייגענע קלעזמער, דריי זין ווי די בערן וועמען ער האָט אויסגעלערנט דאָס „פאַך".

דער עלטסטער — עליק קלעזמער, עליק קלאַרנעט האָט מען אים גע־רופן, איז טאַקע געווען אַן אַרטיסט אין שפּילן; אַז ער פלעגט אַ נעם טאָן דעם קלאַרנעט, האָט מען אוועקגעלייגט דעם לעפל־גאָפּל פון דער האַנט און זיך צוגעהערט ווי עליק קלאַרנעט שפּילט אַ „דוינעלע".

דער צווייטער זון, שלמה, אַ טרובאַטש, אַ טויבער ווי אַ שטיק האָלץ, אָבער צום פאַך האָט עם אים נישט געשאַדט; פאַרקערט, אין יאָר 1908 איז ער אוועק קיין אַמעריקע צוליב אַ שיקסע, וועלכע האָט זיך צו אים „גע־טשעפּעט אומזיסט און אומנישט" און ער איז אַריין אין אַן אָרקעסטער און אפילו געשיקט אַ „פּיקטשור" מיט אַ „לעטער", אַז ער איז אָלרייט!

דער דריטער ברודער האָט געהייסן איציקל באַס. געווען איז ער אַ גרוי־סער „קאַליקע" און אויפן קאָפּ האָט ער נעבעך געהאַט איינע פון פרעהס מכות! דערפאַר אָבער, האָט ער געהאַט אַ גרויסע מעלה: ער פלעגט אויס־טרינקען אַ „באַס" מיט בראָנפן און איז נישט געוואָרן שכור און „געהאַלטן דעם טאָן" מיט זיין באַס פּונקט צום טאַקט.

די צווייטע „קאָמפּאַניע" איז געשטאַנען אונטערן אויפזיכט פון דוד איצי בדחן.

דוד איצי קלעזמער האָט אַליין נישט געשפּילט, נאָר זיין קאָמ־פּאַניע איז געווען די בעסטע, דערהויפּט איז ער געווען באַרימט מיט זיין בדחנען, אַז דוד איצי האָט גענומען „זאָגן", אַז ער האָט געגעבן אַ זינג אַרויס:

כלה־לעבן, כלה־לעבן, וויין און קלאָג!

האָבן ווייבער גענומען ברעכן פיסקעס און די כלה האָט געמוזט חלשן, ער פלעגט מאַכן מענער וויינען. און כאָטש מען איז געווען קעגן אָט דער טרויעריקער סצענע, און פון אַלע זייטן האָט מען געשריגן: „גענוג, גענוג, האָט רחמנות אויף דער כלה, זי חלשט נעבעך!" דאָך האָט דוד איצי פאַרענ־דיקט ביזן סוף און אַ מאַך געטון מיט דער האַנט צו דער חברה קלעזמער,

האָט מען געגעבן אַ שפּיל אָפּ אַ „כלה־באַדעקנס״ — איז דאָס זיך צעגאַנ־גען אין יעדער אבר.

דוד איצי קלעזמער, האָט אויך געהאַט אייגענע יאַטן וואָס האָבן אים געהאָלפן אין פּרנסה. דער עלטסטער זון זיינער, מאָטל קלעזמער האָט גע־שפּילט אויפן מעשענעם באַס, וועלכן ער האָט קוים פאַרטראָגן ווייל ער איז געווען דאַר און איידל. ער פלעגט נישט עסן און נישט טרינקען, שפּאָרן אַ קערבל צו אַ קערבל און עס אוועקגעבן אויף „עסקא״. דערהויפּט האָט ער געליען דאָס געלט טאַקע צו אידן וואָס האָבן געדאַרפט חתונה מאַכן און האָבן נעבעך נישט געהאַט מיט וואָס. פלעגט מען שוין וויסן, אַז מאָטל קלעזמער וועט לייען אַ פּאָר קערבלעך און וועט נעמען אַ קליינע עסקא.

איינע פון די וויכטיקע קאָמפּאַניעס, אפשר טאַקע די וויכטיקסטע פון אַלע איז געווען — קאָפּל קלעזמערס „אָרקעסטער״.

דער דאָזיקער קאָפּל איז געווען באמת אַ ווירטואָז. אַן עם־הארץ אין נאָטן, ער האָט אפילו נישט געוואוסט פון דער עקזיסטענץ פון נאָטן, האָט ער באַצויבערט דעם עולם מיט זיין פידעלע. קאָפּל קלעזמער איז אויך געווען דער ליבלינג פון גראַף פּאָטאָצקים הויף. וואָס פאַר אַ שמחה דאָרט איז נישט געווען — האָט מען געבראַכט קאָפּל קלעזמערס „אָרקעסטער״.

קאָפּל קלעזמער האָט געהאַט פיר זין און אַלע גרויסע קינסטלער־שפּילער.

דער עלטסטער קסיל קלעזמער, אַ פידלער — געראָטן אין טאַטן. דער בעסטער פידל אין גאַנצן געגנט. דער צווייטער — הערשל, אויך אַ פידלער, אָבער שוין אַ צווייטער פידלער. דער דריטער, לוי, אַ „פלייטיסט״ און דער פערטער חיימל, אָדער ווי מען פלעגט אים פאַרציען — חיימל באַסיאַק. די דאָזיקע קאָמפּאַניע איז טאַקע געווען דער טעפּליקער „שיינדלינג״. זי האָט באַרימט געמאַכט טעפּליקער קלעזמער איבערן געגנט.

צווישן אַלע זין פון קאָפּל קלעזמער איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון אַ געשיכטע מיט זיין יונגסטן זון „חיימל באַסיאַק״. אַ יונג אַ קראַסאַוויעץ, און אַ גרויסער „דאָן זשואַן״, האָט ער געפאַנגען די הערצער פון אַלע מיידלעך פון שטאָט. און אַזוי ווי אויף אַ גרויסער צאָל חתונות — דערהויפּט אָרעמע — איז געווען איינגעפירט, אַז די קלעזמער האָט מען געדונגען בלויז ביז 12 אַזייגער, נאָך אָט דער שעה, האָט זיי יעדער איינער וואָס האָט געוואָלט טאַנצן, געצאָלט כּל־זמן פאַר יעדער טאַנץ. נו, איז ווען חיימוני האָט געשפּילט ביי דער קאָמפּאַניע, האָבן שוין די מיידלעך געזען, אַז די „קאַוואַליערן״ זאָלן דינגען טענץ און זיי זאָלן טאַנצן...

אין יענער צייט האָט זיך ביי דניאל שאראגעס אין שטוב אויפגעעפנט א „טאנץ־זאל״ איינגלעך און באַרישניעס זיינען זיך געקומען „לערנען טאנצן״, כאפּן א פלירט און... זיך פאַרליבן.

חיימל באָסיאַק איז געווען איינער פון די הויפּט־טענצער אין אָט דעם טאנץ־זאל. ער איז אויך געווען דאָרט א שטיקל טאנץ־מייסטער און שותף צום געשעפט. צווישן די באַרישניעס האָט זיך געפונען א גביריש קינד, חייקע פישערס אייניקל, א היסטעריש, צעבאַלעוועט מיידל, רבקה גרינבערג, וועמען חיימל באָסיאַק האָט אַריינגעפּאַקט אין זיין נעץ. זי האָט זיך אין אים פאַרליבט ביז איבער די אויערן און אין א שיינעם טאָג ברענגט זי אהיים דעם „תכשיט״ און שטעלט אים פאָר אירע עלטערן, אלס... מאַן! ער האָט זי נאָרוואָס מקדש געווען ביי חיימל יאבלאָנטשיק אין „צירולניע״ און אלס עדות זיינען געווען יאָסעלע בעל־עגלה און פרעסמאַן־פּויקער...

וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטון ביי די עלטערן אין הויז, און אין שטאָט בכלל, איז מיט קיין פּען נישט צו באַשרייבן! הימל און ערד, קינד און קייט האָבן גערעדט פונעם נייעם פּאָר פאָלק. רעוועקאַס פאָטער, עליק גרינבערג, האָט פריער געפּרואווט מיט שלעכטן, אָנגעשטעלט דעם פּריס־טאוו, געבראַכט אפילו דעם פּאָליצמייסטער פון הייסין, אָבער — עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, דער בחור האָט אין דער אָנוועזנהייט פון עדות איר אָנגעטון דאָס פינגערל און געזאָגט „הרי את״ און עס האָט נישט געהאָלפן קיין סטראַשונקעס; האָט ער אָנגעהויבן מיט גוטן, נאַ דיר געלט, נאַ דיר א שטוב אין צענטער. חיימל, וועלכער האָט זיך טאַקע אפשר אויך פאַרליבט אין רעוועקאַן, האָט אָבער געטענהט:

— ער האָט חתונה געהאַט און וויל מען זאָל אים אָפּגעבן זיין געזעצ־לעכע פרוי! געלט? — דאָס דאַרף ער א י צ ט נישט און ווען ער וועט דאַרפן, וואַרט דאָך אויף רעוועקאַן אַזאַ גרויסע ירושה...

די שטאָט־מיידלעך זיינען דערוויי־ל אויך נישט „געזעסן ליידיק״! פון איין זייט האָט זיי טאַקע פאַרדראָסן וואָס אַזאַ גבירנטע האָט אויסגעכאַפּט ביי „זייער גלייכן״ אַזאַ שיינעם יונגאַטש; פון דער צווייטער זייט האָט זיי הנאה געטון וואָס רעוועקאַ לאָזט זיך נישט בויגן פון אירע עלטערן, און מען האָט געשאַפן א „קאָמפּאָזיציע״ אויף אָט דעם פּאָרל, א ליד וואָס מען האָט געזונגען ביים וואַשן דעם פּאָל, ביים ווישן די פענצטער, ביים נייען אויף דער „קאָלקע״, ביים מאַכן די שטרויענע „קאָלפּאַקעס״ אויף די פלעשער פלעגט מען זינגען:

חיימוני טראָגט א באַנדעלע

רעוועקאַ וויל אַ מאַנדעלע
אוי צרות, צרות אָן אַ שיעור!
חיים גייט אַ רויטן באַנד
רעוועקאַ וויל אַ מוזיקאַנט,
אוי צרות, צרות אָן אַ שיעור.

ווען איך שרייב אָט די שורות זיינען שוין פאַריבער 40 יאָר זייט יע־נער געשיכטע. אין משך פון אָט די יאָרן האָב איך געהערט טויזנטער און טויזנטער לידער און לידלעך, קיין טויזנטל פּראָצענט פון זיי געדענק איך נישט אויסנווייניק און אָט דאָס לידל איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון עד היום הזה!

דער סוף פון דעם ראָמאַן איז געווען אַ טראַגישער: חיימל האָט גע־וואוינט מיט רעוועקאַן אַ פּאָר יאָר; ער האָט אַלץ געהאָפט, אַז די עלטערן אירע זאָלן שלום מאַכן מיטן גורל און אים אנערקענען אַלס איידעם; אַזוי ווי אָבער, זיי האָבן געריסן קריעה נאָך זייער בת־יחידהלע, זיך געזעצט שבעה און זי געהאַלטן פאַר טויט, און דעם איידעם אויף דער שוועל נישט אַרויפגעלאָזט, איז אים נמאס געוואָרן די גאַנצע געשיכטע, אַרויסגעטריבן רעוועקאַן פון דער שטוב, און חתונה געהאַט „אויף דער רעכטער אמת״, פאַר אַ קאָוואַלס אַ טאָכטער. רעוועקאַ האָט געמוזט אָנקומען צו די עלטערן, וועלכע האָבן זי אָוועקגעפירט אין אַ פרעמדער ווייטער שטאָט און זי חתונה געמאַכט פאַר אַן אַלטן אַלמן...

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אַזוי פיל אויף אָט דעם עפּיזאָד, ווייל ער איז כאַראַקטעריסטיש מיט איין זאַך:

רעוועקאַס עלטערן האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן אַ האַלב משוגענע און גאַנץ היסטערישע בת יחידה. זיי האָבן געוואוסט, אַז מיט זייערע אַלע טויזנ־טער וועט זיי זיין שווער צו קריגן פאַר איר אַ פּאַסיקן שידוך! דאָך, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ קלעזמערוק, אַ מוזיקאַנט רחמנא לצלן, מעג ער זיין שיין, קלוג און מיט אַלע מעלות — איז ביי זיי ליבער געווען זייער בת יחידהס טויט איידער — אַ קלעזמער פאַר אַן איידעם. אָט אַזוי האָט מען אין טעפּליק געקוקט אויף אַ קלעזמער. דער אמת איז, אַז פון אַלע „פאַכן״ איז דאָס קלעזמערטום איינגעשטאַנען אין הענט פון שכורים, דע־גענערירטע און אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט. ניט נאָר מיט אַנדערע מענטשן, נאָר צווישן זיך אַליין האָבן זיי געהאַנדלט איינער קעגן דעם צווייטן אויף אַ מיזעראַבלען אופן. אַלס ביישפּיל וועל איך דאָ ברענגען אַן אינטערעסאַנטן פאַל פון אָפּנאַרעריי.

עליק קלעזמערס קאָמפּאַניע האָט אין איין שבת געדאַרפט שפּילן אויף צוויי חתונות. איינע אין קובליטש און די צווייטע אין סאָביליעווקאַ; האָט עליק אָפּגערעדט מיט מאָטלען, און זיי האָבן דורכגעפירט אַזאַ שטיקל „אַרבעט":

עליק האָט אָפּגענומען די עטלעכע קערבלעך פון דער חתונה, זיי „אַריינגעלייגט" אין די הויזן קעשענע וואו עס איז געווען אַ גרויסער לאָך און זיי זיינען באַלד אַרויסגעפאַלן! מאָטל איז געגאַנגען אונטן און האָט זיי אויפגעהויבן. ווען די האַלבע קאָמפּאַניע איז געקומען אַהיים, האָט עליק געשוואוירן אין שילבל ביי אַ ספר תורה, אַז ער האָט „פאַרלוירן" דאָס געלט! די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט געליטן דעם „שאָדן" און עליק האָט זיך צעטיילט מיט מאָטלען די עטלעכע „געפונענע" קערבלעך...

און פונקט ווי די גאַנצע געגנט האָט הנאה געהאַט פון די טעפּליקער קלעזמער, אַזוי האָט טעפּליק אַליין שטאַרק געליטן פון זיי! איבערהויפּט, ווען זיי פלעגן זיך איבערבעטן איינער מיטן אַנדערן און מאַכן שותפות. ווען זיי פלעגן מאַכן שותפות, איז אַ טעפּליקער אידן שווער געווען חתונה מאַכן אַ קינד. סיידן — חתונה מאַכן אָן קלעזמער. זיי פלעגן רייסן די הויט! און נאָכדעם ווי זיי האָבן גענומען וויפל זיי האָבן געוואָלט, האָבן זיי געשיקט שפּילן עטלעכע „דראַנגעס" מיט קוצי בער פּויקער אין דער שפּיץ און די בעסערע מוזיקער געשיקט אין די נאָענטסטע שטעטלעך! פלעגן טאַקע די טעפּליקער אידן מקנא זיין די טערניוקער אָדער בערשאַדער אידן וואָס דאַרפן נישט אָנקומען צו די טעפּליקער קלעזמער.

אויב אַ טעפּליקער איד האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און געבראַכט אַן „אָרקעסטער" פון אומאַן אָדער הייסין, אָדער גאָר פון טאַלנער קלעזמער, אויך קלעזמער מיט אַ שם, איז געווען אַז וויי איז אים! די טעפּליקער קלעזמער פלעגן אים חלילה נישט זידלען דערפאַר, נאָר מען האָט שטילערהייט אָרגאַניזירט אַ מין רכילות קאַמפּיין אויף דער כלה און זיך באַמיט אַז די מחותנים פון חתנס צד זאָלן עס געוואוירע ווערן אַ פּאָר וואָכן פאַר דער חתונה...

איין פאַל אַזאַ איז שיין און אינטרעסאַנט צו דערציילן. געווען ביי אונז אַ איד אַ גרויסער עושר, שלמה מרדכי האָט מען אים גערופן, האָט חתונה געמאַכט אַן אייניקל און ער האָט געבראַכט קלעזמער אַזש פון זוועניגאָראָדקאַ! די דאָרטיקע קלעזמער זיינען שוין געווען „מאָדערנע" און זיינען אַפילו געקומען אָנגעטון מיט ווייסע פראַקן.

עטלעכע שעה פאַרן גיין צו דער חופּה, איז דער מחותן „געוואוירע" גע-

וואָרן, אַז די כלה־מויד האָט שוין געהאַט אַ „ליובאָווניק", און נאָך אַ שגץ דערצו, אַ סטודענט פון אַ גלחישער שולע... און אַז זי איז 2 טעג נישט געווען אין שטוב. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פון די טעפּליקער קלעזמער, און אַזוי ווי אַ קליין ביסעלע אמת איז טאַקע עפּעס געווען... איז שיעור־שיעור נישט געוואָרן אויס שידוך! די חופּה האָט פאַרשפּעטיקט אויף עטלעכע שעה, די חתונה איז אָבער פאַרשטערט געוואָרן און טעפּליקער אידן האָבן שוין פאַרזאָגט קינדס־קינדער נישט צו ברענגען קיין קלעזמער פון דרויסן!

# קאפיטל אכט

## טעפליקער אידן פראווען חתונות ביי זייערע קינדער

דאס גיין קויפן חתונה־קליידער. — יודל שפילבאנדס „מאנופאק־טורנע מאגאזין". — מען פארזעצט א שטוב און מען מאכט חתונה „ווי ביי לייטן"... — די נייטארנס און די סארווערנס. — איציקל „פאלגיע" דער בעסטער דאמסקע שניידער. — „ער נעמט א מאס, זאל אים נאר די הענט אראפ" — דעם טאטנס סערדוק און דער מא־מעס „רעטאנדע". — דאס „אויפרופן"; מען שאצט דעם חתן לויטן „מפטיר"־זאגן — מען פארט „באגעגענען" דעם חתן. — דאס „חתן־מאל". — דאס פירן צו דער חופה. — דער „שאלאש". — מען פירט ארוים די פערד און מען פראווען די חופה וועטשערע. — די טענץ. — מען ענכאזשירט א... האלב יאר פאראויס. — די „גאלדע־נע יויך", דאס דרשה־געשאנק, דער כלהס פעטער גיט א „חצי פויגל" דרשה געשאנק. — מען פירט פארטאג חתן־כלה אהיים מיט קלעזמער. — אמאליקע קלעזמער און היינטיקע ארקעסטערס. — אמאליקע און היינטיקע חתונות

פון ווען אן האט מען זיך געגרייט אין טעפליק צו א חתונה? ווי אזוי האט מען זיך געגרייט צו א חתונה? ווער וייסט צי אונזערע קינדער וועלן עס אונז אמאל וועלן גלויבן, ווען מיר וועלן זיי דערציילן, אז נישט ווייני־קער ווי דריי חדשים פאר דער חתונה, האט זיך שוין געטומלט מיט דער חתונה, מען האט שוין צעשיקט די חתונה־בילעטן, — ווייל טאמער דארף זיך דער איינגעלאדענער גאסט מאכן א ניי מלבוש צו דער חתונה, — און די גאנצע שטוב איז שוין געווען פול מיט חתונה „אטמאספער"!

דעם טאג פון צעשיקן — דורכן שמש — די חתונה בילעטן איז געווען דער ערשטער חתונה „פאטשין".

דער חתונה בילעט איז געווען געשריבן אויף העברעאיש מער ווייניקער אזוי: „נתן טשערנאוועצקי וזגתו רייזה שתחיה, מתכבדים לבקש את כבודו ומשפחתו..." או"וו.

דער דאַטום איז געווען אָנגעגעבן אַזוי: יום ג' פרשה משפטים...

מען האָט געשיקט אַן איינלאַדונג פאַר דער גאַנצער פאַמיליע און די גאַנצע פאַמיליע פלעגט טאַקע קומען... אַלנפאַלס, אויב אין דער פאַמיליע זיינען געווען באַרישניעס אָדער קאַוואַליערן, האָבן זיי מיט דריי חדשים פריער געוואוסט אַז... פרשה משפטים, אָדער שבת נחמו, אָדער שבת בראשית, אָדער ראש חודש — אָט די א י ד י ש ע „פעטשאַס" — האָבן זיי אַ חתונה ביי דעם און דעם!

אָנגעהויבן די חתונה צוגרייטונגען האָט מען מיט יודל שפּילבאַנדס מאַנופאַקטורנע געשעפט.

אין אַ שיינעם פאַרנאַכט, האָט זיך דער טאַטע אָנגעטון די שבתדיקע קאַפּאָטע, די מאַמע דעם „פאַריק" מיטן שוואַרצן שבתדיקן מלבוש. אין דרויסן האָט געוואַרט איציקל פאַלגע, דער דאַמסקי שניידער (אַ רוח זאָל אים נעמען, ווי אַזוי ער נעמט אַראָפּ אַ מאָס — אַזוי האָבן די מיידלעך געטענהט און רויט געוואָרן...) און מען איז אַלע אינאיינעם אַרוים פון שטוב.

מען איז אַוועק איינקויפן חתונה קליידער! לאַגיש איז, אַז די כלה־מויד וועלכע איז די הויפט מחותנסטע און דאַרף אָנווייזן וואָס איר געפעלט, האָט געדאַרפט גיין די ע ר ש ט ע אויסקלייבן וואָס איר געפעלט! אין טעפליק און אין טויזנטער אַזעלכע „שטעט" ווי טעפליק האָט מען זיך מיט דער לאָגיק ווייניק וואָס גערעכנט. די כלה איז געבליבן אין דער היים ענדיקן אויסאַרבעטן דעם גרויסן טישטוך מיט די „פראַנזן" און טאַטע־מאַמע זיינען געגאַנגען איינקויפן.

נאָך דריי־פיר שעה איבערוואַרפן אַלע סחורות (פאַרשטייט זיך, אַז מיר, יונגוואַרג, זיינען נאָכגעלאָפן אין קלייט אַריין, כאָטש מען האָט אונז גע־טריבן מיט שטעקענעס אַהיים) האָט דער משרת פון דער קלייט אָפּגע־טראָגן דעם גרויסן פּאַק חתונה־קליידער, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון: אַ נייעם סערדעט מיט אַ פּאָר הויזן פאַרן טאַטן; אַ „רעטאַנדע" פאַר דער מאַ־מען; אַ נייעם קאָסטיום פאַרן מעזיניק! דאָס איבעריקע איז שוין פאַר דער כלה: אַ חופּה־קלייד, נאָך אַ קלייד, און אַ פּשוט קליידל! דער עיקר אָבער האָט מען זי פאַרזאָרגט מיט: צוויי פּאָר „אַנשיטן" צו קישן, צוויי אַנשיטן פאַרן איבערבעט, אַ פערטל טוץ לייוונט אויף... אונטערשט וועש, און אַ פערטל טוץ ליילעכער. דערנאָך זיינען שוין געגאַנגען קלייניקייטן, ווי ציי־בעלעך, טיכעלעך, אַ פּאָר „קאָפּטעלעך" און אַנדערע ווייבערישע חפצים.

דאָס אַלעס האָט מען געמוזט איינקויפן, ווייל קיין „מתנות", ווי עס פירט זיך אין אַמעריקע, האָט די כלה ניט געקראָגן... ביי אונז האָט מען

גים געוואוסט פון באַקומען „רעגאַלעס" ווי למשל: 6 עלעקטרישע פּרעסלעך, אַ טוץ עלעקטרישע נאַכט־לאָמפּן און אַ פּאָר טוץ פּרויען אונטערוועש און טישטוכער!... ביי אונז האָט מען אַלעס געמוזט איינקויפן!

די גאַנצע קראָם האָט באַטראָפן זיבן און נײַנציק קערבלעך! קוים קוים אַהיים געבראַכט אַ דרײַערל פונעם הונדערטער! דער טאַטע און די מאַמע האָבן געשיינט פאַר פרייד, כאָטש איין גאָט ווייסט דעם אמת, ווי אַזוי דער טאַטע האָט „צונויפגעשלאָגן" דעם הונדערטער! איין גאָט האָט אויך געוואוסט, אַז דער טאַטע איז נעכטן געווען ביי איציק ראובנס און ביי אים פאַרזעצט די שטוב און גענומען אַ הלואה פון 500 קאַרבן אויף חתונה צו מאַכן דער טאָכטער.

ערשט איצט גייען די גלאַוונע הוצאות! אויפן צווייטן טאָג קומט דער דאַמסקי שניידער שוין נייען די חתונה קליידער; ער ברענגט מיט זיך זיינע ראַבאָטשי (געזעלן) און מען נייט ביי דער כלה אין שטוב. דעם אַנדערן טאָג קומען אויך די נייטאָרינס פון דעם ווייסן וועש און מען נעמט קלאַפּן אויף דער ניי־מאַשין און פאַרציען אַ לידל.

דער „ניי־טאַזשער" איז אין דער „קאַלטער זאַל"; אַהין טראָגט די מאַמע אַריין רעטשענע לאַטקעס פאַר די שניידער, געבראָטענע קאַרטאָפלעס און אַפילו וואַרעניקעס פון קעז (געקויפט בא אַ גויע אַ לאַדישטשיק קעז — אַ מציאה!) דאָס איז געווען בייטאָג.

אויפדערנאַכט זיינען צו דער כלה זיך צונויפגעקומען די חברטעס און מען האָט אָנגעהויבן „ענסאַזשירן" די טענץ! נישט אַלע מיידלעך האָבן גע־קאָנט טאַנצן; פלעגט מען זיך „צולערנען"! די הויפּט־טענץ זיינען געווען: אַ פּאָלקע־מאַזורקע, אַ וואַלס, אַ „קראַקאָוויאַק", אַ בולגאַריש און אַ „שער"; פאַרשטייט זיך, אַז „געטאַנצט" האָט מען אָן מוזיק, מען האָט געזונגען און געטאַנצט.

אַז די צייט פון דער חתונה האָט זיך דערנענטערט איז די שטוב פאַר־נומען געוואָרן פון די סאַרווערנס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה: שטרודל, פלאָדן, ווייסן און שוואַרצן לעקעך, קומיש־ברויט און סתם פאַרשידענע גע־בעקסן! עס האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט אַ מחיהדיקן ריח פון בשמים און מיר, יונגוואַרג האָבן געכאַפּט אַ „נאַש" פון די „אָפּשניצלעך" און מער ווי איינמאָל האָבן מיר געכאַפּט איבער די הענט פאַרן וועלן כאַפּן אַ שטיקל שטרודל פון בעקעלע. איך ווייס ניט צי די כלה האָט אַזוי אַרויסגעקוקט אויף איר יום החופה! נאָר מיר, יונגוואַרג, קליינוואַרג, האָבן שוין די אויגן אַרויסגעקוקט צו דערלעבן צו זען אויסגעשטעלט אויפן טיש דעם לעקעך

מיטן שטראָדל און מען זאָל זיך מעגן מכבד זיין ווי אַן אמתער מחותן, עפּעס אַ קלייניקייט, דער כלהס ברודערל!

ענדלעך דערלעבט שוין די וואָך פון דער חתונה, דער חופּה־טאָג איז מערסטנטייל דאָנערשטיק און זעלטן־זעלטן פרייטיק! אָבער די חתונה הויבט זיך אָן מיט אַכט טעג פריער! טאַקע שבת אינדערפרי ווען מען „פירט" דעם חתן צום אויפרופן! ווער עס געדענקט יענע שבתים, דעם איז געבליבן אַן אָנגענעמער איינדרוק פון אַן אמת אידיש רואיק לעבן. די גאַסן דורך וואַנען דער חתן־בחור האָט געדאַרפט דורכגיין אין שיל אָדער אין קלויז אַריין, זיינען געווען פול מיט יונגלאַך, מיידלעך און ווייבלעך, וועלכע זיינען גע־שטאַנען אויף די „פּידאַשקעס" און אָבסערווירט דעם חתן, וועלכער איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, דאָס פּנים רויט פון שעמען זיך און נאַאיוויטעט!..

קוים דערלעבט אָנקומען אין שיל אַריין, זעצט מען אים אויבנאָן, מען אַפילו דער מחותן האָבן אַ „שטאָט" עט־עט אונטן.

פון אויבן פון די גראַטעס, פון דער ווייבערישער אַפּטיילונג קוקן אַראָפּ הונדערטער אויגן פון מאַמעס. אַ סך האָבן שוין מיידלעך אין די יאָרן און טרערן שטעלן זיך זיי אין די אויגן פון קנאה און האָפענונג און די מחשבות ריידן צו זיך אַליין:

— ווי דערלעב איך שוין אַזאַ חתן!

אַ סך מאַמעס האָבן נאָך מיידלעך „פּאָדראָסטקעס", און זייערע ליפּן שעפּטשען אַ תפילה בלחש:

— ווי דערלעב איך שוין פירן מיין טאָכטערס חתן צום „אויפרופן"!

אינמיטן דערינען דערהערט זיך דעם בעל־קוראס שטימע:

— יַעֲמוֹד, החתן הבחור מו"ה זאב ברב נתן מ־פּ־טי־ר. אַלע אויגן גיבן זיך אַ דריי אוים צו מזרח פון וואַנען דער חתן קומט אַרויף מיט אַ טליתל וואָס דער פאָטער אָדער גלאָט אַ איד האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן. ער גייט אַרויף, דער בעל־קורא ווייזט אים מיטן „יד" וואו מען דאַרף מאַכן די ברכה און אָט, ביי דערביי, שטייט ער פאַרן עקזאַמען! לויט די ברכות מאַכן, לויט דער הפטורה זאָגן, — שאַצט מען שוין אָפּ, צי מאַשקע האָט געפּאַקט עפּעס אַ „צאַצקע" אָדער „זשלאָב"! דער חתן פּילט, אַז אַלע אויגן זיינען געווענדעט צו אים. נישט שטענדיק האַלט ער אויס, נישט צו ווערן נערוועאיש און „פּאַרבאַלאַמוטעט".

עס הויבט אים אָן פליען אויפן קאָפּ די ניסלעך, סטאַשקעס, מיט וועל־

כע מען באַשיט אים פון אַלע זייטן. דערהויפּט פליען די ניסעלעך פון דער פרויען־אָפּטיילונג.

אויף דער נאַכט פראַוועט די כלה ביי זיך און דער חתן ביי זיך אַ מין טאַנץ־שמחה, וואָס הייסט „חתן־מאָל". עס קומען געסט, מען טיילט לעקעך און בראָנפן און מען טאַנצט. מיט אַט דעם חתן־מאָל הויבט זיך „אָפיציעל" אָן די חתונה־וואָך.

אַנדערש אַביסעלע איז, אויב דער חתן איז פון אַ צווייטער שטאָט. דאַן פלעגט מען אים דאַרפן פאָרן „באַגעגענען". מען האָט זיך פריער אָפּגעד־רעדט ווען, וויפל אַזייגער אפילו, ער וועט זיין אַ פּאָר ווערסט פון שטאָט. דאַן פלעגט דער מחותן און די נאָענטע, גאָר נאָענטע מחותנים אים אַרויס־פאָרן באַגעגענען הינטער דער שטאָט, מיטנעמענדיק מיט זיך לעקעך און בראָנפן. אויפן טרעף־פּלאַץ האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, געמאַכט אַ שיינעם לחיים, איבערגעזעצט דעם חתן אין „פאַיטאָן" אריין און מיט אַ טריאומ־פירנדן מאַרש אַריינגעפאָרן אין שטאָט אַריין.

שוין פון פריער איז געווען באַשטעלט דאָס הויז פון אַ שכנה, וואו דער חתן און די מחותנים זיינען איינגעשטאַנען דעם חופּה־טאָג און אַ פּאָר טעג נאָך דער חופּה.

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אויסגעקליבן אַ רייכן שכן אים אָפּצוגעבן דעם כבוד, אַז דער חתן זאָל ביי אים איינשטיין, און ווען מען האָט דער־הערט אין גאַס דאָס פאָרן פון ליפּע בעל עגלהס אָדער דוד קינסקים פאַיעטאָן און די פערדס גלעקער באַלאַבאַנעווען, איז אַ האַלב שטעטל אַרויס אין גאַס „מקבל פנים זיין" דעם חתן.

די חופּה פלעגט מען שטעלן נעבן דער גרויסער שול. האָט דער מחותן געקאָנט זיין אַ מתפּלל אין דער בערשאַדער אָדער בראַצלאַווער קלויז — די חופּה האָט מען געשטעלט אויף דעם פרייען פּלאַץ פון דער גרויסער שול, וואו עס איז אויך געשטאַנען דער בית המדרש, משה מאָטיעס שול, דאָס שניידערשע שולכל און די „צאָלובעס" קלויז.

די חופּה האָט מען געשטעלט פאַרנאַכט, און ד אָ ס פ י ר ן צו דער חופּה וועט אונז אַלע בלייבן דער טייערסטער און דער הייליקסטער אָנדענק אין אונזער לעבן.

ווען קאָן דען באַשרייבן אָט יענעם פאַרנאַכט פון פירן צו דער חופּה? און אַז מיר וועלן עס שוין באַשרייבן, ווער — פון יענע וואָס האָבן עס ניט איבערגעלעבט — וועלן זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי אָט דאָס שיינע בילד האָט אויסגעזען.

מירן עס, דאָך, פּרוואָוון אויפפרישן אין זכרון:

דאָנערשטיק פאַרנאַכט. די גויים פון מאַרק־טאָג זיינען שוין זיך צעפאָרן אהיים. די „שטאָט“ ווייסט, אַז היינט פירט מען צו דער חופּה נאָכמיטאָג טאַכטער. אין אַ סך הייזער זיצט מען און מען טרינקט טיי.

פּלוצים דערהערט זיך דער באַקאַנטער נגון מיט וועלכע מען האָט געפירט צו דער חופּה. אַלע לויפן אַרויס אויף די „פּידאַשקעס“ (באַלקאָנען) און מען קוקט זיך צו צו דער פּראָצעסיע.

פון פאָרנט גייט קוצי בער פּויקער, אָדער פּרעסמאַן פּויקער (לויט וועלכע קאָמפּאַניע עס האָט געשפּילט די חתונה). אַרום קוצי בער גייען מיר, יונגוואַרג וועלכע שעפּן נחת פון דער פּויק, אַלס איינציקער אינסטרומענט אויף וועלכן מיר לאָע, קאָנען שפּילן...

באַלד נאָכן פּויקער גייען די קלעזמער און ווער עס לאָזט זיך אויף דער גאַס מער הערן, איז דער טרובאַטש.

אינמיטנדרינען פאָרט אָן אַנטקעגן אַ גוי מיט אַ וואָגן שטרוי, אָדער אַ פאַסטוך טרייבט די „טשערעדע“ פון פעלד; דאָן איז שוין אַ גאַנצע צרה! אָבער מען גיט זיך אַן עצה. דער גוי בלייבט שטיין אין דער זייט, כאַפּט אַריין אַ צענדליק מאָל „סווינאַטשע רילאָ“ און מען קומט אים איבער.

חופּה וקידושין האָט געגעבן דער רב פון שטעטל; זעלטן זעלטן, און ביים גאָר גאָר אָרעמען גראַד, איז דער מסדר קדושין געווען אַ שוחט אָדער אַ חזן, אָבער שטענדיק — אַ איד אַ למדן. אַ גראָבער יונג, וואָס זאָל נישט קאָנען פּרוש המלות, זאָל געבן חופּה וקידושין — האָט זיך ביי אונז נישט געטראָפן.

די אמתע שמחה איז ערשט געווען, ווען מען איז געגאַנגען פ ו ן דער חופּה. דאָס טאַנצן אינמיטן דער גאַס, דאָס הוליען און האָפּקען ביז מען איז צוגעקומען צום „שאַלאַש“ אָדער „זאַל“, איז נישט צו באַשרייבן. און נישט בלויז מחותנים, אייגענע און פריינט האָבן געטאַנצט, נאָר דער עקסטאַז האָט אַרומגעכאַפּט זייטיקע, וועלכע פלעגן אַריינגעשלעפּט ווערן אין „קאָן“ אַריין. דער אמתער חופּה־טאַנץ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אין „שאַלאַש“. די קלעזמער זיינען געבליבן שטיין אין אַ זייט און די מחותנים האָבן געטאַנצט, אינמיטן „שאַלאַש“ אַרום די טישן און אויף די טישן.

אַז גאָט האָט נאָר געהאָלפן, אַז דער חתן אָדער די כלה איז געווען אַ מעזינעק אָדער מעזינקע — טאָ פרעגט שוין נישט; איז דאָס טאַנצן געווען ביזן הימל אַריין. עפּעס אַ קלייניקייט! מען גיט אוים די מעזינקע!

דער „טאַנץ־זאַל“ אָדער דער שאַלאַש זיינען געווען צווייערליי:

א סך אידן פלעגן פאַרנעמען אַ פּריי שטיק פּלאַץ נעבן דער שטוב אָדער נעבן אַ שכן און דאָרט, פון ברעטער, אויסבויען אַזאַ גרויסן „סאַראַי" און באַלד נאָך דער חתונה האָט מען אָפּגעגעבן די ברעטער דעם „סקלאַד" און ס'איז געוואָרן אויס „סאַלאָן".

שפּעטער, עס שפּעטער, ווען די ציוויליזאַציע האָט שוין אַריינגעדרונגען קיין טעפּליק, און מיר האָבן שוין אַפילו געהאַט אַ ביאָגראַף, האָבן מיר שוין דאַן, אויך געהאַט אַן אמתן סאַלאָן אויף חתונות. אָנגענומען אָבער איז געווען דער „שאַלאַש" פון ברעטער און שטרוי, וואָס איז געווען רחבות־דיק און ברייט, פול מיט... לעבער דורך וועלכע מיר, קליינוואַרג, און די גרויסע יונגע און אַלטע מוידן האָבן געקאָנט אַריינקוקן אינעווייניק, באַטראַכטן צום הונדערסטן מאָל דעם חתן און מיר, יונגוואַרג, האָבן זיך באַלעקט מיט דער „סלינע" פון קוקן אויפן לעקעך און שטרודל.

צו דער חופּה־וועטשערע פלעגט מען זיך זעצן אַרום 9 אַזייגער. עס האָבן זיך אויסגעזעצט אַלע מחותנים מיטאַמאָל, און די גאָר נאָענטע פריינט און אַ טייל פון די פאַרוועדנס זיינען געווען די „מאָסאָס".

קיין „לונטשן" וואו מען זאָל מאַכן אַ מיש־מאַש, עסן געזאַלצענע זאַכן און פאַרבייסן מיט זיסע „מאַסאַס", — איז נישט געווען איינגעפירט; ביים אָרעמאַן איז געווען אַ שטיקל פיש, אפשר אויך אַ פּשוטער פיש; און אַן עוף האָט מען געטיילט אויף אַכט (8) חלקים.

ביים רייכערן האָט מען דערלאַנגט אַ גרויס שטיק קאַרפּ אָדער העכט און אַ גאַנץ פערטל עוף אויף אַ חלק.

דער עיקר אָבער איז געווען די „גאָלדענע יויך"! (עפּעס אַ קלייניקייט! אַ יויך געקאָכט פון בלויז עופות!) די גאָלדענע יויך מיט מאַנדלען איז געווען דער וויכטיקסטער „טעלער" פון דער חתונה.

תיכף נאָך דער גאָלדענער יויך, און איידער מען האָט דערלאַנגט דאָס עוף, האָט זיך „אויבן אָן" אוועקגעשטעלט דער שמש פון דער שיל וואו דער מחותן איז אַ באַלעבאָס און האָט אָנגעהויבן אויסרופן:

— דרשה געשאַנק!

דער ניגון איז געווען אַ מאָנאָטאָנער און האָט דאָך זייער אָנגענעם געקלונגען.

דאָס ערשטע איז געגאַנגען אויפן „צעטל" — חתן־צד!

דער גאַנצער עולם האָט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט, ווער, וויפל גיט? און דאָס געבן דרשה־געשאַנק איז געווען אַ מין... ספּאָרט!

אַט רופט מען אויס:

„מחותנס אַ ברודער, דעם חתנס אַ לייבלעכער פעטער, גיט שלשה ר״ך דרשה־געשאַנק״...

קומט אַ צווייטער פעטער און גיט חמשה ר״ך דרשה־געשאַנק!

חתנס צד — דרשה־געשאַנק!

אַט האָט דער חתן אַ פּאָר אָרעמע קרובים! הערט מען די שטימע פון שמש:

— דעם חתנס אַ פעטער גיט אַ חצי פויגל (אַ האַלב קערבל) דרשה־געשאַנק!

אָדער גאָר:

— דער כלהס אַ פעטער גיט פיר גילדן (60 קאָפּיקעס) דרשה־געשאַנק!

אין אַלגעמיין האָבן אַלע, אַלע בייוועזנדע געגעבן דרשה־געשאַנק.

ווער האָט צוגענומען אַט דעם הויפן געלט, וואָס האָט באַטראָפן אַ פּאָר הונדערט קערבלעך?

דער כלהס פאָטער. דאָס האָט ער געהאַט צושטייער אויף דער חתונה. געווען אויך פאַלן, ווען דאָס געלט פלעגט מען געבן דעם חתן, אָדער גאָר — מען האָט זיך געטיילט מיט אים האַלב אויף האַלב.

מערסטנטייל אָבער, איז דאָס געלט געגאַנגען צושטייער אויף דער חתונה.

נאָך דער חופּה־וועטשערע, האָט מען זיך גענומען טאַנצן. די טענץ זיינען געווען פאַרשידענע. לויט דער „עלטער״ נאָך. די יונגע פלעגן טאַנצן: „פּאָלקעס״, „פּאָלקע־מאַזורקעס״, „קראַקאָוויאַק״ און דער הויפּט־טאַנץ ביי דער יוגנט איז געווען „וואַלס״.

ניט קאָנען טאַנצן אַ וואַלס איז געווען פּשוט אַ בזיון פאַר אַ יוגנטלעכן. דערפאַר טאַקע האָט מען אין די „טאַנץ־זאַלן״ דאָס ערשטע געלערנט דעם „וואַלס״.

די עלטערע אידן פלעגן טאַנצן אַ „באַלגאַרעסקע״, אַ „קאַזאַטשאָק״ און דער עיקר — אַ „שער״. אַט די „שער״ איז געוואָרן דער קלאַסישער טאַנץ ביי אַ סך אידן ביז היינט צו טאָג.

ביי יענע חתונות וואו די קלעזמער האָבן קיין געלט ביים מחותן ניט גענומען פאַרן שפּילן און געקאָווירט דירעקט ביי די פּאָרלעך, פלעגט אַ פּאָרל למשל, דינגען אַ וואַלס, און בלויז אַט דאָס פּאָרל אַליין האָט געמעגט טאַנצן. אויב אַ צווייט פּאָרל פון „אָרימע דזשעקס״ האָבן זיך געוואָלט אַריינדרייען אין קאָן, פלעגן די קלעזמער שוין ניט דערלאָזן...

געוויינלעך פלעגט מען טאנצן ביז פארטאָג און פאַרטאָג האָט מען מיט די קלעזמער שפילנדיק, אָפּגעפירט די חתן־כלה און מחותנים אהיים.

פאַרטאָג, די שטאָט איז איינגעהילט אין טיפן שלאָף, און פלוצים גייען קלעזמער איבער אַלע גאַסן און מען שפּילט אויף די העכסטע טענער...

נו, ווען אונז אונזערע קינדער גלויבן, אַז אַזוי האָט געקאָנט געשען...

און דאָך! קיינער פון די טעפליקער אידן זיינען נישט ברוגז געוואָרן, וואָס מען האָט אים אויפגעוועקט פון זיסן שלאָף! ער האָט אויף קיינעם קיין פאַרהיבל נישט געהאַט, האָט זיך אויסגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט און... ווירעד אַנטשלאָפן געוואָרן.

נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעפירט די חתן־כלה מיט דער מוזיק, האָט מען אָפּגעפירט די וויכטיקסטע מחותנים אהיים. געווען קלוגע מחותנים וואָס האָבן אריינגערוקט די קלעזמער 50 קאָפּיקעס, אַז מען זאָל מאַכן מיט זיי אַ שטיקל „וואָלטאַ", דאָס הייסט, ביים פירן זיי אהיים, האָט מען זיך אַרומגעדרייט איבער עטלעכע גאַסן און די מחותנים האָבן 5 אַזייגער פאַר־טאָג, געכאַפּט אַ טענצל אינמיטן גאַס.

דעם צווייטן טאָג נאָך דער חופה, האָט מען געפּראַוועט דעם אמתן אָנבייסן.

גערופן האָט מען עס געוויינלעך „אָלאַסטשינאַ", אַנדערע האָבן עס גערופן — שבעה ברכות־שמחה. געפּראַוועט האָט מען דעם אָנבייסן מיט מוזיק און מיט מתנות דער כלה און ניט בלויז די מחותנים, נאָר די גאַנצע שטאָט איז נאָך געווען בגלופין און מיט חתונה שטימונג.

און אַזוי האָט זיך געצויגן די חתונה עטלעכע טעג. ביז די מחותנים זיינען אָפּגעפאָרן אהיים, האָט מען פאַרגעזעצט די חתונה שמחה. אַלנפאַלס גאַנצע אכט טעג האָט מען געפּראַוועט די חתונה.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב אין דער פאָררעדע צום בוך געזאָגט:

איך האָב באַשטימט נישט צוצוגלייכן יענץ לעבן צו אונזער לעבן. יענץ לעבן אין וועלכן מיר האָבן געלעבט איז געווען מיליאָנען מאָל פאַרשידן פון היינטיקן לעבן.

יענע קינדער זיינען אַנדערש געווען און אונזערע קינדער זיינען אַנ־דערש. איך וועל פשוט אַרויסשטעלן אָט דעם פּאַראַדאָקס:

מיר זיינען אין אונזערע קינדער־יאָרן געפאָרן מיט אָקסן און היינט פליט מען מיט „סופּער־פאָרטאַלעסאָס".

פאָלגלעך, איז נאַריש צו מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן יענע חתונות און

היינטיקע חתונות. אָבער, צי איר ווילט יאָ צי איר ווילט ניט, מוזט איר — ביים דערמאָנען זיך אין יענע יאָרן, מאַכן אַ שטיקל פאַרגלייך — און מיר קומען צום שלום:

יענע חתונה איז געווען אַ האַרציקע זיסע געשעעניש אין מענטשלעכן לעבן און היינטיקע חתונות זיינען... קאָמעדיעס אין וועלכע חתן־כלה און מחותנים שפּילן די הויפּט־ראָלן אַלס אַקטיאָרן.

יענע חתונות, יענע קלעזמער, יענע „גאָלדענע יויך", יענער בדחן, יענע פירן צו דער חופּה, האָבן געהאַט אַלע זיסע טעמים פון גן־עדן, וועלכע מען פילט אייביק! און היינטיקע חתונות וועלכע מען פּראַוועט האָבן בלויז אַ נאָך־טעם וועלכן מען פאַרגעסט דעם זעלבן טאָג!...

בפרט נאָך ווען מען ווערט „אַריסטאָקראַטיש" און מען פּראַוועט די חתונה אין די גוישע רייכע „האָטעלן" אָדער קאָנפּיטעריעס, און מען גיט אייך אַ שטעל אַוועק אויפן טיש אַ נאַרישן לונטש פון אַלערליי — אַנ־טשולדיקט — פּאַסקודסטווע סאַנדוויטשלעך וואָס מען האָט אָנגעקויפט אַלס סאָלדאָס אין אַלע קאָנפּיטעריעס. ווען מען פּראַוועט אַזאַ חתונה, האָט זי ניט קיין אידישן און אַפילו ניט קיין גוישן טעם...

אַ חתונה האָט מען געפּראַוועט אין די טעפּליקס! און אָט יענע חתונה וועלן מיר, דער עלטערער דור, קיינמאָל ניט פאַרגעסן!

# קאפיטל ניין

## טעפליקער טיפּן — טעפּליקער שטאָט בעלי הבתים

טעפּליקער באַלעבאַטים. — טעפּליקער טיפּן. — די „דריי עליעס". אַ פּאַטשטאַליאָן (בריוועטרעגער) אָן פיס. — אַ „סיפּאַק" וואָס פירט די שטאָט פאַרן נאָז. — אַ „בינדיוזשניק" וואָס שעמט זיך צו האָבן אַ זון אַ „פּאַלגע". — צוויי יהודה לייבס מאַזעסעס: יהודה לייב מאַזעס, דער שטאָט־מסור; יהודה לייב מאַזעס דער צדיק און גאון. אַ נצוץ פון משה רבינו. — ער בלייבט אָן אַ פּאה פאַר ניט לאָזן זאָגן תחנון — שמואל אהרן וואָס דערקענט ניט זיין ווייב. — האָב־טשיק וואָס האַנדלט מיט גטן. — איציקל ריישער. — די מערת המכפּלה. — אליקום שוסטער. — פּאַרזעצט איין קאַמאַש און ער מאַכט שבת. — ברוך טאַדרעסעס. — זיין חשבון פון אַ חוב פון 18 קערבלעך. — אברהמעלע טראַכטענבערג. — ער טוט אַ שידוך ממרחקים פאַר אַ גרויסן גביר. — נחמן לאַדיזשינסקי און דער חרם איבער אים. — עני באַסעס אין איר געניצן. — זי וועקט אויף לעבודת הבורא

איך וויל אייך באַקאַנען מיט עטלעכע טעפּליקער אידן. איך וויל, אַז דורך זיי, זאָלט איר זיך שאַפן אַ פאָרשטעלונג פונעם קיסרס אונטערטאַנען וואָס האָבן באַוואוינט דעם כר"ך טעפּליק און וואָס האָבן אין משך פון דורות געפירט אַ רואיק לעבן.

דאָס ערשטע דאַרפט איר קענען אונזערע דריי... עליעס:

— עלי דער קרומער,

— עלי גראָז, און

— עלי דער שפּייזער.

די דאָזיקע דריי „עליעס" זיינען געווען די פּאָפּולערסטע דריי אידן אין טעפּליק.

עלי דער קרומער איז געווען, ניט מער און ניט ווייניקער ווי דער... פּאַטשטאַליאָן פון שטעטל.

ווי קומט קיין טעפּליק אַ אידישער פּאַטשטאַליאָן? ווייסט דאָך, קינד

און קיים, אַז קיין איד האָט אין רוסלאַנד ניט דערגרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה ווי צו זיין אַ פּאַטשטאַליאָן! (בריוטרעגער — קארטערא).

איז טאַקע עלי דער קרומער קיין אָפיציעלער בריווטרעגער ניט געווען. נאָר אַזוי ווי ער איז נעבעך געווען אַ קאַליקע אויף ביידע פיס (ער האָט געהאַט צוויי... האַלבע פיס מיט קיילעכדיקע שיך אויף די קרומע פיס) און אַזוי ווי ער האָט געקראָגן אַ שטיקל פּראָטעקציע און אַביסל חן אין די אויגן פון נאַטשאַלניק פּאַטשטאַ (שעף פון פּאָסט) האָט מען עלי דעם קרומען איבערגעגעבן די קאָרעספּאָנדענץ פון די אָרימע שיכטן און אונטערגעסלעך, און ער פלעג זיי צעטראָגן אַהיים און, ווער עס האָט געהאַט גאָט אין הארצן און אַן איבעריקן גראָשן אָדער קאָפּיקע, האָט ער, עליע דעם קרומען, באַצאָלט „שכר הליכה".

פאַר די גבירים פלעגט אָנקומען די גרעסטע טייל, זאַקאַזנאָיע בריוו (סערטיפיקירטע) און אייניקע האָבן אפילו באַקומען די „אָדעסקיע נאָוואָסטי" אָדער „קיעווסקאָיאַ מיסל". זיי, פלעגט שוין ברענגען די פּאָסט דער אַמתער פּאַטשטאַליאָן! אַ גוי אַן אַנטיסעמיט וואָס האָט זיך באַרימט אַז ער וואָלט בעסער געוואָלט טראָגן אַ זעקל קוילן איידער אַ זשידאָווסקע גאַזעטאַ!

די פּאָסט איז געווען אַביסעלע אַרויס פון אידיש תחום, טאַקע ממש שוין „אויפן דאָרף", און ביז עלי דער קרומער האָט זיך פאַרשלעפּט מיט די בריוו פלעגט אַרויס די אויגן. דאָך פלעגן די ווייבער — וועמענס מענער זיינען אַוועק קיין אַמעריקע — שטיין אויף די פידאַשעקעס (באַלקאָנען) און וואַרטן אויף עלי דעם קרומען ווי אויף משיחן און ניט איין ווייבעריש הארץ פלעגט עלי דער קרומער דערקוויקן אַלע טאָג: פאַר איינער, האָט ער געבראַכט אַ פּשוטן „לעטר". אַ צווייטער — אַן אָנווייזונג אויף געלט און אַ דריטער — טאַקע אַ גאַנצע שיפסקאַרטע! פלעגט מען זיך טאַקע ווּיצלען אין טעפּליק איבער די לעבעדיקע עגונות, איבער די ווייבער, וועמענס מענער זיינען אַוועק קיין אַמעריקע און מען הערט פון זיי זייער זעלטן:

— וואָס ווילט איר? — פלעגט מען זאָגן, — אַביסל איז טאַקע אַ ווייטער מהלך פון נעוויאָרק (ניו־יאָרק) ביז טעפּליק און אַביסל געדויערט ביז עלי דער קרומער ברענגט די בריוו, — פאָרט אַ מענטש אַ קאַליקע אויףביידע פיס — קאָן מען טאַקע אַלט און גרוי ווערן פאַר דער צייט!

און אַ סך פרויען זיינען טאַקע אַלט און גרוי געוואָרן ביז עלי דער קרומער האָט דערפרייט זייער הארץ...

:: :: ::

און אַז איר קאַנט שוין דעם ערשטן עלי, זייט אַזוי גוט און באַקאַנט זיך מיטן צווייטן עלי —

— ע ל י ג ר אַ ז.

ווען עלי גראַז וואָלט געלעבט אין אַמעריקע, וואָלט ער דאָ געווען אַ „חשובער כלל טוער", מען וואָלט אים שוין געפּראַוועט דעם דריטן באַנקעט און ער וואָלט שוין געווען ערן־מיטגליד אין אַ פּאָר אַנשטאַלטן.

דאָרט אין טעפּליק איז ער געווען אַ קהלשער קאָך־לעפל, געוויינלעך האָט עס געהייסן „אַ סיפּאַק", געזאָגט דעות וועמען מען דאַרף קלויבן פּאַר מעשטשאַנסקי סטאַראָסטע און וועמען מען דאַרף צולאָזן צו דער טאַקסע! געזאָגט דעות און מבינות אויפן רב, אויפן דאָקטאָר, אויפן חזן! געכאַפּט, ניט איינמאָל, א שטעקן אין קאָפּ אריין! איין שבת, שבת הגדול איז דאָס געווען, האָט מען אים אין שיל, צוליב ששי צעשפּאָלטן דעם קאָפּ אויף צווייען! מען האָט אים, פון דער שיל צוגענומען אין באָלניצע אריין. וויפל ער איז דאָרט געלעגן? איז ניט וויכטיק! אָבער אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום, שמחת תורה איז דאָס געווען, האָט ער — נאָך מיט אַ פּאָר סיפּאַקעס ווי ער — זיך אַזוי אָנגעשיכורט אין שיל, אַז מען האָט זיי געמוזט „לעשן" אין „פּאָליש" מיט עמערס וואַסער!

עלי גראָז, איז אַ שטיק צייט געווען דער געקרוינטער מלך פון טעפּליק! וואָס ער האָט געהייסן — האָט מען בלינד געפאָלגט. ביז אין אַ שיינעם טאָג פאַרגלוסט זיך אים אוועק קיין אַמעריקע. ער איז דאָרט אָפּגעווען אַ פּאָר יאָר און געקומען צוריק מיטן „בייטשל". ווען ער קומט צוריק, קאָן ער שוין ניט פאַרנעמען צוריק זיין פּאָזיציע און ער פאַלט טיף אין אָפּגרונט ביז... בעטן אַ ככר לחם..

:: :: ::

דער דריטער עלי איז אפשר דער אינטערעסאַנטסטער! גערופן האָט מען אים —

— ע ל י ש פּ י י ז ע ר.

דער דאָזיקער עלי איז געווען דער זעלטנסטער און נידעריקסטער טיפּ פון מענטשלעכן אָפּפאַל.

פון „פּאַך" איז ער געווען אַ „שינדער". ער האָט אַראָפּגענומען די פעל פון געפּגרטע פערד און בהמות, און פון דעם „געשפּייזט" זיין כאַלאַסטרע.

וואָס ביי אונז אין דער אַלטער היים, און דערהויפּט אין די קליינע שטעטלעך איז געווען די „פּראָפעסיע" פון אַ ש י נ ד ע ר איז פאַרשפּאָרט

צו דערמאָנען. דאָך, האָט אַמאָל געטראָפן, ווי עלי דער שפּייזער, האָט אויס־געמוסרט זיין עלטערן בנאָק, אַ בחורל פון אַ יאָר צוועלף, הלמאי ער פאָלגט ניט דעם טאַטן, און האָט אים בקול רם און זייער ערנסט, געוואָרנט, אַז אויב ער וועט זיין אַ לייט און וועט גיין אין טאַטנס וועגן — וועט ער אים אויסלערנען דאָס פאַך (פון שינדן) און אויב ער וועט ניט זיין קיין לייט — וועט ער אים אַוועקגעבן צו אַ... „פאַלגע" (שניידער).

אַ חוץ שינדעריי האָט עלי דער שפּייזער געהאַט אַ צווייטע „פּרנסה", אַ „טרעגער", אַ „בינדיוזשניק". אָבער, ער האָט ניט געטראָגן די זעקלעך מעל אַהיים דער באַלעבאָסטע, נאָר ער האָט געהאַט אַ „פערד" און „וועגעלע".

דאָס פערד — מענדעלעס קליאַטשע איז געווען אַ העלד קעגן עליעס פערד — און דאָס וועגעלע איז באַשטאַנען פון פיר רעדער און פון אויבן דריי ברעטער אין דער פאָרם פון אַ מולטער. די דאָזיקע ברעטער האָבן זיך צענומען און מען האָט געקאָנט אַרויפליגן אויפן וועגעלע וואָס פאַר אַ סחורה מען האָט געדאַרפט. דער אומגליק אָבער איז געווען, וואָס עליעס וועגעלע, ווי בכלל אַ טרעגער, האָבן טעפּליקער אידן זייער זעלטן באַנוצט. טעפּליקער אידן זיינען, ברוך השם, געווען געזונטע אידן און אַז מען האָט געקויפט אַ זעקל קאַרטאָפל אין מאַרק אָדער אַ פוד געבייטלטע מעל ביי אַ גוי אויף אַ פור, האָט מען זיך איינגעשפּאַרט די פינף קאָפּיקעס און מען האָט עס במחילה אַליין פאַרטראָגן אַהיים!

פלעגט טאַקע עלי האָבן קדחת ניט קיין פּרנסה. דערפאַר פלעגט ער אַוועקשטעלן דאָס פערד און וועגעלע, נעבן נחמן לאַדיזשינסקיס קלייט און אַליין אַוועק צו יודל לאַטמאַן אין שענק אַריין.

דאָס אָרימע פערדל פלעגט אַזוי שטיין אַ פּאָר שעה, דערנאָך האָט זיך עס אַליין אויסגעדרייט און איז אַוועק צו יודל לאַטמאַנס שענק און זיך אַוועקשטעלן ביי דער טיר. פלעגט מען שוין וויסן, אַז מען דאַרף אַרויס־טראָגן עלי דעם שפּייזער אַ שיכורן פון שענק, אים אַרויפליגן אויף דעם וועגעלע און דאָס פערדל האָט אים אָפּגעפירט אַהיים.

אַזוי פלעגט זיך נוהג זיין עלי דער שפּייזער אַלע זיינע יאָרן און קיינעם האָט עס ניט געחידושט אויב עלי דער שפּייזער האָט זיך ניט באַוויזן קיין אַכט טעג אין שטעטל. מען האָט געוואוסט, אַז ער ליגט שיכור! דערפאַר אָבער, אַז עס פלעגט קומען מיטוואָך פאַרנאַכט אָדער דאָנערשטיק אינדער־פרי ווען די ווייבער גייען נאָך מעל אויף שבת, האָט שוין עלי אויסגעפעלט. ער איז דעמאָלט געווען דער העלד פון טאָג, פלעגט שוין האַלטן דאָס ק ע־

ל י ע ש ע ק ל נעבן זיך און אַלע מאָל אַ זופּ טאָן און אַ קלאַפּ טאָן זיין אָרימע „קאַבילע”, אַז זי זאָל גיכער שלעפּן דאָס זעקל מעל.

:: :: ::

און אַז איר קאָנט שוין אונזערע דריי עלים, וועל איך אייך באַקאַנען מיט אַנדערע צוויי אינטערעסאַנטע טעפּליקער טיפּן. צוויי —

— יהודה לייבס.

און מערקווירדיק: ביידנס פאַמיליע איז געווען די זעלבע: מ אָ ז ע ס!

איין יהודה לייב מאָזעס איז געווען —

דער גרעסטער... מסור אין טעפּליק!

אַ איד אַן אויסוואורף, וואָס איז געווען יד אחת מיטן פּריסטאַוו, מיטן פּאָליציימייסטער און אַפילו אָנגעשפּאַרט ביזן גובערנאַטאָר.

דער אַנדערער יהודה לייב מאָזעס (יהודה לייב טשיזשיק) איז געווען אַ איד אַ צדיק. אַ פרומער איד ביז פאַנאַטיזם. שטענדיק געגאַנגען צעשפּיליעט אַלע קנעפּלעך אָנהויבנדיק פון העמד און ענדיקנדיק ביי די שיך, שטענדיק געזעסן על התורה ועל עבודה, געהאַט הוראה אויף רב אָבער פלעגט ניט וועלן פּסקנען קיין שאלה אַפילו דעם אייגענעם ווייב, כדי ניט... משיג גבול זיין דעם רב.

דער דאָזיקער יהודה לייב מאָזעס (מען האָט אים אויך גערופן יהודה לייב טשיזשיק) איז געווען אַ פאַרברענטער חסיד פון בערשאַדער רבין. ער פלעגט זאָגן, אַז אין בערשאַדער רבין איז דאָ אַ נצוץ פון... משה רבינו. איינמאָל, אין טאָג פון יאָרצייט פון בערשאַדער רבין, האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אין קלויז און ניט געלאָזט זאָגן קיין תחנון. נאָר וואָס הייסט ניט געלאָזט? — ער האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַרן עמוד מיט ביידע הענט און ניט צוגעלאָזט דאַווענען, סיידן מען זאָל אים צוזאָגן, אַז מען וועט ניט זאָגן קיין תחנון.

און אָט דאָס ניט לאָזן זאָגן קיין תחנון האָט אים געקאָסט אַ... פּאה מיט דער הויט צוזאַמען...

פאַרשטייט זיך, אַז ביי אונז אין טעפּליק איז דער יחוס יהודה לייב טשיזשיק געווען זייער אַ גרויסער און עס איז געווען אַ גרויסער כבוד פאַר אַ אידישע פרוי ווען יהודה לייבס פרוי אָדער טאָכטער האָט זי געלאָזט אַריינקוקן צו זיך אין מחזור און האָט זיך מיט איר געחברט.

איצט — געפינט זיך יהודה לייב טשיזשיקס טאָכטער אין אַרגענטינע, שוין אַ פרוי אין די זיבעציקער, און יהודה לייבס אַן אייניקל איז דער באַ־

וואוסטער און פּאָפּולערער אידישער אַלמאַסענערא לוי נעמיראָווסקי פון פּאַסטעאור און קאַריענטעס.

למען האמת דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז אָט דער לוי נעמיראָוו־סקי האָט אין זיך אַ נצוץ פון דעם גרויסן יהודה לייב מאָזעס (טשיזשיק), איז אַ פיינער בעל תפילה, קאָן גאַנץ נישקשהדיק אין די קליינע אותיותלעך און ווען ער לעבט אין טעפּליק, וואָלט ער אפשר אויך געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט לאַנגע פּאות און עס וואָלט אים אויך געפעלט די קנעפּלעך צום העמד און צו די הויזן.

איך מאַך אָט די באַמערקונג פּשוט אונטערצושטרייכן, אַז עפּעס, אַ שטיקעלע ירושה איז אונז דאָך געבליבן פון יענע גוטע גליקלעכע יאָרן...

פּונקט וויפל נחת און כבוד די שטאָט האָט געהאַט פון יהודה לייב מאָ־זעס (טשיזשיק) דעם וואוילגעלערנטן, אַזוי פיל אומגליק און צרות האָט מען געהאַט פון יהודה לייב מאָזעס דעם מסור! ס'איז ניט געווען דער איד אין טעפּליק וועמען יהודה לייב מאָזעס זאָל ניט אָנמאַכן אַ צרהלע. האָט איי־נער געמאַכט אַ געשעפט — האָט ער, דאָס ערשטע, זיך געדאַרפט זען מיט יהודה לייב מאָזעס; האָט מען געמאַכט אַ קנין, איז דאָס ערשטע האָט הנאה געהאַט יהודה לייב מאָזעס! ווער שמועסט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון אַ פּריזיוו — איז דאָך שוין אָפּגערעדט, אַז יהודה לייב האָט גענומען דעם ערשטן כּאַבאַר, נאָך פריער פונעם וואָאינסקע נאַטשאַלניק.

געהאַט האָט יהודה לייב מאָזעס, דער מסור, נאָך צוויי ברידער. איי־נער חיים און דער אַנדערער נח מאָזעס. ביידע ברידער זיינען דווקא געווען פיינע באַלעבאַטים, עס פלעגט זיי ווי טון זייער ברודערס מעשים טובים, אָבער, ווען מען איז געקומען צו זיי, זיי בעטן ווענן אַ אידן וואָס זייער ברו־דער יהודה לייב האָט געמסרט, פלעגן זיי, פאַר קיין פאַל ניט ווערן אינ־טערווענירן. געהייסן האָט עס, אַז זיי מישן זיך ניט אין ברודערס געשעפטן.

אַ סוף האָט ער געהאַט, יהודה לייב, גאָר אַ מיאוסן! אין די צייטן פון דער רעוואָלוציע איז ער אָראָפּ. ער איז דערגאַנגען ביז צו גיין מיט אַ טאָר־בע און בעטן ברויט און מען האָט אים צוגעוואָרפן אַ טרוקן סעבערל. גע־שטאָרבן איז ער אונטער אַ פּלויט און באַהאַלטן האָט מען אים אין אַ... ראָגנעזשע, נעבן דעם פלויט.

:: :: ::

איינע פון די פּאָפּולערסטע אידישע פאַמיליעס אין טעפּליק איז גע־ווען — שמואל אהרן.

שמואל אהרן אליין איז געווען אַ איד אַ קוראַלאַפּניק (געהאַנדלט מיט

עופות). אָבער באַרימט האָט ער זיך געמאַכט אין טעפּליק דערמיט, וואָס אַלע שבת נאָכן עסן, פלעג ער זיך... שלאָגן מיט די שכנים!

זעלטן געווען אַ שבת ער זאָל זיך נישט שלאָגן. דאָס שטעטל פלעגט שוין וויסן, אַז אויב מענטשן לויפן אויף שמואל אהרנס גאַס, מעג מען ווייטער שלאָפן רואיק, ווייל דאָרט קומט ניט פאָר קיין שרפה אָדער פּאָגראָם, נאָר — שמואל אהרן שלאָגט זיך מיט די שכנים.

אַ ברודער האָט שמואל אהרן געהאַט האָט ער געהייסן איציקל ריישער.

ווען איציקל איז געווען אַ קינד פון אַ יאָר צען, איז ער שוין געווען דער בעסטער און פּעאיקסטער... גנב אין שטעטל. אָנגעהויבן האָט ער מיט אַ קאַוועז פון אַ וואָגן און געענדיקט מיט אַ פּעלץ. די מאַמע זיינע האָט שטאַרק געהאַלטן פון אים און האָט געזאָגט, אַז נדן וועט זי נעמען פאַר אים ניט ווייניקער ווי רי״ש (200) רו״ך, אויב ניט — זאָל ער קרענקען אין דער היים. איז ער געבליבן ביים נאָמען „ר יי ש ע ר".

דער דאָזיקער איציקל ריישער צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער שמואל אהרן און נאָך צוויי אַזעלכע פּאַמיליעס „תנאים" ווי ער, האָבן געוואוינט אונטער איין דאַך, האָט מען די שטוב גערופן די „מערת המכפלה". איינער פון די „חשובסטע" איינוואוינער פון דער מערת המכפלה איז געווען אַ שוסטערוק וואָס פלעגט זיצן אינמיטן מאַרק און פאַריכטן שיך — האַבטשיק האָט ער געהייסן. דער דאָזיקער האַבטשיק פלעגט מאַכן אַ לעבן פון... גטן.

אַלע יאָר פלעגט ער ניט סטייען אויף אַ פּאָר חדשים און דערנאָך זיך צוריקקערן צו זיין טישל און בענקל אין מאַרק. אין אַ פּאָר חדשים אַרום פלעגט קומען צו אים אַ ווייב, וועלכע האָט אים דערקענט אַלס דער מאַן וואָס האָט מיט איר חתונה געהאַט און ניט געסטייעט תיכף נאָך דער חופּה. עס פלעגט טרעפן, אַז אין איין צייט זאָלן זיך, אין טעפּליק, צוזאַמענטרעפן צוויי ווייבער זיינע וואָס ער האָט מקדש געווען. דאַן פלעגט ווערן אַ גערודער און די „שטאָט" האָט שוין געזען, אַז האַבטשיק זאָל נעמען אַ פּאָר רובל און מרוצה ווערן געבן אַ גט די ווייבער.

צו שמואל אהרן איז אויך געקומען אַ אידענע און אים געשלעפּט צום רב אַלס איר מאַן. שמואל אהרן האָט אָבער געשריען אַז ער... דערקענט זי ניט, ווייל ער איז אַנטלאָפן פון אונטער דער חופּה. פון דעמאָלט אָן, איז אין טעפּליק און אין גאַנצן געגנט אַרומגעגאַנגען אַ שפּריכוואָרט —

„שמואל אהרן האָט זיין ווייב נישט דערקענט".

און אַז מען האָט איינעם געדאַרפט אויסוואַרפן, ווייל ער האָט ע פּ ע ס נישט דערקאָנט — האָט מען אים תיכף צוגעגלייכט צו שמואל אהרונען...

א צווייטער תושב פון „מערת המכפלה" איז געווען אליקום שוסטער. דער דאָזיקער איד איז נעבעך געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, דערפאַר אָבער איז ער געווען אַ וויצלינג וואָס האָט געקאָנט מאַכן לאַכן אַ טויטן. און איינפאַל האָט ער געהאַט אַזעלכע שיינע, אַז נישט קוקנדיק דערויף וואָס יענער פלעגט ליידן פון אים — האָט מען אים, צוליב זיין חכמה, מוחל געווען.

איינמאָל דאַרף ער „מאַכן שבת" און ער האָט ניט. גייט ער אַוועק צו אַ קאַזשעווניק (אַלמאַסען דע סועלאַס) קאַפּל שאָל האָט ער געהייסן, און דערציילט אים, אַז ער האָט אַ קונה אויף אַ פּאָר קאַמאַשן. נאָר יענער וויל: ערשטנס, די בעסטע קאַמאַשן און צווייטנס, ער וויל פריער זען די סחורה. על כן, בעט ער אים, דעם קאַזשעווניק, אַז ער זאָל אים געבן איין קאַמאַש אויף צו ווייזן. טראַכט זיך קאַפּל: וואָס קאָן ער טון מיט איין קאַמאַש, ער וועט דאָך מוזן קומען נאָכן צווייטן — גיט ער אים דעם קאַמאַש.

נעמט אליקום דעם קאַמאַש, גייט אַוועק צו חיים וועלוול מיטשניק און דערציילט אים:

אַזוי ווי אַ קליענט דאַרף קומען אויסלייזן אַ פּאָר שיך און אַזוי ווי ער דאַרף דערווייל אַ קערבל אויף שבת, לאָזט ער אים איבער אַ קאַמאַש אַלס משכון (אַ פּאָר קאַמאַשן זיינען ווערט געווען 5 רובל) און ער בעט ביי אים אַ קערבל אויף שבת.

טראַכט זיך חיים וועלוול:

— וואָס האָט ער וואָס מורא צו האָבן! ער וועט דאָך מוזן קומען אויסלייזן דעם צווייטן קאַמאַש — און ער גיט אים דאָס קערבל.

דער סוף איז געווען, אַז קאַפּל שאָל האָט נעבעך געמוזט אויסלייזן דעם קאַמאַש ביי חיים וועלוולען און אליקום שוסטער האָט דערווייל געהאַט אויף שבת. און, האָט ער נאָר געהאַט אויף שבת, איז אים ניט געווען צו דערקעגען. ער האָט זיך אויסגעקעמט די באָרד און אַוועק אין בעל מלאכהשן שילכל און דערציילט גוזמאות פון דער וואָך. ער האָט אַמאָל דערציילט, אַז ער האָט געקויפט אַ האָן האָט ער געוואויגן... עלף פונט נאָר... מיט דער שטייג צוזאַמען!

אָט אַזוינע אידן, וויצלער, אידן וואָס האָבן געלאַכט פונעם דלות און מיט אַ וויץ אָפּגעקומען די אידענע ווען זי האָט געמאָנט אויף שבת אָדער דעם בעל חוב וואָס האָט געמאָנט פאַר מעל — האָבן מיר אין טעפּליק געהאַט! אַ סך טעפּליקער אידן האָבן געלאַכט פונעם דלות און זייער זעלטן געווען פאַרזאָרגט.

מיר האָבן למשל, געהאַט אַ אידן, האָט ער געהייסן ברוך טאָדרעסעס,

איז אים גנענדל די מיטשניטשקע (מעל פארקויפערן) געקומען מאַנען 18 קערבלעך פאַר מעל, מאַכט איר ברוך טאָדרעסעס אזא „חשבון“:

— אכצן־שמאַכצן, נאָר 12 בין איך טאַקע שולדיק. וועל איך דיר אויסצאָלן א קערבל א מאָנאַט. בעסער אָבער — א פערטעלע (25 קאָפּיקעס) א וואָך. נאַ דיר א גריוועָנקע (10 קאָפּ.) און א גילדן בלייב איך דיר שולדיק און אוים חשבון. מאַך ניט קיין גוואלד, אַז איך צאָל דיר ניט...

אָט אַזוי, האָט ער איר, וויצלדיק זיך, געמאַכט א סך הכל פון 18 קערבלעך.

:: :: ::

א ביז גאָר אינטערעסאַנטער טיפּ איז ביי אונז געווען א איד וואָס האָט געהייסן אברהמל טראַכטענבערג. א איד א באַלעבאָס, א שטיק גביר, מען האָט אים געשאַצט אין אַריבער 50 טויזנט „קארבן“. ער איז אָבער געווען דער איינציקער איד אין טעפּליק וואָס האָט ניט געגעסן צו דער צייט, ניט געשלאָפן רואיק, און ניט געלעבט רואיק. שטענדיק איז ער געווען פאַר־שמייעט און פאַריאָגט מיט חשבונות און געשעפטן. א איד אַביסל א „צע־דרייטער“ כאָטש א כיטרע („פּיזשאָ“) פלעגט ער א ו י ף ג י ך, אָפּדאַ־ווענען, א ו י ף ג י ך אָפּעסן, א ו י ף ג י ך אָפּמאַכן די געשעפטן, אויף גיך אָפּקריגן און אפילו אויף גיך זיך געלייגט שלאָפן.

אָט אַזוי לויפנדיק מיט צעשפּרייטע פּאָלעס האָט ער איינמאָל זיך אַזוי פאַרהאַנדלט מיט א אידן, מיט א באַוואוסטן טעפּליקער באַלעבאָס — נ ח מ ן ל א ד י ז ש י נ ס ק י, ביז... מען האָט אים איינגעזעצט — טאַקע אויף נחמן לאַדיזשינסקיס מסירה — אין תפיסה און אוועקגעשיקט פאַ עטאַפּאָם — קיין הייסין.

דאָס איז געווען פרייטיק אינדערפרי. און פרייטיק פאַרנאַכט, פאַרן גיין מקבל שבת זיין, האָט זיך צונויפגעקליבן נעבן נחמן לאַדזשינסקיס שטוב, אברהמל טאַרכטענבערגס פאַמיליע, מיט נאָך א פּאָר צענדליק אידן. מען האָט מיט שטיינער אויסגעזעצט אַלע פענצטער ביי לאַדיזשינסקין און גע־מאַכט א סקאַנדאַל, אַז די שטאָט איז זיך צוזאַמענגעלאָפן. עפּעס א קלייני־קייט! אריינגעבן א אידן אין גויישע הענט!

שבת אינדערפרי איז אָט דער ספּעקטאַקל פאַרגעזעצט געוואָרן. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז, וואָס טעפּליקער אידן האָבן דערקלערט א חרם אויף נחמן לאַדיזשינסקי און ער איז א יאָר צייט ניט געגאַנגען אין בראַס־לאַווער קלויז דאַווענען מיט א מנין אפילו ניט אין די ימים נוראים. מען האָט אויסגעוויכט זיין קלייט און עס האָט אים געקאָסט גענוג געלט ביז... ער האָט געקאָנט צוריק אַרויסנעמען אברהמל טראַכטענבערג פון תפיסה.

איך וויל אָבער ניט ענדיקן דאָס בילד וועגן טעפּליקער טיפּן אום ניט צו דערציילן אַ פּאָר שטריכן וועגן אַט דעם אברהמל טראַכטענבערג וועלכער איז געווען אַ יחיד במינו אין טעפּליק מיט זיין אַרט לעבן, האַנדלען און כיטרע איינפאַלן.

אברהמל טראַכטענבערג האָט געהאַט אַ מויד חתונה צו מאַכן. צופעליק האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ סוחר פון וואָלאָטשיסק, איינעם פון די גרעסטע סוחרים און פיינסטע אידן פון דאָרט, אַ געוויסער יואל סאָסנאָווסקי.

דער דאָזיקער סוחר האָט אויך געהאַט אַ זון וואָס איז געשטאַנען אין שידוכים. וואָס טוט אברהמל טראַכטענבערג? ער נעמט אַ טעפּליקער אידן וואָס האָט געהייסן אַלטער זעליגס, גיט אים אויף הוצאות, באַצאָלט אים שכר טרחה, און שיקט אים קיין וואָלאָטשיסק ער זאָל ווערן אַן... אורח אויף שבת ביים באַרימטן סוחר.

אַלטער זעליגס קומט פּרייטיק פאַרנאַכט קיין וואָלאָטשיסק, גייט אַוועק אין קלויז אַריין וואו דער דאָזיקער סוחר דאַוונט און ער רוקט אַריין דעם שמש אַ דרייער אין דער האַנט אַריין, אַז דער שמש זאָל אים באַשטאַטן אַלס אורח ביי סאָסנאָווסקין.

סאָסנאָווסקי נעמט אים אַלס אורח און ביים טיש — ווי דער שטייגער איז, פרעגט ער אים פון וואַנען ער איז? ענטפערט אַלטער זעליגס — פון טעפּליק.

— אַ? פון טעפּליק? מן הסתם קאָן ער דאָרט אַ אידן ר׳ אברהם טראַכטענבערג? און ער פרעגט אים אַ מיינונג.

אַלטער זעליגס גיט אים שוין אָפּ דעם אמתן גרוס. אַן עושר אדיר! די שוועל פון פאָל איז פון... גאָלד. און אַ טעכטערל האָט ער — מרים הנביאה!

נאָך שבת, נעמט סאָסנאָווסקי זיין זון און פאָרט אָנקוקן די כלה. ער פאָרפאָרט צו אהרן טשערנאָוו אין „איינפאָר-הויז" און געשיקט רופן דעם שטאָט שדכן, בעני שוחט, ער זאָל גיין מודיע זיין, אַז ער איז דאָ מיטן אינגל און וויל אָנקוקן דאָס מיידל. סאָסנאָווסקי באַקומט די איינלאַדונג, און ווען ער קומט צו אברהמל טראַכטענבערג טרעפט ער בלויז דעם „נאמן" (אויך אַ פאַרשטעלטער איד וועלכער האָט געשפּילט די ראָל פון אַ נאמן אין זיינע אימעניעס). אויף דעם טיש און קאָמאָדע האָבן זיך געוואַלגערט זילבערנע חפצים.

— דאָס — אַזוי האָט דערקלערט דער „נאמן" — זיינען די וואָכעדיקע כלים. אויף שבת און יום-טוב זיינען פאַראַן אַנדערע זילבערנע כלים.

סאָסנאָווסקי קוקט זיך ווייטער אום, זעט ער ווי אויף דער קאָמאָדע

ליגן אָנגעוואָרפן... זילבערנע האלבע קערבלעך, גאַנצע קערבלעך און אפילו גאָלדענע פינפערלעך. פרעגט ער דעם נאמן:

— וואָס איז דאָס פאַר געלט וואָס וואַלגערט זיך אַזוי ארום?

ענטפערט דער נאמן:

— דאָס לאָזט איבער רב' אברהמ'ל, ווען ער גייט אוועק, טאָמער קומט מען נאָך א נדבה — זאָל מען ניט ארויסגייען ליידיק! א געוויינלעכן אָרימאַן געבן מיר א חצי רו"ך, א מער בעל הבתישן אָרימאַן — א גאַנץ קערבל און אויב עס קומט א פּאָרל וועגן א „יורד" אָדער א נשרף, צו בכלל וועגן א תלמיד חכם, געבן מיר א גילדן פינפערל און אויב מען דאַרף — אפילו א צענערל.

פאַרשטייט זיך,אַז נאָך אַזוי פיל „פּאַראַדע" איז שוין דער שידוך גע־וואָרן און מען האָט שוין וועגן קיין נדן אפילו ניט גערעדט...

:: :: ::

איך וועל פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל באַקאַנענדיק אייך מיט א טעפּליקער אידענע וואָס איז געווען די „אויפוועקערן", אַז אידן זאָלן אויפשטיין לעבו־רת הבורא...

געהייסן האָט זי עני־איצי באַסעס. (דער מאַן האָט געהייסן איצי). זיי האָבן געהאַט א קאָזשעווגע מאַגאַזין (לעדער־געשעפט) און דער מאַגאַזין — אַזוי האָט זיך געזאָגט אויף דער טאַבליצע, — איז געווען אין א קעלער ביי זיי אין הויז. עני באַסעס האָט געהאַט א מערקווירדיקע שלאָפקייט. זי פלעגט זיך אויפכאַפּן פּאַרטאָג און אָנהויבן געניצן אָבער מיט אַזא שטאַרקייט און אויפן הויכן קול, אַז זי האָט אויפגעוועקט די שטאָט. און ניט בלויז יעקב מאיר דער רב, וואָס האָט געוואוינט די פערטע שטוב פון עני באַסעס האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך גענומען לעבודת הבורא, נאָר אַלע אידן וועלכע האָבן געדאַרפט פאָרן אויפן יאַריד און זיי האָבן געדאַוונט מיטן ערשטן מנין, פלעגן זיך שוין ריכטן לויט עני באַסעס געניץ — ווען זיי דאַרפן אויפשטיין.

אינטערעסאַנט: קיינער פון די טעפּליקער אידן, אפילו ניט די שכנים (אונזער שטוב איז געווען די צווייטע פון איצי באַסעס, און פון זייער שלאָף־צימער ביז אונזערן, איז געווען א „ווילִיצע" (א דורכגאַנג) פון א... האַלבן מעטער) האָבן זיך געקלאָגט אויף איר געניצן. מען האָט זיך אַזוי פּאַוואָ־

לינקע צוגעוואוינט, פונקט ווי מען געוואוינט זיך צו צום פאָרן פון א לאָ־
קאָמאָטיוו ווען מען וואוינט ביים באַן.

צי וואָלט אָבער עני באסעם אויך געקאָנט אזוי גענייצן ווען זי וואוינט
אין די אמעריקאנער מאָדערנע דעפּארטאמענטן?...

## קאפיטל צען

# „די ציוויליזאציע" מאכט אָן צרות אין טעפליק

די „ציוויליזאציע" הויבט אָן אריינדרינגען קיין טעפליק". — דער ערשטער גראמאָפאָן. — גבריאל פאפיראָסניק און זיין ווייב דבורה. — פאַרלייג מיר די „טונדע". — זיידל נעכאַמקיס, א איד א קצב, מאַכט גוטע געשעפטן אַ דאַנק דעם גראַמאָפאָן. — אַ געשלעג צווישן מענער און ווייבער איבער „צור ישראל און... פרייטיק אויף דער נאַכט. — שאַפירא דער אַפטייקער מיט זיינע קלאַסישע דיסקאָס. — דער ערשטער אויטאָמאָביל פאָרט דורך טעפליק. דער „ניט-גוטער" וואָס שטופט אים. — טעפליק לייענט די בלעטער און שאַפט די וועלט פאָליטיק. — דער געוועט צווישן דעם וואַרשעווער „היינט" מיטן „מאָמענט" צעטיילט טעפליק אויף צוויי צדדים. — דער ביילים פראָצעס נעמט אַראָפּ ביי טעפליקער אידן דעם קאָפּ. — איין טאָג פרייד און דעם צווייטן טאָג טרויער. — די „זעמשטשינא" און „קיעווסקאַיאַ מיסל". — די „ציוויליזאַציע" ברענגט דעם טעלעפאָן קיין טעפליק. די צרות וואָס מען האָט פון אים. — טעפליקער אידן גייען אין „טריאָטער". דער עלטערער דור באַיקאָטירט די קאָמעדיאנטשיקעס און די יונגע חברה „שפילן טעאַטער". — „ציגנעטאַנג" דער באַליבטסטער בחור אין שטעטל. ער האָט חתונה פאַר „כאַסיע די יתומה". — דער „אילוזיאָן" מאַכט חרוב דעם טעפליקער „טעאַטער"

ווי אזוי די ציוויליזאַציע האָט אריינגעדרונגען קיין טעפליק? — איז טאַקע אַ גרויסער חידוש. דאָס שטעטל איז געלעגן אין אַ זייט פון דער „גרויסער ציוויליזאַציע" וואָס האָט געהערשט אויף דער גרויסער וועלט. מען האָט ניט געוואוסט אין טעפליק פון קיין טראַטוארן (נאָך דעם האָבן טעפליקער אידן שטאַרק געבענקט). מען האָט ניט געוואוסט פון די גרויסשטעטישע „פארשייטע" הייזער, ווי „טריאַטער", „אילוזיאָן" (סינעמאַטאָגראַף). מען האָט ניט געוואוסט פון דעם קונץ צוגיין צו דער וואַנט, געבן אַ דריי, ווערט ליכטיק. מען האָט געדאַנקט גאָט, אַז עס איז געווען 20 קאָפּיקעס אויף אַ האַלבן פוד גאַז (קעראָסין) און אויב מען האָט געהאַט אַ „צוועלפער" לאָמפּ, וואָס איז געהאַנגען אין מיטן „סטאָלאָווע" — איז געווען ליכטיק אין יעדן ווינקעלע.

פאַרשטייט זיך, דער לאָמפּ האָט געהאַט אַ גרויסן חסרון. ערשטנס, האָט מען געדאַרפט היטן דאָס גלעזל, אַז עס זאָל ניט לאָפּנען. דערהויפּט האָט מען עס געהיט, ווען מען האָט עס אויסגעווישט. מען פלעגט „אָנהויכעז", אַריינדערכן אין דעם און אַריינשטופּן אַ ריינע ווייסע שמאַטע פון איין זייט און זי אַרויסשלעפּן פון דער אַנדערער זייט. און דאָס גלעזל פלעגט ווערן ריין ווי בורשטין.

עס פלעגט אָבער טרעפן, אַז מען האָט ניט אַזוי גוט „אויסגעטרוקנט" דאָס גלעזל און דעם קנויט פונעם לאָמפּ האָט מען געגעבן אַ דריי אויף מיטאַמאָל — דאַן האָט דאָס גלעזל געפּלאַצט און אין שטוב איז געוואָרן... חושך! טאַטע האָט געשריגן, מאַמע האָט געשאָלטן ביז... נו, ביז מען האָט געגעבן דריי קאָפּיקעס און מען איז געלאָפן צו אהרן יאָסל גערשונאָוו קויפן אַן אַנדער גלעזל.

אָט אין יענער צייט, איז אין אַ שיינעם אויפדערנאַכט טעפּליק איבערראַשט געוואָרן. גבריאל בעקער, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן, גבריאל פּאַפּיראָסניק, אַ איד אַ נגיד (ער האָט אַמאָל פאַרקויפט פּאַפּיראָסן), איז געקומען פון אומאַן און געבראַכט עפּעס אַזוינס מיט אַ טרובע, וואָס אַז מען לייגט אַרויף אַ זאַ זאַך אַ קיילעכדיקע — זינגט עס אויס אַלערליי ניגונים.

אידן, פאַרשטייט זיך, האָבן ניט געגלויבט, געטענהט, אַז מן הסתם שטייט עמיצער אונטן און זינגט. עפּעס אַ קונצנמאַכער פון יענע קונצנמאַכערס וואָס שלעפּן סטענגעס פון מויל און שלינגען שווערדן!

אָבער, אַז שבת צו נאַכטס, האָט גבריאל געגעבן אַ שטעל אָן דעם גראַמאָפאָן און ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ פולער שטוב אידן, האָט ער געגעבן אַ שפּיל אויס: „צור ישראל", „ולירושלים עירך", אָדער גאָר אַ לידעלע „פּרייטיק אויף דער נאַכט, איז דאָך יעדער איד אַ מלך" — האָבן אידן אָנגעהויבן באַקומען רעספּעקט צום גראַמאַפאָן, רעספּעקט פאַר דער „ציוויליזאַציע" וואָס טראַכט אויס אַזעלכע חדושים און גבריאל פּאַפּיראָסניק איז געוואָרן אַ אדם חשוב אין שטעטל און גרויס און קליין האָבן אים אָנגעהויבן חנפענען...

צווישן די פּאָר צענדלינג אידישע „פּלאַסטינקעס" וואָס גבריאל פּאַפּיראָסניק האָט געבראַכט איז געווען איינע וואָס האָט געהייסן: „טונדאַ", אַ וואָלעכטס אַזאַ, וואָס די פּאַסטוכער אין רומעניע אָדער מאָלדאַוויע שפּילן אויס. אָט די „טונדאַ" איז זיין אידענע דבורהן (אַ קאַסאַקע און אַביסל אַ היקעוואַטע דערצו) שטאַרק געפעלן געוואָרן. און ווי נאָר מער פלעגט ענדיקן

שפּילן עפּעס א „דיסקאַ", פלעגט דבורה אָנהויבן בעטן: „גבריאל, פאַרלייג מיר די טונדאַ".

אַט די פּראַזע איז געבליבן פּאַראייביקט ביי אַלע טעפּליקער אידן און עס איז ניטאָ קיין טעפּליקער איד ער זאָל עס ניט געדענקען...

לאַנג אָבער, איז גבריאל פּאַפּיראָסניק ניט געווען קיין „מיוחס" מיט זיין גראַמאַפאָן.

א גרעסערן דערפאָלג פון גבריאל פּאַפּיראָסניק האָט געהאַט דער צווייטער גראַמאַפאָן וואָס א איד, א קצב, און קלוגער איד דערצו, זיידל נעכאַמקיס האָט געבראַכט. דער דאָזיקער איד האָט געבראַכט אַלע עקזיסטירנדע דיסקאָס פון חזנים און פאָלקסלידלעך און האָט ברייט געעפנט די טירן פאַר אַלע זיינע „קליענטן" און קליענטקעס, אַז זיי זאָלן קומען הערן אַביסל דעם גראַמאָפאָן... חוץ דעם, האָט ער אָנגעשטעלט דעם גראַמאָפאָן אַלע נאַכט, און זיין שטוב איז יעדער נאַכט געווען פול און — ער האָט צום געשעפט ניט דערלייגט. די ווייבער פלעגן לויפן קויפן ביי אים פלייש, זיך איינקויפן אין יחוס ביי אים און קאָנען קומען ווען מען וויל הערן אַביסל דעם גראַמאָפאָן.

נאָכן אָפּשפּילן א דיסקאָ, פלעגט שטענדיק ווערן א טומל צווישן די בייזוועזנדע. די מענער האָבן געוואָלט, אַז מען זאָל שפּילן חזנישע זאַכן און די ווייבער האָבן בעסער געוואָלט הערן „א בריוועלע דער מאַמען", „פּריפּעטשיק אויף דער נאַכט". חוץ דעם, איז צווישן די מענער אַליין געוואָרן א דיסקוסיע. אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז קווארטין איז דער גרעסטער חזן. אַנדערע האָבן געטענהט, אַז ער איז ניט ווערט סיראָטאַס „פּאָדבאָר" (קנאַפּל פון שיך). א דריטער האָט זיי בײדע אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און האָט געטענהט, אַז... א כפּרה ביידע פאַר יאָסעלע ראָזענבלאַט! און אַזוי ווי דער באַלעבאָס פון שטוב, זיידל נעכאַמקיס, האָט געהאַלטן פונעם כּלל אַז: „דער קונה האָט שטענדיק רעכט", האָט ער יעדן איינעם צוליב געטון, נאָכגעשאָקלט מיטן קאָפּ יעדן איינעם, און אַלע נאַכט געשפּילט די זעלבע דיסקאָס, וועלכע זיינען קיינעם ניט נמאס געוואָרן...

דער דריטער גראַמאָפאָן וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין די הערצער פון טעפּליקער אידן, איז געווען ביי שאַפּירא פון אַפּטייטשנע סקלאַד. שאַפּירא איז געווען א פרייידענקער (פּאַרט אַן אַפּטייקער...) און ער פלעגט שפּילן אויפן גראַמאָפאָן בלויז... פּריפּעטשיק צו נאַכטס, באַלד נאָכדעם ווען די אידן האָבן געענדיקט עסן, געענדיקט די זמירות און זיינען אַרויס כאַפּן פרישע לופט. קויפנדיק סאָנישניק קערלעך, פלעגט מען זיך אָנשטעלן אויף

שאַפּיראָס טרעפּ און פּידאַשעק, און הערן דעם גראַמאָפאָן.

אָבער, דאָ איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער מוזיק. דאָ פלעגט מען גאָר הערן איטאַליענישע אָפּערעס, אָדער סתם קלאַסישע מוזיק. פון וועלכער די יוגנט האָט שטאַרק אַנגעקוואָלן. אַ קליינינקייט, איטאַליעניש...

צווישן „טראַוויאַטאַ" און „קאַרמען", פלעגט שאַפּיראָ אַריינפּלעכטן די דיסקאָ: „אוי, אוי יאָסקע פאָרט אַוועק", אָדער „באַזעצן די כלה" און האָט דערמיט יוצא געווען פאַר אַלע צוהערער...

ווער ווייסט ווי לאַנג דער גראַמאָפאָן וואָלט ניט פאַרנומען די אויפמערקזאַמקייט פון די טעפּליקער אידן, ווען ניט אַן איבעראַשנדיקע נייעס וואָס עס האָט איינמאָל אין שבת נאָכמיטיק געטראָפן טעפּליקער אידן. געווען איז דאָס אין אַ הייסן, תמוזדיקן שבת נאָכן קוגל. אידן זיינען געלעגן אין די בעטן, אַנדערע — גלאַט אויפן פּאָל און זיך געקאַטשעט און ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן.

ווי אַ שטורעם ווינט, האָט זיך דורכגעטראָגן דורכן שטעטל אַ „גרויסער וואָגן" אָן פערד און אָן אַ פּיצל לאַשעקל אַפילו! דער דאָזיקער וואָגן האָט געלאָזט פון זיך אַ מאָדנעם רויך און וואָגן איז געזעסן דער יונגער גראַף פּאָטאָצקי און האָט געהאַלטן ביי אַ רעדל מיט וועלכן ער האָט געדרייט...

דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרויס אין גאַס אַריין און מען האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן אָט דעם גרויסן וואָגן. געווען צווישן די בייוועזנדע איינער, וואָס האָט אַפילו געוואוסט, אַז אָט דער וואָגן הייסט „טאָמאָביל", און אין קיעוו — וואו ער איז געווען אויף „טאַרגעס" — האָט ער שוין געזען עטלעכע אַזוינע.

אינמיטן דיסקוטירן איז אָט דער „טאָמאָביל" געפאָרן צוריק. אָבער ווייט פאָרן האָט ער ניט געקאָנט. ער איז געבליבן שטעקן אינמיטן פון גאַנצן קהל. יעדער איינער האָט געפונען פאַר אַ „היסטאָרישן" פליכט אָנצורירן מיט דער האַנט אָט דעם מאָדנעם „טאָמאָביל", כדי ער זאָל זיך דערנאָך קאָנען באַרימען, אַז ער אַליין, האָט מיט די אייגענע הענט אים אָנגערירט.

דער „טאָמאָביל" איז געפאָרן לאַנגזאַם און די אידן האָבן אים באַגלייט ביז אויסער דער שטאָט.

גייענדיק צוריק האָט מען זיך ערשט געכאַפּט, אַז „יהודה בלאָ", איינער פון אונזערע פּאָפּולערסטע אידן, גייט אין... די תחתונים און באָרוועס. פּונקט

ווי ער איז געלעגן ביי זיך אין בעט, אזוי איז ער ארום אָנקוקן דעם טאָ־מאָביל און אזוי האָט ער אים באַגלייט ביז עס, נאָך דער שטאָט...

דער ענין „טאָמאָביל" האָט ערשט פאַרנומען דעם אויבנאָן שבת ביי שלוש סעודות און מנחה־מעריב. איטלעכער האָט געגעבן ז יי ן אויטאָ־ריטעטנע מיינונג פאַרוואָס דער וואָגן לויפט אָן פערד? וואו נעמט ער דעם כוח צו לויפן אזוי שנעל? און מען איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז — עס איז משיחס צייטן.

:: :: ::

איינע פון די הויפט פאַקטאָרן פון דער ציוויליזאַציע וועלכע האָט לאַנג־זאַם דערגרייכט קיין טעפליק, זיינען געווען די עטלעכע בלעטער — אידי־שע, העברעאישע און אַ פּאָר רוסישע, וועלכע זיינען אָנגקומען צו טעפלי־קער חותמים — אבאָנענטן.

העברעאישע צייטונגען זיינען אָנגעקומען קיין טעפליק גאַנצע... פינף. דעם אויבנאָן האָט פאַרנומען די „הצפירה", וועלכע האָט געהאַט אין טעפ־ליק פיר קוראים נכבדים, און אַ פּאָר הונדערט לעזער אומזיסטיקע, וועלכע פלעגן שוין אויסקאָמבינירן צו לייענען איין „הצפירה" צווישן 50 לעזער. דעם „הזמן" (וועלכער האָט צוליב נגישות און צענזור אָפט געביטן דעם נאָמען אויף „הד־הזמן") האָט באַקומען בלויז אַלטער יעקב מאיר דעם רבס זונדל, וועלכער פלעגט אים לייען צו אַנדערע 30 אָדער 40 אידן.

אזוי ווי וואָרשע איז ווייט פון טעפליק זיינען די צייטונגען אָנגעקומען פּעקלעכווייז. פלעגט מען זיך שוין איינטיילן אזוי, אז איינער האָט פריער געלייענט אַ שפּעטערדיק בלאַט און דערנאָך אַ פריערדיק.

„זשאַרגאָנישע" בלעטער, ווי אונזערע טעפליקער אידן פלעגן זיך אויס־דריקן, זיינען אָנגעקומען גאַנצע צען: 5 „היינט" און 5 „מאָמענט". פאַר־שטייט זיך, אז אויך זיי האָבן געהאַט „סוב־אבאָנענטן" מיט שותפים צום בלאַט און טעפליק האָט געלייענט און געוואוסט וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט.

אזוי למשל איז טעפליק אויפן דריטן טאָג — אַ שבת איז דאָס געווען — געוואוירע געוואָרן, אז מען האָט דערהרגעט סטאָליפינען. וויפל איך וועל לעבן, וועל איך געדענקען יענעם שבת. וואָס מיר דאַווענען, ווער מיר לייע־נען? פונעם פּאָליש ביז מזרח וואַנט האָט מען בלויז געהערט אָט די צוויי ווערטער:

— סטאָליפין, באַגראָוו!

באַלד נאָכן עסן, איז די „שטאָט" זיך צוזאַמענגעקומען אויף די טרעפּ

און פידאַשעקעס פון די צייטונגס־אַבאָנענטן און דער בעל־דבר אַליין, דער באַלעבאָס פון דעם בלאַט איז געוואָרן דער העלד פון טאָג: ער האָט אויפן הויכן קול געלייענט און „ראַזבּיראַיעט" פאַרן עולם די טעלעגראַמעס מיט די באַשרייבונגען פון מאָרד. פאַרשטייט זיך, אַז דער צוזאַמענקום האָט זיך געענדיקט מיט אַ קרעכץ און מיט אַ תפילה צום רבונו של עולם:

— אוי, ס'זאָל זיך חלילה ניט אויסלאָזן צו אידישע קעפּ!...

ניט שטענדיק האָבן די צייטונגען אַריינגעבראַכט נחת און פרידן קיין טעפּליק. געווען אַ צייט, ווען אַ דאַנק די צייטונגען, איז די שטאָט צעטיילט געוואָרן אויף צוויי טיילן, און ביידע צדדים האָבן זיך ערנסט אַרומגעריסן און עס האָט געהאַלטן ביי פּעטש און טאַקע מסירה אויך...

געווען איז דאָס אין יאָר 1911 (מער־ווייניקער) האָט דער „היינט" און דער „מאָמענט" זיך אָנגעהויבן „פּאַרוועטן" ווער עס האָט מער לייענער. איז געוואָרן אַ „פּאָלעמיק" צווישן ביידע צייטונגען. מיט „בריוו אין רעדאַק־ציעס" פון יעדער שטאָט און שטעטל, מיט גוזמאות און מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט.

די דאָזיקע פּאָלעמיק האָט אויך דערגרייכט קיין טעפּליק, וועלכע איז אויך צעטיילט געוואָרן אויף צוויי צדדים. איין צד מיט יאַנקל טאַלייסניק אין דער שפּיץ האָט אוועקגעשריבן אין „היינט", אַז גאַנץ טעפּליק לייענט דעם „היינט" און בלויז דעם „היינט"; אַ צווייטער צד מיט חיים באַסין אין דער שפּיץ האָט דערוויזן, אַז מען לייענט בלויז דעם „מאָמענט", אַ סימן קיין טעפּליק קומען אָן עטלעכע הונדערט „מאָמענטן".

איז געוואָרן אין שטעטל אַ רעש און עס איז אַוועק אַ בריוו אין רע־דאַקציע, אַז חיים באַסין איז אַן אָמתער זשוליק, אַ סימן — ווי מעג מען זאָגן אין דער עפנטלעכקייט אַזאַ ליגן! עס קומען אָן בלויז... צוויי „מאָ־מענטן" (די קעגנער האָבן דערוויייל אַראָפּגעגנבעט דריי אַבאָנענטן פון אמתן צאָל). אַז דער „היינט" איז אָנגעקומען מיט אָט דעם „בריוו אין רע־דאַקציע", איז ערשט געוואָרן דער אמתער קאָך. און ווער ווייסט ביי וואָס עס וואָלט זיך געווען געענדיקט אָט דער דיספּוט, ווען ביידע צייטונגען שטעלן ניט אָפּ די פּאָלעמיק און עס ווערט ניט דערוויזן, שוואַרץ אויף ווייס, אַז ביידע פאַרמאָגן אַ גלייכע צאָל אַבאָנענטן וועמענס סכום איז... צו 120 טויזנט.

די צייטונגען האָבן אָפּגעשטעלט דעם דיספּוט ווייל עס האָט זיך אָנ־געוקט ביילּיסעס פּראָצעס און ביידע אידישע בלעטער האָבן גענומען אויס־פולן דעם גאַנצן בלאַט מיט די מאַטעריאַלן און רעדעס ביים פּראָצעס.

דער ביילים פּראָצעס האָט אין טעפּליק אָנגעמאַכט דעם גרעסטן רושם. זונטיק, נאָכן מאַרק־טאָג, און דינסטיק ווען מען איז געקומען פון יאַריד און פרייטיק פאַר אָדער נאָכן גיין אין מרחץ האָט מען געשמועסט וועגן בייליסן און וועגן יושטשינסקין ימח שמו, און וועגן גאַנצן בינטל שונאי ישראל וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויפן פאָלק ישראל.

ווי נאָר מען האָט געהאַט אַ פרייע שעה — דערהויפּט ביי מנחה ומעריב איז מען געזעסן און דיסקוטירט און איבערגעחזרט יעדער וואָרט וואָס די פאַרטיידיקער און להבדיל די באַשולדיקער האָבן געזאָגט.

די אָבאָנענטן פון די בלעטער, סיי פון די אידישע און סיי פון די העברעאישע, זיינען דעמאָלט געוועזן די העלדן פון טאָג. זיי פלעגן זיך אָנדערציילן וואָס די בלעטער שרייבן און וואָס מען דאַרף לייענען צווישן די שורות. דעם טאָג וואָס גרוזענבערג אָדער מאַקלאַקאָוו האָט גערעדט, איז אין טעפּליק געווען ששון ושמחה! מען האָט צעגלידערט יעדעס וואָרט זיינס. מען האָט זיך מחיה געווען מיט די „קלעפּ" וואָס ער דערלאַנגט זיי.

איז אָבער געקומען דער צווייטער טאָג און עס זיינען אָנגעקומען די בלעטער מיט פּראַנייטעסעס דרשה, אָדער פּורישקעוויטשעס אַ „רעטש" — דאַן איז אין שטאָט געווען תשעה באב. עס האָט זיך אָנגערוקט אַ מרא שחורה. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט פּסקנט מען, אַז ביילים האָט דערהרגעט דעם ממזר יושטשינסקי און — מען דאַרף שוין אויסקוילען די אידן...

איז דאָך גאָט אַ פאָטער אין הימל, גייען אַוועק דריי טעג, קומען אָן די בלעטער און ברענגען הרב מאז"הס (ע"ה) רעדע ווי ער מאַכט פונעם גלח פּראַנייטיס פוך און פּראַך, דערוויייזט אים, אַז ער איז אַ גרויסער גראָבער יונג, און אין שטעטל ווערט ווידער ששון ושמחה און אידן גייען ווידער אַרום מיט פריילעכע פּנימער.

אַנדערש איז שוין געווען מיט די רוסישע צייטונגען וואָס פלעגן אָנקומען קיין טעפּליק. דערהויפּט האָט מען געהאַט צרות פון דער באַוואוסטער אַנטיסעמיטישער צייטונג „זעמשטשינאַ", וואָס פלעגט אָנקומען צום וואָלאָסטנאָי „פּיסאַר", וועלכער פלעגט זי לייענען פאַר אַלע גויים, פאַר דער „הראָמאַדע", און דערנאָך פלעגט ער זי איבערגעבן דער איבעריקער גויאישער „אינטעליגענץ", צווישן זיי — דעם פּריסטאַוו.

די „זעמשטשינאַ" האָט פּשוט געשאַפן אַ פּראָגראַם־שטימונג אין שטעטל. ביז אידן האָבן זיך אַן עצה געגעבן און פאַר עטלעכע קערבלעך —

האָט דער וואָלאָסטנאָי „פּיסאַר" געביטן זיין „מיינונג" און אָפּגעשטעלט די „זעמשטשינאַ".

די איבעריקע רוסישע צייטונגען זיינען שוין געווען ליבעראַלע און עס האָבן זיי באַקומען די אידיש־רוסישע אינטעליגענץ, ווי דער פאָטאָגראַף קושניר, נחמן האַרעוויץ א. א.

אין אָט יענע בלעטער ווי „קיעווסקאַיאַ מיסל", למשל, האָט מען טאַקע באַשריבן דעם גאַנצן פּראָצעס מיט אַלע קלייניקייטן. זיינען אָבער די פּאָר אָבאָנענטן פון אָט די רוסישע צייטונגען געווען ביי זיך צו שטאָלץ אויף צו טיילן זיך מיט די איינדרוקן און נייעסן פון די צייטונגען.

ס'איז איבעריק צו באַשרייבן דעם טאָג ווען די בלעטער האָבן געבראַכט די נייעס, אַז ביילים איז באַפרייט געוואָרן! די שטאָט האָט ממש געטאַנצט אין די גאַסן. נאָר אַ פּאָר אידן — זייער ווייניק — האָבן מודה געווען, אַז די שמחה איז בלויז אַ האַלבע, ווייל דער אורטייל שטעלט בלויז פעסט, אַז ביילים האָט ניט דערהרגעט יושטשינסקין. ער שטעלט אָבער ניט פעסט, אַז אידן נוצן ניט קיין קריסטלעך בלוט...

די טעפּליקער אידן האָבן אָבער קיין סך צייט ניט געהאַט צו פרייען זיך מיט בייליסעס זיג. די בלעטער, דערהויפּט די „זשאַרגאָנישע", דער „היינט" און דער „מאָמענט" האָבן נאָך געהאַלטן אין מיטן פון דערציילן די נסים ונפלאות וואָס זייערע ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטן האָבן געזען אויפן פּראָצעס, ווען פּלוצים ווערט מען אין טעפּליק געוואויר פון אַ נייעם אומגליק.

אין פּאַסטאָוו (טאַקע ניט ווייט פון קיעוו, וואו עס איז פאָרגעקומען דער מאָרד פון יושטשינסקין, פאַר וועלכן מען האָט געמשפּט ביילליסן), געפינט מען טויט אַ קינד! דער קערפּער דורכגעלעכערט דורך און דורך. די אַגיטאַטאָרן פון דער „שוואַרצער מאה" (טשאָרנאָסאָטניקעס — אַן אַנטי־סעמיטישע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „סאָיוז רוסקאַווא נאַראָדאַ") שאַפן ווידער אַן עלילת דם שטימונג. די אידן האָבן עס געהרגעט כדי צו פאַרנוצן זיין בלוט... און עס האַלט שוין ביי אַ פּאָגראָם.

האָבן דאָך די אידן אַ גרויסן גאָט. מאַכט מען אַן אויטאָפּסיע דעם קינד און מען געפינט אויס, אַז דאָס קינד איז... אַ אידיש קינד.

ווייזט אויס, אַז דער געדונגענער מערדער צו הרגענען אַ קינד, האָט, על פּי טועת, פאַרשלעפּט אַ אידיש קינד און עס דערהרגעט, לויט אַלע „דינים" פון „ריטואַלן מאָרד".

בלייבנדיק מיט אַ גרויסער נאָז, נאָך אַזאַ דורכפאַל, האָבן די אַנטי־

סעמיטן מיט דער רעגירונג צוזאַמען, זיך אָפּגענוקמט און אַרעסטירט דעם פֿאָטער פֿון קינד אַלס... מערדער.

נו, עס איז זיך לייכט פֿאָרצושטעלן ווי אַזוי אַט דער גאַנצער ענין האָט אָנגעמאַכט אַ רושם אין טעפּליק. די אַבאָנענטן פֿון די בלעטער זיינען פּשוט צעריסן געוואָרן אויף שטיקער אַלע טאָג דאַרפֿנדיק איבערדערציילן יעדן איינעם און אים איבערגעבן „וואָס הערט זיך"...

:: :: ::

צווישן אָט די נייעסן וואָס די „ציוויליזאַציע" האָט — דורך די צייטונגען — אַריינגעבראַכט קיין טעפּליק, האָט, אין אַ שיינעם טאָג, איבערראַשט דאָס שטעטל אַ פֿרישע נייעס.

עס זיינען געקומען פֿון הייסין, אַרבעטער מיט דראָט און האָבן דורכגעצויגן דורכן שטעטל אַ מין „עירוב" — סלופּעס מיט דראָט, ביז צום וואָלאָסט, און דאָרט, אין וואָלאָסט, האָבן זיי אַריינגעשטעלט אַזאַ אַפּאַראַט מיט אַ טרובקעלע, און אַז מען האָט אָנגעדרייט און אַריינגעשריען אַהין — האָט מען געהערט וואָס מען רעדט!

קינד און קייט זיינען שבת אַוועק אין וואָלאָסט און דורך פֿאַרשידענע קונצן און טאַקע „שוחד" אויך, זיך דערנענטערט צו אָט דעם אַפּאַראַט, אים באַטראַכט און אַפֿילו... אָנגערירט מיט דער האַנט אויך. אייניקע האָבן גלייך געפּסקנט, אַז דאָרט זיצט אַ... „ניט־גוטער"; אַנדערע האָבן געפּשטלט, אַז עס וועט לאַנג ניט אויסהאַלטן, ווייל די גויים וועלן צוגנבענען די סטאָלבעס און די שקצים וועלן צעשלעפּן די דראָטן. אַ דריטע מיינונג איז גאָר געווען, אַז מיט אָט דעם אַפּאַראַט וויל מען בייטן דעם דרך העולם און „מקרב זיין דעם קץ", און דערפֿאַר טאָר מען זיך צו אים ניט צורירן...

ביז עס זיינען אַוועק עטלעכע חדשים און הערשל פּאָליאַק און אַלטער האַרעוויץ האָבן אויך אַריינגעצויגן צו זיך אָט די „ניט־גוטערס" — האָט זיך דער עולם באַרויִקט, און אַפֿילו אָנגעהויבן נוצן אָט דעם אַפּאַראַט (טעלעפֿאָן) אויף צו ריידן מיט די קרובים פֿון טערניווקע, כאַשטשעוואַטע, קובליטש, טערליצע, בערשאַד, לאַדיזשענקע, סאַווראַן א. אַ. ערטער וואו אָט דער טעלעפֿאָן איז שוין געשטאַנען.

די ערשטע צייט פֿלעגן פֿאָרקומען קאָמישע סצענעס מיט אָט דעם טעלעפֿאָן און מיטן רופֿן אַ אידן צום טעלעפֿאָן. דער אַפּאַראַט איז — ווי שוין געזאָגט — געשטאַנען אין וואָלאָסט. און אַז מען האָט פֿון טערניווקע, למשל, גערופֿן אַ טעפּליקער אידן צום טעלעפֿאָן, פֿלעגט דער סטאַראָסטאַ פֿון וואָלאָסט שיקן דעם סאָצקי (ביים וואָלאָסט זיינען שטענדיק

גערוען 2-3 סאָצקעס, פּשוטע גויים, בעזגראַמאָטנע וואָס פּלעגן אויספילן דעם אַמט פון אַ שיק־אינגל) ער זאָל רופן פּלוני בן אלמוני.

ניט שטענדיק אָבער האָט דער סטאַראָסטע אָנגעזאָגט דעם סאָצקי צו־ליב וואָס מען רופט יאַנקלען צי משהן אין וואָלאָסט אריין. פּלעגט אָט דאָס רופן אריינוואַרפן אין אַ מורא דעם גערופענעם... און ביז ער האָט דערלעבט צו וויסן, צוליב וואָס דער סטאַראָסטע רופט אים — איז אים די נשמה אַרויס.

עס פּלעגט אַפילו אויך טרעפן, אַז דער סאָצקי האָט געבראַכט דעם גע־רופענעם אידן אין וואָלאָסט אריין, און דער וואָלאָסטנאָי „פּיסאַר" (שריי־בער) וועלכער האָט אָטענדירט דעם טעלעפאָן איז אַוועק ערגעץ און האָט פאַרגעסן אָנזאָגן צוליב וואָס מען האָט געדאַרפט ברענגען יאַנקלען אין וואָ־לאָסט אריין. דער סטאַראָסטע איז אויך ניט געווען. נו, דאַן פּלעגט דער סאָצקי ווערן די „אויטאָריטעט", זיך אָנטשעפּען דאָס מעשענע קנעפּל אויפן פאַרחזירטן און פאַרשמאָלצעוועטן קאָזשוך און פּלעגט דעם אידן, וואָס מען האָט גערופן צום טעלעפאָן, אָפּפירן גלייך אין... קאַרצער (קאַלאַבאַס). דאָרט איז שוין געווען געוועגדט אין מזל. איז דער שרייבער אָדער סטאַראָסטע ב א ל ד געקומען, האָט מען אים תיכף באַפרייט; אויב ניט, האָט ער דאָרט גענעכטיקט אויך. און יענער, דאָרט אין טערניוווקע, האָט געוואַרט אין וואָ־לאָסט, אַז מען זאָל אים „פאַרבינדן טעלעפאָניש" מיטן אידן.

פון דעם טאָג אָן אָבער, וואָס הערשל פּאָליאַק האָט אריינגענומען אַ טעלעפאָן צו זיך, האָט ער געמאַכט „קאָמפּעטענץ" מיטן וואָלאָסט און די אידן האָבן אויפגעהערט ליידן חבוט הקבר צוליב דעם טעלעפאָן.

:: :: ::

אַז די ציוויליזאַציע האָט אָנגעהויבן צו ביסלעך אריינדרינגען קיין טעפּליק, האָט זיך דאָרט אויך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פאַר... „טעאַטער".

אָנגעהויבן די טעאַטער פאַרשטעלונגען, האָט מען מיט די... פּורים־שפּילן וואָס מען פּלעגט פאַרשטעלן אין די רייכערע הייזער. מען האָט אָנ־געטון אַ בחור אַ קליידל, איז ער געוואָרן אַן „אסתר המלכה" און אַ צווייטן בחור האָט מען פאַרשטעלט פאַר המנן. און וועלוול גדליה מלמדס איז אַן אחשורוש און מען האָט געשפּילט טעאַטער.

ווען ניט ווען, האָט זיך אָבער אַראָפּגעכאַפּט אַ „טרופּע" פון בלאָנ־דזשענדיקע שטערן, גאַנצע אָדער האַלבע קאָמעדיאַנטשיקעס און מען האָט טאַקע געשפּילן „א מ ת ן" טעאַטער.

מיט אַ צייט שפּעטער, האָט זיך אין טעפּליק אַליין פאַרמירט אַ „ליר־

ביטיעלסקע טרופּע". אין דער שפּיץ פון אַט דער טרופּע איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן קסיל כאַנצעס, אַדער קסיל עזריאל שאַראַגעס צוזאַמען מיט זיין פרוי. זיי זיינען געווען באַגאַבטע טאַלאַנטן, און וועדליק פאַר י ע נ ע יאָרן, זיינען זיי געווען גאַנצע „סטאַרן".

אַ צווייטע גוטע שוישפּילערן איז געווען משהלע חזנס אַ שוועסטערל (איצט געפינט זי זיך אין אַרגענטינע) און עס האָט קאָמפּלעטירט די „טרו־פּע" אברהם אויווערבוך, בערל גערמאַן און אברהמל בערל זייגערמאַכערס.

אַ דאַנק זיי האָבן טעפּליקער אידן געזען די „בעסטע טעאַטער שטיק" (אַזוי האָבן זיי רעקלאַמירט אין די אַפּישן), ווי: קאַלדוניע (די כישופ־מאַכערין), בינקע־פינקע, שולמית, כאַסיע די יתומה א. א.

אַלס „טעאַטער" פלעגט דינען אהרן טשערנאָווס איינפאָר־הויז. מען פלעגט פון דאָרט אַרויספירן די פערד, אויסרייניקן און אויסקערן, אויס־שפּרייטן „ראָגאָזשעס" און דאָרט שפּילן טעאַטער.

געווען אָבער פאַלן, ווען פונקט ווען עס איז געווען אַנאָנסירט די טעאַ־טער־פאָרשטעלונג, איז דער איינפאָר געווען פול מיט געסט און פול מיט... פערד. דאַן פלעגט מען מאַכן אַ גרויסן סאַראַי פון ברעטער, דעם דאַך דעקן מיט שטרוי אָדער מיט אַ „לאָנאַ" און דאָרט שפּילן.

אַט דער „סאַראַי־גאַלפּאָן" האָט געהאַט אַ גרויסע מעלה, מען האָט אים געמאַכט גרויס און ברייט וויפל מען האָט אַליין געוואָלט. ער האָט אָבער געהאַט אַ גרעסערן חסרון: מען האָט דורך די שפּאַלטן געקענט זען די גאַנצע פאָרשטעלונג... אומזיסט און ניט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז אינדרויסן א ר ו ם סאַראַי זיינען געווען מער מענטשן ווי אינעווייניק... אידן און אידענעס, בחורים און מיידלעך פלעגן זיך ניט שעמען אָפּשטיין אינדרויסן ביי אַ פ אָ ר כ אַ פּ ט ן אַטעם די גאַנצע צוויי אָדער דריי שעה פון דער פאָרשטעלונג און ניט באַצאָלן די פינף קאָפּיקעס וואָס דער בילעט האָט געקאָסט, כאָטש דער איינקונפט פון דער פאָרשטעלונג איז גע־גאַנגען פאַר אַ „וואוילטעטיקן צוועק" אָדער פאַר העלפן אַן „אָרימע אלמנה מיט פיצלעך קינדער"...

דערפאַר אָבער, אַז עס פלעגט קומען אַן „אמתע" טרופּע פון אמתע פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן און זיי האָבן געשפּילט אין אַ סאַראַי אין מיטן מאַרק, איז שוין געווען אוממעגלעך צו שטיין די גאַנצע נאַכט ביי די שפּאַלטן און אַריינקוקן, ווייל אַלע 10 אָדער 15 מינוט פלעגט אַרומגיין זייערס אַ מענטש און אָפּגיסן מיט אַן עמער וואַסער.

ניט שטענדיק זיינען די „אמתע" אַקטיאָרן טאַקע געווען עפּעס רעכטס.

עס האָט אפילו געטראָפן איינמאָל ווען די אמתע אקטיאָרן האָבן געשפּילט די „כישופמאַכערין" און אין מיטן שפּילן איז ביי „איר" אראָפּגעפאַלן דער פּאַריק און מען האָט דערזען גאָר א „מאַנספּאַרשוין", אַט טאַקע יענער וואָס איז פריער געזעסן ביי דער קאַסע און האָט פאַרקויפט בילעטן...

דער עולם האָט שטאַרק אָנגעהויבן לאַכן. אָבער דאָס געלעכטער איז איבערגעהאַקט געוואָרן. א הויכער אקטיאָרשטשיק, וואָס האָט זיך אַרויס־געוויזן צו זיין דער עלטסטער און אָנפירער פון דער „קאָמפּאַניע" איז, ניט מיר ניט דיר, ארויף אויף דער בינע און האָט אָפּגעלאָזט דער „כישופמאַכערין" צוויי פייערדיקע פּעטש...

די „כישופמאַכערין" האָט געענטפערט און עס איז געוואָרן א געשלעג אויף דער בינע. אייניקע אקטיאָרן האָבן זיך אָנגענומען דער כישופמאַכערינס קריוודע, אַן אַנדער טייל האָט פאַרטיידיקט דעם „רעזשיסאָר" און עס איז געוואָרן די אמתע קאָמעדיע.

פאַרטאָג איז פון די אקטיאָרן קיין זוואַניאַ ניט געבליבן.

דערפאַר אָבער האָבן מיר געהאַט מער נחת פון די אייגענע „דראַמאַ־טישע קרעפטן". דערהויפּט האָט שטאַרק אויסגענומען „צינגענטאַנג"! ער איז געוואָרן דער באַליבטסטער בחור אין שטעטל. שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט מיט „כאַסיע דער יתומה". ביידע זיינען געבליבן ביי אַט די נעמען ביז... ביז זיי זיינען פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה אַוועק קיין אַרגענ־טינע, וואו דער „טעאַטער־סטאַר" איז געוואָרן א גרויסער זייד־פאַבריקאַנט...

נאָך יעדער פאָרשטעלונג פלעגט טעפּליקער אידן זינגען די לידלאַך פון דער פּיעסע א שטיק צייט ביז... ביז אין דער צווייטער פּיעסע. סע פלעגט זינגען — דערהויפּט — דער „ראַבאַטשי נאַראָד" (אַרבעטער קלאַס) אַלע לידעלעך פון שולמית, פון קאַלדוניע א. אנד. און ניט איינמאָל, נאָך הבדלה, פלעגט דער טאַטע אונטערזינגען אין דער שטיל:

„האָצמאַך איז א בלינדער
וואו זיינען זיינע קינדער?"

און מיר, חדר אינגלעך, פלעגן זיך אָנטון אין דער מאַמעס קליידל, מאַכן א קרום פּנים און זינגען...

„דאָס האָט ניט קיין חיה צעריסן,
נאָר א מענטשלעך מויל האָט דאָס צעביסן"...

אָדער זיך אָנטון דעם טאַטנס ראָק, נעמען א שטעקן און מיט א באַ־סאָווער שטימע זינגען:

„איך הייס נתן הכהן איך הייס נתן הכהן" א. א. וו.

ליבער פון אַלע האָבן מיר אָבער געהאַט „צינגעטאַנגען". און ווען דער

שרייבער פון די שורות האָט זוכה געווען צו דרייצן יאָר זיך באַטייליקן אין אַ פאַרשטעלונג אַלס „ציגנעטאַנג", איז ער געווען דער גליקלעכסטער אין דער וועלט.

דער אידישער „טעאַטער" וואָלט אפשר געווען געהאַט אַ קיום אין טעפּליק, כאָטש ער איז שטאַרק באַיקאָטירט געוואָרן פון אונזערע טאַטעס און מאַמעס, וועלכע האָבן פאַר די שוישפּילער ניט געהאַט קיין אַנדער נאָמען ווי... „קאָמעדיאַנטשיקעס" — ווען עס זאָל זיך ניט געווען אָנרוקן אויף טעפּליק אַ נייַ שטיק „ציוויליזאַציע", מיטן איינאָרדענען אין טעפּליק אַן „אילוזיאָן" (סינעמאַטאָגראַף).

דעם ערשטן „קינאָ" האָט אויפגעבויט אַלטער שטורמאַן, יאַנקל קאַמינאַקערס זון, אַ איד וואָס האָט אויך געהאַט אַ השגה אויסבויען אַ שטוב פון... גאָלע ציגל! אָט אין דער ציגעלנער שטוב האָט ער געמאַכט אַ גרויסע זאַל, וואָס באַטאָג האָט עס געדינט פאַר „סאָבראַניעס" אָדער טאַנץ־קלאַס און ביינאַכט — איין מאָל אין וואָך האָט מען געגעבן „אילוזיאָן".

דאָס ערשטע בילד וואָס מען האָט געגעבן איז געווען „דער פישער און דאָס גאָלדענע פישעלע" (ריבאַק אי זאָלאָטאַיאַ ריבקאַ). דער עולם איז געזעסן אין זאַל מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און זיך צוגעקוקט און רחמנות געהאַט אויפן פישער וואָס האָט אַ ווייב אַזאַ קליפּה, וואָס באַנוגנט זיך ניט, וויפל מען גיט איר...

קוקנדיק אויפן בילד, האָט ניט איין איד דערקאָנט אין אָט דער קליפּה זיין אייגן ווייב וואָס דערגייט אים אַלע די יאָר און באַנוגנט זיך ניט מיט איר איבערגענייטער פּאַלטאָ (וואָס זי האָט נאָך געהאַט פון „נאָך דער חתונה", נאָר פאַרערט ביי אים אַ „רעטאָנדע").

אָבער, אָט איז געקומען דער סוף. דעם פישערס ווייב, די שלאַק און מרשעת, וויל אויך הערשן און באַהערשן דאָס גאָלדענע פישעלע אַליין. און ווען דער פישער קומט צוריק אַהיים, טרעפט ער זי זיצן צוריק ביי דער צעבראָכענער „קאָרעטע". דער עולם קלאַפּט בראַוואָ! נקמה אין דער מרשעת! און דער „אילוזיאָן" באַקומט חשיבות אין די אויגן פון טעפּליקער אידן, וועלכע לויפן שוין אַלע וואָך אַהין. און — ווען עס קומט אַ טרופּע, אָדער ווען די היימישע ליוביטעלעס ווילן שוין אויפפירן אַ טעאַטער־שטיק, איז שוין דאָ אַ קליינער עולם, וויל אויב שוין אויסגעבן 10 אָדער 20 קאָפּיקעס אויף אַ בילעט איז שוין בעסער צו גיין אין „אילוזיאָן" און ניט צו די נאַרישע קאָמעדיאַנטשיקעס.

אַזוי האָבן געטענהט טעפּליקער אידן און דאָס אידישע טעאַטער האָט אין טעפּליק קיין קיום ניט געהאַט.

# קאפיטל עלף

## טעפליקער אידן גרייטן זיך מקבל שבת זיין

ווי אזוי האָט אויסגעזען דער שבת אין טעפליק. — פון זונטיק אָן גרייט מען זיך צו מאַכן... שבת. — מיטוואָך גייט מען קויפן מעל אויף שבת. דאָס „ראַשטשינען". — צפורה מיט די טרוקענע הייוון. — די רעטשענע לאַטקעס. — דער טאַטע ברענגט פונם טערנייווקער יאַריד אַ „קאַוועו" (סאַנ־דיאַ) אויף שבת. — אַ הון מיט פלוסטערן פאַרן „העלזל". — דער דאָ־נערשטיק פאַרטאָג. — די „פידפאַלקעס". — דער פרייטיקדיקער ראָסלפלייש. טעפליק גייט אין „מרחץ". — מען קאָן ניט אַריינקומען אין שטוב אַריין. מען פוצט דעם טאַטנס שטיווליעטן (שיך) מיט... שפייעכץ. — קבלת שבת. פתחיה שמש רופט אין שיל אַריין. — דער אורח אויף שבת. — די זמירות. די ליכט צאַנקען. — סאָנישניק און זעלצער־וואַסער מיט סעראָפּ. — די טיי פון „קוב". — טעפליקער „געשעפטן" וואָס האָבן „געבליט" בלויז שבת...

צוליב צוויי זאַכן האָבן טעפליקער אידן געלעבט אויף דער וועלט. ער־שטענס, — צוליב דעם חלק עולם הבא וואָס ליגט אָנגעגרייט פאַר זיי איה"ש איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און צווייטנס, צוליב דעם הייליקן שבת וואָס מען האָט אזוי אָפּגעהיט.

ש ב ת !

ווען מען דערמאָנט זיך אין טעפליקער שבת, ווען מען דערמאָנט זיך ווי אזוי דער שבת האָט ביי אונז אויסגעזען, ווען מען דערמאָנט זיך אין די שבת ליכט, אין שבת לאָמפּ וועלכער איז אליין פאַרלאָשן געוואָרן און, אָפּט־אָפּט, נאָך איידער מען האָט פאַרענדיקט עסן דעם פלוימען־קאָמפּאָט, ווען מען דערמאָנט זיך אין דעם טאַטנס שלום־עליכם — מלאכי השרת, אין די זמי־רות, אין די „פעציא" און טשאָלנט — ווערט זיס אין מויל און אַ בענק־שאַפט כאַפּט אייך אָרום נאָך יענע זיסע טעג...

— ווען האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן צום שבת?

ווי קוריאָז עס וועט אויסזעהן, אָבער — עס איז א פאקט! מען האָט זיך אָנגעהויבן זאָרגן און גרייטן אויף שבת... באלד טאקע, זונטיק אינדערפרי!

ווי נאָר דער טאטע אָדער די מאמע איז זונטיק ארויס אין מארק, האָט מען אינזינען געהאַט טאָמער וועט זיך טרעפן עפּעס א „מציאה", א גוט עוף אויף שבת. און ווי גליקלעך איז מען געווען ווען מען האָט געפּאקט א פעטע הון פון וועלכער מען וועט שוין אויך אראָפּנעמען א „פלוסטערל" פאַרן „העלזל" וואָס מען וועט פּרייטיק קאָכן אין דער זשאַרקאָיע. און האָט מען זונטיק ניט געפּאקט קיין עוף — האָט מען עס געקראָגן מאָנטיק, האָט מען געזוכט דינסטיק אויף טערניוּוקער יאריד אָדער מען האָט געבראַכט אן עוף מיטוואָך פון טשאַרנאָרעבליער יאריד. בלייבן חלילה אָן אַן עוף אויף שבת — האָט זיך זעלטן, אָדער כמעט קיינמאָל, ניט געטראָפן.

דער אמתער טומל ארום דעם שבת האָט זיך אָנגעהויבן מיטוואָך ביי־טאָג. די מאמע איז אַוועק צו גנענדל די פרימאָלטשיצע און געקויפט דאָרט א פוד אָדער דרייסיק פונט מעל. ניט איינמאָל פלעגט די מאמע קומען מיט א קרעכץ. ס'איז שוין ווידער טייער מעל! מען האָט געצאָלט א קערבל א פוד!

דאָנערשטיק פאַרנאַכט איז שוין דער טומל ארום שבת געווען אין פולן גאַנג. די מאמע האָט ראָשטשינעט אי חלה אי א מולטערל רעטשענע לאַט־קעס. אָן רעטשענע לאַטקעס האָט זיך גאָרניט אָנגעהויבן. ביידע מולטערס האָט מען (ווינטער) אַוועקגעשטעלט ביי דער הרובע און פאַרן שלאָפן איז די מאמע צוגעגאַנגען א קוק טון צו דער ראָשטשינע. אויפגעדעקט דעם באַרג שמאַטעס, וואָס מען האָט אָנגעלייגט פון אויבן, און נאָכן בליק נאָך, האָבן מיר שוין געוואוסט צי די חלה איז געראָטן.

פאַרשטייט זיך, אז א גרויסן חלק אין דער געראָטנקייט פון דער חלה האָט געהאַט צפורה די הייוון־פאַרקויפערן, וועלכע איז געשטאַנען מיט א שטעלעכל אין מארק. פאַרקויפט טרוקענע הייוון פאַר א קאָפּיקע און דערפון געצויגן איר חיונה א סך יאָרן.

א חוץ די טרוקענע הייוון, פלעגט מיך די מאמע שיקן קויפן פאַר א גראָשן א גלאָז „נאַסע" הייוון! אָט די נאַסע הייוון האָבן עס געהאָלפן דער חלה אויפגיין און די מאמע, קוועלנדיק, האָט זיך געוואונטשן אז איר מזל זאָל אַזוי אויפגיין ווי די חלה איז געראָטן.

האָט אַמאָל געטראָפן, אז פונקט דאָנערשטיק אויף דער נאַכט איז א שכנה אריינגעקומען בעטן עפּעס. א טעפל אָדער א הייפטל קנאָבל צום ראָסלפלייש, אָדער גאָר א ברעקעלע הייוון, דאָן האָט מען געזען וואָס גיכער

די שכנה ארויספּטרן פון שטוב, זי זאָל חלילה קיין „גוט אויג" ניט געבן דער חלה.

פרייטיק פאַרטאָג ווען עס איז נאָך געווען גוט גוט פינצטער, און אפשר נאָך אַ שעה צו טאָג, איז שוין די מאַמע אויפגעשטאַנען איבערקנעטן די חלה, איינגעהייצט דעם אויוון און אָנהויבן באַקן די רעטשענע לאַטקעס. פאַרשטייט זיך, אַז פון רודערן בכלל און פון חשק צו די לאַטקעס מיט שמאַלץ בפרט זיינען מיר, קליינוואַרג שוין ניט געשלאָפן, און אָנטוענדיק זיך, האָבן מיר זיך געפּלאָנטערט פאַר די פיס.

דאָך, פלעגן מיר אַמאָל ברענגען נוצן אויך. אָט למשל, אָנהאַקן שפּענד־לעך אויף איינצוהייצן דעם אויוון, אויפשטעלן דעם סאַמאָוואַר אויף טיי, און אויב דאָס פייער פון סאַמאָוואַר האָט זיך ניט געוואָלט צעגליען, — נע־מען דעם טאַטנס שטיוול און מיט דער כאָליעווע צעבלאָזן דאָס פייער.

ווען עס איז געוואָרן גוט טאָג איז דער טאַטע געקומען פון שיל (ער האָט געדאַוונט מיטן ערשטן מנין). איך האָב אויף שנעל אָפּגעמרוקעט דעם מודה אני, און מען האָט געגעסן די רעטשענע לאַטקעס. דאָס ערשטע בע־קעלע האָט געגעסן דער טאַטע און דערנאָך האָט מען אונז, קליינוואַרג, מחיה געווען. די מאַמע האָט ניט געגעסן גלייך מיט אונז. ווי האָט זי צייט געהאַט? זי האָט ג ע כ א פּ ט א ל א ט ק ע ! אָט פון דעם בעקעלע און אָט פון יענעם און האָט הנאה געהאַט פון א ו נ ז וואָס מ י ר עסן אַזוי געשמאַק.

דער טאַטע, ווידער, פלעגט זאָגן, אַז די מאַמע לעבט און פּאַפּראַוועט זיך פון... ווישן די טעלער! דאָס הייסט, — נאָכדעם ווי עמיצער פון אונז האָט אָפּגעגעסן, פלעגט זי — מיט אַ שטיקל ברויט אויסווישן דעם טעלער... און פון אַזוי פיל טעלער ווישן, האָט זי זיך פּאַפּראַוועט...

טאָמער איז אַ פרייטיק ניט געווען קיין רעטשענע מעל און מען האָט ניט געבאַקן קיין רעטשענע לאַטקעס, איז מען אויך ניט געשטאָרבן פאַר הונ־גער. איז דאַן אַוועק אַ סדרה „פּיפּאַלקעס"! אַמאָל — אַ פּיפּאַלעק מיט שמאַלץ (אויפן בעקעלע געפּרעגלט) און אַמאָל אַ פּיפּאַלעק אָן שמאַלץ גע־באַקן אויפן הוילן אויוון. און אַרויסנעמענדיק אים האָט די מאַמע אים גע־געבן אַ וויש אָפּ אין פאַרטעך.

די פּיפּאַלקעס האָט מען געגעסן הייסערהייט און וואָס הייסער ער איז געווען אַלץ געשמאַקער איז ער געווען. און מערקווירדיק. קיינעם האָט דער פּיפּאַלעק נישט פאַרשאַדט און קיינער איז ניט געשטאָרבן פון עסן הייסע פּיפּאַלקעס.

אָפּגעגעסן דעם פּיפּאַלעק אָדער די לאַטקעס, זיינען מיר יונגוואַרג, אוועק אין חדר און דער טאַטע איז אוועק אין מאַרק קויפן פיש אָדער סתם כאַפּן עפּעס אַ מציאהלע.

דער פּרייטיקדיקער טאָג איז פאַר אונז, טעפּליקער אידן און טעפּליקער קינדער, געווען זייער אַ טייערער טאָג! ערשטנס, האָט מען אין חדר געלערנט בלויז אַ האַלבן טאָג (כאָטש אונזערע מלמדים האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט פון אַ „סאַבאָדאַ אינגלעס”); צווייטנס, איז פרייטיק קיין יאַריד ניט געווען און דער טאַטע האָט געגעסן אָנבייסן אין צייט און די גאַנצע משפחה צו־זאַמען; דריטנס, טאַקע צוליב די רעטשענע לאַטקעס אָדער פּיפּאַלקעס און דעם טייערן ראָסלפּלייש איינגעטונקען מיט אַ שטיק קוילעטש. דער ווייסער קוילעטש, די חלה, האָט דאָך געהאַט דעם טעם פון גן־עדן, איבערהויפּט ווען די חלה איז געווען פריש. נו, איז צוליב דעם אַליין האָט מען שוין ליב גע־האַט דעם פרייטיק אויך.

אין חדר האָט זיך דער שבת געפילט אויף יעדער טריט און שריט. מען האָט מעביר געווען די סדרה, מען האָט געלערנט אויפן שפּיץ מעסער, מען האָט בלויז איבערגעחזרט אביסל און די רביצין האָט געהאַלטן אין איין טרייבן אונז פון איין ווינקל צום צווייטן, ווייל, אַט האָט זי געדאַרפט שמירן די ערד פון פאָדערהויז אָדער זי האָט געוואַשט די פענצטער און מיר — די תלמידים — האָבן איר „געמעשאַיעט”. זי פלעגט שרייען, אַז זי וועט נאָך, חלילה, אַריין מיטן ראַמען אין שבת, אַריין און אונז יעדן איינעם איינגע־טיילט קללות אויפן פוד.

ווען מיר פלעגן קומען פון חדר, האָט אונז דער ריח פון די געפּעפּערטע פיש, פון דער פרישער חלה, פון דער שמעקנדיקער זשאַרקאָיע געגעבן אַ שנאַל אין דער נאָז און מיר זיינען גרייט געווען אויפצועסן אַ געבראָטענעם בער. האָט מען אָבער פרייטיק געגעבן אַ מאָגערן אָנבייסן. בלויז זשאַרקאָיע מיט קאַרטאָפל. אַלע טאָג פון דער גאַנצער וואָך פלעגט דער אָנבייסן באַ־שטיין פון פאָלגנדיקע געריכטן:

פריער — אַ באָרשטש און דערנאָך אַ קאַשע מיט יוך. אָדער

פריער — אַ זופּ פון פאַסאָליעס מיט פערלגרויפּן און דערנאָך אַ יוך מיט רייז.

פרייטיק אָבער, לכבוד ערב שבת, און כדי זיך ניט אָנעסן צופּיל און האָבן אַפּעטיט צו די שבתדיקע מאכלים, האָט מען געגעסן ווינציק. אַ זשאַרקאָיע מיט קאַרטאָפל און גענוג! אָבער הונגעריק איז מען פון טיש ניט אוועק.

ביים אָנבייסן פלעגט דער טאַטע דערציילן די „נסים" וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון היינט ביי די פיש. ווי אַזוי צו די העכט האָט מען ניט געקענט צוטרעטן און קאַרפּ איז געווען מיט גאָלד גלייך! בלויז פּלאָטצעס זיינען געווען ביליק. דאָך האָט ער געפּאַקט אַ העכטל בחצי חנם!...

אַמאָל, ווען דער טאַטע האָט געהאַט אַ „גוטע" וואָך, פלעגט ער אויך דערציילן די „נסים" פון טערניוועקער יאַריד אָדער פון טאַשליקער יאַריד און געדאַנקט און געלויבט גאָט וואָס ער האָט אַ לייכטן שבת!

באַלד נאָכן עסן איז דער טאַטע אַרויס אין מאַרק הערן נייעס און איינ־האַנדלען אַ... קאַווען־„אַרבוס" (סאַנדיאַ) אויף שבת. אויב ניט קיין קאַווען, פלעגט ער ברענגען אַ דיניע אָדער אַ טוץ באַרן אָדער עפּל. וויינטרויבן אָדער פּאָמעראַנצן (נאַראַנכאַס) האָט מען ביי אונז געזען און געגעסן בלויז ערב ראש השנה אי דאָס בלויז אויף אַ שהחינו!...

פּאַרנאַכט איז טעפּליק געלאָפן אין מרחץ. אָרעם און רייך, תלמיד חכם און עם־הארץ, יונג און אַלט האָבן זיך געאײַלט אין מרחץ אַריין, מיט־טראַגנדיק מיט זיך דאָס ווייסע וועש וואָס די עקרת הבית האָט צוגעגרייט פאַר איר מאַן. אין מרחץ פלעגט מען שוין געוואוירע ווערן צי עס איז גע־קומען אַ חזן מיט משוררים אין שטעטל אָדער עפּעס אַ מגיד אָדער גאָר סתם אַן „אייניקל".

פאַרנאַכט, מען קומט פון מרחץ אַהיים, בלייבט מען שטיין ביי דער שוועל. די אידענע לאָזט ניט אַריין אין שטוב אַריין, ווייל זי „שמירט די ערד". אין די גרעסטע טייל טעפּליקער הייזער זיינען די „פּאָדערהייזער" (דאָ הייסט עס — דער „סאַגואַן") געווען אָן אַ פּאָל און יעדן ערב שבת האָט מען געשמירט די ערד מיט געלע ליים. די ערד פלעג זיך באַלד אויס־טריקענען, אָבער, ביז וואָס־ווען, האָט מען ניט געטאָרט אַ שפּאַן טון איבער דער ערד ווייל די פוס־טריט וועלן בלייבן דאָרט אָפּגעשטעמפּלט.

און אָט איז שוין ערב שבת. איך האָב שוין אָפּגעפּוצט דעם טאַטנס שטיוויליעטן (שיך מיט רעזינעס). ניט שטענדיק איז געווען שוואַוואַקס, פלעגט מען פוצן מיט... שפּייעכץ און מאַכן אַ „גלאַנץ" מיט אַ חלבנעם ליכטל וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין שטוב...

פּלוצים דערהערט מען פּתחיה שמש קול:

גייט אין שיל אַאַריין!

דאָס האָט זיך פּתחיה שמש, אַן אַלטער איד און נעבעך, אַ גרויסער שיכור, זיך אוועקגעשטעלט ביי שלום בעל עגלהם שטוב אָדער אין מיטן מאַרק

און גערופן אין שיל אריין. ווען פּתחיה איז געשטאָרבן האָט די חזקה אי־בערגענומען יעקב־יאָסי און ער פלעג רופן מיט א הייזעריקער געמבע:

גייט אין שיל אַאַריין!

אָט וועגן דעם יעקב יאָסי דעם שמש איז מיר געבליבן איינגעקריצט א געשיכטע וואָס איך פלעג זי יאָרן געדענקען און דערמאָנען:

ווען יעקב יאָסי פלעגט זיך אוועקשטעלן רופן אין שיל אריין, פלעגט ארוים א שווארץ הינטל און זיך שטעלן נעבן אים. האָבן טעפּליקער אידן געמורמלט, אז דאָס איז פּתחית שמשס גלגול, וואָס קומט העלפן „רופן אין שיל אריין"...

אנדערע, ווידער, האָבן זיך געוויצלט, אז דאָס איז דער גלגול פון אורילע דיין.

פלעגט שלמה סיראָטא, דער שטאָט־אפּיקורס, זאָגן, אז מען זאָל כאַפּן דאָס הינטעלע, און א שמעק טון ביי דעם... אונטערן עק! פילט זיך טאַ־בעקע — איז דאָס אורילעס גלגול, פילט זיך בראנפן — איז דאָס פּתחיה שמש'ס גלגול...

ווען די זון האָט זיך געזעצט, איז שוין אין מארק קיין לעבעדיקער נפש ניט געבליבן. סיידן עפּעס אַן אָרעמע אידענע וואָס האָט איר „קראָם" ניט געקענט פארשלעפּן אהיים און האָט געוואַרט אויף „פּאָמאָשטש". דער איינ־ציקער „מסחר" וואָס איז געבליבן ווייטער האנדלען איז געווען דער מסחר פון... סאָנישניק־קערלעך. אידישע קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן צו פּאר־גרייטן מיט אָט דעם פּאָפּולערן מאכל. מען האָט געקויפט געפּראַזשעטע און ניט קיין געפּראַזשעטע. די ניט־געפּראַזשעטע האָט מען אוועקגעלייגט ביים הייסן אויוון און זיי געגנוצט ערשט מאָרגן. די געפּראַזשעטע קערלעך האָט מען געקויפט אויף דער גלאָז, א קאָפּיקע א גלאָז! די ניט געפּראַזשעטע — אויפן פונט. א דרייער (דריי גראָשן, אנדערטהאלבן קאָפּיקעס) א גאַנץ פונט!

און נאָך א מסחר האָט ביי אונז געבליט שבת און אידן האָבן געהאַט פּרנסה בלויז שבת! — דאָס איז געווען דער „קופּ", די הייסע וואסער וואָס מען פלעגט קויפן אויף טיי! איין קופּ איז געווען ביי יאָסל סאַצקי אינמיטן מאַרק און איין קופּ עט־עט נעבן דער בריק. און אויף צו נעמען א טשייניק הייסע וואסער האָט מען געדאַרפט שטיין א האלבע שעה אין אָטשערעד, ווייל מען פלעגט אָפּצאָפּן און דערגיסן קאלטע וואסער. מער דערגיסן ווי אָפּצאָפּן. דאָס שטעטל האָט געטרונקען ניט קיין געזאָטענע וואסער און גאָר־ניט. קיינער איז ניט שלאַף געוואָרן און קיינער איז ניט געשטאָרבן דערפון...

און איידער מיר קערן זיך אום צוריק צום קבלת שבת און סתם צום

שבת, ווייל איך דערמאָנען וועגן נאָך איין מסחר וואָס האָט געבליט און „פּראָגרעסירט“ בלויז שבת — דאָס איז געווען די בודקעלעך פון זעלצער־וואַסער. געווען ביי אונז אַ סך אַזעלכע בודקעלעך וואו מען האָט פאַר אַ קאָ־פּיקע געטרונקען אַ גלאָז זעלצער־וואַסער און פאַר צוויי קאָפּיקעס — זעל־צער־וואַסער מיט סעראָפּ. דער דאָזיקער „סעראָפּ“ איז געווען אַ געמיש פון צוקער, פאַרב און סתם פּאַסקודסטווע, אָבער דער עולם האָט זיך דערפון פּאַסמאַקעוועט. דערהויפּט איז דאָס גלאָז וואַסער מיט סעראָפּ געווען די ביליקסטע אָבער אויך די פּאָפּולערסטע משקה מיט וועלכער אַ קאַוואַליער האָט „אוגאָשטשאַיעט“ זיין באַרישניע.

דער הויפּט מסחר פון זעלצער־וואַסער איז געווען ביי נאָטע ווייגמאַן, אַ איד אַ מטופל מיט 8 בלייבע אויסגעדאַרטע מיידן, איינע עלטער פון דער צווייטער, און אַהין האָט עס געצויגן די „יוגנט“ צו אוכאַזשעווען זיך. אַהין האָט אויך דער טאַטע געשיקט מיט אַ „גראַפין“ קויפן פאַר דריי קאָפּיקעס זעלצער וואַסער מיט סעראָפּ און נאָכן עסן זיך אָנגעטון דאָס פאַרגעניגן און געגעבן יעדער איינעם אַביסעלע אין אַ גלאָז...

און איצט קערן מיר זיך צוריק אום צום קבלת שבת:

עס הויבט אָן ווערן טונקל אין דרויסן. פון אַלע פענצטער שיינען אַרויס די אָנגעצונדענע ליכט וואָס די טעפּליקער ווייבער האָבן מיט יראת הכבוד און מיט גרויס כוונה געבענטשט, פאַרשטעלנדיק זיך די אויגן. איצט, פער־ציק־פופציק יאָר נאָך יענער סצענע, קען איך שווערן, אַז אין טעפּליק איז ניט געבליבן קיין איין אידיש הויז, ווי אָרעם מען איז ניט געווען, אַז די אידענע זאָל ניט האָבן קיין ליכט צו בענטשן. וואָס עס האָט יאָ געקאָנט אויספעלן איז... לייכטער צו די ליכט. נו, פלעגט מען מאַכן אַ לאָך אין אַ קאַרטאָפל, אַריינשטעקן אַהין דאָס ליכט און — מען האָט געבענטשט ליכט.

מיר, קינדער, פלעגן הנאה האָבן פון שטיין און קוקן ווי די מאַמע פאַר־רוקט דאָס שבתדיקע טיכל איבערן קאָפּ, מאַכט אַ הקפה מיטביידע הענט איבער די ברענענדיקע ליכט, פאַרשטעלט דאָס פּנים און שעפּטשעט אַ תפילה. אָפּגעשעפּטשעט גיט זי אונז אַ זאָג: אַ גוט שבת און... טרייבט אונז אַרויס אין שיל אַריין.

די שיל, ווי בכלל די בתי־תפילה, זיינען צו קבלת שבת, ניט שטענדיק פול. דערהויפּט איז ליידיקלעך דאָס שניידערישע שילכל און אַפילו די גרוי־סע שיל וואו עס דאַוונט דער „ראַבאָטשי נאַראָד“ און פשוטער המון. ניט אַלע אידן, אַרבעטער און קרעמערלעך, האָבן אויספייעט צו פאַרמאַכן זייערע געשעפטן, זיך אַרומוואַשן, איבערטון און קומען אין שיל אַריין. אַסך אידן

האָבן גאָר פאַרשפּעטיקט אין וועג און אַריינגעפּאָרן „מיטן דישעל״ גלייך אין שבת אַריין...

אין אַזאַ פאַל, פלעגט ער אַראָפּגיין הינטער דער שטאָט און אַריינגיין צופוס אין שטעטל אַריין. דאָן, פאַרשטייט זיך איז שוין קיין רייד ניט געווען פון גיין צו קבלת שבת.

פאַר אונז, קליינוואַרג, איז דער קבלת שבת אויך געווען ליב און טייער. ערשטנס, איז געווען פריינער זיך אַרומדרייען צווישן די סטענדערס און זוכן אַ סידורל אָדער גלאָט „שמות״. צווייטנס, און דער עיקר, צוליב דעם קידוש-וויין! דער חזן פלעגט מאַכן קידוש און ביים ענדיקן, ווען ער האָט געמאַכט די ברכה בורא פּרי הגפן, פלעגט ער געבן אונז, קינדער, אַ לעק טון פון בעכער. דער טעם פון יענעם ביסעלע ראָזשינקע וויין ליגט מיר נאָך ביז היינט אין מויל און עס פילט זיך אַ מחיהדיקע זיסקייט אין די אברים.

צו קבלת שבת האָט מען שוין אויך געוואוסט צי עס איז פאַראַן אַ גוטער אָדער שלעכטער חזן, אַ גוטער מגיד און, ספּעציעל, האָבן מיר יונגוואַרג געוואַרט אויף אַ „גוטן״ אורח אויף שבת. אַ „גוטער אורח״ האָט ביי אונז, קליינוואַרג, געהייסן אַ איד מיט אַ לאַנגער באָרד און פּאות, וואָס קאָן דערציילן שיינע מעשיות פון בעל-שם-טוב אָדער פון אַן אַנדער רבין. אַלאַ ניט דערציילט ער וואונדערלעכע מעשיות פון יענער וועלט און דער עיקר — פון גיהנום.

אַזוי ווי כמעט אַלע שבת האָבן מיר געהאַט אַן אורח, פלעגט ניט איינמאָל טרעפן, אַז איך פלעג זיך אָנהערן מיט די שרעקלעכע געשיכטעס, ווי אַזוי מען בראָט און ברענט פאַר ניט דאַווענען אָדער פאַר עסן אומגעוואַשן אָדער גאָר פאַר ניט זאָגן „אשר יצר״, און איך פלעג ציטערן דערמאָנענדיק זיך, וויפל מאָל איך בין עובר געווען אויף אָט דער, אָדער יענער, מצווה... פאַרשטייט זיך, אַבי נאָר, דער ליבער הייליקער שבת איז אַוועק, און מיט אים איז אויך אַוועק דער אורח וואָס ווייסט אַלעס גענוי וואָס אין גיהנום קומט פאָר, האָבן מיר, זונמיק, באַלד פאַרגעסן די שרעקן פון גיהנום און אויב מען האָט נאָר געקענט איבערהיפּערן אַ האַלב דאַווענען — האָט מען עס געטון...

אָפט, אָפט, כמעט אַלע פרייטיק צו נאַכט פלעגט זיך טרעפן, דאָס פּונקט ווען די אידן זיינען געגאַנגען פון שיל, פלעגן די פּאַסטוכער טרייבן אַהיים זייער טשערעדע שאָף, בהמות, חזרים און ציגעלעך. די דאָזיקע טשערעדע האָט אָנגעמאַכט אַ פּאַרך עד לב השמים און דער פּאַרך איז אַריין אין דער — נאָך נאַסער פון מרחץ — באָרד און פּאות פון די פרומע אידן. די

שקצימלעך־פּאַסטוכער פּלעגן לאַכן פון די אידן ווי אַזוי זיי „קעמפן" מיט דער טשערעדע און מיט די פּאַלעס פון סערדוט טרייבן זיי פון זיך, די ציי־געלעך. די אידן פּלעגן ניט שענקען די שקצימלעך און זיי באַשאַנקען מיט „סוקין־סין", „סוויניאַטשאַ מאָרדאַ" און נאָך ענלעכע עפּיטעטן.

עס פּלעגט טרעפן, אַז איך פּלעג פרעגן מיין טאַטן אַ גערעכטע קשיא:

דער רבי דערציילט, פּלעג איך אים שטעלן די קלאָץ־קשיא, אַז ווען די אידן גייען שבת פון שיל באַגלייטן אים צוויי מלאכים ביז אין שטוב אַריין! אם כן, אויב אַזוי, פאַרוואָס זשע צעטרייבן ניט די מלאכים די טשע־רעדע און הרגענען ניט אַוועק די ערלים וועלכע זיינען זיך נוקם אין די אידן?

דער טאַטע פּלעגט זיך אויסדרייען מיט אַ תירוץ אַז... די שקצים זיינען אויך גאָטס באַשעפעניש און מען טאָר זיי ניט הרגענען. דערפאַר, אָבער, אויף יענער וועלט, וועלן זיי באַקומען דעם אמתן פּסק! מען וועט זיי ניט געבן קיין עסן דריי טעג און דריי נעכט! דערנאָך וועט מען זיי אָנווייזן וואו דאָס עסן ליגט. זיי וועלן עס לויפן כאַפּן — אָבער זיי וועלן ניט קאָנען דורכגיין, ווייל... אַ גרויסע טשערעדע פון שאָף און רינדער וועט זיי אָנקור־מען אַקעגן און זיי פאַרשטעלן דעם וועג...

נאָך קבלת שבת אין שיל, קומען מיר — ס'הייסט דער טאַטע און מיר קליינוואַרג, אַריין אין שטוב מיט אַ ברייטן: גוט שבת! די ליכט ברענען, דער „גרויסער" לאָמפּ אויף קעראָסין ברענט אויך און עס איז ליכטיק אין יעדן ווינקעלע. דער טאַטע דרייט זיך אַרום אין שטוב, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און זאָגט: שלום־עליכם — מלאכי השרת, און מיר, קינדער, ווילן כאַפּן אַ בליק אַרום טאַטן, אפשר וועלן מיר פאָרט דערזען די מלאכים וואָס דרייען זיך אַרום טאַטן! אָט די צוויי מלאכים וואָס האָבן, אומבאַמערקטער־הייט, אונז באַגלייט פון שיל ביזן שטוב אַריין. דער אורח שטייט ביים פענצטער, קוקט אין דער ווייטער וועלט אַריין, זאָגט אויך שלום־עליכם מלאכי השרת, נאָר פון ווען ניט ווען, כאַפּט ער אַ בליק צו די... צוויי קוי־לעטשן וואָס ליגן איבערגעדעקט און גיט דערביי אַ קרעכץ...

אָפּגעזאָגט דעם „שלום־עליכם" הויבט אָן די מאַמע אונטערצוברומקען, אַז מען זאָל זיך צואיילן ווייל די ליכט וועלן אויסגיין און אין לאָמפּ איז דאָ אַביסעלע קעראָסין וואָס וועט קוים סטייען ביז נאָכן עסן...

טאַטע, אורח, מיר קינדער, איילן זיך אין קיך אַריין זיך וואַשן. אויף דער דיישקע וואַסער, ליגט אַ דעקל און אויפן דעקל, אַ קופּערנע קוואָרט מיט צוויי הענטלעך. איינער פון די קינדער — אַלע שבת באַדינט אַן אַנדער קינד — באַדינט די עלטערע. נעמט אָן וואַסער אין דיישקע און גיסט איבער

די פאַרמאַכטע צוויי קוילאַקעס וואָס דער טאַטע, דער אורח און דער עלטע־רער ברודער האָבן אָנגעשטעלט איבער אַ פּאַמוינינעצע וואַסער. מען וואַשט זיך אָפּ, און עס זיינען אָנגעגרייט ווייסע ווי שניי האַנטוכער זיך אָפּווישן.

באַלד הויבט מען אָן ריידן אויף שטום־לשון: נו! אָ! דאָס ווייזט דער טאַטע אָן דעם אורח וואו זיך צו זעצן, אָדער דער אורח זוכט די זאַלץ און קאָן ניט געפונען הויבט ער אָן ריידן אויף „לשון קודש": נ! אָ! מלח!

ניט שטענדיק האָבן מיר אָן אורח ביים טיש און ניט שטענדיק האָט דער טאַטע... ווייַן אויף קידוש און דער טאַטע מאַכט קידוש איבער דער חלה. דער „קידוש" קלינגט טרויעריק. עס פילט זיך, אַז דער טאַטע ליידט וואָס ער האָט געהאַט אַ שלעכטע וואָך (דערהויפּט הארבסט־צייט, ווען עס פלעגט רעגענען וואָכן־ווייז און מען האָט ניט געקאָנט פאָרן אויף קיין יאריד) און מוז נעבעך מאַכן אַ ברכה איבער דער חלה אָנשטאָט דעם בורא פּרי הגפן. אָבער, ער טרייסט זיך. ער איז שוין יוצא געווען מיטן חזן אין שיל ווען דער חזן האָט געמאַכט קידוש.

די קבלת שבתדיקע סעודה עסט מען פּאַוואָלינקע, מיט צייט, כאָטש מען האָט געזען, אַז אָט־אָט בלייבט מען אין דער פינצטער. באַלד נאָך די פיש, וועלכע האָבן געהאַט טויזנט טעמים, האָט מען אָנגעהויבן זינגען זמירות. דער טאַטע האָט פאַרצויגן דעם „כל מקדש שביעי כראוי לו" און מיר אַלע ביים טיש האָבן אונטערגעהאַלטן דעם „טאָן" און מיט התלהבות נאָכגע־זונגען דעם „כל השומר שבת כדת מחללו"!...

:: :: ::

צענדליקער יאָרן זיינען שוין אַוועק זינט איך האָב דעם כל מקדש גע־זונגען אָדער געהערט. עס זיינען שוין פאַריבער פ ע ר צ י ק יאָר זינט יענע זיסע טענער האָבן געקלונגען אין הויז. וויפל טויזנטער און הונדערטער טויזנטער נגונים האָב איך שוין געהערט אָדער געזונגען זינט יענער צייט. קיינער פון זיי איז ניט געבליבן אין זכרון, קיינער פון זיי האָט ניט איבער־געלאָזט קיין ליבשאַפט נאָך זיך און נאָך קיינע פון זיי בענקט זיך ניט אַזוי, ווי אָט נאָך דעם:

„כל מקדש שביעי כראוי לו!"...

:: :: ::

ביים ענדיקן דעם פלוימען־קאָמפּאָט הויבן זיך אָן „שמעלצן" די ליכט. אויך דער גרויסער לאָמפּ האַלט „געניצן", אָבער דאָס וויל ניט זאָגן, אַז מען דאַרף שוין גיין שלאָפן. פונקט פאַרקערט. דער „עונג־שבת" הויבט זיך ערשט אָן. אויף אַ באַפעל ווי פון אַ גענעראַל, גיב איך אַ פלי צו צום אויוון און

נעם די געפּראַזשעטע קערלעך (אַמאָל איז אויך דאָ קאַבאַק־קערלעך) און די שטוב נעמט קנאַקן און... שפּייען אויפן פּאָל.

די מאַמע בעט זיך ביי אונז ווי ביי גזלנים, אַז מען זאָל אויסשפּייען די שאָלעכץ אין אַ פּאַפּיר אָדער אין דער האַנט, אָבער — פּאָלג מיך אַ גאַנג, גיי, היט זיך איין, אַז עס היט זיך ניט.

צווישן איין זשמעניע קערלעך און דער צווייטער רעדט מען און מען פאַנטאַזירט. די הויפּט־טעמע איז: פאָרן קיין אַמעריקע, וואו גאָלד וואַלגערט זיך אין די גאַסן! און אַזוי ווי אַלע קאָנען ניט פאָרן, וועט דערווייל פאָרן דער עלטסטער ברודער און דערנאָך וועט ער א ו נ ז אַריבערנעמען. און — ביז מיר קומען קיין אַמעריקע... ענדיקן זיך די קערלעך און, דער שבת־קעניג גיט אַ צווייטן באַפעל. איך כאַפּ דעם גרויסן גלעזערנעם „גראַפין" (פלאַש), נעם אויפן פענצטער די אָנגעגרייטע צוויי קאָפּיקעס און איך לויף אַוועק צו נאָטע ווייגמאַן קויפן „זעלצער־וואַסער מיט סעראָפּ".

און דאָ איז שוין ווידער געווענדט אין „מזל". אויב עס האָט מיך אָטענדירט איינע פון נאָטעס אַלטע מיידן, פלעגן זיי מיר געבן פאַר צוויי קאָפּיקעס קוים קוים דריי גלעזער. אויב אָבער ביי דער סטאָיקע איז געשטאַנען נאָטעס קליין מיידעלע — אין מיינע יאָרן — האָט זי מיר געגעבן אַ פולן גראַפין. דאַן האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט... צו טרינקען איבערן וועג וויפל מיין האַרץ גלוסט און נאָך ברענגען אַהיים אַ סך (אין גראַפין פלעגט אַריין זעקס גלעזער). האָט מען מיר געגעבן אַ קניפּ אין בעקל, געזאָגט „מאָלאָדיעץ" און געגעבן אַ היפּשע פּאָרציע אַלס מיין „חלק"...

אָפּגעטרונקען די זעלצער־וואַסער מיט סעראָפּ, פלעגט מען גיין שלאָפן דעם זיסן שבתדיקן שלאָף.

:: :: ::

דעם גוטן, דעם אמתדיקן טעם פון שבת, האָט מען ערשט אָנגעהויבן פילן שבת אינדערפרי. מען שטייט ניט אויף פאַרטאָג צו פאָרן אויפן יאַריד. מען שטייט ניט אויף פאַרטאָג צו עפענען די קלייט. עס רוט דער האַר, די דינסט, דער קנעכט און דאָס אייזל. כאָטש איין גאָט איז אַן עדות, אַז אין טעפּליק זיינען געווען זייער ווייניק האַרן, נאָך ווייניקער דינסטן און אַפילו קיין איין קנעכט ניט. וואָס שייך אַן אייזל, האָבן מיר בלויז פון חומש געוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן אייזלען. מיט די אויגן האָט גאַנץ טעפּליק אויף זייער גאַנץ לעבן קיין אייזל ניט געזען...

פאַרשטייט זיך, אַז אַלע קלייטן זיינען געווען פאַרמאַכט. און ניט בלויז דערפאַר, וואָס אין טעפּליק איז ניט געווען קיין איין איד וואָס זאָל וועלן

האַלטן אָפּן דאָס געשעפט. ווען אַ איד עפנט אויף זיין קלייט, וואָלט ער במילא קיין דרייער ניט געלייזט. וועלכער איד וועט עס גיין קויפן שבת?

דאָך זיינען עטלעכע „געשעפטן” געווען אָפּן און געמאַכט גוטע גע־שעפטן בלויז דעם שבתדיקן טאָג.

עס איז געווען אָפּן דאָס „געשעפט” ביי יאָסל סאָצקי וואָס פלעגט פאַר־קויפן געזאָטענע וואַסער פון „קופ” און אידן האָבן געטרונקען טיי און ניט געדאַרפט חלילה מחלל שבת זיין און שטעלן דעם סאַמאָוואַר.

עס זיינען געווען אָפּן עטלעכע „געשעפטן” פון „סעמעטשקעס” (סאָ־נישניק־קערלעך) און די באַלעבאַטים פון די „געשעפטן” זיינען דעם דאָזיקן שבתדיקן טאָג, ממש... „נתעשר” געוואָרן. מען האָט געלייזט אַ גראָשן אַ גלעזל און אַ קאָפּיקע אַ גאַנצע גלאָז און מען פלעגט פאַרקויפן איבערן טאָג אפשר... פינף הונדערט גלעזער קערלעך!

געווען ביי אונז נאָך אַ פאַך וואָס האָט עקספּלואַטירט דעם שבת און געאַרבעט פראַנק און פריי. דאָס איז געווען דער איינציקער פאָטאָגראַף אין שטעטל, ניושקע קושניר.

איך ווייס ניט אין וועלכער מסכתא עס שטייט, אז מען טאָר זיך שבת ניט פאָטאָגראַפירן, נאָר אידן האָבן זיך אליין מתיר נדר געווען און שבת איז מען זיך געגאַנגען פאָטאָגראַפירן. און כאָטש, ווער ווייסט צי אַ צענט־חלק פון טעפּליקער אידן האָבן זיך אויף זייער לעבן פאָ־טאָגראַפירט, דאָך, האָט ניושקע קושניר געמאַכט אַ שיין לעבן, באַוואוינט אַ שיינע וואוינונג און זיין איינציקע געראָטענע טאָכטער, סאַראַ קושניר, האָט געלערנט אין גימנאַזיע און ווען זי פלעגט קומען אויף קאַניקולעס אהיים, האָט זי געשפּילט אויף אַ גרויסער — דער איינציקער אין טעפּליק — פאָרטעפּיאַן, און די שטאָט פלעגט שטיין הינטער די פענצטער און הערן די שיינע מוזיק.

:: :: ::

מירן זיך ווידער אומקערן אויף צוריק.

שבת אינדערפרי. די צוויי הויפּט־גאַסן, דערהויפּט — יענע גאַס וואו די שילן און בתי־מדרשים געפינען זיך, הויבן אָן פאַרפלייצט ווערן פון אידן אין שוואַרצע סערטוקן און פרויען מיט פאַרוקן און אַלערליי שליאַפּעס. אַ סך אידן, כמעט די גרעסטע טייל פון זיי, פירן זייערע קינדער ביי די הענט. זעלטן געווען צו טרעפן אַ אידן גיין אין שיל אַריין און זיין בחורל זאָל אים ניט נאָכטראָגן דעם טלית. אין אַלגעמיין, זיינען גאָר־גאָר ווייניק קינדערלעך.

דערהויפּט זכרים, שבת געבליבן אין דער היים און ניט מיטגעגאַנגען מיטן טאַטן אין שיל אַריין.

זומער און ווינטער, ביי גרויסע תמוזדיקע היצן און ביי שטאַרקע פרעסט פון שבט, האָט מען די קינדער אַרומגעוויקלט גוט דאָס העלזעלע און היידאַ אין שיל אַריין.

קומענדיק אין שיל, פלעגן מיר, געוויינלעך, שטיין נעבן טאַטנס סטענדער און אַריינגעקוקט אין גרויסן סידור. אַמאָל פלעגט מען אויך אַרויפגיין אין דער וויבערישער אָפּטיילונג און זיך רייבן נעבן דער מאַמעס קלייד. שפּעטער, אַלס זיבן־אַכט יאָריקע חברה, פלעגן מיר הנאה האָבן צו קוקן ווי די „פירזאָגערין" לייענט פון סידור מיט אַזאַ מאָדנעם ניגון און די ווייבער ווישן זיך די אויגן פון טרערן, כאָטש זיי פאַרשטייען ניט וואָס די פירזאָגערין וויל...

דאָך האָבן מיר, חברה קליינוואַרג, אויך אַ לעב געטון שבת ביים דאַווענען. ווי נאָר עס איז צוגעקומען צו „אויסנעמעס" (ביי קריאת התורה), אַזוי זיינען מיר חברה אַרויס אין פּאָליש אָדער גאָר אין דרויסן, און זיך געשפּילט אין וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אָפט אָבער, האָבן מיר, קינדער, זיך פאַרשפּילט „אויסנעמעס" און פּלוצים דערהערן מיר פון דער שיל ווי די אידן גאָרגלען זיך: „הוא אלוהנו, הוא אבינו, הוא מלכנו" (קדושה), דאַן איז אונז פאַרטריפט געוואָרן דער מאַמעס מילך. מען האָט זיך געדאַרפט ריכטן אפילו אויף... פּעטש פונעם טאַטן. אַ קלייניקייט, ביי קדושה אינדרויסן! פלעגן מיר זיך פאַוואָלינקע אַריינגנבענען אין שיל אַריין און ווען מען האָט געענדיקט די קדושה און דער טאַטע האָט זיך געגעבן מיט צאָרן אַ דריי אויס אויף צוריק, האָט ער געטראָפן זיין „אומשולדיק" בחורל שטיין מיט אַ סידורל אין האַנט... אויך ענדיקן די „קדושה".

אָבער — וויפל מאָל איז געלונגען אַזוי אָפּנאַרן דעם טאַטן? און וויפל פּעטש האָבן מיר אַריינגעכאַפּט ווען דער טאַטע איז — נאָך דער קדושה — אַרויס אין הויף און אונז געטראָפן, פאַרשוויצטע, שפּילן זיך און גאָרניט וויסן, אַז מיר האָבן, רחמנא לצלן, פאַרפעלט אָט די וויכטיקע תפילה?

עס ליגן נאָך אין טעם יענע פּעטש. עס ליגן אָבער אויך אין טעם, יענע זיסע קלאַנגען פון „כתר יתנו" און אויב מיר געדענקען עס איצט — 50 יאָר נאָך יענע טעג — אויב מיר געדענקען די קדושה, דעם נוסח, ווי בכלל די שבתדיקע תפילות אויסנווייניק, איז דאָס צו פאַרדאַנקען יענע... פּעטש און יענע אויג פונעם טאַטן וועלכער האָט געהיט, אַז מיר זאָלן די „קדושה" ניט פאַרפעלן, און זי אפילו קאָנען אויסנווייניק, ווי דער טאַטע קאָן זי.

ארום 12 אזייגער האָט מען אָנגעהויבן ארויסגיין פון די שילן און בתי־מדרשים. געוויינלעך פלעגט מען ענדיקן דאָס דאַווענען אין איין און דער זעלבער צייט אין אלע בתי־תפילה. עס פלעגט אָבער טרעפן, אז אין דער גרויסער שיל האָט געדאַוונט א חזן מיט משוררימלעך, אָדער עס איז געקו־מען א מגיד און האָט געדרשנט נאָכן לייענען, דאַן פלעגט א גרויסער עולם פון די איבעריקע בתי־מדרשים זיך א לאָז טון אין שיל אריין און אריינכאַפּן אַן א ו מ ז י ס ט ן „קאָנצערט".

אין א געוויינלעכן שבת אָבער, ווען קיין חזנים און קיין מגידים זיינען ניט געווען, פלעגט די גאַס ווערן שוואַרץ פון אידן און פון אלע זייטן האָט זיך געהערט דאָס שטילע בנעימותדיקע וואָרט:

— א גוט שבת!

— א גוט שבת — א גוט יאָר!

געוויינלעך פלעגט די שוועסטער גרייטן צום טיש און ווען טאַטע־מאַמע זיינען געקומען פון שיל איז שוין אויפן טיש געשטאַנען די „פּעציא", דער געהאַקטער לעבער אָדער דער רעטעך מיט ציבעלעס מיט שמאַלץ, אָדער גאָר א טעלער געהאַקטע אייער מיט ציבעלעס מיט שמאַלץ. דאָרט וואו קיין מיידל אין שטוב איז ניט געבליבן צו גרייטן צום טיש, איז די באַלעבאָסטע אליין געקומען פריער פון שיל. באַלד נאָך קדושה איז זי אוועק אהיים און ווען דער מאַן איז געקומען פון שיל, האָט ער שוין געטראָפן דעם טיש גע־גרייט און די באַלעבאָסטע כאַפּט שוין א קוק צי דער טשאָלנט איז געראָטן, צי דער קוגל איז ניט פאַרברענט און בני־ביה פאַרזוכט זי שוין צי עס פעלט ניט קיין זאַלץ אָדער פעפער. און ווען דער מאַן קומט אריין אין שטוב און זאָגט „א גוט שבת" באַגעגנט זי אים מיט א שמייכלדיקן „א גוט שבת — א גוט יאָר"!

מען זעצט זיך צום טיש. די מאַמע הויבט אָן „דערלאַנגען צום טיש"! זי דערלאַנגט אפשר צען פאַרשידענע מאכלים אָבער פון יעדער מאכל אויפן שפּיץ מעסער.

נאָך אָט די „פאַרשפּייז" האָט מען דערלאַנגט לאָקשן מיט יויך. (א גאַנ־צע וואָך האָט מען געגעסן קאַשע מיט יויך; אויף שבת פלעגט די מאַמע אויסקאַטשען א בלעטל לאָקשן). נאָך די לאָקשן יויך האָט מען דערלאַנגט דאָס עוף מיטן פלייש.

ווען איך דערמאַן זיך א י צ ט , פערציק יאָר שפּעטער פון יענע קינ־דערשע יאָרן, וויפל מען האָט „דערלאַנגט" עוף און וויפל פלייש, מוז איך צו זיך אליין א שמייכל טון.

געקוילעט דאָס עוף האָט מען דאַנערשטיק פאַרנאַכט. האָט די מאַמע אַראָפּגענומען דאָס דרויבל פאַרן פרייטיקדיקן ראָסלפליש, אַ פערטל עוף, האָט זי איבערגעלאָזט אויף... זונטיקדיקן אָנבייסן, און די איבעריקע דריי פערטל עוף האָט זי איינגעטיילט אויף דער וועטשערע פון פרייטיק צו נאַכטס און אויף שבת אָנבייסן. צו אָט דעם עוף האָט זי צוגעקויפט אַ האַלבע אָקע (אַנדערטהאַלבן פונט) פלייש. פון אָט די 600 גראַם פלייש האָט זי געטעכעט און אויסגעטעכעט און יעדער איינער האָט געגעסן אי עוף אי פלייש...

און ניט בלויז מיר קינדער, נאָר אויך זיי — די גרויסע, טאַטע־מאַמע, — האָבן געהאַט אויף זייער חלק אַזוי פיל פלייש וויפל ביי אַ געוויינלעכער פאַמיליע ביי אונז... בלייבט איבער נאָכן עסן אויף אַרויסצוואַרפן.

ווען מיר ווילן צוגלייכן יענץ עסן מיט אונזער היגן אַמעריקער עסן, ווען מיר ווילן זיך דערמאַנען, אַז דאָס, וואָס דאָרט איז געווען אַ לוקסוס פאַר אונז, גיבן מיר עס דאָ אַוועק די... קעץ; ווען מיר מאַכן אַ חשבון, וויפל פלייש און פליישיקע מאכלים מיר האָבן דאָרט געהאַט און וויפל מיר עסן, פרעסן און זויפן דאָ, ווען מיר באַטראַכטן עס גוט, קומען מיר צום באַשלוס:

דאָרטן האָט מען אונז אַרויסגעטיילט צו צוויי־דריי שטיקלעך פלייש און אַ פליגעלע אָדער האַלבע פולקע אויף אַ חלק; דאָ, עסן מיר אויף, צוויי־דריי קילאָ „אָסאָדאָ" און מען פאַרבייסט מיט עטלעכע געבראָטענע וואורשט־לעך. האָט מען טאַקע ד אָ ר ט ו וי נ י ק געגעסן און אַ סך... געלעבט; ד אָ, עסט מען אַ סך און מען לעבט ווייניק. און דאָס ביסל וואָס מען לעבט האָט מען צו טון מיטן מאָגן, און מיט שפּיטעלער און אָפּעראַציעס...

: : :

ניט שטענדיק איז דער טאַטע געגאַנגען פון דער שיל גלייך אַהיים. עס פלעגט זיך טרעפן, אַז מען האָט געדאַרפט גיין אויף „קידוש" צו אַ גוטן ברודער, איבערהויפּט — ביי אַן „אויפרופנס". דעמאָלט, פלעגט די מאַמע, און דאָס גאַנצע הויזגעזינד, זיצן און וואַרטן ביז דער טאַטע איז געקומען. קיינער האָט ניט געחלומט אפילו, גיין אַ ל יי ן, אָן דעם טאַטן עסן. צו גרויס איז געווען דער „כבוד אב" אַז מען זאָל גאָר טראַכטן וועגן דעם. פלעגט טאַקע די מאַמע זיצן ביים פענצטער און אַריינקוקן צו גנענדלען (דער שכנה), קוקן ווי דאָרט האַלט מען שוין ביי נאָך דעם קוגל, און מקנא זיין, וואָס טרייטל האָט ניט קיין „קידוש".

פלעגט זיך אָבער אויך טרעפן, אַז די צווייטע וואָך, אָדער מיט אַ וואָך פריער, איז גנענדל געזעסן ביים פענצטער, אַריינגעקוקט צו אונז און מקנא געווען וואָס דער טאַטע האָט ניט קיין „קידוש" און מיר עסן צו דער צייט...

דערוויי איז שוין דאָס עסן נאָך מער איבערגעשטאַנען געוואָרן. חוץ דעם, האָט מען אויפגעעפנט דאָס טשאָלנט ברעטל (וואָס איז געווען פאַר־קלעפּט מיט ליים נאָך פון נעכטן פאַרנאַכט אָן) און דאָס עסן האָט אָנגעהויבן ווערן קאַלט...

די מאַמע פלעגט מורמלען אונטער דער נאָז (שבת האָט זי מורא גע־האָט אַרויסלאָזן אַ קללה פון מויל) און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ווען דער טאַטע וועט אַריינקומען פון „קידוש" וועט ער באַקומען דעם אמתן „ברוך הבא".

נאָר אָט איז דער טאַטע געקומען, ער גייט אַריין אַ פרייליכער, אָן אויפ־געלייגטער און מיט אַ הילכיקן „גוט־שבת". די מאַמע באַגעגנט אים מיט אַ שמייכל, הייסט זיך אים צוואַשן, זיך גיין וואַשן, ווייל... די קינדער זיינען הונגעריק. מען זעצט זיך צום טיש און דער טאַטע — צווישן געריכט און געריכט, בים און בים, דערציילט וועגן קידוש, וועגן דעם טייערן וויין וואָס מען האָט געשטעלט, וועגן די צען סאָרטן קוגל וואָס מען האָט דערלאַנגט, וועגן פלוימען־צימעס וואָס איז זיך צעגאַנגען אין יעדער אבר, און בניה־בה, דערציילט ער שוין וועגן בעל שמחה, וועגן חתן וואָס איז אַ לעמעשקע, אַ ליימענער גולם, וואָס האָט מזל און פאַלט אַריין אין אַ שמאַלץ־גרוב.

די מאַמע גיט אַ זיפץ און גיט זיך, גלאַט אַזוי, אַ זאָג אין דער וועלט אַריין:

„די שמאַלץ זאָל כאָטש ניט אויסרינען און דער גרוב זאָל בלייבן".

און די שבתדיקע סעודה ווערט פאַרגעזעצט גלייך ווי גאָרניט איז גע־שען. און ווען אַ סך אידן כראָפּען שוין פון שבתדיקן שלאָף — ענדיקן מיר ערשט די שבת־סעודה.

פאַרענדיקנדיק מיטן קאַפּיטל פון שבתדיקן אָנבייסן, וויל איך דאָ אונ־טערשטרייכן די פאָלגנדע מעלות וואָס אַ טעפּליקער שבת האָט געהאַט:

ערשטנס: מען האָט שבת געגעסן אַ סך מאכלים, מען האָט זיך אָ נ ־ ג עֶ ג ע ס ן, אָבער ניט אָ נ ג ע פ ר ע ס ן . . . מען האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש מיט אַ לייכטן מאָגן און דערפאַר האָט ניט געשאַדט וואָס מען איז, פונעם טיש אַריין אין בעט אַריין...

צווייטנס: שבת, ביים טיש, איז געזעסן די ג אַ נ צ ע פאַמיליע. די גאַנצע וואָך האָט מען זעלטן געגעסן צוזאַמען. האָט מען געהאַט אַ קלייט — האָט מען, חלילה, די קלייט ניט פאַרמאַכט און עמיצער איז געבליבן דאָרט מיטיק־צייט. איז מען געווען אַ סוחר און געפאָרן אויפן יאַריד, איז דער טאַטע געקומען שפּעט, פאַרנאַכט ערשט פון מאַרק־טאָג, און די מאַמע האָט

זיך פאַרשאָלטן די יאָר, אַז זי דאַרף האָבן צו טאָן מיט „טיילערלעך" (טיילן דאָס עסן באַזונדער)! איז מען געווען אַ בעל מלאכה, זיינען די קינדער געוואָרן ערגעץ „פּריקאַזטשיקעס" (באַאַמטע) און זיינען געקומען עסן אין פאַרשידענע צייטן. מיט איין וואָרט, אינמיטן דער וואָך האָט מען זעלטן געגעסן צוזאַמען.

איז אָבער געקומען דער ליבער הייליקער שבת קודש, איז די גאַנצע משפחה געזעסן אַרום טיש און געגעסן צוזאַמען, און דערציילט די וויכטיקסטע פּאַסירונגען פון דער וואָך.

מיר ברענגען אָט דאָס אַלץ אַרויס קעגן אונזערע אַמעריקאַנער קינדער וועלכע קלייבן פּונקט אויס דעם אַמעריקאַנער שבת — דעם זונטיק, צו פאַרלאָזן די עלטערנס טיש, און צוזאַמען מיט חברים, אַוועקפאָרן אויפן גאַנצן טאָג ערגעץ פאַרברענגען, ביים וואַסער אָדער אין אַ וועלדל. די עלטערן, וועלכע זעען אַזוי זעלטן זייערע קינדער אַ גאַנצע וואָך ביים טיש, קאָנען זיי זונטיק — אינעם רו־טאָג, נאָך ווייניקער זען.

און נאָך אַ מעלה האָט דער שבת־מיטיק געהאַט אין טעפּליק. מען האָט אים געגעסן ביים אייגענעם טיש! מען איז ניט געגאַנגען צו גאַסט איינער צום צווייטן אויף מיטיק. מיטן אויסנאַם פון אַן אורח, זיינען קיין פרעמדע מענטשן ביים טיש ניט געווען. עס איז גאָר קיינעם ניט איינגעפאַלן צו קומען אויף שבת־מיטיק צו גאַסט צו אַ צווייטן. און אוודאי און אוודאי איז מען ניט געקומען אומגעריכט. וואָלט אַזאַ פאַמיליע געקומען אומגעריכט, וואָלט גאָר פאַר איר קיין עסן ניט געווען, ווייל מען האָט צוגעגרייט בלויז פאַר דער אייגענער פאַמיליע, און אַרויסלויפן ערגעץ קויפן, צולויפן אין אידישן קלייטל און איינקויפן וואורשט אָדער צולויפן צום קצב און קויפן עטלעכע פונט פלייש, איז גאָר קיין רייד און מעגלעכקייט ניט געווען.

און לסוף, די לעצטע מעלה פון שבתדיקן מיטיק: מען האָט אים געגעסן ניט אָנגעהאָרעוועט זיך, אויסגערוט און ניט אונטער קיין... ביימער ערגעץ אויף אַ פּיקניק, אָדער ביים וואַסער אויפן זאַמד, וואו מען טרעט אייך איבערן קאָפּ און די טעלער זיינען פול מיט זאַמד און... אַש.

די טעפּליקער שבת־סעודה האָט מען געגעסן אונטערן אייגענעם דאַך, ביי אַ טיש פאַרדעקט מיט אַ ווייסן סערוועט (טישטוך). מען איז ניט צוגעגאַנגען צום טיש פון דער שבת־סעודה, אַ צעבראָכענער פונעם פאָרן מיטן באַן אָדער מיט „קאַמיאָן", מען איז ניט צוגעגאַנגען אַ מידער און אַ פאַרשלאָפענער ווייל מען איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, מען האָט זיך געדאַרפט

פאַקעווען אין וועג אַריין, מען איז געווען נערוועאיש ווייל... מען וועט פאַר־לירן דעם קאַמיאָן אָדער באַן. טאַטע־מאַמע האָבן ניט געשריען איינס אויפן אַנדערן, און ערשט דערנאָך ווען מען קומט שוין אויפן געבענטשטן פּלאַץ, אויסער דער שטאָט, קוקט מען זיך אַרום, אַז מען האָט פאַרגעסן די זאַלץ, פאַרגעסן אַ מעסער, אָדער איבערגעלאָזט דעם האַנטוך אין שטוב. און עס הויבט זיך אָן אַ נייע נערוועזיטעט, אַ נייע קריגעניש און וואַרפן די שולד איינער אויפן צווייטן, און לסוף קומט מען צו צום עסן, מידע, צעבראָכענע און נערוועאישע...

טעפּליק, טעפּליקער אידן האָבן וועגן דעם ניט געוואוסט. מען האָט ניט געוואוסט פון אויפשטיין שבת־פאַרטאָג. מען איז געלעגן אין די בעטן און דאָס קליינוואַרג איז אַריין צום טאַטן אין בעט אַריין און זיך געשפּילט אַ שטיק צייט, אָדער דער טאַטע האָט דערציילט מעשהלעך פון דעם בער און די באַבעצע, אָדער גאָר, פון דער כשופמאַכערן מיט דער יתומה.

אַ באַזונדערן טעם האָט געהאַט די שבתדיקע ציקאָריע מיט מילך. גע־ווען הייזער וואָס ציקאָריע מיט מילך האָט מען געטרונקען בלויז ווען מען האָט געהאַט אַ ציג און ווען די ציג האָט זיך געמעלקט. אין אַנדערע הייזער האָט מען דאָס אויך ניט געהאַט און מען פלעגט, ווען ניט ווען, קויפן אַ קוואָרט מילך ביי פּאַראַסקען וואָס פלעגט טראָגן אין שטאָט אַריין אָט דעם ווייסן פּראָדוקט.

נו, איז מילאַ! אַ גאַנצע וואָך האָט מען די ציקאָריע באַווייסט אַביסל און עס האָט געהייסן ציקאָריע מיט מילך.

שבת אָבער, פלעגט מען די ציקאָריע מיט מילך אָוועקשטעלן ביים טשאָלנט ברעטל, אַרומגענומען מיט פּריסיק, און די מילך האָט נעבעך, גע־זאָטן אַ גאַנצע נאַכט און איז אַזש געוואָרן רויט־צוגעברענט.

אינדערפרי, פלעגט מען אונז קינדער געבן אָט־אַ די גלאָז רויט־ווייס־שוואַרצע ציקאָריע און מיר האָבן זיך געקוויקט מיט איר און געהאַט אַ סך מער הנאה פון איר, ווי אונזערע קינדער פון דער פרישער קאַפע מיט מילך מיט וועלכע זיי וואַרפן זיך און קוים וואָס מיר פועלן ביי זיי אויסטרינקען אַזאַ גלאָז...

צום טיש, צו דער שבת־סעודה איז מען צוגעקומען, ריין, הייליק, רואיק און מיט באַגער הנאה צו האָבן פון דעם הייליקן שבת! און מען האָט טאַקע הנאה געהאַט.

מען האָט הנאה געהאַט פון דעם דאַווענען בציבור, פון באַגעגענען זיך מיט „זיינס־גלייכן", אין שיל אָדער אין קלויז. מען האָט הנאה געהאַט פון

דער עליה לתורה וואָס מען האָט שבת באַקומען, און מען האָט הנאה געהאַט פון גאַנצן שבתדיקן אַמביענט אין וועלכן מען האָט זיך געפונען.

פאַרשטייט זיך, מען האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם שבתדיקן עסן, פון די שבתדיקע מאכלים, וועלכע זיינען שטענדיק געווען די זעלבע, אָבער וועלכע זיינען קיינמאָל ניט נמאס געוואָרן.

דער עיקר אָבער פונעם עסן זיינען געווען די... זמירות. ווער ווייסט, צו מיר, קינדערלעך, האָבן אַזוי געהאַלטן פונעם קוגל צי פון די איבעריקע שבתדיקע מאכלים, ווי מיר האָבן ליב געהאַט דאָס זינגען די זמירות מיטן טאַטן, פאַרכאַפּן פאַרן טאַטן דעם פּסוק און זיך באַווייזן, אַז מען קאָן אויסנווייניק דעם —

„ברוך אל עליון אשר נתן מנוחה“...

דאָס זינגען די זמירות איז געווען דער הערלעכסטער מאָמענט ביים טיש. און כאָטש די „נשים“ וואָס זיינען געזעסן אַרום טיש (די מאַמע, די שוועסטער) זיינען פּטור געווען פון זינגען זמירות, דאָך, האָבן זיי, שטילערהייט, מיטגעזונגען.

געגעסן האָט מען פּאַוואָליע און מיט צייט. פון איין געריכט ביזן צווייטן האָט מען, אַ חוץ די זמירות, גערעדט און דערציילט נסים ונפלאות פון... חזן, פון רב, פון מגיד. ווען עס איז געווען ביים טיש אַן אורח — פלעגט מען שוין זען, אַז ער זאָל ריידן. און קיין סך בעטן האָט מען אים ניט געדאַרפט. דער אורח פלעגט דערציילן מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט! די גרעסטע טייל פון אָט די אורחים — זאָלן זיי מיר מוחל זיין — זיינען געווען גרויסע בלאָפערס, און פלעגן אומיסטן ריידן וועגן זיך, ווי וועגן שלוחים פון גרויסע רביים, פון באַוואוסטע ישיבות, אָדער זיי פלעגן דערציילן, אַז זיי זיינען געווען גרויסע גבירים און געוואָרן קבצנים, ווייל זייערע מענטשן האָבן זיי באַגנבעט, באַגזלט!

אָפט, אָפט, פלעגט דער אורח אָנהויבן ריידן און אונז אַזוי פאַרטיפט אין זיינע מעשיות, אַז מען האָט גאָר פאַרגעסן אַז מען האַלט אינמיטן עסן און מען האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם אים אויסצוהערן...

פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען געווען אורחים, פּשוטע אידן, וועלכע האָבן פּשוט און פּראָסט איבערגעלאָזט די ווייבער, די בני בית, און זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער וועלט שנאָרען! אַזעלכע, זיינען געווען זייער ווייניק. אַלנפאַלס — ביי אונזער טיש — האָבן מיר געהאַט זייער ווייניק פון אָט דעם טיפּ אידן.

עס פלעגט אויך טרעפן זייער ניט אָנגענעמע פּאַסירונגען מיט אייניקע

אורחים. עס פלעגט טרעפן, אַז אַ טעפּליקער באַלעבאָס האָט זיך געכאַפּט זונטיק אינדערפרי, אַז עס פעלן אים די זילבערנע חפצים, אָדער דער טכוי־רענער טוליפּ, אָדער דעם ווייבס צירונג, און ווען מען איז אַוועק זוכן דעם אורח — איז שוין פון אים קיין זכר ניט געבליבן...

נאָך אַ פאַל געדענק איך, מיט וועלכן די שטאָט איז געגאַנגען באַדאַראַם.

עס איז געקומען אין שטאָט אַריין אַן „אייניקל״. אָט דער טיפּ אורח איז געווען גאָר אַ חשובער. עפּעס אַ קליינינקייט — אַ רבינס, אַ „גוטן־אידנס״ אַן אייניקל. האָט אים פאַרבעטן אַלס אורח צו זיך אַ באַוואוסטער טעפּליקער באַלעבאָס, איינער שמואל שפּילבאַנד.

דער דאָזיקער שמואל שפּילבאַנד איז געווען אַ איד אַ יודע ספר, אַ בראַסלאַווער חסיד און אויב ער האָט געפּאַקט אַן „אייניקל״ פון אַ רבין וואָס איז געווען אין קרובהשאַפט מיטן „בראַסלאַווער הויף״, האָט ער גע־האַט די חזקה אויף אים.

געהאַט האָט שמואל שפּילבאַנד, אַ חוץ וואַלד־געשעפטן, אויך אַ מין איינפאַר־הויז, אַן „אינטעליגענטנע גאַסטיניצאַ״, וואו עס פלעגן איינשטיין בלויז רייכע מענטשן אָדער פּריצים.

נאָך דער קבלת־שבתדיקער סעודה, נאָך די זמירות, און נאָכדעם ווי דאָס „אייניקל״ האָט אָנדערציילט טויזנט ליגנס פון די נסים פון זיין גרויסן זיידן, דעם באַרימטן צדיק און גאון, האָט אים שמואל שפּילבאַנד גענומען אונטערן אָרעם און אַריינגעפירט אין איינעם פון זיינע בעסטע און שענסטע אויסמעבלירטע צימערן.

אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט הערט מען אַ קוויטשען פון אַ פרוי פון איינעם פון די צימערן. שמואל שפּילבאַנד לויפט אַרויס אין קאָרידאָר און עס ווערט אים פינצטער פאַר די אויגן...

דאָס „אייניקל״ האָט אַ טעות געהאַט. ער האָט געמיינט, אַז די דינסטן זיינען שיקסעס און די צוויי דינסטן זיינען גאָר געווען... אידישע מיידן, איי־נע פון וועלכע דאָס „אייניקל״ האָט פאַרנאַרט צו זיך אין צימער און זי געוואָלט מזנה זיין... און די מויד האָט זיך צעקוויטשעט. און מערקווירדיק: די געשיכטע איז געשען אַרום האַלבע נאַכט און, כאָטש שמואל שפּילבאַנד האָט זיך געשעמט צו דערציילט די געשיכטע פון „זיין״ „אייניקל״ — האָט מען שוין אין אַלע בתי מדרשים געוואוסט וועגן דעם. און ווער ווייסט צי דאָס „אייניקל״ וואָלט ניט געווען אָפּגעלייזט די אמתע קלעפּ, ווען ער האָט ניט קיין שכל און ער אַנטלויפט פון דער שטאָט, איבערלאָזנדיק זיין טשע־מאָדאַן מיט די חפצים ביי שפּילבאַנדן אין הויז.

איך האָב זיך, אַבזיכטלעך, לענגער אָפּגעשטעלט אויף די עפּיזאָדן פון די „אורחים”, ווייל דער אורח אויף שבת איז געווען איינער פון די וויכ־טיקסטע טיילן פון דעם „עונג־שבת”. און פּונקט, ווען די צייט איז געווען שלעכט און אָנשטאָט איבער ווײַן האָט דער טאַטע געמאַכט קידוש איבער דער חלה, איז דער טרויער געווען אויסגעצויגן איבער זיין פּנים און דעם קרעכץ האָט מען געהערט אָדער געפילט, אַזוי איז געווען אַ טרויער, ווען די צייט איז געווען בעסער, ווען דער שבת איז געווען אַ געראָטענער און פולער מכל טוב, און עס האָט געפעלט אַן אורח צום טיש....

:: :: ::

אָפּגעגעסן די געשמאַקע שבתדיקע מאכלים, פאַרביסן מיט אַ שטיק רויטן קאַווען (אַרבוז, סאַנדיאַ), האָט זיך די משפחה צעטיילט:

דער טאַטע איז געגאַנגען „כאַפּן אַ דרימל”. דאָס „כאַפּן דעם דרימל” האָט געדויערט אַ צוויי אָדער דריי שעה. די מאַמע איז אַוועק אין קיך אי־בערוואַשן די פּאַסודע (געפעס). די עלטערע שוועסטער האָט זיך גענומען גרייטן צום... שפּאַציר, די קלענערע חברה, זייננען אַרוים אין דרויסן זיך שפּילן. די חומש אָדער גמרא אינגלעך, האָבן נאָך געדאַרפט גיין צום רבין זאָגן „פּרק” אָדער „ברכו נפשי” אָדער סתם אויף אַ פאַרהער... אָדער גאָר גיין אין וועלדל אַריין רייסן יאַגאָדעס, קאַרשן, וויינשל און דער עיקר — גרינע אַגרעסן.

אויף צו גיין רייסן אָט די קאַרשן אָדער אַגרעסן, האָט מען געמוזט האָבן אַ שטאַרקע שמירה אַרום זיך, ווייל די שקצימלעך פלעגן ניט לאָזן, אַז די זשידקעס זאָלן קומען אין זייערע „גרענעצן” עט־עט הינטער דער שטאָט און הנאה האָבן פון גאָטס פּרוכט, וועלכע איז געוואַקסן הפקר פאַר יעדערן.

פלעגן מיר זיך צונויפנעמען אַ גאַנצע כאַפּטע אינגלעך און שוין אַן „אָרגאַניזירטער כוח” גיין שבת רייסן אַגרעסן...

פלעגן טאַקע די שקצימלעך מורא האָבן צוגיין נאָענט. אָבער — קריכנ־דיק אויפן בוים און דער עיקר — אַראָפּקלעטערנדיק פון אים, פלעגן מיר — ניט איינמאָל — זיך פאַרטשעפּען די הייזלעך, און ברענגען אַהיים אַ ריס אין הויז אָדער אין רעקל. דאַן — איז שוין דער שבת פאַרשטערט געוואָרן...

אַלנפאַלס, ביז אַ זייגער פינף איז טעפּליק געווען ווי אָפּגעשטאָרבן. קיין איין גויאישע פור איז ניט געקומען, ווייל דער גוי האָט געוואוסט, אַז עס איז פאַרמאַכט טיר און טויער און — ניט ער האָט וועמען עפּעס צו פאַר־קויפן, ניט ער האָט ביי וועמען צו קויפן.

אַרום פינף אַזייגער, האָט זיך טעפּליק אַ ריר געטון. די עלטערע אידן,

זיינען ארויס אין גאַס, געמאַכט רעדלעך פון מענטשן און גערעדט פון די וויכטיקסטע פּאַסירונגען פון דער וועלט. אַנדערע ווידער, זיינען אוועק צו די „פּידאַשעקעס״ פון די ציַיטונגס־אַבאָנענטן, און געהערט לייענען דעם בלאַט און איז דערוויַיל געוואָרירע געוואָרן וואָס עס הערט זיך אויף די... באַלקאַנען.

דער באַלקאַנישער קריג, האָט גאָר פאַראינטערעסירט די טעפּליקער אידן, וועלכע זיינען אַלע געווען אויפן טערקס צד מפני כמה וכמה טעמים:

ערשטנס: איז טאַקע דער טערק אונזערס אַן אייגן געשוועסטערקינד; אַ סימן, ווען דער טערק ווערט אַלט 13 יאָר, מל׳עט ער זיך. צווייטנס, איז דער טערק דער באַלעבאָס איבער ארץ ישראל (פונעם וואָרט „פּאַלעסטינע״ האָבן טעפּליקער אידן אַפילו קיין אנונג ניט געהאַט) און אַז עס וועט נאָר זיין געלט, וועט דער טערק אונז פאַרקויפן גאַנץ ארץ ישראל. דריטנס, האָבן טעפּליקער אידן פיינט געהאַט די גריכן צוליב... אנטיוכוסן און צוליב דעם גאָלדענעם קאַלב וואָס ער האָט אַריינגעשטעלט אין בית המקדש און צוליב זיין קאַמף מיט די חשמונאים.

פלעגן טאַקע טעפּליקער אידן האָבן אַ פולשטענדיקן „עונג שבת״ ווען זיי האָבן געהערט לייענען אין די בלעטער, אַז דער גריך כאַפּט קלעפּ.

נאָכן „לייענען״ דעם בלאַט, זיינען די עלטערע אידן אוועק אין שיל און אין די קלויזן, דאַוונען מנחה און פראַוועז „שלש סעודות״.

דאָס דאַוונען די מנחה האָט קיין סך צייט ניט פאַרנומען. דער געפּעפּערטער ריח פונעם שטיקל פיש, און דער חשק צום ביסל בראַנפן, האָט שוין ארויסגעהאָלפן אַז מען זאָל די מנחה אָפּכאַפּן על רגל אחת, צוגיין צום גרויסן כינור וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, זיך וואַשן די הענט און גיין צום טיש.

און געגאַנגען זיינען צום טיש ניט בלויז יענע וואָס זיינען זשעדנע געווען אין דער היים, אָדער וואָס האָבן בכלל ניט געהאַט דאָס ביסל בראַנפן און דאָס שטיקל געפילטע פיש.

פונקט פאַרקערט, אַט יענע אַרימעלייט, פלעגן וואַרטן ביז די מער רייַכערע, מער באַלעבאַטישערע אידן האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום די טישן, דאַן ערשט האָבן זיי פאַרנומען אַ פּלאַץ...

און ניט איינמאָל פלעג איך, אַלס 10 יאָריק קינד, אָבסערווירן, מיט וואָס פאַר אַ אַפּעטיט, אייניקע רייכע אידן פאַסמאַקעווען זיך מיטן שטיקעלע פיש — און אויב עס איז קיין פיש ניט געווען, ווייל מען האָט קיין פיש

ניט געבראַכט אין שטעטל — האָט מען געלעקט די פינגער פון אַ שטיקל שמאַלץ הערינג מיט צימעלעס.

דעם שלוש־סעודות פלעגט על פּי רוב, צוגרייטן דער שמש פון שיל. ער פלעגט באַקומען געלט פונעם גבאי און ער פלעגט שוין זען, אַז עס זאָל אים אויך בלייבן עפּעס אַ לעק. געוועזן אָבער פאַלן, וואָס יעדער באַלעבאָס האָט גענומען אַ שבת אויף זיך, און באַצאָלט דעם שמש פאַרן שלוש סעודות, אָדער גאָר געשיקט פון דער היים פאַרטיק עסן.

דער שלוש סעודות האָט זיך שוין אַזוי פאַרצויגן ביז עס איז געוואָרן גוט נאַכט און דער עולם האָט אָפּגעדאַוונט מעריב און אַוועק אַ היים מיט אַ פריילעכן: „גוטע וואָך".

:: :: ::

די יוגנט האָט פאַרבראַכט דעם שבת אויף גאָר אַן אַנדער שטייגער.

דאָס ערשטע „פאַרברענגעכץ" איז געווען... ביי דער פּאָטשט.

שבת, איז געווען דער איינציקער טאָג, וואָס סיי דער גויאישער פּאָטש־טאַליאָן סיי עלי דער קרומער האָבן געהאַט וויניק אַרבעט.

אַ גרויסע טייל אינגלעך, מיידלעך און אַפילו קינדער זיינען אַוועק אין פּאָסט „אָפּנעמען בריוו", וועלכע זיי האָבן... ניט דערוואַרט. עס פלעגן אויך גיין אין פּאָסט אַריין די „לעבעדיקע אלמנות" וועמענס מענער זיינען געווען אין אַמעריקע. זיי האָבן יאָ דערוואַרטעט בריוו, אָבער זעלטן באַקומען (פּונקט שבת).

ווי נאָר די פּאָטשטאַליאָנעז האָבן זיך באַוויזן אויף דער טיר, איז גע־וואָרן אַ מסוכנער געדראַנג אַרום זיי. יעדער איינער האָט געוואָלט שטיין נענטער צום פּאָטשטאַליאָן אין הערן... ווער עס באַקומט אַ בריוו! אייניקע חברה אין מיינע יאָרן האָבן זיך אַפילו געקליגערט און זיך געשטעלט אויפן פּלויט אַזוי, אַז זיי זאָלן זען די בריוו איבערן קאָפּ פון פּאָטשטאַליאָן און... אויסשרייען דעם נאָמען פון גליקלעכן אַדרעסאַט...

די צערעמאָניע פון אויסרופן די בריוו האָט געדויערט אַ שעה צייט. אַ סך גליקלעכע זיינען אַראָפּ פון דער פּאָטשט, מיט אַ בריוו פון אַ פריינט אָדער אייגענעם און די אַנדערע זיינען אַוועק ווי אָפּגעשמיסן און פאַרשעמט.

שפּעטער, ווען איך בין געווען אַ בחור'ל פון אַ יאָר עלף האָב איך גע־פונען אַ מיטל אויך צו „באַקומען בריוו". איך האָב צעשיקט פּאָסט קאַרטלעך אין דער גאָרער וועלט אַריין צו פירמעס וואָס שיקן פּרייזקוראַנטן (דערהויפּט קיין פּאַריז, וואו ניידיטש האָט געלערנט בוכהאַלטעריע דורך קאָרעספּאָנ־דענץ) און איך פלעג באַקומען אָפּטע ענטפערס. און ווי גליקלעך בין איך

געוועזן ווען צווישן דעם גרויסן פּאַק בריוו וואָס עליע דער קרומער האָט גע־טראָגן אויף זיך, האָט ער אויסגערופן אויפן קול:

„וואָלקאָ נוסינאָוויטש טשערנאָוועצקי״!

מיין געשריי: „איך בין דאָ״, האָט מען געקאָנט הערן פאַר אַ מייל. און זוער איז געווען גליקך צו מיר, ווען עלי דער קרומער גיט מיר איבער אַ גרויסן קאָנווערט מיט אַ שטעמפּל פון „זאַגראַניצאַ״ (אויסלאַנד), מיט פּאָסט מאַרקעס פון אויסלאַנד, דערהויפּט פון פּאַריז. קינד און קייט האָבן מיך מקנא געווען און ביי מיינע חברים בין איך געוואָרן מיט אַ קאָפּ העכער.

נאָכן „אָפּנעמען״ די קאָרעספּאָנדענץ איז טעפּליקער יוגנט אוועק שפּאַצירן.

:: :: ::

דאָס שפּאַצירן אין טעפּליק איז געווען איינע פון די הויפּט פאַרגעניגנס פון שבתדיקן טאָג. סיי די קינדער און סיי די יוגנט האָבן גוט אויסגענוצט דעם שבת אויף צו האָבן פאַרגעניגן און זיך אָנשעפּן מיט כוח און פאַרגעניגן וואָס זאָל סטייען אויף דער גאַנצער וואָך. איבערהויפּט האָט די יוגנט זייער גוט אויסגענוצט דעם שבת.

ווען איך זאָג „יוגנט״ מיין איך ניט בלויז די גרויסע בחורים און מייד־לעך, נאָר אויך מיר קליינוואַרג. אויב עמיצער האָט געהאַט הנאה פון „עונג שבת״, איז דאָס זיכער געווען, מיר קליינע וועוויריקעס, וועלכע האָבן אויס־גענוצט דעם שבת אַ לעב צו טון פאַר דער גאַנצער וואָך וואָס מיר זיינען געווען איינגעשפּאַרט אין חדר. און פאַרבראַכט האָבן מיר דעם שבת לויטן „סעזאָן״.

זומער, האָבן מיר געהאַט עטלעכע וועגן צו פאַרברענגען. אָדער מיר זיינען אוועק צום „גויאישן״ טייך זיך באָדן, אָדער מיר זיינען אוועק פיר ווערסט אַרויס דער שטאָט „באַגעגענען״ דעם באַן, אָדער מיר זיינען אוועק... זעקס ווערסט פון דער שטאָט, קיין וואַזשנע, זיך „קאַטאַיען״ אויף אַ לאָדקע

ווינטער, האָבן מיר געהאַט בלויז איין פאַרגעניגן, נעמען די „קאָנקעס״ (פּאַטינעס) און זיך גיין גליטשן אויפן טייך.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלעס האָבן מיר געטון בסוד סודות, דער טאַ־טע האָט חלילה ניט געטאָרט וויסן, אויב מיר האָבן ניט געוואָלט געממיתט ווערן. דער טאַטע האָט געוואוסט, אַז מיר זיינען אוועק זאָגן „פּרק״, אָדער „ברכי נפשי״ און מיר האָבן שוין דעם רבין אַזוי ב אַ א ר ב ע ט, אַז ער זאָל ניט דערציילן. אין בעסטן פאַל, וויפל האָט משטיינס געזאָגט, אינגאַנצן געדויערט דאָס „זאָגן״ ברכי נפשי?

דאָס באָדן זיך שבת, איז געווען ניט קיין אנגענעמע ארבעט. מיר זיינען געגאנגען די שבתדיקע קאָסטיומטשיקעס, און אזוי ווי דער „גויאישער" טייך איז געליגן ניט אינעם אידישן תחום, איז געווען אַ געפאַר אַז אַ שגצל זאָל אָנרייצן אַ הינט און מען זאָל אָפּרייסן אַ שטיק הויז... באָדן זיך, ווידער, אין „אידישן" טייך, איז מען געשטאַנען אין סכנה, אַז אַ איד וואָס וואוינט „פון יענער זייט בריק", זאָל ניט דערציילן דעם טאַטן. דערפאַר האָבן חברה זיך געמאַכט אַ קאָמפּאַניע און מען איז אוועק זעקס וויאָרסט פון דער שטאָט, קיין וואָזשני, וואו מען איז געווען זיכער קעגן אַלע צרות און דער עיקר — פאַר צען קאָפּיקעס האָט מען געקראָגן אַ גרויסע לאָדקע (לאָנטשאַ) און מען איז געשוואומען איבערן ברייטן טיפן טייך.

איינער, אַזאַ שבת, האָט אַמאָל שיעור שיעור ניט געמאַכט קיין סוף צו אַ פאַר מנינים פון אונזערע חברה — מיך בתוכם — וועלכע האָבן זיך אָנגעזעצט ווי די הערינג אין אָט דער לאָדקע, דערצו איז געוואָרן אַ שטורעם און מיר וואָלטן זיך זיכער געווען איבערגעקערט און דערטרונקען געוואָרן. אַ גליק וואָס אַ פויער האָט דערזען די געפאַר, געכאַפּט אַ צווייטע לאָדקע און אונז איבערגעפירט צום בריק.

ווען מיר זיינען ארויס פון דער געפאַר האָבן מיר זיך אַלע באַשוואוירן (ביי די ציצית) אַז קיינער וועט אין שטאָט ניט וויסן פון דעם אומגליק וואָס עס האָט אונז געזאָלט געשען. אַלע האָבן געהאַלטן די שבועה, חוץ אַ חבר אונזערער נ י ס ל ד ו כ אָ ו נ ע (איצט וואוינט ער אין קאָרדאָבאַ, ארגענטינע), וועלכער האָט זיך מודה געווען פאַר דער מאַמען, אַז זי מעג בענטשן גומל ווייל זי האָט אַ ניי געבוירענעם זון — דער סוד איז נתגלה געוואָרן און פּעטש זיינען געפלויגן ווי שפּענער!

דאָס „באַגעגענען דעם באַן" איז אויך געווען אַ באַזונדערער עונג שבת. ווי שוין איינמאָל געזאָגט, האָט טעפליק ניט געהאַט קיין אייגענע באַן־סטאַנציע און מען האָט געדאַרפט פאָרן אַזש זיבן וויאָרסט ביז קובליטש. אָבער, די רעלסן פון באַן זיינען אין אייניקע ערטער געלעגן פיר וויאָרסט פון דער שטאָט, וואו דער באַן פלעגט דורכלויפן אויף זיין וועג צו דער באַן־סטאַנציע און אזוי ווי מיר קינדער, זיינען געווען זשעדנע צו זען אַ באַן, פלעגן מיר, שבת נאָכן עסן, מאַכן אַ שפּאַציר צו אָט די רעלסן און וואַרטן צו זען דעם באַן־דורכגיין. און דאָס גרעסטע פאַרגעניגן איז ביי אונז געווען, ווען מיר האָבן פאַר צוויי, דריי וויאָרסט פון דער ווייטנס, דערזען דעם רויך פון לאָקאָמאָטיוו און דעם דערנענטערנדיקן זיך באַן.

זומער, ווען עס ווערט שפּעט נאַכט, פּלעגן מיר „דורכלאָזן" צוויי באַנען און ווינטער — בלויז איינעם.

אָט אַזוי האָבן מיר, קינדער, געגאַסן פונעם עונג שבת.

די עלטערע בחורים האָבן געהאַט ז יי ע ר עונג שבת. זייער פאַרגעניגן איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערער.

שפּאַצירט האָט מען אויך לויטן סעזאָן.

זומער, איז דער שפּאַציר־פּלאַץ געווען אַרום דער שטאָט, נעבן פּוילישן קאָשטשיאָל וואו עס זיינען געווען ביימער און גראָז. ווינטער, איז דער הויפּט שפּאַציר געווען אויף די צוויי „צענטראַלע" גאַסן פון שטעטל.

געגאַנגען אויפן שפּאַציר איז מען גרופּעסווייז. אינגלעך פון 15־16 יאָר און מיידלעך פון זעלבן עלטער (פּאָדראָסטקעס) זיינען געגאַנגען יעדערער באַזונדער. עלטערע מיידלעך זיינען שוין געגאַנגען באַגלייט פון אַ „קאַוואַליר". געגאַנגען זיינען זיי, די מיידלעך, צו גרופּעס פון פינף, זעקס און אפילו אַכט. אַלע אין דער ברייט פון דער גאַס, און ביי דער זייט איז געגאַנגען דער קאַוואַליר, דער בחור וועלכער האָט זיי אַלע געפירט. זייער זעלטן האָט געטראָפן, אַז אַ בחור זאָל גיין בלויז מיט איין מיידל. אויב אַזעלכעס האָט שוין יאָ געטראָפן, איז דאָס שוין געווען אַ פּאָרל כמעט, כמעט, חתן־כלה, און בעני שוחט — דער שטאָט שדכן, האָט שוין געוואָרפן אַן אויג אויף זיי און שוין ניט גערוט ביז ער האָט, אָ פ י צ י ע ל, זיי משדך געווען.

אויף צו גיין שפּאַצירן האָט מען זיך אָנגעטון אין שענסטן און אין בעסטן, פאַרשטייט זיך, יעדערער לויט זיין שטאַנד. די אָרימע און אַרבעטנדיקע מיידלעך האָבן זיך אָנגעטון אין שיינע ריינע ציצענע קליידלעך, די מער באַלעבאַטישע, מער רייכערע באַרישניעס, זיינען געגאַנגען פאַרפּוצט אין זיידענע אָדער וואָלענע (לויטן סעזאָן) קליידער. די גאָר רייכע, האָבן שבת ניט שפּאַצירט, ווייל... זיי האָבן שפּאַצירט אַ גאַנצע וואָך.

דאָס זעלבע איז געווען מיט די קאַוואַלירן. דער קאָסטיום אַ שבתדיקער, אַ ריין־געפּרעסטער, (וואָס מען האָט פרייטיק פאַרנאַכט אַליין געפּרעסט), די שיך האָבן געבלישטשעט. אום ווינטער, אָדער נאָך אַ בלאָטקעלע, איז מען געגאַנגען אין פּליטקע גאַלאָשן. גיין מיט די הוילע שיך אויפן שניי און פירן מיידלעך שפּאַצירן, איז ניט געווען בנמצא אין טעפּליק. מען וועט זיך שעמען פאַר די מיידלעך, און מען וועט אַריינפאַלן אין מויל אַריין צו די ווייבער וועלכע זיצן אויף די „פּידאַשקעס" און אָבסערווירן אַלע דורכגייער און בני־בה באַרעדט מען זיי, און מען זאָגט נביאות, וועלכער בחור עס שאַרט זיך צו וועלכן מיידל... מען באַשטימט שוין אַז עס איז אַ זיווג (זיוועק) פון

גאָט, אָדער גאָר, מען שפּעט אָפּ פוןביידע, אַז עס איז „גראַם, שטראַם, מאַך מיר אַ לעמעשקע"...

די בחורים וואָס שפּאַצירן מיט די מיידלעך, ווייסן דערפון, זיי גייען דורך דורך אַ גרופּע, פּידאַשעק־זיצערנס — ווייבער און פּילן אויף זיך די בליקן פון אָט די „ריכטערנס" און, די בחורים באַמיען זיך, ניט בלויז געפעלן ווערן די מיידלעך, נאָר אויך אָט די אידענעס וואָס זיצן אָט דאָ אויבן, און האַלטן אין איין קוקן אויף זיי...

דאָס דאָזיקע מאַטערנישן פון די שפּאַצירנדע פּאָרלעך האָט געדויערט ביז עס איז געוואָרן נאַכט. די ווייבער זיינען אַריין אין שטוב זאָגן „גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב" און דערנאָך צוגרייטן דעם סאַמאָוואַר פאַרן מאַן וואָס דאַרף קומען פון מעריב. דעמאָלט איז די יוגנט געוואָרן אַביסל פרייער. אייניקע בחורים האָבן זיך שוין אפילו דערלויבט צו נעמען די באַרישניע „פּאָד־רוק" (אונטערן אָרים), מען האָט שוין לעבעדיקער געשטיפט און זיך אפילו געטוליעט איינע צו דעם צווייטן...

דאָ און דאָרט האָט מען געעפנט די קלייטן. דערהויפּט האָבן זיך געעפנט די „באַקאַליינע מאַגאַזינען" (אַלמאַסענען) וועלכע האָבן געלייזט געלט פאַר די וואָכיקע מאכלים ווי: אַ שמאַלץ הערינג, אַ קעסטל סאַרדינעס, וואָס די עקרת הבית האָט געקויפט, כדי, צוזאַמען מיט די קאַרטאָפל מיט דער שאַלעכץ, מאַכן אַ געשמאַקע וועטשערע פאַרן הויזגעזינד.

די שפּאַצירנדע האָבן זיך אָבער ניט געאיילט אַהיים צו גיין. מען איז אפילו מוחל געווען די וועטשערע. און מען איז אַריין אין שטוב איז מען געווען פאַרפלאַמט, פאַרפאַליעט און פאַרשוויצט. מען האָט זיך געלייגט שלאָפן, אָבער מען האָט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. מען האָט זיך דערמאָנט וועגן שפּאַציר, וועגן „זיינע" רייד און וועגן „אירע נאַמיאָקן" (אָנצוהערעניש). דאָס יונגע בלוט האָט געפיבערט, עס האָט פאַרדראָסן וואָס דער שבת איז שוין אַוועק און מען האָט שוין געציילט די מינוטן צום...

— צווייטן שבתדיקן שפּאַציר.

:: :: ::

דער שבתדיקער שפּאַציר פון טעפּליקער יוגנט האָט בולט אַרויסגעוויזן די איינטיילונג אין „יחוס", ניט בלויז צווישן באַלעבאָס און אַרבעטער, אָדער צווישן אַ תלמיד חכם און אַן עם־הארץ, נאָר אפילו צווישן די באַזונדערע קלאַסן ביי זיך אַליין.

עס האָבן געשפּאַצירט „קאַוואַלירן" מיט „באַרישניעס" גרעמיעסווייז:

שניידער־יונגען זיינען געגאַנגען מיט מיידן וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער „קאָלקע".

קאַמאַשנמאַכער — שוין אַזוי צו זאָגן אַן אײדעלע פּראָפעסיע — האָבן שוין פאַרטשעפּעט די טעכטער פון קאַמאַשנמאַכער אָדער אַ צווייטע ענלעכע „געהויבענע" פּראָפעסיע. שוסטער־יונגען, זיי זיינען שוין געגאַנגען מיט די דינסט־מיידן אָדער מיט אַ קלעזמערס אַ מויד. פּריקאַזשטשיקעס (עמפּלעאַ־דאָס), האָבן זיך אויך איינגעטיילט אין אייניקע קאַטעגאָריעס. למשל באַקאַ־לייניקעס זיינען געגאַנגען באַזונדער, פון די זשעליעזנע סקלאַדן — באַזונ־דער, און מאַנופאַקטורנע פּריקאַזשטשיקעס — גאָר באַזונדער.

ווען אַ קאַוואַליר האָט אוגאָשטשאַיעט זיין באַרישניע, איז אויך געווען לויט זיין „סאָציאַלן" שטאַנד.

די „באַלמעלושטשעקעס" (אַזוי האָט מען זיי גערופן מיט ביטול) האָבן אוגאָשטשאַיעט זייערע פרײלנס מיט... סעמאָטשקעס. מען פלעגט גיין אין גאַס שרענגעסווייז, קייען און שפּייען, שפּייען און קייען. די רייכערע בעל־מלאכה־יונגען האָבן געקויפט קאַבאַק־קערלעך און אָרימערע — פּראָסטע סאָנישניק.

די „רייכערע" קלאַסן ווי די קאַמאַשנמאַכער, פלעגן שוין אויך קויפן געפּראַזשעטע פיסטאַשקעס (מאַנים) און אוגאָשטשאַיען זיין „פּאָדרוגאַ" (חברטע).

די פּריקאַשטשיקעס, און די אַנדערע אינטעליגענטנע מלאכה־יונגען, האָבן שוין אַריינגעפירט זייערע באַרישניעס צו נאָטע ווייגמאַן און זיי מכבד געווען מיט אַ גלאָז זעלצער וואַסער מיט סעראָפּ. מיט אַ קאָנפעקט, מיט „פּי־ראָזשנעס", מיט שאָקאָלאַד, אַ „אירים" אָדער אַ מאַנדל.

ניט איין בחור האָט, נעבעך, שבת אויסגעגעבן זיין גאַנצן „קאַפּיטאַל" און די גאַנצע וואָך האָט ער ניט געהאַט אויף קיין קעסטל סיגאַרעטן אָדער אַ פּעקל טוטין... דערפאַר אָבער, האָבן די באַרישניעס געזען, אַז ביי אים איז אַ קערבל אַ ממזר און זיי האָבן באַקומען דרך ארץ פאַר אים...

ניט שטענדיק און ניט אַלע קאַוואַלירן זיינען געגאַנגען מיט באַריש־ניעס. געווען צענדליקער יונגען און צענדליקער מיידן וואָס האָבן נאָך ניט געהאַט קיין באַגלייטערס און באַגלייטערנס. אָט די חברה און מיידן פלעגן עס אַרויסגיין שפּאַצירן גרופּעסווייז. די יונגען באַזונדער און די מיידלעך באַזונדער.

דאָס גרעסטע פאַרגעניגן איז דעמאָלט געווען ביי די בחורים, וואָס זיי פלעגן מאַכן „קאָמפּלימענטן" די שפּאַצירנדע באַרישניעס. אויך די קאָמ־

פּלימענטן זיינען געווען פאַרשידן — לויטן „שטאַנד" און „גראַד" פון בחור און מיידל.

די נידעריקע קלאַסן — די שוסטער־יונגער, פּלעגן באַגעגענדיק זיך מיט די דינסט־מיידן, זיי אַריינוואַרפן אַ גראַב, צווייידייטיק וואָרט אָדער גאָר געבן — בוטעבע אומגערן — אַ שטופּ די גרופּע מיידן. און אַ וואָרט אַהער, אַ וואָרט אַהין, האָט זיך פאַרבונדן אַ קענטשאַפט.

אַן אַנדער קלאַס שפּאַצירנדע גרופּעס, האָט שוין געזוכט אויסצודרייען אַזוי, אַז איינער פון די בחורים און איינע פון די מיידלעך זאָלן זיך קאָנען. דאַן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, „פּאָזנאַקאָמעט" איינעם מיט דער אַנדערער און מען איז שוין אַלע געגאַנגען צוזאַמען, אָבער שטענדיק צעטיילט: די בחורים באַזונדער און די מיידלעך באַזונדער — אין איין שורה. עס זאָל זיך טרעפן, אַז יעדער בחור זאָל גיין נעבן יעדער מיידל — איז אין טעפּליק ניט געשען. ניט דער קאַוואַליר וואָלט עס געוואַגט, ניט די באַרישניע וואָלט עס דערלויבט...

וועגן וואָס האָבן גערעדט די שפּאַצירנדע פּאָרלעך?...

איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַז זיי פּלעגן בלויז... בעבען! עס האָט זיך ניט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. מען האָט גערעדט פון בוידעם, קלאָץ, נעבטיקן טאָג. זיך געוואָרפן מיט אַ סך רוסישע אויסדרוקן — אַ סימן אַז מען איז אינטעליגענט. אייניקע — דערהויפּט דער קלאַס פּריקאַזשטשיקעס אין די מאַנופאַקטורנע מאַגאַזינען, האָבן בכלל „ראַסוזשדאַיעט פּאַ רוס־קאָמו".

:: :: ::

איך וויל דאָ פאַרצייכענען אַ צווייטע גרופּע יוגנטלעכע וואָס האָבן אויך הנאה געהאַט פון עונג־שבתדיקן שפּאַציר, כאָטש ניט לשם שבת, ווייל זיי האָבן אויך שפּאַצירט אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. דאָס איז געווען אונזער „גאָלדענע יוגנט", די רייכע בנימלעך און באַרישניעס, די „אוטשאַס־טיעסיע מאָלאָדיאָזשי" (די שילער־יוגנט), די גימנאַזיסטקעס, קורסאַנטקעס און סטודענטן וואָס זיינען געווען אויף „קאַניקולאַס" און האָבן שבת גע־שפּאַצירט איבער טעפּליקער גאַסן.

אמת, זיי האָבן זיך באַמיט ניט אויסמישן מיטן „פּעבל". זיי האָבן זיך באַמיט וואָס מער צו דערווייטערן פון דער שטאָט און זייער הויפּט שפּאַציר איז טאַקע געווען עט עט אַרום דער שטאָט, און ביז עס איז ניט געוואָרן נאַכט, גוט נאַכט, און... האַלבע נאַכט האָבן זיי זיך ניט צוריקגעקערט אַהיים!...

און מערקווירדיק, וואָלט זיך דאָס געטראָפן מיט פּשוטע בחורים, וואָלט שוין דאָס שטעטל געגאַנגען כאַדראָס. אַ קלייניקייט! אַ בחור מיט אַ מיידל אַליין! אַ בחור מיט אַ מיידל ביינאַכט, אויסער דער שטאָט.

אַזוי ווי עס האָט זיך אָבער געהאַנדלט וועגן סטודענטן און סטודענט־קעס, און בכלל וועגן די קינדער פון טעפּליקער „טשעלאַ", איז גאָר קיינעם ניט איינגעפאַלן צו פּראָטעסטירן און עס בכלל האַלטן פאַר אַן עוולה.

צום לויב געזאָנג פון אַ ט דער יוגנט מוז געזאָגט ווערן, אַז פון זייער שפּאַציר איז זעלטן זעלטן (טאַקע בלויז איין מאָל!...) ארויסגעקומען עפּעס אַ סקאַנדאַל אָדער אַן אוממאָראַלישער אַקט וואָס זאָל באַפלעקן דעם נאָמען פון — טעפּליקער עונג שבת!

:: :: ::

כדאי, לסוף, דאָ צו באַשרייבן די שבתדיקע מלבושים וואָס טעפּליק האָט געטראָגן. איך זאָג „שבתדיקע", כאָטש מען האָט זיי אויך געטראָגן יום־טוב און צו אַ חתונה אָדער גלאַט אַ שמחה.

קיין סך מלבושים האָבן טעפּליקער אידן ניט געהאַט. פון קיין מאָדעס האָבן טעפּליקער ווייבער ניט געוואוסט. זיי האָבן געהאַט בלויז דאָס וואָס זיי האָבן... געמוזט נוצן.

דער טאַטע האָט זיך שבת אָנגעטון אַ שוואַרצן סערטוק און אַ פּאָר שוואַרצע הויזן. דעם דאָזיקן „קאָסטיום" האָט ער געמאַכט צו דער חתונה פון עלטערן זון, און האָט אים גענוצט ביז... ביז דער חתונה פון אַ צווייט קינד — אויב עס איז אַוועק לפּחות אַ יאָר פינף.

אַזוי ווי אַ גאַנצע וואָך איז מען מערסטנטייל געגאַנגען שטיוול, אָבער אויף שבת האָט מען זיך אָנגעטון אַ פּאָר שיך מיט „רעזינעס" (שטיוועליעטן). געווען אויך אידן, וואָס האָבן אַ חוץ די שטיוול, קיין אַנדערע שיך ניט גע־האַט. פלעגן זיי, לכבוד שבת, אַריבער רוקן די הויזן איבער די שטיוול און מען האָט ניט געקאָנט דערקענען , אַז ער טראָגט שטיוול.

גיין אום זומער מיט שטיוול אין שיל אַריין, האָט קיין שום איד ניט געוואָגט.

אויפן קאָפּ האָט מען אָנגעטון דאָס שבתדיקע זיידענע היטל, וואָס איז נעבעך געווען צעקוועטשט און צעקנייטשט און טאַקע אָפּגעריבן אויך.

אַזוי ווי דער טאַטע איז געווען פון דער אַלטמאָדישער וועלט, האָט ער פון קיין „גאַלסטוק" (קראַוואַט) ניט געוואָלט וויסן. און עס האָט מיך גע־דאַרפט קאָסטן מי ער זאָל זיך, צו מיין חתונה, וואָס איז שוין פאָרגעקומען

אין א גרויסער שטאָט, אָנטון א קראוואט (אָדער ווי ער, ע"ה, האָט עס גע־רופן א „כאָמעט" אויפן האלז).

דאָס זיינען די שבתדיקע מלבושים וואָס מען האָט געטראָגן זומער.

ווינטער, האָט מען אויף זיך ארויפגעצויגן א שווארצע פּאַלטאָ, וועלכע מען האָט זיך געמאכט צו דער חתונה. אַנדערע האָבן געהאַט א טכוירענעם טילעפּ. אויפן קאָפּ איז מען געגאנגען א קאראקולן היטל אין דער פאָרמע פון א טאָפּ (אָדער א טערקיש פעסל נאָר אָן א סטענגע). אָרימערע זיינען געגאנגען א פשוט שמויסן היטל, און גאָר רייכע, האָבן געטראָגן א היטל וואָס האָט אָפּגעקאָסט א מטמון מיט געלט, אפשר... 20 קארבן.

אויף די פיס, האָט מען געטראָגן אָדער שיך, אָדער „איידעלע" שטיוול מיט גאלאָשן, אָדער גאָר פּוישטען. אויב עס איז געווען א טרוקענער פראָסט מיט א שניי.

אין שניידערשן שילכל, פלעגן שוין די מתפללים קומען דאווענען מיט די פשוטע וואָכעדיקע „שטיוואַלעס".

די מאַמע האָט זיך אָנגעטון א פּאָר דינע „אונטערשטע" קליידלעך, פון אויבן — דאָס שבתדיקע שווארצע קלייד מיט א סך פאַלדן און גאָר פון אויבן — די רעטאָנדע, אָדער דאָס אָפּגעבליאקעוועטע פוטערל וואָס מען האָט איר געמאכט צו דער חתונה. אויפן קאָפּ האָט מען געטראָגן א שווארצע שאַרפּע (אָט די וואָס מען טראָגט אין שפּאַניע) און אונטער דער שאַרפּע א ווייס שטערן טיכל, מען זאָל חלילה די האָר ניט ארויסזען.

דער מאַמעס פיס האָבן קיין הויכע „קאבלוקן" קיינמאָל ניט געטראָגן און איר איינציקע פּאָר שבתדיקע „פּארמאַכטע" שיך מיט בענדלעך וואָס שפּיליעווען זיך צו, האָט זי געהיט ווי די אויגן אין קאָפּ.

פאַרשטייט זיך, געווען אויך אין טעפּליק אידן, וואָס האָבן געטראָגן... הארטע קאַפּעליושן. זייער ווייניק זיינען אזעלכע געווען, און אַלע אזעלכע אידן, האָבן געדאַוונט אָדער אין בית מדרש אָדער אין די קלויזן.

מיר, די קינדער האָבן פון קיין קאַפּעליוש ניט געוואוסט. אונזער „קאַש־קעט" מיטן גלאַנצנדיקן „קאָזעראָק" (דאשעק) איז געווען דער שענסטער צי־רונג אונזערער. אונזער שבתדיקן „קאָסטיום" האָבן מיר אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ ווייל... ער איז געווען א בן יחיד ביי אונז. קיין צוויי יום־טובדיקע קאָסטיומען האָבן טעפּליקער קינדער ניט געהאַט...

קאפיטל צוועלף

# טעפּליקער אידן קהלן זיך

„די מעסטשאנסקע אופּראווע" און די „וויבאָרעס" (וואלן) צו איר. — איצי פוקס, דער אייביקער „סטאראָסטא". פאַר א דרייערל ווערט איר יונגער מיט עטלעכע יאָר. — דער פּאספּאָרט וואָס איז גילטיק בלויז „דאָרט, וואו אידן מעגן וואוינען". — דאָס קהלן זיך ארום דער „טאַקסע". — טעפּליקער אידן קלויבן א... דעפּוטאט אין גאָסודארסטווענע דומא. — די „ליי און שפּאַר קאַסא". — מען מעמט א פּופּציקער און מען צאָלט א פּערטעלע א וואָך. — די באנק פון די קבצנים. — די צווייטע „באנק", וואָס גיט שוין ארויס הונ־דערטערס קרעדיטן. — דער „משרת" וואָס מאָנט דעם בעל הבית. — דער הקדש מיטן לינת הצדק. — טעפּליקער ווייבער — „גבאי׳טעס" וואָס פּארזאָרגן אָרימע פאמיליעס. — זייער הומאניטארע טעטיקייט קאָן דינען אלסביישפּיל. — טעפּליקער חברה קדישא, און „חברה נושאי המטה". — פייסי קברן און זיינע „זיבן גוטע יאָר". — קבורה געלט — א עמער בראנפן. — דאָס קהלן זיך אין טעפּליק און דאָס קהלן זיך אין אמעריקע.

אין טעפּליק האָט מען ניט געוואוסט וואָס עס הייסט א „כלל־טוער". נאָך ווייניקער האָט מען געוואוסט וואָס עס הייסט א „געטרייער" אָדער אַן ערלעכער כלל־טוער. טעפּליקער אידן האָבן זיך טאַקע געקהלט, און שטאַרק געקהלט, אָבער ניט לשם שמים, ניט כדי צו פּאַרזאָרגן י ע נ ע ם, נאָר כדי אליין הנאה האָבן.

דאָס הויפּט קהלן זיך איז געווען ארום די „וויבאָרעס". דאָס דאָזיקע וואָרט פלעג איך הערן א יאָר צייט איידער זיי זיינען פאָרגעקומען. אין שיל, און, להבדיל, אין באָד, שבת ביי טאָג ביים „רעדל" אין מאַרק, פאַרנדיק פון טערנייווקער יאריד אהיים, ביי א לוויה, ביי א שרפה, און דער עיקר: — בין מנחה למעריב, האָט מען געהאלטן אין איין ריידן פון די „וויבאָרעס" און פון דעם קאנדידאט אויף „מעשטשאנסקע־סטאראָסטא".

די צאַרישע רעגירונג איז געווען „גוט” צו די אידן אין די שטעט און שטעטלעך פונעם תחום המושב און זיי דערלויבט אליין צו פאַרוואַלטן מיט דער רעגיסטראַציע פון זייערע ניי־געבוירענע און טויט־פאַלן. די דאָזיקע אַפּיסינאַ האָט געהייסן „מעשטשאַנסקע אופּראַווע”. די דאָזיקע „אוטשרעזש־דיעניע” האָט געהאַט אַ רעכט אַרויפצולייגן אַ געוויסן קליינעם שטייער אויף דער אידישער באַפעלקערונג. פון אָט דעם שטייער האָט מען אויסגעהאַלטן אַ „פּיסאַר” (אַ שרייבער), מען האָט אויסגעהאַלטן די הוצאות פון צאָלן דירה געלט פאַר דער „אופּראַווע”, כאָטש די אופּראַווע האָט זיך געפונען ביים סטאַראָסטאַ אין הויז. פון די דאָזיקע געלטער, וועלכע האָבן געטראָגן דעם נאָמען „סמעטנע־געלט”, האָט מען פאַריכט די קהלשע געביידעס, ווי די שיל, די באָד, דעם בית עולם, מיט די דאָזיקע געלטער האָט מען געצאָלט „שכירות” דעם בעדער, דעם קברות־מאַן (אַ איד וואָס האָט געוואוינט אויפן בית־עולם) און נאָך אַזעלכע. מיט די דאָזיקע געלטער האָט מען צורעכט גע־מאַכט דעם „עירוב” וואָס איז געווען פאַרצויגן אויסער דער שטאָט, כדי אידן זאָלן מעגן טראָגן שבת דעם טלית, דאָס סידורל און להבדל, דאָס נאָז־טיכעלע. מיט איין וואָרט: די „מעשטשאַנסקע אופּראַווע” האָט געהאַט אַ גרויסע ווערט צוליב איר הכנסה און צוליב דעם איינפלוס וואָס זי האָט געהאַט אויף אַנדערע געביטן פון אידישן לעבן, ווי למשל — דאָס אַרויס־געבן פּאַספּאָרטן.

דער סטאַראָסטע איז געווען באַפולמעכטיקט אַרויסצוגעבן אַ פּאַספּאָרט די יעניקע, וועלכע זיינען דאָרט פאַררעגיסטרירט. דער פּאַספּאָרט האָט גע־האַט אַ לעגאַלן ווערט און מען האָט אים געקאָנט באַנוצן „ד אָ ר ט, וואו אידן איז דערלויבט צו וואוינען” — אַזוי האָט זיך בפירוש געזאָגט אויף אים מיט רוסישע אותיות.

פאַר אַרויסגעבן אַ פּאַספּאָרט האָט מען, על פּי געזעץ, געמעגט נעמען אַ גאַנץ קערבל. אַזוי ווי אָבער דער געזעץ האָט ניט געזאָגט צי דאָס אַרויס־געבן אַ פּאַספּאָרט דאַרף געדויערן דריי שעה, דריי טעג, אָדער דריי חדשים, איז, אויב מען האָט דעם פּאַספּאָרט געוואָלט תיכף באַקומען, האָט מען אוועק־געלייגט אַ גרין דרייערל אויפן טיש, איז דער פּאַספּאָרט תיכף באַשאַפן גע־וואָרן. אויב ניט, האָט מען צעריסן אַ פּאָר שיך נאָכלויפנדיק נאָכן פּאַספּאָרט און דער פּיסאַר אָדער דער סטאַראָסטע, האָט נ אָ ך נ י ט אויסגעפונען אין די ביכער ווען יענער איז געבוירן געוואָרן...

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז געלט האָט מען גענומען בלויז

ביי פאַרמעגלעכע און רייכע. א אידן א קבצן האָט מען געגעבן א פּאַספּאָרט אַן א גראָשן געלט און פאַר געזונטערהייט.

אַרויסגענומען א פּאַספּאָרט האָט מען בלויז, ווען מען האָט געדאַרפט ערגעץ פאָרן למרחקים. געווען אָבער אויך פאַלן ווען מען האָט דעם פּאַס־פּאָרט באַנוצט — אַלץ אין דער פרעמד — ווען מען איז געפאָרן מיטן בחור אָנקוקן א כלה... דעמאָלט פלעגט מען ביים סטאַראָסטע פאַר א דרייערל קריגן א פּאַספּאָרט מיט עטלעכע יאָר יונגער (בוטעבע א טעות געהאַט, ווייל די ציפערן אין בוך זיינען ניט קלאָר...) אין אַזא פאַל, פלעגט דער באַלעבאָס פון פּאַספּאָרטן שווערן אויף „נאמנות", אַז, ווי נאָר, ער וועט קומען צוריק וועט ער אומקערן דעם פּאַספּאָרט, און דער סטאַראָסטע האָט אים צעריסן...

איצט איז שוין פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס טעפּליקער אידן האָבן אַזוי אינזינען געהאַט די „וויבאָרעס" (וואַלן) צו דער מעשטשאַנסקע אופּראַווע, וועלכע פלעגן פאָרקומען איינמאָל אין דריי יאָר. יעדער איינער האָט גע־וואָלט האָבן אַן אייגענעם אַלס סטאַראָסטע, כדי עס זאָל אים וויניקער קאָסטן.

א פּאָר חדשים פאַר די „וויבאָרעס" האָט מען זיי שוין גוט געפילט. געוויינלעך זיינען געווען צוויי קאַנדידאַטן: איצי פוקס און רפאל גאַרמאַכס.

ביידע האָבן געטיילט בראָנפן אויף וואָס די וועלט שטייט; ביידע האָבן געפּראַוועט וועטשערקעלעך און מען האָט געגעסן גריוון און פּופּיקלעך פון גענז; ביידע האָבן געהאַט „שרייערס" (הינטשאָס) וואָס האָבן זיי גע־בומט אַלס סטאַראָסטע.

א פּאָר וואָכן פאַר די וויבאָרעס, זיינען שוין געפלויגן... פּעטש ווי האָגל. עלי גראָז איז געווען דער העלד פון כאַפּן און געבן פּעטש. יהודה לייב מאָזעס (דער מסור) האָט געסטראַשעט מיט מסירה און זיינע צוויי בנים (אין פאַבריקן קאַפּיטל האָט איך, על פּי טעות, אָנגעוויזן אַז זיי זיינען געווען ב ר י ד ע ר), נח און חיים האָבן זיך אַריינגעלייגט אין שלום.

די לעצטע וואָך פאַר די וויבאָרעס, האָבן שוין טעפּליקער אידן ניט אינזינען געהאַט דעם יאַריד, מען האָט שוין ניט אַטענדירט אין די קלייטן, דער שניידער האָט ניט פאַרענדיקט די מלבושים, און דער שוסטער — די שיך. אַלע זיינען געווען פאַרטון אין די „וויבאָרעס". און ווען גאָט האָט גע־האָלפן מען האָט איבערגעטאַנצט אַט די וויבאָרעס, און איצי פוקס איז ווי־דער געוואָרן סטאַראָסטע, האָט די שטאָט לייכטער אָפּגעאָטעמט.

זייער אָפט איז איצי פוקס געווען דער איינציקער קאַנדידאַט אויפן אַמט פון „מעשטשאַנסקי סטאַראָסטאַ". געווען אָבער צייטן ווען עס האָט זיך

פּרעזענטירט א נייע „קאַנדידאַטן ליסטע" בראש מיט א צווייטן באַ־וואוסטן „כלל טוער" (אין טעפּליק האָט מען אַזעלכע גערופן „סיפּאַק") ליפּע פעלשער (אהרון דעם דאָקטאָרס זון). דער דאָזיקער ליפּע, איז ניט געווען קיין פעלשער און זיין פאָטער, אהרון איז ניט געווען קיין דאָקטאָר אָבער, אַזוי האָט מען זיי גערופן... דערפאַר אָבער, איז ער געווען איינער פון די וויניקע טעפּליקער אידן וואָס האָבן געטראָגן קהל און קהלשע צרות אויפן קאָפּ און וואו עס האָט געשמעקט מיט וויבאָרעס, איז ער געווען דער ערשטער צו שרייען, דער ערשטער צו טומלען און דער ערשטער צו כאַפּן אין טאַטנס טאַטן און טאַקע קלעפּ אויך. ווען עס האָט געהאַלטן ביי וויבאָרעס אין דער מעשטשאַנסקע אופּראַווע האָט ליפּע פאַרכאַפּט פאַר זיך דעם טעפּליקער פּראָלעטאַריאַט און מיט זיי געגאַנגען זיך „שלאָגן".

א חודש פאַר די וויבאָרעס האָט שוין ליפּע געשטעלט עמערס בראָנפן פאַר חברה „עמך". פאַרשטייט זיך, אויך איצי פוקס האָט געהאַט א טייל „עמך" אויף זיין „סטאָראָנאַ" (זייט). און דווקא פון די בעסערע ראַבאָטשי נאַראָד. ארום איצי פוקס האָט זיך געדרייט אַזאַ שניידער ווי וועלוול קיס־ניאַקס, א איד וואָס האָט ליב געהאַט צו לייענען ראָמאַנען ניט בלויז שבת און יום טוב, נאָר יעדע פרייע מינוט וואָס ער האָט געהאַט. זיין ווייב האָט זיך געקלאָגט אויף אים, אַז ער גייט ניט זוכן קיין ארבעט כדי ער זאָל האָבן מער צייט צו לייענען די „מאַנסע־ביכלעך"...

דער דאָזיקער וועלוול קיסניאַקס איז בכלל געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. אין יאָר 1905 ווערט ער ברוגז אויפן צאַר הלמאי ער האָט אָפּגענאַרט מיט זיין קאָנסטיטוציע געבן, און פאָרט ארויס מיט דער פאַמיליע קיין אַמע־ריקע. ער ארבעט דאָרט אָפּ א שטיקל צייט, קוקט זיך ארום אַז עס סטייעט אים ניט קיין צייט צו... לייענען קיין ראָמאַנען, קערט ער זיך צוריק אום קיין טעפּליק.

אָנגעשטעקט מיט דער גרויסער וועלט און אַזוי ווי אין טעפּליק איז שוין מער קיין ראָמאַנען ניט געווען צו לייענען, ווייל ער האָט זיי שוין אַלע אויסגעלייענט, פאָרט ער ארויס מיט דער פאַמיליע קיין אדעס. ארבעט אָפּ דאָרט א פּאָר יאָר, האָט דאָרט א סך ראָמאַנען צו לייענען נאָר קיין פּרנסה — ניט! ער קערט זיך אום צוריק קיין טעפּליק, און אין די צייטן פון די פּעטליוראָווצעס, געפינט ער זיין טויט אין מרחץ, וואו ער האָט זיך באַ־האַלטן.

א חוץ אָט דעם בעל מלאכה, האָט זיך איצי פוקס ארומגערינגלט מיט נאָך א פּאָר, אַזוי גערופענע, אנשטענדיקע פאַרשטייער פון טעפּליקער פּראָ־

לעטאַריאַט, ווי לשמל, נחום דער קרומער, אַ גוטער שניידער נאָר נעבעך אַ קאַליקע אויף ביידע פיס, מרדכי אוצינקע, דודי דער גלחימשער שניידער, איצי, יהודה בלאָ"ס זון און חיים יאָסל דער דאַמסקי שניידער.

דער דאָזיקער חיים יאָסל האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער פּאָליטיקע" פון טעפּליקער אידן. אַזוי ווי פּרנסה האָט ער געהאַט אַ סך, ווייל דאַמסקי שניידערס זיינען געווען ווייניק און אַזעלכע גוטע שניידערס ווי ער — נאָך ווייניקער, פלעגט ער זיך קהלן טעג און נעכט. איין גרויסן חסרון האָט ער געהאַט. ער איז נעבעך, געווען אַ גרויסער ליגנער. זיינע ליגנס האָבן געהאַט אַ שם אין טעפּליק און אַז מען איז געגאַנגען מיט אים איינקויפן סחורה אויף חתונה קליידער, האָט מען געוואוסט, אַז חיים יאָסל זאָגט אַז מען דאַרף 4 אַרשין, זאָל מען נעמען... ז ע ק ס ! חיים יאָסל האָט אומיסטן און טאַקע אין קאָמבינאַציע מיטן באַלעבאָס פון מאַנופאַקטורנע מאַגאַזין — געזאָגט וואָס ווייניקער, כדי עס זאָל אויסטראָגן ביליקער און ער וועט קאָנען נעמען אַ בעסערן פּרייז פאַרן נייען, איי, דערנאָך, פעלט סחורה? וואָס איז ער שולדיק אַז די כלה האָט זיך... פאַפּראַוועט!

האָבן טאַטע־מאַמע מורא געהאַט צו מאַכן אַ סקאַנדאַל, אַז ער האָט זיי אָפּגענאַרט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט ער זאָל ניט אַרויסטראָגן קיין קלאַנג אין גאַס, אַז די כלה האָט זיך פאַר דער חתונה „פאַפּראַוועט"... און מען קאָן נאָך חושד זיין עפּעס אַנדערש! פלעגט מען שטילערהייט אַוועקגיין אין קלייט אַריין, דאַנקען גאָט וואָס מען האָט געקראָגן אָט די סחורה (דער קרעמער האָט אומיסטן באַהאַלטן, ווייל ער האָט געוואוסט אַז מען וועט קומען...) און מען צוגעקויפט דעם רעשט.

ערב די וואַלן, האָבן חיים יאָסלס ליגנס געשפּילט אַ גרויסע ראָל! ער פלעגט זיך אָנדערציילן נסים ונפלאות פון איצי פוקס, ווי אַזוי דער איספּראַווניק קלאַפּט אים אין פּלייצע און זאָגט, אַז אַ דאַנק אים וועט ער די טעפּליקער אידן היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ! און אַז מען האָט געדאַרפט פלעגט ער זיך שווערן, אַז טאָמער זאָגט ער אַ ליגן, זאָל ער איינגעזונקען ווערן דאָ אויפן אָרט (און בעת מעשה, פלעגט ער זיך פונעם אָרט... אָפּרוקן), ווי ער האָט אַליין געזען אַ בריוו פון גענעראַל גובערנאַטאָר צו איצי פוקס און דער בריוו הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„דאָראָגאָי איצקאָ" (טייערע איציק)!

עס דערמאָנט זיך אַ קוריאָז פון חיים יאָסלס ליגנס:

שטייענדיק ביי ישראל ליובאַרסקי אין קלייט, האָט ער דערציילט אַז קאַלטשיצקי דער טאַשליקער פּריץ, האָט אים איבערגעגעבן 300 קערבלעך ער

זאָל באַצאָלן אַ וועקסל אין טעפּליקער באַנק. (ער האָט געוואָלט דערווייזן וויפל צוטרוי דער פּריץ האָט צו אים).

זיינען געשטאַנען אַ חברה שניידער און אים גענומען אויף דער „העצ־קע" און מען פרעגט אים:

וועלכע געלט האָט דער פּריץ אים געגעבן?

מאַכט ער אַ חשבון:

אַ גאַנצן הונדערטער, דריי פּופּציקער, 15 צענערלעך, 21 פינפערלעך, 18 דרייערלעך, 70 קערבלעך און דאָס איבעריקע צו האַלבע קערבלעך...

טעפּליקער אידן האָבן חיים יאַסלען שטאַרק ליב געהאַט און ביי די וואַלן צו דער מעשטשאַנסקע אופּראַווע האָט זיין איינפלוס געבראַכט גוטע רעזולטאַטן און די קאַנדידאַטן האָבן זיך באַמיט צו האָבן חיים יאַסלען אויף זייער זייט.

די שוסטער, ווידער, זיינען געווען אויף ליפּע פעלשערס זייט. דער־הויפּט דערפאַר ווייל ליפּע פלעגט שטעלן מער... בראָנפן צו טרינקען. אָט, למשל, אַזאַ איד ווי שמשון שוסטער, וועלכער איז געווען אַ פייערדיקער חסיד פון ליפּעס קאַנדידאַטור, אָדער אַזאַ איד ווי זיסע לייב טשאַרנעסעס, וואָס כאָטש עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען זיך צו חברן מיט די „שוסטערו־קעס" און זיין פּלוניסטע האָט אים ממש די אויגן אויסגעריסן ווען זי איז געוואוירע געוואָרן, אַז ער איז ערגעץ געווען אויף אַ „קידוש" מיט די שוס־טערס, דאָך, ווען עס האָט געהאַלטן ביי די וויבאָרעס איז ער געווען אַ „ליפּע־פעלשעריסט" און האָט זיך ממש געבאָדן אין בראָנפן.

פון די איבעריקע „פּראָלעטאַריער", האָבן זיך אויסגעטיילט ביי די ווי־באָרעס, די פּאָר מוליערעס וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, בראש מיט גרשון מוליער. דער דאָזיקער גרשון איז געווען דער איינציקער וואָס האָט קיין מורא ניט געהאַט און איז געווען דער גרעסטער „אַנטי־מאָזעסיסט", דאָס הייסט, קעגן יהודה לייב מאָזעס (דעם שטאָט מסור) און קעגן די איבעריקע צוויי מאָזעסעס, חיים און נח. ער פלעגט גיין אין פייער אריין קעגן דער „ליסטע" וועלכע איז געשטיצט געוואָרן פון יהודה לייב מאָזעס. ער, גרשון, האָט שוין אויך אָרגאַניזירט די איבעריקע פון „פאַך" ווי למשל, נחמן שע־פּעלע, ישראל צאַץ א. א. און צוזאַמען מיט זיי געקעמפּט ביי די וויבאָרעס. די שטאָט האָט שוין געוואוסט, אַז אויב ביי עמיצן איז קאַליע געוואָרן דער אויוון, אָדער די הרובע רויכערט, אָדער גאָר אַ וואַנט פאַלט איין, האָט מען ניט נעדאַרפט וואַרטן אַז אַ מוליער און דערהויפּט גערשון מוליער זאָל קור־מען פאַריכטן, ווייל... זיי זיינען פאַרנומען מיט די וויבאָרעס אָדער מען

ליגט ביי אידל לאַטמאַן אין שענק און מען טרינקט אויף „קאַזיאַנע שטשאָט".

די גלעזערס און די באָדנערס זיינען געווען, צום גרעסטן טייל, אויף ליפּעס צד! יאַנקל גלעזער פלעגט הייזעריק ווערן שרייענדיק אין שיל, אַז ליפּע מוז ווערן סטאַראָסטאַ! און ווען ער איז געגאַנגען מיטן קעסטל גלאָז אַריינשטעלן אַ טאַפּליע צו עמיצן, און אויב יענער האָט נאָר שכל געהאַט, פלעגט ער אָנהויבן ריידן גוטס אויף ליפּע פעלשער און אַז ער מוז ווערן סטאַראָסטאַ. דאַן, פלעגט שוין יאַנקל גלעזער נעמען אַ שיבוש פאַר דער טאַפּליע, און אַמאָל — בלויז די הוצאות וואָס דאָס גלאָז האָט געקאָסט.

אַ וויכטיקער עלעמענט ביי די וואַלן צו אַ סטאַראָסטאַ זיינען געווען די פאַר... וואַסערפירער. נאָך אַלעמען, זיינען זיי דאָך געווען די א יי נ־צ י ק ע וואָס האָבן געקאָנט מאַכן דירעקטע פּראָפּאַגאַנדע פ אַ ר, אָדער קעגן אַ קאַנדידאַט. אַזוי ווי זיי פלעגן אַלע טאָג אַריינקומען אין צענדליקער אידישע הייזער, האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט אָנצופירן אַ גרויל־פּראָפּאַגאַנדע קעגן אַ קאַנדידאַט, אָדער, להיפּוך, אָנווייזן די גרויסע גליקן וואָס דער צווייטער קאַנדידאַט קאָן ברענגען פאַרן פאָלק ישראל.

איינער פון די טרעגער איז געווען אַ איד וואָס האָט געהייסן נחמן קעלבל (אַזוי ווי דער נאָמען, אַזוי איז ער טאַקע געווען). ער האָט ניט גע־טרונקען קיין בראָנפן און אים האָט מען געצאָלט זיין וואַל־פּראָפּאַגאַנדע מיט אַ... קוילעטש אָדער מיט צוויי גראָשן אויף שבת. (טעפּליקער פּראָפּאַ־גאַנדיסטן האָבן געהאַט קליינע השגות). ער פלעגט אַריינגיין אין שטוב אַריין אָן אַ גוט מאָרגן, ווייל ער האָט געהאַט אַ גערעכטע טענה, אַז ער האָט שוין ה יי נ ט אַזוי פיל גוט מאָרגנס געזאָגט, אַז עס איז אים שוין נמאס! דערפאַר אָבער, אין דער צייט פון „וויבאָרעס" פלעגט ער, נאָך דעם ווי ער האָט אַריינגעגאָסן דאָס וואַסער אין דיישקע, זיך אָפּגעשטעלט און דערציילט אַז עס האָט זיך אים געחלומט, אַז איצי פוקס אָדער ליפּע פעל־שער (דאָס איז געווען, לויט דעם, פאַר וועלכן קאַנדידאַט ער האָט געאַר־בעט) וועט ווערן סטאַראָסטאַ און אין זיין זכות וועט קומען אַ ישועה אויף אידן... און אַז מען האָט אים געפרעגט וויפל מען האָט אים באַצאָלט דער־פאַר אָדער ווער עס האָט אים געהייסן אַזוי דערציילן, האָט נחמן קעלבל, בתמימות פון אַ קעלבל אויסגעזאָגט פאַר וועמען ער „אַרבעט" און וויפל ער נעמט.

דער צווייטער וואַסערפירער, נח האָט ער געהייסן, איז שוין געווען קלוגער. ער איז שוין אויסגעווען אַ וועלט! שוין געווען אין אַרגענטינע און אַפילו געבראַכט אַ גרוס פון דאָרט, אַז מאַני שטיינס ברודער איז אַ „סופּ־

ניק" (אַ „רפאל"ליק) אין אַרגענטינע. ער, נח, פלעגט שוין נעמען באַצאָלט, און גוט באַצאָלט פאַר זיין „מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע" אין די הייזער און מען האָט אַפילו געשמועסט, אַז ער האָט גענומען אַ פינפערל פאַר אַרבעט.

די פאָר סטאָליאַרעס וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט זיינען כמעט שטענדיק געשטאַנען אין אַ זייט ביים „וואָל־קאַמף". זיי איז ניט געלעגן אין קאָפּ אָט די נאַרישקייטן, ווייל זיי האָבן געאַרבעט צו גראָף פּאָטאָצקין אין הויף און אַהין האָט מען געמוזט מאַכן די אַרבעט צו דער צייט, איז פּשוט ניט גע־בליבן קיין צייט פאַר קהלן זיך. און דערפאַר פלעגן די סטאָליאַרעס בעני־שלמה נאָטעס, אָדער אברהם סטאָליער ניט האָבן קיין צוטריט צו די קהלשע ענינים און צו קהלשן... בראָנפן.

אַנדערש איז שוין געווען מיט די פאָר בלעכערס וואָס מיר האָבן פאַר־מאָגט. דערהויפּט מיט הערשל בלעכער אָדער יודל קאָטליאַר (איצט אין אַרגענטינע).

אַזוי ווי די הויפּט אַרבעט ביי די טעפּליקער בלעכער איז געווען דאָס מאַכן עמערס אָדער קוואָרטן (צו טרינקען), — ווייל טעפּליקער הייזער האָבן געהאַט זייער ווייניק בלעכענע דעכער און דאָס ביסל וואָס זיינען געווען האָט מען צערעכט געמאַכט ווען עס פלעגט שוין גוט, גוט אַריינרינען און עס האָט שוין ניט געהאָלפן דאָס פאַרקיטעווען אָדער פאַרלאַטען, — פלעגן די בלעכערס אַרבעטן אין אַ קליין קלאַדאָווקעלע, און זייער הויפּט געצייג איז געווען אַ רעלס פון באַן אויף וועלכן זיי פלעגן אויסקיילעכיקן דאָס בלעך.

ווען עס פלעגן קומען די וויבאָרעס, האָבן די שכנים אַרום דעם בלעכער זיך מחיה געווען, ווייל אַ פאָר וואָכן האָט זיי ניט געקלאַפּט אין קאָפּ אַריין דער הילצערנער האַמער איבערן בלעך. און אהרון טשערנאָווס איינפאָר־הויז וואָס איז געווען אַקעגן הערשל קאָטליאַרס בלעכעריי, האָט באַקומען אַ פאָר פּאַסאַזשירן וואָס האָבן זיך דאָרט געהאַלטן און ניט אַנטלאָפן אינמיטן ביי־טאָג, ווייל עס קלאַפּט זיי אין קאָפּ אַריין...

אין רעזומען:

דער טעפּליקער ראַבאַטשי נאַרדאָ האָט זיך שטאַרק געקהלט און אפשר שוין צופיל געקהלט. און די טעפּליקער „קאַאָודיזשאָס", רעדל־פירער, וואָל־מאַכער, האָבן זיך זייער אַ סך, שוין צופיל, באַנוצט מיט די טעפּליקער בעלי מלאכות צו קאָנען קומען צו דער „מאַכט".

ניט שטענדיק אָבער, האָט דער רעש מיט די וויבאָרעס זיך פאַרענדיקט אויפן צווייטן טאָג. עס פלעגט טרעפן, אַז עס האָט געזיגט דער צווייטער צד, דאַן איז אַוועק אַ מסירה אין „אויעזד" אָדער גאָר אין דער גובערניע

אריין; עס פלעגט קומען א „סלעדאָוואַטיעל", מען האָט גערופן עדות, אידן האָבן געשוואוירן, און מען האָט געהאַט ארום וואָס זיך צו טומלען א שטיק צייט ביז די „גובערנסקע אופּראַוולעניע" האָט באַשטעטיקט די וואַלן און די שטאָט האָט זיך באַרואיקט.

אָבער ניט בלויז ארום מעשטשאַנסקע סטאַראָסטע האָט זיך טעפּליק געקהלט. עס איז געווען א קהלניש ארום דער טאַקסע, ארום א רב, ארום א שוחט, ארום ברענגען א דאָקטאָר, ארום א בעדער, און אפילו ארום א דעפּוטאַט אין גאָסודאַרסטווענע דומאַ.

דערהויפּט האָט מען זיך געקהלט ארום דער טאַקסע. איינער א איד, איציק ראובנס, האָט שטענדיק „אויסגעקויפט" די טאַקסע און טעפּליקער אידן פלעגן זי וועלן ביי אים צונעמען.

צי האָט די טאַקסע טאַקע געגעבן אזוי פיל פרנסה, אז עס האָט זיך געלוינט ארומרייסן ארום איר, ווייס איך ניט. נאָר כבוד און... אומכבוד, דרך־ארץ און אין טאַטנס טאַטן אריין, האָט איציק ראובנס א סך מאָל און אין א גרויסער מאָס געכאַפּט. און אזוי ווי דאָס אראָפּברענגען א רב, דאָס צונעמען א נייעם שוחט און אנדערע כלי קודש איז געווען געווענדט אין די שכירות וואָס דער בעל טאַקסע האָט געדאַרפט צאָלן, האָט מען שוין געמוזט בויגן דעם קאָפּ און זיין גוט מיט אים, הערן זיין מיינונג און ניט בלויז הערן, נאָר טאַקע פאָלגן אויך.

צום גליק האָט מען זיך ארום דער טאַקסע געקהלט בלויז איינמאָל אין פינף יאָר, און א יאָר נאָך דעם פלעגט ווידער אַוועקגיין מיט... מסירות און קעגן מסירות, ביז מען האָט זיך באַרואיקט און זיך געגרייט צו די צווייטע „טאָרגעס" איבער דער טאַקסע.

איבער אנדערע כלי קודש האָבן זיך טעפּליקער אידן געהאַט ווייניק וואָס צו קהלן, ווייל ניט דער רב, ניט דער שוחט, ניט דער דאָקטאָר, פלעגן אזוי אָפט בייטן זייערע פלעצער. און ווער ווייסט ווי אזוי טעפּליקער אידן וואָלטן אויסגעקומען אָן א ביסל קהלניש, ווען עס קומט ניט צוגיין פּעדאָט דער פּיסאַר און צעהענגט ניט איבער דער שטאָט קיין פּלאַקאַטן וועלכע רופן טעפּליקער אידן צו ווײלן צוויי אידישע קאַנדידאַטן צו דער גאָסודאַרסטווע־נע דומע.

עס איז שוין פערציק יאָר נאָך יענער פּאַסירונג און דאָך שטייען מיר פאַר די אויגן אָט יענע וואַלן. אידן האָבן זיך געקהלט, געקריגט, געפּאַטשט, זיך ווידער איבערגעבעטן און ווידער צעקריגט, ווייל איינער האָט געוואָלט דווקא פרידמאַנען און דער צווייטער — אן אנדערן.

טעפּליקער אידן האָבן ניט געקאָנט ניט דעם און ניט יענעם, נאָר דער שכל הישר איז געווען, אַז ד ו ווילסט ד ע ם, וויל א י ך י ע נ ע ם...

אין אַ שיינעם טאָג האָבן טעפּליקער אידן זיך פאַרנומען צו קהלן אַרום אַן אַמתער פּאָזיטיווער זאַך.

אין אַ שיינעם אויפדערנאַכט האָט חיים באַסין, אַן אַדוואָקאַט אָן אַ טיטל, פאַרופן צו זיך עטלעכע באַקאַנטע אידן, דערהויפּט פון „עמך", ווי לוי הירשטערס, לייב מוגירמאַן, יאַנקל גלייזער, עלי גראַז, לייב לאַדיזשינ־סקי און נאָך אַ פּאָר, וועמענס נעמען איך געדענק שוין ניט. און האָט זיי פאָרגעלייגט צו גרינדן אַ „באַנק", אַ „ליי און שפּאָר קאַסע" און אין אַ שיי־נעם טאָג האָבן טעפּליקער אידן דערזען אַ טאַבליצע מיט גרויסע אותיות „סודאָ־סבערעגאַטעלנאַיאַ קאַסאַ". די דאָזיקע באַנק האָט אָפּגענומען דעם אויבערשטן שטאָק פון לוי גראַבאַרניקס הויז, און אידן פלעגן טראָגן אַהין די ביכעלעך און צאָלן פון אַ „פערטעלע" (25 קאָפּ.) אַ וואָך ביז 10 קערבלעך אַ חודש. לויט דער מאָס פון קרעדיט וואָס מען האָט באַקומען.

דער ערשטער גבאי (פּרעזידענט) פון דער באַנק איז געווען טאַקע חיים באַסין. אָבער ער האָט לאַנג ניט געוועלטיקט. הערשל פּאָליאַק, דער איינ־ציקער וואָס האָט פאַרמאָגט אַ דרוקעריי ביי אונז, האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע אַקציאָנערן, געשטעלט עטלעכע עמער בראָנפן מיט געבראָטע־נעם לעבער, און ביי די נעקסטע „וויבאָרעס" האָבן די „הערן אַקציאָנערן" אויסגעוויילט הערשל פּאָליאַק פאַר גבאי ראשון.

די דאָזיקע „ליי און שפּאָר־קאַסע", האָט באמת אַ סך גוטס אויסגעטון פאַר טעפּליקער אידן. זי האָט געגעבן געלט אויף גאָר אַ קליינעם פּראָצענט, האָט כמעט קיין שלעכטע צאָלער ניט געהאַט, און אַ סך אידן האָבן געהאַט מיט וואָס צו פאָרן אויפן יאַריד.

ווען מען האָט געדאַרפט לייען דאָס געלט, האָט מען געדאַרפט ברענ־גען אַ „זשיראַנט" (גאַראַנטיע), אָבער, אַזוי ווי די באַנק איז געווען זייער ליבעראַל, האָט זי דערלויבט אַז איינער זאָל זיין אַ זשיראַנט פאַרן צווייטן און דער צווייטער פאַרן ערשטן...

און אַזוי ווי דאָס „בענקל" האָט געשטעלט אויף די פיס אַ סך מאַרק־זיצערס, מאַכאַטוויעניקעס, בעלי מלאכות, און סתם „עמך", איז דאָס גרעס־טע קהלעניש געוואָרן אַרום דער „ליי־קאַסע". יעדערער האָט געזוכט אַז זיין קרוב אָדער פריינט זאָל ווערן דאָרט אַ שטיקל מנהיג, וועט ער לייכטער קאָ־נען קריגן אַ הלוואה און אפשר אַ גרעסערע... האָבן טאַקע טעפּליקער אידן פאַרגעסן אין די איבעריקע קהלעכצן און זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט גע־

שאַנקען דער „באַנק", און די „וויבאַרעס" אַהין זיינען געוואָרן פלאַמ־פּייערדיקע.

די לעצטע יאָרן — פאַר די פּעטליוראַווסקע פּאַגראָמען וואָס האָט ליק־ווידירט די באַנק — האָט זיך געגרינדעט אַ צווייטע באַנק, אַ גבירישע, וואו מען האָט שוין אַרויסגענומען צוויי, דריי און אַפילו פינף הונדערט רובל אַ הלוואה. די דאָזיקע באַנק האָט געהייסן „וזאַיעמני קרעדיטנע" (קעגנזייטי־קער קרעדיט). אירע „אַפּיסינאַס" זיינען געווען ביי יעקב קאַמיאָנקער, דער איינציקער אין טעפּליק וואָס האָט געהאַט אַ געמויערטע שטוב צו וואוינען. די אַקציאָנערן פון דער באַנק זיינען שוין געווען, ניט בלויז די רייכע אידן — נאָר אויך בוקאָווסקי דער אַפּטייקער, באַנדאַרעווסקי — גראַף פּאָטאָצ־קיס אַדמיניסטראַטאָר, און סתם פּריצים. פון די אידן האָבן דאָרט געשפּילט די הויפּט־ראָל: אַלטער האַרעוויץ, שלמה קאַטליאַר, נחמן האַרוויץ, חייקע פישער, זעליג גערשונאָוו א. אַ. די אַקציאָנערן פון אָט דער „באַנק" פלעגן דאָרט האַלטן אָפּגעשפּאָרט געלט און גענומען אַ באַנק־פּראָצענט.

די דאָזיקע „באַנק" האָט שוין געהאַט עטלעכע באַאַמטע, צווישן זיי, איינעם אַ בוכהאַלטער וואָס האָט געהייסן וויראַדעץ. און כאָטש די אַקציאָ־נערן זיינען שוין געווען מענטשן סוחרים, פאַבריקאַנטן, האָבן זיי נאָך אַלץ געקוקט אויף די באַאַמטע ווי אויף...

„משרתים".

אַ שיינער קוריאָזער אָנדענק איז מיר געבליבן פון אָט אַזאַ עפּיזאָד מיט אַ באַאַמטן:

דער בוכהאַלטער באַגעגנט אַן „אַקציאָנער" וואָס איז אויך געווען אַ „דירעקטאָר" פון דער באַנק, אָבער, זינט ער האָט אַרויסגענומען אַ קרעדיט פון דריי הונדערט רובל, זעט מען אים ניט... שטעלט ער אים אָפּ און זאָגט אים:

ר' איד! סטייטש, היתכן! וואָס קומט איר ניט צאָלן?

דער איד, אַ גרויסער קרעמער, אַ טאַנדייטניק, קומט דערנאָך צו דער זיצונג פון דער באַנק מיט אַ קלאָגע:

דער „משרת" האָט אים באַליידיקט! ער איז אַן אַקציאָנער, אַ באַלעבאָס זיינער, און דער משרת הייסט אים גאָר צאָלן...

די דאָזיקע געשיכטע איז אויפן צווייטן טאָג באַוואוסט געוואָרן אין שטעטל, און דער עולם האָט דעם אַקציאָנער גענומען אויפן צימבל, פרעגנ־דיק אים אַלע מינוט, יעדעס מאָל:

— וואָס מאַכט אייער משרת?

ווי געזאָגט, האָבן די „בענק" עקזיסטירט, ביז די פעטליוראָווצעס זייַ־נען געקומען. ביי זייער ערשטן אריינקומען אין שטאָט אריין, זיינען זיי באַפאַלן די בענק, מיינענדיק, אַז זיי וועלן דאָרט טרעפן מזומן געלט. גע־טראָפן האָבן זיי בלויז וועקסלען, וועלכע זיי האָבן צעריסן און פאַרברענט און פון די בענק איז קיין זכר ניט געבליבן.

ניט איטלעכן האָט די „באַנק" געשמעקט און ניט איטלעכער איז מיט איר געווען צופרידן. געווען אַפילו א ז ע ל כ ע וואָס האָבן שטילערהייט געזוכט זי צו שעדיקן, שיקן אַ מסירהלע אויף איר און זוכן זי אומברענגען.

אַזעלכע זיינען עס געווען די פּאָר פּראָצענטניקעס, „וואוכערס" מיט איציק ראובנס בראש.

די באַנק האָט זיי ממש רואינירט. די באַנק האָט ביי זיי צוגענומען אי קליענטעלע, אי „מאַכט". ביז די באַנק האָט עקזיסטירט זיינען צענדליקער אידן געווען אָפּהענגיק פון זיי, ניט נאָר אין מסחר, נאָר אויך אין פּריוואַטן לעבן. געווען פאַלן, ווען אַ איד איז געקומען צו אַ פּראָצענטניק לייען עט־לעכע הונדערט רובל, ווייל ער דאַרף גיין חתונה מאַכן און עס פעלט אים נאָך צוויי הונדערט צו סלוקן דעם נדן, אַ חוץ חתונה הוצאות און רח"ש. פלעגט דער פּראָצענטניק אים אָפּריידן פון מקיים זיין דאָס וואָרט און געבן דעם גאַנצן נדן, ער פלעגט אים געבן אַן עצה ווי אַזוי ער זאָל פּראָווען אַ בי־ליקע חתונה, ער פלעגט אים אָנווייזן וועלכע קלעזמער ער זאָל נעמען, וועל־כע סאַרווערן, און אַפילו וועלכער רב זאָל געבן חופּה וקדושין.

אייניקע פּראָצענטניקעס האָבן עס געטון, פּשוט כדי צו מאַכן פילן דעם לייער, אַז ער מוז פאָלגן וואָס מען הייסט אים, אַנדערע, האָבן טאַקע גענו־מען „קאָמיסיאָן", הן ביי די קלעזמער הן ביי דער סאַרווערן...

דער לייער האָט עס געוואוסט אָבער ער האָט געמוזט שווייגן, ווייל... אויב ניט דער פּראָצענטניק קאָן נאָך, חלילה, ווערן אויס שידוך...

אין אַלגעמיין איז דער פּראָצענטניק ביי אונז געווען אַ שטיק בלוט־צאַפּער. ער פלעג נעמען אַ משכון דאָס טייערסטע און דאָס ליבסטע וואָס דער מענטש האָט געהאַט; דערהויפּט — דעם טכוירענעם טילעב, אָדער דער מאַמעס רעטאָנדע; ער האָט געוואוסט, אַז ווען ער נעמט די זילבערנע לייכ־טער אָדער לעפל, קאָן מען זיך, אין ש ט ו ב, באַגיין אָן זיי. דעם טכויר־רענעם טילעב אָדער די רעטאָנדע מוז מען האָבן צו גיין אין שיל אריין. און אַזוי ווי די „שטאָט" האָט געוואוסט, אַז טאַטע־מאַמע האָבן אַ טכוירענעם טילעב און „רעטאָנדע", וואָלט דאָס גיין ווינטער אין שיל אָן זיי געווען דער

גרעסטער בזיון, און יעדער איינער וואָלט זיך אָנגעשטויסן וואו זיי גע־פינען זיך...

איציק ראובנס איז געווען אַ שטאַרקער רויכערער, און אַזוי ווי ער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען פלעגט ער רויכערן די בעסטע פאַבריטשנע פּאַ־פּיראָסן. דאָך, ווען אַ איד איז געקומען צו אים לייען אַ פּאָר רובל, און ער פלעגט דערזען ווי דער איד רויכערט „סאַלוואַ״ אָדער „מעסאַקסודיע״, פלעגט ער אים נעמען זאָגן מוסר, און דערווייזן, אַז דאָס בעסטע איז צו רויכערן... „מאַכאָרקע״, ווייל „מאַכאָרקע״ מאַכט געזונט! אַ סימן — אַלע גויים רויכערן מאַכאָרקע און אַלע זיינען געזונט און שטאַרק ווי די פערד.

איז, ווידער, געקומען צו אים אַ איד און זיצנדיק ביי אים, האָט ער אַרויסגענומען דאָס פּושקעלע און „פּאַרדרייט״ אַ פּאַפּיראָס (דאָס הייסט, ניט קיין פאַבריטשנע סיגאַרעט, נאָר אַליין געמאַכטע פון פּאַפּיראָס פּאַפּיר און טוטין) דאַן האָט ער דעם אידן געגעבן וואָס... ווייניקער געלט, ווייל עס איז אַ סימן, אַז דער איד איז אַ קבצן, אַ שלעפּער, אַ גאַרנישט מיט אַ נישט, און מען טאָר אים ניט געטרויען...

איציק ראובנס איז קיינמאָל צו קיין דאָקטאָר ניט געגאַנגען און קיינ־מאָל קיין דאָקטאָר צו זיך ניט גערופן. ער האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל געוואוירע ווערן, אַז ער איז קראַנק... ער האָט געוואוסט, אַז אַ סך אידן וועלן זיך מחיה זיין און אַ סך אידענעס, וועלכע האָבן געבענטשט ליכט אַריינגעשטעקטע אין קאַרטאָפל, ווייל די לייכטער זיינען געלעגן ביי אים — וועלן שטילערהייט תפילה טון, אַז דער מלאך המות זאָל אים אַ רוף טון!

אַזוי ווי ער האָט געוואוינט אין שכנות מיט משה רופא, פלעגט ער שטילערהייט אים אַריינרופן צו זיך, אָדער גאָר פּשוט, כלומרשט זיך טרעפנ־דיק אויפן פּידאַשעק, אים דערציילן אַז ער האָט היינטיקע נאַכט געהאַט אַ ברענעניש, אָדער אַ שטאַרקן בויך־ווייטיק... ווען משה רופא האָט אים פאַרשריבן אַ רעצעפּט, פלעגט ער אים מיטגעבן דניאלן, דעם טערנ־יווקער בעל־עגלה, ער זאָל אים ברענגען פון דאָרט די לעקאַרסטווע...

אָט אים, און נאָך אַ פּאָר אַזעלכע ווי ער, האָבן די „בענק״ אומגליק־לעך געמאַכט, פּשוט געוואָרפן פון ברויט... דערהויפּט האָט די באַנק צוגע־נומען ביי אים זיין מאַכט און ווירקונג און... דעה־זאָגעריי...

:: :: ::

טעפּליקער אידן האָבן נאָך געהאַט עטלעכע ערטער וואו און אַרום וואָס זיך צו קהלן. אָבער יענע ערטער זיינען שוין געווען „וואוילטעטיקע״ און ניט נאָר מען האָט זיך ניט געשלאָגן אָדער געמסרט צוליב אַ „בענקל״,

נאָר פונקט פאַרקערט, יעדער איינער האָט געוואָלט אַז דער צווייטער זאָל ווערן גבאי.

אזוי, האָבן מיר פאַרמאָגט אַ שטיקל הקדש, ערגעץ עט־עט הינטן נעבן דער באָד און כאָטש דער הקדש איז כמעט שטענדיק געווען... ליידיק, פלעגן עטלעכע באַלעבאַטים זיך אָפּגעבן מיט אים, זאַמלען געלט און וועש פאַר די בעטן, ווייל... טאָמער קומט עפּעס אַן אורח וואָס ווערט קראַנק און מוז דאָרט בלייבן ליגן. און, איז אַמאָל אַן אורח אַריינגעפאַלן אין אָט דעם הקדש, איז אים געווען גוט ווי די וועלט, מען האָט אים געצערטלט און זיך באַמיט אים געזונט צו מאַכן.

אַ צווייטע „אינסטיטוציע" אַרום וועלכער טעפּליקער אידן האָבן זיך געקהלט איז געווען דער „לינת הצדק".

אַ גרופּע אידן האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך צו פאַרנעמען זיך מיט אָט דער מצווה. די הויפּט אַרבעט איז געווען פון גיין „דיזשורעווען" צו אַ קראַנקן, וואָס האָט זיך גענויטיקט אַז מען זאָל זיצן די נאַכט ביי אים. און ניט בלויז איז מען געזעסן די נאַכט, נאָר אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אָרעמאַן, האָט מען אים געגעבן אויף אַ רעצעפּט, אים געבראַכט אַן עוף אויף אַ „יאַכל".

:: :: ::

אַ באַזונדער קאַפּיטל אין טעפּליקער קהלן זיך פאַרנעמען די ווייבער, אָדער ווי מען פלעגט זיי ביי אונז רופן — די „גבאיטעס".

די דאָזיקע עלטערע אידענעס, זיינען באמת געווען צו גוטע מלאכים פאַר אַ סך פאַמיליעס, דערהויפּט יורדים, וואָס האָבן זיך געשעמט אָנ־צוקומען עפנטלעך צו קהלשער הילף. פלעגן עס אָט די פרויען דערשמעקן, און שוין געזאָרגט אַז דער פרימאַלשטשיק זאָל געבן מעל און ניט מאָנען, דער קצב — פלייש און דער באַקאַליינ יק, גאַז, צוקער, טיי, בוימל און אפילו אַ בעזים אין שטוב אַריין...

געהייסן האָט עס, אַז מען באַרגט ביז גאָט וועט העלפן די צייט וועט זיך בעסערן, אָבער — זיי פלעגן באַקומען דעם באַטרעף דורך די נשים צדקניות, וועלכע פלעגן אַרומגיין זאַמלען נדבות פאַר אומבאַקאַנטע פאַ־מיליעס.

געווען אַפילו אַ פאַל, ווען אָט די ווייבער פלעגן צונויפנעמען נדן, אָדער אויסשטייער פאַר אַ כלה וועמענס פאָטער איז פאַראָרימט געוואָרן, און עס האָט געהאַלטן ביי אָפּלאָזן דעם שידוך אויב מען וועט ניט סלוקן דעם נדן...

געווען פאַלן, ווען די ווייבער זיינען געוואוירע געוואָרן, אַז אַ קימפּעט־טאָרן האָט ניט אַפּילו קיין... שיר המעלותלעך אויף דער וואַנט. אין אַזאַ פאַל, פלעגן באַלד באַשאַפן ווערן גוט־געבאַקענער אייער־קוכן, אַ פערטל עוף פאַר אַ יאַכל פאַר דער קימפּעטאָרן און לייוונט אויף „ווינדעלעך" און די איבעריקע כלי מכשירים. און אויב עס האָט זיך געהאַנדלט פון אַ בן זכר, איז שוין אויך געווען לעקעך און בראָנפן פאַרן ברית.

דערהויפּט האָבן די ווייבער געזאָרגט, אַז עס זאָל חלילה, ניט פאַרפעלט ווערן צו פּראַווען אַ „קריאת־שמע־לייענען".

אַ „קריסשמעלייענען" איז געווען דער גרעסטער יום־טוב ביי אונז חדר־אינגלעך. דער „באַהעלפער" פלעגט נעמען דאָס גאַנצע חדר, און אַמאָל פלעגן זיך צוזאַמענקומען 2־3 חדרים און מען האָט, ביים בעט פון דער קימפּעטאָרן אויסגעזונגען:

„אל מלך נאמן"...

דאָס לייענען „קריאת שמע" איז געווען, כדי צו פאַרהיטן, — צוזאַמען מיט די הענגענדיקע שיר המעלותן, — די קימפּעטאָרן פון אַ גוט־אויג.

ביי די רייכע, האָט מען דאָס „קריאת שמע" לייענען, געפּראַוועט אויפן רייכסטן שטייגער. מען האָט געטיילט די קינדער די בעסטע נאַשערייען.

און אַז עס פלעגט זיך טרעפן ביי אַ קבצן אַזאַ שמחה, האָבן שוין די ווייבער, די נשים צדקניות, געזאָרגט, אַז מיר קינדער זאָלן אַוועק צופרידן פון דאָרט...

אין אַלגעמיין, האָבן די ווייבערשע גבאיטעס געשפּילט גאָר גאָר אַ גרויסע ראָל אין אונזער קהלשן לעבן. שפּעטער, ווען די „בענק" זיינען שוין באַשאַפן געוואָרן און מען האָט שוין געקאָנט לייען אין דער „ליי און שפּאָר קאַסע" אַ פופציקער אויסצוצאָלן אַ קערבל אַ וואָך, און מיטן פופציקער, האָט דער „יורד" געקאָנט באַצאָלן דעם קצב, דעם פרימאַלשטשיק, און נאָך קליינע חובות, אויך ד א ן איז נאָך די ווייבערס טעטיקייט געווען וויכ־טיק. טאָקע דורך דער „קאַסא" זיינען זיי געוואוירע געוואָרן ווער עס איז אויף צרות, וואָס קאָן אַפּילו ניט צאָלן דאָס קערבל אַ וואָך, און מען האָט אים שוין געזוען העלפן.

און נאָך אַ פונקציע האָבן אָט די ווייבער־גבאיטעס געהאַט. זיי האָבן אַכטונג געגעבן אויף די עטלעכע יתומות וואָס זיינען נעבעך געווען דינסטן ביי די גבירנטעס, וועלכע האָבן זיי אויסגעהאַלטן ביז אין דער חתונה.

די גבאיטעס פלעגן שטילערהייט געוואוירע ווערן ווי אַזוי מען באַנעמט זיך מיט זיי, צי מען גיט זיי גענוג עסן, צי מען שלאָגט זיי ניט, צ׳ זיי

האָבן אַ ציצן קליידל אויף זיך? און ווי איז געווען יענער באַלעבאָסטע וואָס איז זיך שלעכט באַגאַנגען מיט דער יתומה, נעבעך! מען האָט זי אָפּגענו־מען פון דאָרט, זי איבערגעגעבן אויף אַ צווייט אָרט און דער פריערדיקער באַלעבאָסטע האָט מען געהאַלטן אין איין באַריידן און אַרומריידן, אַז זי האָט זיך געשעמט צו ווייזן דאָס פּנים שבת אין שיל...

געווען נאָך אַ פּאָר זאַכן אַרום וועלכע טעפּליקער אידן האָבן זיך גע־קהלט, (און קהלן זיך ביי אונז, האָט געהייסן... פּעטש, אין טאַטנס טאַטן, אין פּאָרן צום סלעדאָוואַטעל...), און דאָס איז געווען אַרום:

אַראָפּברענגען אַ גוטן אידן אויף אַ שבת.

טעפּליקער אידן זיינען געווען צעטיילט אין דריי קלאַסן חסידים:

— טאַלנער,

— בראַסלעווער און

— מאָנאַסטרישטשער.

די גרעסטע טייל טעפּליקער אידן האָבן שטאַרק געהאַלטן פון ר׳ דודל טאַלנער זצ״ל. געווען צענדליקער און אפשר הונדערטער הייזער, וואו עס האָט געהאָנגען זיין בילד. אידן און אידענעס האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ בעל־מופת, כאָטש, ר׳ דודל טאַלנער פלעגט ניט וועלן ליידן, אַז מען האָט געוואָלט ביי אים בעטן **אַזעלכע זאַכן** אויף וועלכע מען מוז שוין אָנקומען צו אַ מופת...

די צווייטע גרעסערע גרופּע, טעפּליקער אידן, האָבן געגלויבט אין בראַסלעווער רבין, ר׳ נחמן בראַצלעווער, און האָבן מבטל געווען די איבע־ריקע גוטע אידן...

די דריטע, די **פּשוטערע** אידן האָבן געגלויבט אין **מאָנאַס־טרישטשער** רבין. זייער רבי איז געווען אַ **לעבעדיקער** (די ערשטע צוויי זיינען געווען שוכני עפר) און — זאָל ער מיר מוחל זיין — ער האָט זיך געיאָגט נאָך כבוד און בפירוש געוואָלט, אַז מען זאָל אים האַלטן פאַר בעל־מופת!... אָבער, ווי אויף צו להכעיס, ווען אַ שוואַנגערנדיקע פרוי, איז אים געקומען בעטן, אַז זי זאָל געבוירן אַ מיידל, ווייל טאָמער חלילה קומט אַ זכר, וועט איר בכור פאַרלירן די 1־טע „לגאַטע", האָט ער איר צוגעזאָגט, מתפּלל געווען, און עס איז געבוירן געוואָרן אַ —

— בן זכר!

און דאָך, האָבן די ווייבער ווייטער געגלויבט אין אים, און די מענער האָבן געכאַפּט און געגעבן פּעטש און אים אַראָפּגעבראַכט אין שטעטל אויף אַ שבת.

למען האמת, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז וועלכער עס איז רבי ס'איז גע־קומען אין שטעטל, איז באַגעגנט געוואָרן מיט כבוד און אידן, אפילו חסידים פון אנדערע רביים, האָבן זיך געשטופּט אים אָפּגעבן דעם טראַדיציאָנעלן — שלום עליכם.

:: :: ::

פונקט להיפוך אַמעריקאַנער אידן, האָט זיך טעפּליק, ווייניק וואָס, גע־קהלט אַרום חברה קדישא אָדער בית־עולם.

די טעפּליקער חברה קדישא האָט געשפּילט די קלענסטע ראָל אין אי־דישן לעבן. די חברה קדישא אידן, זיינען געווען פון נידעריקסטן קלאַס, פּשוטע עמי הארצים, וואָס האָבן גענומען אַ גוטן טרינק בראָנפן און מקבר געווען דעם מת.

די ח"ק־מאַכט איז איינגעשטאַנען ביי י ו ס ף ל ײ ב ש מ ש, אַ פּשוטער חיי וקים, וואָס האָט געהאַט אַרום זיך, נאָך אַזעלכע אידן ווי ער, און עטלעכע ווייבער, וואָס האָבן געטון „זייער רעכט" ווען עס איז גע־שטאָרבן אַ אידענע.

קבורה־געלט האָט מען גענומען אַ קערבל, צוויי, און ביי אַ באַלעבאַטישן אידן אַ פינפערל אָדער אַ צענערל. פאַר אָט דעם געלט האָט מען, פאַר אַלעם, געשטעלט אַן „עמער בראָנפן" און אויב עס איז געבליבן, האָט מען באַצאָלט פּייסי קברן, פאַרן גראָבן די „קרקע", באַצאָלט דעם גוי פאַרן רייניקן דאָס גראָז וואָס עס איז אָנגעוואַקסן אויפן בית עולם און אויב עס איז נאָך אַלץ געבליבן, איז דאָס אַוועק אויף שלוש סעודות אין שניידערישן שילכל...

ווען עס איז געשטאָרבן אַ גביר, האָט זיך שוין אַריינגעמישט די „שטאָט" און מען האָט געריסן אַ פּאָס, פאַר.. דער שיל, פאַר דער באָד, פאַרן הקדש, פאַרן לינת הצדק, הכנסת כלה און אויף בראָנפן אויף אַ גאַנצן חודש... דעמאָלט האָבן זיך שוין אַריינגעמישט די חברה נושאי המטה, ווי דוד און הערשל בעזפּאַלקע, וואָווע גאַרמעכס, שייע ברוך טודרוסות און דער „קאַפּאַ", חיים מאָזעס. און מען האָט גענומען אַ... גאַנצן הונדערטער!

נאָר אַזוי ווי טעפּליקער גבירים, ב"ה זיינען זייער זעלטן געשטאָרבן, האָט די שטאָט ניט אַרויסגעקוקט אויף אַ רייכן „העכט", און ווען פּייסי קברן זאָל אַלע ערב שבת ניט געווען גיין אין די הייזער צונויפנעמען אַ קוילעטש און עפּעס אויף שבת — וואָלט ער ניט געהאַט פון וואָס צו לעבן...

דערפאַר אָבער, אַז עס פלעגט קומען ר א ש ח ו ד ש א ל ו ל, זיינען געקומען זיינע זיבן גוטע יאָר. ער פלעגט זיין „ביזי" אַ גאַנצן טאָג. מען פלעגט קומען אויף קבר אבות, דערהויפּט פלעגן קומען „געסט" פון

אומאַן, הייסין, און אַפילו אַדעס, וועלכע האָבן געהאַט אויפן בית עולם אַן אייגענעם, און יענע פלעגן אים לאָזן אַ פיינע מטבע אַלס „טרינק־געלט" (ביי אונז האָט עס געהייסן פשוט: נדבה). געהייסן האָט עס, אַז ער דאַרף אַכטונג געבן אויפן קבר, אויף דער מצבה.

חודש אלול, פלעגן מיר, חדר־אינגלעך, שוין לערנען ווייניקער און זיך אויך דרייען אויפן בית עולם. און דאָס איינציקע וואָס אונז האָט געאַרט, וואָס מען לייגט מיטן לייב, — בלויז אין די תכריכים — אויף דער הויי־לער ערד. אַך! ווי מיר זיינען מקנא געווען די גויים וואָס מען טראָגט זיי אין אַ „טרומנע" און זיי דאַרפן ניט מורא האָבן, אַז די ווערים זאָלן זיי באַלד טאַטשען...

אין אַלגעמיין גענומען, האָט מען, ביי אונז אין טעפּליק, ווייניק וואָס זיך גערעכנט מיט דער חברה קדישא, מיט דער חברה נושאי המטה און זיך משדך זיין מיט אַ חברה קדישא אידן, איז געווען אַ... קליינער כבוד און יחוס!...

:: :: ::

אָבער, מיינט ניט אַז טעפּליקער אידן האָבן אינזינען געהאַט בלויז צו קהלן זיך ביי נאַרישקייטן. טעפּליק איז געווען דאָס ערשטע שטעטל פון גאַנצן געגנט וועלכע האָט געענטפערט מיט שטאָלץ אויפן אויסגעשריי פון די בילו"צעס.

ווי נאָר מען איז אין טעפּליק געוואוירע געוואָרן פון דעם דאָקטאָר הערצל און פון ארץ ישראל, האָט זיך טעפּליק אַ ריר געטון. דאָס ערשטע וואָס מען האָט געטון, איז צו... ריידן וועגן ארץ ישראל און וועגן טערק וואָס וויל עס אונז פאַרקויפן, און וועגן אַ דאָקטאָר וואָס הייסט הערצל (טעפּליקער אידן האָבן געפּסקנט, אַז ער איז אַ ה א ר צ י ק ע ר איד) וואָס פאָרט צו די גרויסע גבירים, אדירים, עשירים און וויל ביי זיי געלט אויף אויסצוקויפן ירושלים עיר הקודש מיט ארץ ישראל, מיטן ירדן, מיט יריחו, און מיט דער מוטער רחלס קבר!

און אַז עס פלעגט קומען דער ליבער שבת, נאָך דער פּאַטשט, פלעגן זיך טעפּליקער אידן אויסזעצן אויף די פּידאַשעקעס, געלייענט און געהערט לייענען די בלעטער וועגן ארץ ישראל, און מען האָט זיך געחקירעט ווער עס וועט געבן מער געלט: ראָטשילד, בראָדסקי אָדער משה מאָנטעפיאָרע

אוין זאָך האָבן טעפּליקער אידן ניט פאַרשטאַנען! לויט ווי די בלע־טער שרייבן, האָט מען ארץ ישראל אויך גערופן „פּאַלעסטינא"! און אַזוי ווי פּאַלעסטינע, קומט דאָך זיכער פונעם וואָרט „פלישתים", ווי זשע קומט

עס, אַז מען זאָל רופן ארץ ישראל אויף ז יי ע ר נאָמען, ווען די פּלשתים זיינען דאָרט אזוי לאַנג ניט געווען, נאָך אַ סך פריער פון די אידן! און טעפּליקער אידן האָבן געהאַט אַ סך פאַראיבל אויף דער וועלט וואָס וויל דווקא רופן ארץ ישראל „פּאַלעסטינע"...

אָבער: ארץ־ישראל אָדער „פּאַלעסטינע", טעפּליקער אידן האָבן זיך גענומען קהלן ארום דעם ענין, האָבן גענומען זאַמלען געלט אויף אויסצור־קויפן דאָס הייליקע לאַנד און מען האָט אפילו אָנגעהויבן ריידן אין די בתי מדרשים וועגן שיקן „מרגלים", אויסקוקערס קיין ארץ־ישראל, צו זען, צי טעפּליקער אידן קענען זיך איבערקלויבן אַהין!

וועגן דעם דאָקטאָר ה ע ר צ ל זיינען ארומגעגאַנגען די גרעסטע לעגענדעס: אייניקע האָבן דערציילט, אַז ער איז אַ געשמדטער איד וואָס האָט זיך אומגעקערט צו אידישקייט! אַנדערע האָבן פאַרזיכערט, אַז ער איז אַ רבס אַ זון און אַליין האָט ער סמיכות אויף רבנות, נאָר אָנשטאָט אַ רב איז ער געוואָרן אַ דאָקטאָר און ער היילט אומזיסט קראַנקע! ישראל ליור־באַרסקי, וועלכער איז געקומען פון זאַגראַניצע, האָט פאַרזיכערט, אַז דאָק־טאָר הערצל גייט אריין צום קעניג פראַנץ יאָזעף אין שטוב אריין, ווי אַ איד אין בית מדרש! ער נעמט אפילו רעכט ניט אראָפּ די קאַלאָשן. און ווען ער קומט צו צום קעניגלעכן הויף, איז, ניט נאָר די באַדינער און די שררות וויסן, אַז זיי דאַרפן אים אריינלאָזן צום קיסר, נאָר אפילו די הינט ביים הויף (טעפּליקער אידן האָבן זיך ניט פאָרגעשטעלט אַ קעניגלעכן „הויף", ווי בכלל אַ הויף, אָן הינט) וויסן, אַז זיי דאַרפן אויפהערן האַווקען און לאַשטשען זיך צו אים ווי צו אַן אייגענעם! מיט איין וואָרט: דר. הערצל איז געוואָרן די לעגענדאַרסטע פיגור אין טעפּליק און מען האָט שוין גע־חלומט אים אראָפּברענגען קיין טעפּליק, ער זאָל האַלטן עטלעכע דרשות אין שיל אָדער בית־המדרש.

פּלוצים קומען אָן די בלעטער און ברענגען אַ ידיעה וואָס האָט פריטש־מעליעט די טעפּליקער אידן.

דר. הערצל איז נ פ ט ר געוואָרן!

אידן האָבן ניט געוואָלט גלויבן! ס'איז נישט מעגלעך! וואָס הייסט? ער האָט דאָך נאָך ניט פאַרענדיקט זיין ארבעט! ער דאַרף דאָך אויסקויפן ארץ ישראל. ער פירט דאָך אונטערהאַנדלונגען מיטן סולטאַן און מיט ראָט־שילדן, להבדיל! ניין, עס קען ניט זיין! און מען באַשטימט... וואַרטן אויפן אָנקומען פון די וויטערדיקע בלעטער צו זען, צי איז עס ניט געווען קיין טעות.

צום גרויסן אומגליק, איז דאָס טאַקע קיין טעות ניט געווען. אויפן צווייטן טאָג ווען די בלעטער זיינען אָנגעקומען, האָט מען שוין געלייענט וועגן זיין לוויה און וועגן די רעדעס וואָס מען האָט געהאַלטן אויף דער לוויה! און טעפּליקער אידן באַשטימען, אַז מען דאַרף א ו י ך עפּעס טון. די מלמדים האָבן תיכף צעלאָזט די חדרים, מען האָט גערופן אַן אסיפה אין דער גרויסער שיל. מען האָט געמאַכט אַן אל מלא, מען האָט געזאָגט קדיש און מען האָט באַשטימט צונויפנעמען אַלע קינדער פון אַלע חדרים און מאַכן אַ טרויער־אַקט.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען גאַנצע זעקס יאָר. איך וועל יענעם פאַר־נאַכט געדענקען מיין גאַנץ לעבן. אַ פינף הונדערט קינדער זיינען מיר גע־ווען. יעדער חדר באַזונדער. די היץ איז געווען אַ דערשטיקנדיקע (סוף תמוז), דער לערער זאגריי איז אַרויפגעקומען אויפן בעלעמער פון דער שיל און האָט מספּיד געווען דעם גרויסן נפטר! אינמיטן ריידן האָט ער זיך צעוויינט און די אידן און ווייבער מיט אים, און מיר, קליינע קינדער, וועלכע האָבן אין אַלגעמיין זייער ווייניק פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און זעענדיק די טאַטעס און די מאַמעס וויינען — האָבן זיך איבערגעשראָקן און געמאַכט א ז א געוויין און געיאָמער, אַז מען האָט אונז קוים איינ־געשטילט. נאָך זאַגרייען האָט גערעדט זעליג גערשונאָוו און נאָך אים, דער שטאָט אפּיקורס, שלמה סיראָטאַ, וועלכער איז געווען דער גרעסטער חסיד פון דר. הערצלס אידייען, פשוט ווייל ער האָט ניט געגלויבט אין משיחן און נאָך ווייניקער, אַז די אידן וועלן אויפשטיין תחית המתים און אַוועק קיין ארץ ישראל, און די יעניקע וועלכע האָבן אָפּגעהיט די תרי״ג מצוות וועלן זוכה זיין זיך צו קאַטשען קיין ארץ ישראל און די אפּיקורסים וועלן בלייבן אין גלות! מיטן אויפשטיין פון דר. הערצל, פלעגט זיך שלמה סיראָטאַ רייצן מיט די פרומאַקעס, אַז ער וועט נאָך דערלעבן צו זיין אין ארץ ישראל און עולה רגל זיין צום כותל המערבי, אַ סך פריער ווי אָט די פרומאַקעס, וועל־כע זאָגן עטלעכע מאָל אין יאָר „לשנה הבא בירושלים”...

אַרויפגייענדיק ריידן אויפן בעלעמער, האָט שלמה סיראָטאַ גערעדט זייער פּראַקטיש און לאָגיש. ער האָט אויפגעפאָדערט די טעפּליקער אידן ניט מיאש זיין זיך און פאַרענדיקן די אָנגעהויבענע אַרבעט פון דר. הערצל. און מען דאַרף איצט צוגעבן, דאָס אויב אין טעפּליק האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרעסערע ציוניסטישע באַוועגונג און אויב אין טעפּליק האָבן זיך געפונען אידישע קינדער וואָס זיינען שפּעטער אַוועק זיך לערנען אין דער העברעאי־שער גימנאַזיע פון יפו, איז דאָס געווען צו פאַרדאַנקען דער אינפלוענץ פון

שלמה סיראָטאַ, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַן אַקטיווער ציוני און האָט זיין אינגל געשיקט קיין ארץ ישראל שטודירן.

אַזוי אַרום, האָבן טעפּליקער אידן, די איידעלע פון זיי, וואָס האָבן ניט גענומען קיין אָנטייל אינעם קהלניש אַרום מעשטשאַנסקע סטאַראָסטאַ, גע־האַט אַ פּלאַץ וואו זיך צו קהלן און וואו צו פּטרן זייער פרייע צייט...

:: :: ::

איך וויל רעזומירן:

טעפּליקער אידן האָבן זיך בעסער אָדער ערגער געקהלט. אַז מ׳לייגט אַרויף די האַנט אויפן האַרצן, מוז מען מודה זיין, אַז דאָס קהלן זיך אין אַמעריקע טראָגט אַן איידעלערן כאַראַקטער. זיכער איז, אַז דאָ קהלט מען זיך אויך לשם אייגנוצן. עס גייט אָבער פאַרדעקט מיטן דעק פון „עוסק בצרכי צבור״! מען גייט פאַרזאָרגן יעגעמס קינדער זאָלן לערנען תורה, מען גייט זאָרגן, אַז קראַנקע זאָלן האָבן אַ שפּיטאָל, אַז זקנים זאָלן האָבן אַ מקום מנוחה אויף דער עלטער און אידן זאָלן האָבן בענק און גמילת חסדים קאַסעס און זיך קאָנען אַרויסהעלפן אין אַ נויט־לאַגע.

דאָ, אין אַמעריקע, איז מען פאַרגעשריטענער, דעקט מען עס אַזוי צו, אַז מען זעט ניט אַרום ביי אַ סך אידן די אייגענע נוצן פונעם קהלן זיך.

דאָרט, אין דעם אַמאָליקן טעפּליק, איז מען געווען מער פּרימיטיוו און מען האָט אַפילו קיין שכל ניט געהאַט עס צו פאַרדעקן...

וואָס יאָ, די טעפּליקער אידענע, די טעפּליקער „גבאיטע״ האָט זיך געקהלט בלויז און טאַקע בלויז לשם שמים!...

אויף אַמעריקאַנער ווייבער געזאָגט געוואָרן.

## קאפיטל דרייצן

# פסח — דער באַליבטסטער יום־טוב ביי טעפּליקער אידן

פון ווען הויבט מען זיך אָן גרייטן צום פסח. — פסחדיקע שטאַלץ. דער קעלער מיט די קאַרטאָפל. — פסחדיקער באַרשט. — דאָס כשרן די מיל. — טעפּליק באַקט מצות. — צוויי שאָק אייער. — די ארבע כוסות — „כרמל וויין". — דאָס רוימען און שמירן. — דער טאַטע פאַרברענט דעם חמץ — שמשון שוסטער ברענגט די נייע שיך. דער שניידער ברענגט דעם פסחדיקן „גאַרניטער". דאָס קאַשקעטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק. — שיר חמצדיק געמאַכט די שטוב... אַ ברעקל ברויט. — מען כשרט דאָס געפעס. — דאָס טיילן „מעות חטים". — די „הסב בעט" און דער סדר. — מיר זאָגן די „הגדה". דער טאַטע דערציילט די „נסים". — די נקמה אין פרעהן. — דאָס עפענען די טיר פאַר אליהו הנביאן. — מען ענדיקט דעם סדר. — פרנסות וואָס האָבן געבליט פסח־צייט און אַנדערע, וואָס האָבן גע־בראַכן חעם קאָפּ. — דאָס „חמציק" מאַכן זיך מיט אַ „פּראָנדזיאַל". דאָס ציילן ספירה אַ נייע פלאָגעניש פאַר חדר אינגלעך.

וועלכער איז געווען דער באַליבטסטער יום־טוב ביי טעפּליקער אידן, ביי טעפּליקער קינדער און ביי אונז אַלעמען?

דאָס איז דאָס זעלבע, ווי ענטפערן אויף דער פראַגע וואָס מען האָט אונז קינדערווייז געשטעלט: וועמען האָסטו בעסער ליב, דעם טאַטן צי דער מאַמען?

טעפּליקער אידן האָבן ליב געהאַט אַלע ימים טובים! ליב געהאַט צו פּראַווען און זיי אָפּגעהיט מיט אַלע פּישטשעווקעס. דאָך, מוז מען מודה זיין, אַז דעם יום טוב פּ ס ח האָט מען ב ע ס ע ר ליב געהאַט. צום פסח האָט מען זיך געגרייט מ ע ר ווי צו אַנדערע ימים טובים און פסח האָט מען געפּראַוועט מיט מ ע ר ליבע און מיט מער פייערלעכקייט ווי אַן אַנדער יום־טוב, טאַקע ווי גאָט האָט געבאָטן!

געוועןּ אַ סך מאַטיוון, ב ע ס ע ר ליב צו האָבן און שענער צו פּראַ־וועןּ אַט דעם יום טוב. איינער פון די הויפּט־מאָטיוון, איז זיכער געווען, וואָס פּסח פאַלט אויס — אין דער אַלטער היים — פרילינג צייט. דער עולם איז מיד פון די קעלטן און שנייען און דערנאָך פון די טיפע בלאָטעס אין וועלכע מען האָט געטאַפּטשעט, און אַזוי ווי פּסח איז טאַקע זמן חרותנו, מען האָט זיך באַפרייט פון קנעכט און פון שקלאַפנטום, האָט עס געווירקט און עס איז צונויפגעפאַלן מיטן באַפרייען זיך פונעם קאַלטן ווינטער און פון די ריטשקעס וואַסער פון צעגאַנגענעם שניי, און מען האָט דערפילט אַ ניי, אַ פריש לעבן, פול מיט זון, מיט וואַרימקייט און מיט האָפענונג צו קאָנען אַרומגיין... באָרוועס, און זיך קאָנען באָדן אין טייך.

מיר, קינדער, האָבן אין דעם פּסח געזען אַן אָנהויב פון אַט דער פריי־הייט. ביי די עלטערע אידן, אויף וויפל אַט די מאָטיוון האָבן געשפּילט אַ קלענערע ראָל, — כאָטש פּסח האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז מען דאַרף שוין ניט קיין... האַלץ אין הרובע, און עס גייט צו „זשניוואַ" (שניט) פון פּרוכטן, מיט וועלכע מען קאָן אָנשטופּן אַ הונגעריקן מאָגן, — ביי אַט די עלטערע אידן, איז פּסח גלאַט געווען מער פאַרהייליקט ווי אַן אַנדער יום־טוב און מען האָט זיך געגרייט אים באַגעגענען און מקיים זיין ווי גאָט האָט גע־באָטן, כדי זוכה זיין אים מקיים זיין — אַזוי שטייט בפירוש אין דער הגדה — אין ירושלים, עיר הקדש.

:: :: ::

ווען האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן צום פּסח?

ניט שפּעטער ווי אין חודש חשון. דאָס הייסט אַ פיר־פינף חדשים פריער.

די ערשטע הכנות זיינען געווען, ברענגען אַ זעקל קאַרטאָפל און זיי אָפלייגן אין קעלער אין אַ זייט. דאָס ליידיקע זעקל איז געווען אַ פּסחדיקס און מען האָט עס באַהאַלטן פון יאָר צו יאָר פאַר אַט דעם צוועק. באַלד נאָך סוכות פלעג דער טאַטע נעמען דאָס זעקל, אָוועקפאָרן אויפן דאָרף צו מאַכ־טייען און ביי אים — מיט די אייגענע הענט, — מאַכטיי האָט זיך ניט גע־טאָרט צורירן — אָנפילן דאָס זעקל מיט קאַרטאָפל אויף פּסח.

פאַרזאָרגט מיט קאַרטאָפלעס, האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן מכוח גענז. פון די גענז האָט מען געדאַרפט בלויז די שמאַלץ, ווייל דאָס גענזן פלייש האָט מען פּסח ניט גענוצט.

אויף איינעם פון די יאַרידים האָט דער טאַטע איינגעקויפט די גענז, און מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין שטייג אַביסעלע אויף „פאָפּראַוקע".

דאָס אַריינוואַרפן די גענז אין שטייג, איז געווען דער מאַמעס אַרבעט. דערביי האָבן אירע ליפּן געשעפּטשעט אַ תּפילה צום רבונו של עולם, אַז די גענז זאָלן קיין גוט־אויג ניט כאַפּן...

די גענז האָט מען געהאָדעוועט ביז חנוכּה צייט. דאַן האָט מען זיי אַרויס־גענומען, גערופן דעם שוחט צו זיך, באַצאָלט אים שכר טרחה (און שכר אבידה פון די פעדערן) און אין אַ שבת ביינאַכט איז די שטוב געוואָרן אַ שעכט־הויז. מען האָט געקוילעט אַ פינף־זעקס גענז, וועמענס געשריי מען האָט געהערט איבער דער גאַנצער גאַס.

טאַטע, מאַמע, די שוועסטער, אַלע, אַלע זיינען מיר פלוצים געוואָרן „פליקערס" און מען האָט אָפּגעפּליקט די גענז, ווען זיי זיינען נאָך וואַרים געווען, ווייל ווען זיי ווערן פאַרקילט — אַזוי פלעגט זאָגן די מאַמע — איז כאָטש ריים מיט די ציין...

ביז נאָך האַלבער נאַכט האָט געדויערט דאָס אָראָפּנעמען די שמאַלץ פון די גענז. אינדערפרי איז געקומען שרה־לאה די טיקערן, וועלכע האָט אויך געהאַנדלט מיט „אַדיערקעס" (דעם סקעלעט פון דער גאַנז) און — שוין אָפּגערעדט פון פריער, — האָט זי זיי צוגענומען אַלע, און די מאַמע האָט בלויז איבערגעלאָזט איינע פאַר דער פאַמיליע, וואָס האָט שוין גע־סטייעט אויף... שבת!

דאָס פרעגלען די שמאַלץ, איז געווען דאָס צווייטע פאַרגעניגן וואָס מיר האָבן געהאַט. ערשטנס — די גריוון! עפּעס אַ קלייניקייט, גריוון! צווייטנס, האָבן מיר געגעסן שמאַלץ מיט ברויט אויף ביידע באַקן. און כאָטש דאָס שמאַלץ איז געווען באַשטימט אויף פּסח, דאָך האָט מען זיך פאַרגינען אָראָפּנעמען אַביסל צו די קאַרטאָפליעס, אָדער גאָר צום סוף מיט פאַסאָליעס, וואָס מען האָט היינט געקאָכט. פאַרשפּאָרט צו דערמאָנען, אַז אויף צו פרעגלען דאָס שמאַלץ האָט מען געגליט, געכשרט דעם אויוון און דאָס געפעס. סיי די טעפּלעך אין וועלכע מען האָט געפרעגלט די פלומטערן, סיי די סלויען וואו מען האָט אַריינגעלייגט די אויסגעפרעגלטע שמאַלץ זיי־נען געווען שטרענג פּסחדיק...

אָנגעגרייט דאָס שמאַלץ, האָט מען אָנגעהויבן זאָרגן פאַר בוראַקעס אויף אַ פעסל באַרשטש, און אַז עס האָט זיך דערנענטערט צו פּורים, האָט מען שוין געקויפט אַ פּאָר עופות און אָנגעהויבן „פאַרוואַרפן" אין שטייג אַריין.

אַ פּאָר וואָכן פאַר פּורים, האָט מען אָנגעהויבן אַ סדרה כשרן די מיל. ביידע רבנים, די דיינים, שוחטים, און סתם איידעלע אידן בני תורה, זיינען

אוועק אין דער מיל צו רפאל גארמאכס און זי געכשרט לויט אַלע דינים ומנהגים. און ביז מען האָט נישט געענדיקט צו מאָלן דעם ווייץ אויף פּסחדיק מעל, איז דער משגיח ניט אַפּגעטראָטן פון דאָרט אפילו ניט אויף קיין מינוט.

באַלד נאָך פורים, האָט מען אָנגעהויבן באַקן די מצות. געבאַקן האָט אַדער גבריאל פּאַפּיראָסניק, וואָס האָט אויף אַ חודש צייט אָפּגעשטעלט דאָס באַקן ברויט און זיך אָפּגעגעבן מיט באַקן מצות. אַדער, עס האָבן זיך צו־נויפגענומען גרופּעס פון 5, 6 אַדער 10 אידן, און בשותפות אַליין געקאָנטן, אַליין געבאַקן און אַליין זיך גענומען די צאָל מצות וויפל ער האָט אריינ־געלייגט אין שותפות מעל.

אָט אַ די גרופּעס זיינען געווען די גרעסטע טייל מצה בעקערס. עס פלעגט אויף אַ טאָג־צוויי, טאַטע מאַמע פאַרלאָזן די שטוב און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע באַלעבאַטישע פאַמיליעס זיך אָפּגעבאַקן מצות לפּסח, וואָס האָבן טאַקע געהאַט דעם טעם גן־עדן!

אַ פּאָר וואָכן פאַר פּסח, האָט שוין יאַנקל דער טויבער (אַ וואַסער־טרעגער און גלאַט אַ טרעגער) געבראַכט דעם גרויסן קויש מיט מצות. דער טאַטע האָט פאָרזיכטיק אויסגעליידיקט די מצות אין אַ ריין, ווייס, ציכטיק ליילעך און אויפגעהאנגען אין „הויז" אויפן קרוק.

דער טאָג ווען מען האָט געבראַכט די מצות אין שטוב אריין איז גע־ווען פול מיט פרייד, אַ פּאָר קרעכצן און... עטלעכע בוכענצעס אין די זייטן.

דעם טאַטנס פּנים האָט ממש געשיינט, ווען שטייענדיק אויפן פּידאַ־שעק, האָט ער געזען ווי יאַנקל דער טויבער טראָגט די מצות גלייך צו אים. ניט שטענדיק האָט ער זיך געקאָנט דערוואַרטן אויף יאַנקלען און איז פון דער „פּעקאַרניע", גלייך געקומען מיט אים.

אויסגעליידיקט די מצות, האָט דער טאַטע געגעבן יאַנקלען אַ דרייער און אַמאָל — לויט ווי די צייט איז געווען און לויט ווי אַזוי דער פּסח און די מצות זיינען אָנגעקומען... — אַ גאַנצע גריוונקע (צען קאָפּיקעס).

יאַנקל דער טויבער האָט צוגענומען דאָס „טרינק־געלט", אָנגעווינטשע־וועט, אַז מען זאָל האָבן אַ כשרן פּסח (דאָס איז געווען דער עיקר) און מען זאָל דערלעבן איבעראיאָר מיט געזונט און פּרנסה.

דער טאַטע באַגלייט אים אַרויס צו דער טיר, קערט זיך אום און רייבט זיך פריילעך די הענט. דאַנקען גאָט! אַ האַלבן פּסח שוין „אריינגענומען" אין שטוב אריין!... אַפּט, אַפּט, פלעגט ער דערביי געבן אַ קרעכץ, אַ שטאַרקן קרעכץ, אַ סימן אַז דער פּסח קומט אָן שווער. אַ סימן, אַז די בלאַטעס זיינען

געוועזן גרויסע און גאַנצע פּיר וואָכן האָט מען ניט געקאָנט אַרויספאָרן אויפן יאַריד. דער גוי, דער פּויער, וואָס האָט אין משך פון די פּיר וואָכן בלאָטעס, גאָרניט אַרויסגעפירט און גאָרניט פאַרקויפט, האָט גאָרניט אָנגעוואוירן, ווייל ער האָט פון וואָס צו לעבן אָט די שלעכטע צייטן. די אידן, דער טאַטע אָבער, האָט געמוזט „אַריינפירן" דעם פּסח און האָט נעבעך געקרעכצט.

פאַר אונז, קינדער, איז דאָס ברענגען די מצות, אויך געוועזן אַ טאָג פון פרייד און פון צרות. אונזער פרייד איז געוועזן גרויס, ווייל די מצות זיינען געוועזן דער ערשטער אָנזאָג, אַז דער פּסח קומט. פאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע בעלנים אויף אַ שטיקל מצה, זיינען מ י ר געוועזן! מיר האָבן זיך געשטופּט צום קויש, מיר האָבן געזוכט אפשר וועט אַרויספאַלן עפּעס אַ שטיקל מצה. און אונזער האָפענונג איז אָפט געוועזן אומזיסט. ווייל, ערשטנס טאָר מען דאָך ניט פאַרזוכן קיין מצה פאַרן סדר, איידער מען מאַכט די ברכה „על אכילת מצה"; צווייטנס, האָט שוין דער טאַטע געהיט, אַז עס זאָל חלילה גאָרניט גיין חסר.

נו, פלעגן מיר כאַפּן בוכענצעס און אַפילו אַ פּאַטש אויך, פאַר וועלן דווקא אַ שטיקל מצה, און מיר פלעגן מיט ווייטיק אַוועקגיין פון קויש און זיך פּרואוון אַריינכאַפּן צו גבריאל פּאַפּיראָסניק, העלפן צוטראָגן וואַסער, פּאָלגן אַ גאַנג, און קריגן דערפאַר אַ שטיקל מצה. און ניט איינמאָל האָבן מיר זיך אַזוי אָנגעגעסן מיט מצה, וועלכע מיר האָבן פאַרדינט מיט שווייס און שווערער אַרבעט, אַז מיר האָבן באַקומען בויך־ווייטיק און עטוואָס ער־נערס...

גאָר אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געוועזן דאָס צוגרייטן... מצה־מעל אויף פּסח. אויף צו האָבן מצה־מעל איז געוועזן צוויי וועגן: אָדער שיקן צום פּע־טער מאָטיע (קרופּניק), וועלכער האָט געבשרט דעם שטיין וואָס ער מאָלט אַ גאַנץ יאָר גרויפּן און האָט אָנגענומען באַשטעלונגען אויף צו מאָלן מצה־מעל, אָדער זיך אָנעקשטעלן מיט אַזאַ הילצערנעם האַמער און „קלאַפּן" די מצה פון וועלכער מען האָט דערנאָך אויסגעטיילט די גרעסערע שטיקלעך מצה און געמאַכט פאַרפל און די דינערע מצה, האָט מען גענוצט אַלס מצה־מעל.

אַזוי ווי אונז האָט נ י ט געקאָסט דאָס מאָלן די מצה (פּעטער מאָ־טיע פלעגט קריגן ביים טאַטן „גרויסע טובות" ווי למשל אַ... גמילות חסד פון אַ דרייערל אָדער אַ פינפערל, חוץ דעם זיינען מיר דאָך געווען בלוט און פלייש), וואָלטן מיר דאָך געדאַרפט שיקן די מצה צום פּעטער און אָראָפּ פונעם מאַרק. איז אָבער די געשיכטע געוועזן אַנדערש!

לאָזט זיך אוים, אַז די מאַמע האָט געטענהט, אַז די געמאָלענע מצה האָט אַ טעם פון... בלאָטע (גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד — פלעגט זי אויסלאָזן); חוץ דעם, דאַרף מען דאָך במילא האָבן פאַרפל, וועלכע די מאַמע האָט דורכגעריבן מיט אייער און זיי האָבן געהאַט אַלע טעמים. נו, האָט מען זיך דערמאָנט, אַז די קינדער טוען במילא גאָרניט, לויפן ארום פוסט און פאַס, זאָלן זיי קלאַפּן די מצות.

פלעגן מיר דאָ געפונען אַ געלעגנהייט און קלאַפּנדיק די מצות, אריינ־כאַפּן וויפל נאָר מיר האָבן געקאָנט. דערפאַר אָבער, פלעג די מאַמע אונז אָנבענטשן און אָנווינטשעוועז דאָס אייביקע לעבן ווען זי פלעגט זען וויפל פאַרפל זי האָט און אַ סברא — אַזוי פלעג זי זיך טרייסטן — אַז עס וועט נאָך סטייען פאַרפל אויף נאָך פסח אויך...

שוין האָבנדיק די מצות אין שטוב, איז דער טאַטע אוועק זיך פאַר־זאָרגן מיט... בצים.

איינע פון די נויטוועגדיקסטע פּראָדוקטן וואָס מען האָט צוגעגרייט אויף פסח זיינען געווען:

צוויי „שאָק" אייער.

נאָך דער מצה האָט די ביצה פאַרנומען דעם אויבנאָן פון די פסחדיקע געריכטן. אַזוי ווי דער גאַנצער פסחדיקער טעם איז דאָך געלעגן אין די... לאַטקעס, פאַלירטשיקעס, כרעמזלעך, קניידלעך פון מצה מעל און דער עיקר — אין דער „געפרישטער מצה" און אַזוי ווי צו די אַלע מאכלים האָט מען גערדאַרפט האָבן אייער און אייער און ווידער איידער! איז, אַבי מען האָט נאָר איינגעהאַנדלט די מצות האָט מען שוין אָנגעהויבן טראַכטן פון אייער.

אייגנטלעך טראַכטן וועגן די אייער האָט מען אָנגעהויבן אַ סך פריער. נאָך עט, עט פאַר פסח, האָט שוין נאָטע ווייגמאַן, איינער פון די הויפּט „יאיעטשניקעס" געזאָגט נביאות, אַז „היינטיקס יאָר וועט זיין אייער מיט גאָלד גלייך". און אַזוי איז טאַקע געווען. באַלד נאָך פורים האָט מען אָנגע־הויבן באַמערקן, אַז די גויעס, וועלכע פלעגן ברענגען אָט דעם פּראָדוקט אין שטאָט אריין, האָבן, וואָס אַ טאָג, געבראַכט ווייניקער. געהייסן האָט עס, אַז די הינער לייגן זיך ווייניקער, דער אמת איז, אַז זיי פלעגן באַקומען „שכל" און „שפּעקולירן" מיט זיי. זיי האָבן געוואוסט, אַז עס גייט דער אידישער פסח, ווען מען קאָן זיך ניט זעצן צום סדר אָן דער ביצה און מען קען ניט מאַכן קיין איין לאַטקע אָן אַן איי.

אַט אין יענער צייט, איז נאָטע ווייגמאַן געוואָרן דער העלד פון שטעטל. אין דעם גרויסן „סאַראַי" וואָס ער האָט געהאַט זיינען געשטאַנען

צענדליקער קעסטלעך אײער אײנגעפּאַקעװעט אין „סיטשקע" (געהאַקטע שטרױ) און ער פלעג פאַרקױפן צו 2 קערבלעך אַ „שאָק" (אַ שאָק איז 5 טוץ — זעכציק שטיק). געהאַט האָט ער אַ ביליקערן סאָרט אױך, װאָס ער פלעג לײזן אַ קערבל מיט פיר גילדן אַ שאָק. דאָס זײנען געװען די „בלינדע" אײער, דאָס הײסט, אײער װאָס מען האָט געקױפט בלינדערהײט, ניט איבערקוקנדיק זײ. און טאָמער זײנען זײ געװען איבערגעשטאַנענע — איז געװען אױפן קונהס פאַראַנטװאָרטלעכקײט.

די „גוטע" אײער, װעלכע ער פלעג לײזן 2 קערבלעך אַ שאָק, האָט מען פריער איבערגעקוקט אױפן „בלעכענעם לאָמפּ" װאָס האָט געהאַט אַ לעכל, לױט דער גרױס פון אײ. פלעגט מען אַװעקלײגן דאָס אײ איבערן לעכל, פאַרשטעלן מיט דער דאָלאָניע און מיט אײן אױג אַרײנקוקן אין אײ צי מען זעט דאָרט ניט אַרומשאַפּיצרן אַ הינדעלע.

די בראַטשנע אײער, האָט ער אױך ניט אַרױסגעװאָרפן אין דרױסן, פּונקט װי מען װאַרפט זײ ד אַ ניט אַרױס. דאָרט פלעגט ער זײ פאַרקױפן גבריאל בעקער, װעלכער פלעגט זײ פאַרטון אין די „פראַנדזעלן", װאָס ער פלעג באַקן, און דאָ פאַרטוט מען זײ אין די... זיסע מצות, „פּאַן דולסע" און אַנדערע געבעקסן...

דער טאַטע פלעגט קױפן 2 קעסטלעך אײער פון די גוטע, און זײ ברענגען אַהײם צוזאַמען מיט דער סיטשקע, און זײ אַװעקגעשטעלט נעבן דער מצה.

דרײ טעג פאַר פּסח האָט מען די אײער אַרױסגענומען פון דער סיטשקע (װעלכע איז דאָך חמצדיק) און די מאַמע האָט זיך פאַרשאַלטן די יאָר מיטן „סראַטש" (מיסט) װאָס מען האָט איר אָנגעמאַכט...

אַז אינמיטן פּסח זאָל דערפעלן מצות אָדער אײער, האָט קײנמאָל ניט געטראָפן אַפילו בײם קבצן שבקבצן. דאָך פלעגט מען, חול המועד, אױב עס האָט זיך געמאַכט אַ מציאהלע, צוקױפן בײ אַ גױע אַ פּאָר טוץ אײער. באַלד, אָבער, װי דער פּסח איז אַװעק האָט מען אױפגעהערט נוצן אײער, װעלכע זײנען געװען אַ „לוקסוס אַרטיקל"...

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן פאַרזאָרגן דעם פּסח מיט מצות און אײער, האָט מען אָנגעהױבן זאָרגן װעגן „אַרבע כוסות".

אַ גאַנץ יאָר, האָבן טעפּליקער אידן ניט נהנה געװען פון קײן אמת גוט ביסעלע װײן. טעפּליק ליגט „װײט" פון די װײן־געגנטן, װי למשל בעסאַראַביע. מען דאַרף פאָרן צװײ־דרײ טעג מיט דער אָקס. פלעגט קײן טעפּליק, װען ניט װען, זיך אַראָפּכאַפּן אַ װײן־סוחר און פאַרקױפן די טעפּליקער

אידן אָט דעם פּראָדוקט, וואָס „מאַכט פריילעך דעם מענטשנס האַרץ״. איז, אויף אַלע שבת, פלעגן טעפּליקער אידן נוצן ראָזשינקעס וויין. אויף פּסח אָבער, האָט מען געקויפט „אמתן״ וויין. מען איז אוועק צו אידל ווײַנשענקער און אײַנגעהאַנדלט אַ גאַנצע פלאַש וויין, וואָס האָט געסטייעט אויף ביידע סדרים.

מיטן וויין, איז ווידעראַמאָל, געווען לוימן סעזאָן!

איז דער „ערב פּסח״ געווען אַ טרוקענער און אידן האָבן געמאַכט פּרנסה, האָט מען זיך פאַרגינען צו קויפן אַ ג ו ט ע פלאַש וויין פאַר אַ... דרייערל.

איז אָבער דער ערב פּסח געווען אַ צרהדיקער און אידן האָבן קוים, קוים אַרײַנגעבראַכט דעם פּסח אין שטוב אַרײַן, האָט מען שוין אַ פלאַש וויין פאַר פיר גלידן (זעבציק קאָפּיקעס) און מען האָט זיך געקוויקט אי־בער אים.

געווען אַפילו אַזעלכע אידן אין טעפּליק וואָס האָבן געהאַט... כרמל־וויין אויף פּסח. דאָס זיינען געווען די סוחרים און די גבירים וואָס האָבן געהאַנדלט מיט „זאַגראַניצע״, אָדער וואָס האָבן געלייענט אין די בלעטער וועגן כרמל וויין, האָבן זיי אויסגעשריבן אַ פּאָר פלעשער! אָבער, וויפל גליקלעכע זיינען עס געווען אָט די כרמל־וויין־אידן? און כדי ביי זיך ניט אַראָפּפאַלן, פלעגן אידן אין בית המדרש, טענהן און זיך טרייסטן, אַז דער גאַנצער ענין מיט „כרמל־וויין״ איז גאָר אַ גרויסער בלאָף! אַז דאָס פּילט מען אָן די פלעשלעך מיט פשוטן וויין, מען קלעפּט צו אַ קוויטל „יין כשר לפּסח״ און אונטן שטייט: „הר הכרמל — ארץ ישראל״ און מען נעמט דערפאַר גוט געלט!

שפּעטער מיט יאָרן ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונז די באַוועגונג צו פאָרן אין יפו׳ער גימנאַזיע, האָט נחום זיסעלס געשריבן, אַז ער איז געווען אויפן הר הכרמל און האָט ניט געטראָפן קיין איין ביימעלע פון וויינטרויבן און קיין איין קעלער וואו מען זאָל קוועטשן דעם כרמל וויין... און טעפּליקער אידן האָבן אויפגעהערט צו טרינקען כרמל וויין!

די לעצטע צוויי טעג ערב פּסח זיינען געווען די נערוועאישסטע און די סאַמע אָנגעשטרענגטסטע!

ערשטנס האָט געדאַרפט קומען שמשון שוסטער און מיר ברענגען די נייע שיך (דער טאַטע האָט זיי גערופן „שטיווילעטן״). די גאַנצע נאַכט בין איך ניט געשלאָפן און געוואַרט, אַז עס זאָל שוין ווערן טאָג. און ווען עס איז שוין געוואָרן טאָג, האָט ער זיך געצויגן און געצויגן ווי אַ יאָר און קוים,

קוים דערלעבט צו דערזען פונדערווייטנס גיין שמשון שוסטער און טראָגן די נייע שיך וואָס גלאַנצן אַזוי.

דער שוסטער מעסט זיי מיר אָן, דער טאַטע שטייט אין דער זייט און קרימט מיט דער נאָז. נאָכן זיין מיינונג נאָך, זיינען זיי קליין... דאָס פּיסל וואַקסט און שפּעטער מיט זעקס חדשים וועלן זיי שוין ווערן ענג — אַזוי מענהט דער טאַטע, כאָטש, ער אַליין, ווייסט גאַנץ גוט, אַז די שיך וועלן ניט דערלעבן קיין גאַנצע זעקס מאָנאַטן... שמשון שוסטער, ווייזט דעם טאַטן אַז די שיך זיינען גרויס און „עס קאָן אַריין נאָך אַ פוס" (דער קאָמ־פּלימענט געפעלט מיר גראָדע ניט!) און עס בלייבט, אַז איבעראַיאָר, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן און שמשון וועט מיר מאַכן אַן אַנדער פּאָר שיך (מער ווי איינמאָל אין פּסח האָט מען מיר קיין שיך ניט געמאַכט), וועט ער שוין געדענקען, אַז מען דאַרף ניט זשאַלעווען און מאַכן אַביסעלע גרעסער. שמשון שוסטער זאָגט צו און גייט אַוועק. מ י ר, הייסט מען, במחילה, אויסטון די שיך ווייל... איך קאָן זיי נאָך צערייסן ביז פּסח! און צו וואָס לייקענען. עס האָט שוין געטראָפן, אַז חול המועד פּסח בין איך שוין גע־גאַנגען אָן פּידמעטקעס! אָבער, דאָס זיינען געווען שיך וואָס דער טאַטע האָט מיר געבראַכט פון אומאַן וואו ער האָט זיי — אויפן טאַלטשאַק — געקויפט פאַר אַ ווילדער „מציאה"... דעמאָלט האָב איך געהאַט אַ פאַר־שטערטן פּסח און שמשון שוסטער האָט זיך דערלעבט אַ נקמה אין טאַטן, ער זאָל שוין מער ניט זוכן קיין גליקן אויפן „טאַלטשאַק".

אָבער, ניט בלויז מיט שיך אַליין האָבן מיר, חדר אינגלעך, זיך באַנייט אויף פּסח. און וואו איז ערגעץ דאָס נייע „קאַסטיומטשיקל" וואָס דער שניי־דער דאַרף ברענגען? אמת! ניט שטענדיק איז דאָס גאַרניטערל געווען פון נייער סחורה. אָפט, זייער אָפט, איז דאָס געווען אַן „איבערגעניי" פון דעם טאַטנס אַ סערדעט אָדער דעם טאַטנס אַ פּאָר הויזן און אויף דער לינקער זייט איז נאָך די סחורה געווען „שפּאָגל ניי" — אַזוי פלעג דער טאַטע זאָגן. אָבער, פאַר אונג, קינדער, איז געווען אַלץ איינס, אַבי אַ נייעם גאַרני־טור! און ווער איז געווען גלייך צו אונז, און ווער האָט פאַרשטאַנען אונזער פרייד, ווען מיר, די קינדער, זיינען געקומען אין שיל אַריין אויסגעפּוצט „בגדי מלכות" פון דעם קאַשקעטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק ביז די נייע שטי־וויליעטן מיטן סקריפּ און מיטן גלאַנץ.

:: :: ::

ארום צען טעג פאַר פּסח, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „שמירן" די שטוב. אין אָט די עטלעכע טעג, וועלכע מיר, קינדער זיינען שוין געווען פריי פון

חדר, ווייל... די רביצן האָט שוין אויך געשמירט די שטוב און מען האָט שוין ניט געקאָנט לערנען, אין אָט די טעג, האָבן מיר, קינדער, געליטן מער ווי אַנדערע. מען האָט אונז ניט צו רו געלאָזט אפילו אַ מינוט:

דאָ — שטיי ניט! דאָרט — גיי ניט!

אין מיטן דערינען, פאַרגלוסט זיך מיר עסן, לויף איך אריין כאַפּן אַ... שטיק ברויט. איז ערשטנס, דאָס ברויט ניט צו געפינען, ווייל די קיך און די „סטאָלאָווע" זיינען שוין פּסחדיק! געפין איך דאָס ברויט ליגן אין אַ זאַק אין דער קאַלטער זאַל, ברעך איך אָפּ אַ שטיק און לאָז זיך לויפן אין דרויסן. פּלוצים דערהער איך אַ קוויטש, גלייך ווי איינער זאָל זיך אָפּבריען מיט זידיק וואַסער. דאָס האָט עס די מאַמע אַ קוויטש געטון פאַר ווייטיק און פאַרדרוס, וואָס איך האָב פאַרלוירן אַ.. ברעקל ברויט אין סטאָלאָווע. עס האָט געפעלט אַ קלייניקייט, אַז זי זאָל זיך צעוויינען! סטייטש, זי האָט געהאָרעוועט און האָרעוועט און האָט קוים פּסחדיק געמאַכט די סטאָלאָווע, און דאָ קום איך, דער אויסוואורף, דער גויעץ, און... וואַרף אָן ברויט (פון אַ ברעקל איז געוואָרן ברויט...).

מילא, איך האָב שוין צוגעזאָגט זיך צו היטן און חלילה ניט „חמצדיק מאַכן די גאַנצע שטוב" מיט אַ ברעקל ברויט.

צוויי-דריי טעג פאַר יום-טוב איז שוין די שטוב געווען פולשטענדיק פּסחדיק, און מיר, דאָס גאַנצע הויזגעזינד, האָבן שוין געגעסן אין פעדער-הויז, אויף... אַ קעסטל. דער טיש איז שוין געווען אָפּגעריבן און אָפּגעשאָבן און פולשטענדיק פּסחדיק...

אַ טאָג פאַר פּסח זיינען מיר אַרויף אויפן בוידעם, אַראָפּגענומען דאָס פּסחדיקע געפעס און באַהאַלטן דאָס חמצדיקע אין אַ צווייטן ווינקל.

אויף דער נאַכט, דער טאַטע קומט פון שיל, נעמט אַזוי ערנסט און מיט כוונה, אויסלייגן שטיקלעך ברויט אויף די פענצטער. דערנאָך נעמט ער דעם הילצערנעם לעפל, וואָס ער האָט טאַקע היינט געקויפט פאַר דריי קאָפּיקעס, נעמט אַ פלעדערוויש, און איך מיט אים, גייען מיר פון פענצטער צו פענצטער, נעמען צונויף די שטיקלעך ברויט אין לעפל אריין, פאַרבינדן זיי מיט אַ ווייס טיכעלע און וואַרפן אריין דעם לעפל אין פייער אַריין. שוין, פאַרברענט דעם חמץ! ביי דער געלעגנהייט דערציילט דער טאַטע וואָס עס האָט זיך היינט אָפּגעטון ביים רב ביים פאַרקויפן דעם חמץ, און ווי אַזוי קירילאָ בעזנאָס, דער שבת-גוי, האָט נעבעך ניט פאַרשטאַנען, וואָס מען וויל פון אים, וואָס מען פאַרקויפט אים און פאַרוואָס מען גיט אים נאָך דריי קערבלעך...

ערב פּסח איז די שטוב אויפגעשטאַנען פאַרטאָג. דער טאַטע איז אַוועק צום ערשטן מנין און פון דאָרט גלייך אין מאַרק אַריין איינקויפן פיש. עס זאָל אַ פּסח פעלן פיש ביי אַ אידן אין שטוב, איז געווען אַ זעלטנהייט, און ווער ווייסט צי אַזעלכעס האָט פּאַסירט. דער טאַטע האָט איינגעקויפט פיש. פאַר אונז אַלע האָט ער געקויפט „העכט", פאַר זיך, האָט ער ליב געהאַט קויפן פלאָטעצעס. דערציילט האָט דער טאַטע, אַז דאָס דאָזיקע האָט ער נאָך אַ ירושה פון זיין טאַטן צו עסן פלאָטעצעס פּסח צום סדר.

דעם ערב פּסחדיקן אָנבייסן האָט מען אָפּגעגעסן, באַלד אינדערפרי, און פאַרנאַכט, אַ פּאָר שעה צו נאַכט, האָט די מאַמע געמאַכט אַ טאָפּ קאַרטאָפל־צימעס (פּורע פון קאַרטאָפל) און מען האָט איבערגעכאַפּט.

ביי טאָג איז מען אַוועק אין מרחץ. דער פּסחדיקער מרחץ האָט גאָר גע־האַט אַן אַנדער טעם. די באָד איז געווען גוט אָנגעהייצט; די „פּאַרע" אומ־דערטרעגלעך, און אידן האָבן געהאַט פון וואָס צו ריידן.

ד ע ר, האָט דערציילט וואָס עס האָט זיך געטון היינט ביי די פיש; יענער, ביים שוחט בעתן שעכטן די עופות, אָבער די הויפּט טעמע איז געווען — „מעות חטים".

היינטיקס יאָר, זיינען געווען אַ סך קבצנים. די שנייען זיינען געווען גרויסע און דערנאָך די בלאָטעס, נאָך גרעסערע, האָבן אידן דערהויפּט אַל־מנות און עגונות, וועמענס מענער זיינען ערגעץ אין דער ערד, אין אַמעריקע, געהאַט אַ שלעכטן ווינטער, און אַז עס איז געקומען ערב פּסח איז ניט געווען מיט וואָס דעם פּסח אַריינפירן, כאָטש נעם, צי זיך אויס! איז מען געלאָפן נאָך מעות חטים. און ווי אויף צו להכעיס, איז היינטיקס יאָר אַריינ־געפאַלן ווייניק געלט אויף מעות חטים, האָט מען ביי שלום בער הוראָוויץ, וועלכער איז געווען דער ממונה איבער צעטיילן מעות חטים, שיעור די שטוב צעטראָגן. עס האָט געהאַלטן ביי אַן „אומגליק", אָבער עס האָט זיך אַרעגלירט. קיין שום איד איז ניט געבליבן אָן קיין מצות, אָן קיין ארבע כוסות.

דערמאָנט ארבע כוסות, ווערט אַ געשפּרעך וועגן ארבע כוסות.

דערציילט איינער, אַז יודל מיטניק גיט שוין וואַסער אָנשטאָט וויין, און דער צווייטער דערציילט, אַז ער האָט געבראַכט וויין אַזש פון קעשענעוו, און אַ דריטער באַרימט זיך מיט אַ פלאַש כרמל־וויין, וואָס אַן ארץ־ישראל פירמע, וואָס געפינט זיך אין אָדעס, האָט אים צוגעשיקט...

לסוף לאָזט זיך אויס, אַז דער, פון דעם כרמל־וויין, האָט נעבעך געמוזט נוצן דעם וויין אַלס עסיק און לויפן קויפן וויין אויף ארבע כוסות.

געקומען פונעם מרחץ הויבט מען זיך אָן אָנטון די נייע מלבושים. דער טאַטע האָט זיך געמאַכט בלויז אַ פּאָר הויזן צום סערדוק. די מאַמע האָט זיך איבערגענייט אַ שוואַרץ קליידל. די לינקע זייט — אַזוי האָט זי זיך געשוואוירן — איז געווען שענער פון דער רעכטער. דערמיט האָט זי זיך געוואָלט רעכטפאַרטיקן קעגן די שכנים און טאַקע פאַר זיך אַליין, פאַרוואָס זי האָט זיך אויף יום־טוב גאָרניט געמאַכט.

די הויפּט מחותנים פונעם יום־טוב, זיינען געווען מיר, די קליינוואַרג.

דעם האָט מען געמאַכט אַ נייעם קאָסטיום. יענער האָט זיך באַנייט מיט אַ פּאָר נייע שיך מיט אַ סקריפּ און אַ דריטער האָט אַ נייעם קאַשקעט (היטל) מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק! אָן „עפּעס" איז ניט געווען. מען האָט זיך גאָרניט געמאַכט, דעם קינד אָבער, האָט מען „עפּעס" אויפגענייט אויף יום־טוב.

דער טאַטע גייט אַוועק אין שיל אַריין און מיר קינדער גייען אים נאָך און פילן זיך היינט מיוחסים. עפּעס אַ קלייניקייט! היינט בין איך אַ בן־מלך! היינט וועל איך דאַרפן פרעגן די קשיות און דאָס גאַנצע הויז־געזינד וועט האַלטן די אויגן אויף מיר און זיך צוהערן צו מיין קול!

איך קאָן שוין די קשיות אויסנווייניק. עפּעס אַ קלייניקייט, אַ חודש צייט האָט מען ביים רבין, אַ חוץ די קשיות און אַ חוץ דער סדרה פון דער וואָך, גאָרניט געלערנט. דאָך, כדי צו זיין זיכערער ביי זיך, האָב איך אַ גאַנצן טאָג זיי איבערגעחזרט אַמאָל דרייסיק.

די שיל איז ליכטיק. אַלע לאָמפּן ברענען, די גלעזלעך זיינען ריין אויס־געווישט, און דער שטויב און די פּאַוועטיניע אַרום לאָמפּ אָפּגערייניקט. משהלע חזן מיטן כאָר דאַווענען אָפּ, מאַכן קידוש, און דער עולם, אַ פריי־לעכער, אַ צופרידענער, זאָגט זיך איינס דעם אַנדערן אַ „גוט יום־טוב" און מען גייט אַהיים פּראַווען די מלוכה.

אין שטוב קומען מיר אויך אַריין מיט אַ הויכן „גוט יום־טוב"! די מאַמע באַגעגנט אונז מיטן אָנגעטוענעם פאַרטוך. זי האָט נאָרוואָס אָנגע־ריבן דעם כריין, איז איר פאַרגאַנגען שטאַרק אין די אויגן. דוכט זיך איר, אַז דער כריין איז, היינטיקס יאָר, צו שטאַרק און מען וועט דאַרפן אַ „פּוד" צוקער כדי אים צו קאָנען נעמען אין מויל אַריין.

די „הסב־בעט" שטייט גרייט. מען האָט אויף דער קאַנאַפּע אין דער קאַלטער זאַל אָנגעלייגט עטלעכע קישנס און געמאַכט אַ כסא המלך. צוליב יום־טוב עסט מען אין זאַל, וועלכע איז ספּעציעל אויסגעפּוצט, אויסגעריי־ניקט און אָפּגעוואַשן דעם פּאָל, די טירן און די פענצטער.

דער טאַטע טוט זיך אָן דעם ווייסן קיטל, טוט אויס דאָס היטל און טוט אָן די יאַרמלקע און הויבט אָן פּראַוועון דעם סדר.

די מאַמע זיצט אויף שפּילקעס, זי וואַרט שוין אַז מען זאָל מאַכן קידוש, מען זאָל פרעגן די קשיות. זי דאַרף לויפן אין קיך אַריין. זי האָט אַריינגעוואָרפן מצה אין די פיש־יויך און זי האָט מורא, אַז עס זאָל ניט ווערן אַ קאַשע. קוים דערלעבט צו הערן פרעגן די קשיות, זיך אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן, וואָס, פאַר נחת, האָבן זיי זיך אַליין געלאָזט קייקלען איבער די אויסגעדאַרטע און איינגעפאַלענע באַקן, און זי איז אַוועק „אויף אַ מינוטקעלע" אין קיך אַריין.

ווען זי קומט צוריק, האַלטן מיר שוין ביים ציילן די צען מכות, און די מאַמע העלפט אָפּטרייסלען, מיטן פינגער, די טראָפּנס וויין פון דער גלאָז...

איך קוק אַריין אין מיין גרויסן סדור, עס פעלן מיר נאָך אַ סך חדשים און אפשר יאָרן צו האָבן אייגענע... צען יאָר! דאָך, זאָג איך די הגדה אויפן קול און מיטן נגון. אָט דעם טאַטנס נגון, וועלכער איז מיר נאָך געבליבן אין זכרון ביז היינט צו טאָג און וואָס ווערט נאָך — אַזוי הייליק און געטריי — נאָכגעזאָגט אַלע יאָרן פון מיין לעבן...

מיט גאָטס הילף ענדיקן מיר די ערשטע טייל הגדה! איך זופּ פון „מיין" כוס, וואָס איז גרויס ווי אַ פינגערוט, אַביסל וויין, מאַכנדיק די ברכה פון הנני מזומן לקים מצות כוס שני, און

מען נעמט זיך צו דער פּסחדיקער סעודה.

פּסחדיקע מאכלים:

ווי אָרים די טעפּליקער אידן זיינען געווען אין גרויסאָרטיקע מאכלים, וואָס מען טרעפט אויף די טישן פון אַמעריקאַנער אידן, אָבער ווער קאָן צוגלייכן אָט יענע מאכלים צו די געריכטן וואָס טעפּליקער אידן האָבן געהאַט פּסח אויף זייער טיש. אמת, איך בין קיינמאָל ניט געווען און קיינמאָל ניט געזעסן קיין פּסח־טיש ביי אַ טעפּליקער אידן — אַ קבצן. אָבער איך בין זיכער, אַז וואו און ווי אַזוי ער זאָל ניט האָבן געקראָגן געלט צו מאַכן פּסח, האָבן אויפן טיש ניט געפעלט אָט די פעפערדיקע פיש מיט דער מצה איינגעווייקט אין דער פיש־יויך, אָט די לאַטקעס אָדער „פּאַלירטשיקל" צו דער יויך, און טאַקע די יויך מיטן ברעקל עוף וואָס האָבן געהאַט דעם טעם גן־עדן.

געגעסן האָט מען פּאַמעלעך, מיט צייט, דערציילנדיק דערביי די נסים פון... יציאת מצרים. און ווען דער טאַטע האָט דערציילט ווי אַזוי די אידן האָבן פאַרקאַטשעט די פּאָלעס (ס'הייסט? וואָס דען? אוודאי זיינען די אידן

געגאַנגען מיט לאַנגע סערדוקן, וועלכע האָבן געהאַט „פּאָלעס") און זיי זייי נען געשפּרונגען אין ים אריין. ער דערציילט עס מיט אַזאַ פּינקטלעכקייט, גלייך ווי ער אַליין איז דערביי געווען און איז אַליין געשפּרונגען אין ים אריין.

דערנאָך הויבט ער אָן דערציילן ווי אַזוי די מצריים האָבן מיט „אייזערנע קאַרעטעס" אָנגעיאָגט די אידן, ווי אַזוי זיי זיינען געבליבן שטיין ביים ים פאַרגאַפּטע און מורא געהאַט צו גיין ווייטער, ווי אַזוי פּרעה אַליין האָט געגעבן אַ געשריי:

ווּפּעריאָד! פּאַראַוים!

און די מצריים זיינען אריין אין ים!

און דעם טאַטנס פּנים פלאַמט פאַר פרייד און נחת, ווען ער הויבט אָן דערציילן, ווי אַזוי די ערשטע מצריים וואָס זיינען אריין אין ים אריין, זיינען געגאַנגען גלייך און ניט דערטרונקען געוואָרן, ווי אַזוי די אידן האָבן זיך דערשראָקן און מורא געהאַט, אַז פּרעה מיט די „אייזערנע קאַרעטעס" וועט זיי אָניאָגן.

זיי, די אידן, — אַזוי גיט דער טאַטע צו פאַרשטיין, און די ווייבער זיצן מיט אָפענע מיילער און הערן אָט דאָס „נייעס", וועלכע זיי האָבן גע־הערט... פאַראַיאָרן, פאַרצוויי־יאָרן און פאַר צען־יאָרן, — די אידן האָבן ניט פאַרשטאַנען גאָט, ברוך הוא'ס מיין! גאָט האָט געוואָלט „פאַרנאַרן" אַלע מצריים, מיט פּרעהן צוזאַמען, אַז זיי זאָלן אריין אין ים. און אַבי זיי זיינען נאָר געווען אַלע אינעווייניק, טיף טיף, טיף אינעווייניק, און די אידן זיינען שוין געווען פון יענער זייט, האָט גאָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט און עס איז געוואָרן צוריק וואַסער און אַלע מצריים זיינען אַראָפּ צום אָפּגרונט און דערטרונקען געוואָרן...

און — כאָטש די דאָזיקע מעשה האָבן מיר אויך געלערנט אין חדר, און דער רבי האָט זי אונז אַ חוץ דערציילט און באַפּוצט, דאָך האָבן מיר, חדר־אינגלעך, ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פונעם טאַטנס מויל און מיט קינדערשער פאַנטאַזיע אויסגעהערט די גאַנצע געשיכטע נאָכאַמאָל! די מצריים האָבן אונז ניט באַנק געטון! אַ מצווה אויף זיי! זאָלן זיי ניט וועלן פאַרשקלאַפן דאָס אידישע פאָלק. וואָס אונז האָט באַנג געטון זיינען געווען די... פערד און די „אייזערנע קאַרעטעס", וועלכע וואָלטן אונז, טעפּליקער קינדער און אַפילו טעפּליקער אידן, גוט צונוץ געקומען...

אָפּגעגעסן די פּסח־סעודה, דאַרף מען זיך נעמען צו דער צווייטער טייל הגדה, די סאַמע שענסטע וואו מען קאָן אַ זינג טון:

לך, כי לך, לך, אף לך, אָדער דעם:

— ויהי בחצי הלילה!

בעסער פון אַלעם האָבן מיר געוואַרט אויפן „אחד מי יודע, אחד אני יודע". און אחרון אחרון חביב, דעם „חד גדיא, חד גדיא"...

אָט דער חד גדיא, איז געווען פאַר אונז, קינדער, דאָס אייביקע רעטעניש, און ניט איינמאָל האָבן מיר זיך פאַרשוואוירן, אַז מירן עלטער ווערן, זאָלן מיר גוט געוואוירע ווערן, ווי אַזוי קאָן עס זיין, וואָס הקב"ה האָט געקוילעט דעם מלאך המות, און דאָך, לעבט ער נאָך און האַלט אין איין קוילען...

דער טאַטע גיט אַ ווינק צו דער טיר. דאָס איז אַ סימן, אַז מען דאַרף אריינבעטן אליהו הנביא.

דאָס גיין עפענען די טיר איז פאַר מיר געווען אי אַ פרייד, אי אַן אַפּקומעניש. פון איין זייט, האָב איך פאַרט געוואָלט אַ ל יי ן עפענען די טיר, אפשר וועל איך פּ אָ ר ט דערזען אליהו'ען אריינקומען! פון דער צווייטער זייט האָב איך ניט געוואָלט אראָפּלאָזן קיין אויג פונעם „כוס", ווייל איך האָב זיך געוואָלט איבערצייגן, אַז אליהו הנביא גיט טאַקע אַ זופּ! איך פלעג קוקן אויפן „כוס", איך האָב זיך געמאַכט אַ סימן ביז וויפל עס איז דאָרט פאַראַן וויין, און איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז אליהו האָט טאַקע אַ זופּ געטאָן.

נאָכן „שפוך חמתך" הויבט זיך אָן אַ „זאָגעניש" וואָס אינטערעסירט מיך נישט. אָט דאַרף מען גאָר טון אַזאַ וואָכעדיקע ארבעט ווי... בענטשן! אָט דאַרף מען גאָר זאָגן „הלל", און דער טאַטע צעגאָרגלט זיך מיט „מושבי הקרת הבית", און כאַפּט אַ ליבלעכן שמייכל צו דער מאַמען וועלכע ראַמט אביסל אָפּ פון טיש און אימיצקעדערינען איז ער גאָר אריין מיט אַ „נשמת כל חי". ווי קומט „נשמת", אַ פּ שו ט ע שבתדיקע תפילה צו... יציאת מצרים? און שטילערהייט, אין הארצן, באַשטים איך ביי זיך:

אַז איך וועל עלטער ווערן, חתונה האָבן און פראַווען דעם סדר ביי זיך, וועל איך אָט דאָס גאַנצע איבעריקע „זאָגעכץ", אויסמיידן.

און — איך האַלט וואָרט...

גאָט האָט געהאָלפן, דער טאַטע גיט אַ רוף אויס:

— ויהי בחצי הלילה!

און דאָ הויבט זיך ערשט אָן דאָס אינטערעסאַנטסטע. נאָכן אָפּזינגען

די תפילה, הויבט אָן דער טאַטע זי פּאַרטייטשן און דערציילט וויפל נסים ונפלאות אין אָט דער נאַכט פון פּסח ס'איז געשען.

אַזוי ווערן מיר געוואוירע, אַז „בחצי הלילה" — אין דער האַלבער נאַכט האָט —

„גאָט געמשפּט דעם מלך פון גור דורכן חלום פון ביינאַכט".

„ישראל (יעקב אבינו) האָט זיך געבאָרעט מיט אַ מלאך און איז אים ביינעקומען".

היינט, וואָס בלשצר האָט געשיכורט מיט די הייליקע כלים און איז נעהרגעט געוואָרן! און וואו איז אחשוורוש וואָס האָט ניט געקאָנט שלאָפן און מען האָט אים אין דער האַלבער נאַכט געבראַכט דעם ספר הזכרונות און המן האָט געכאַפּט אַ מפּלה; און וואו איז דניאל וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן פונעם לייבן-גרוב, אַלץ —

בחצי הלילה!...

פאַרשטייט זיך, אַז אָט די געשיכטעס וואַרפן אָן אַ פּחד און אַן אימה אויף אונז און מיר באַקומען רעספּעקט פאַר אָט דער פּסח נאַכט אין וועל־כער עס געשעען אַזוי פיל נסים.

מיר קומען צו צו די איבעריקע „מזמורים", מיט לוסט און פרייד זינ־גען מיר אויס אַלע נגונים פון דער הגדה. די מאַמע, די שוועסטער, גייען דערווייל אַריין אין קיך אַריין, איבערוואַשן די „פּאַסודע" און מיר, די זכרים, ווילן איינער דעם אַנדערן געווינען ביים אויסזינגען דעם „שלשה עשר מי יודע"! אָדער דעם „ואתה השוחט ושחט לתורא". און׳ כאָטש די אויגן קלעפּן זיך, הן פון מידקייט פון טאָג, הן פון דעם כוס וויין, דאָך האַלטן מיר, קליינוואַרג, אויס ביז דעם לעצטן חד גדיא. דערפאַר אָבער, לאָזן מיר שוין איבער פאַרן טאַטן אַליין ער זאָל זאָגן דעם „שיר השירים".

:: :: ::

איך האָב זיך לענגער, שוין אפשר צו לאַנג, אָפּגעשטעלט אויף דער ערשטער פּסח-נאַכט. אָבער, צי איז אונז געבליבן אַ בעסערער, אַ מחיהדי־קער אָנדענק פון אונזערע טעפּליקס, פון אונזערע קינדער יאָרן! צי קאָנען מיר אויף איין מינוט פאַרגעסן אָט יענע גליקלעכע פּסח-נעכט וועלכע וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט צוריקקערן? צי איז ניט אָט יענע, פּסח נאַכט, דער שטאַרקסטער בונד וואָס קניפּט אונז צו צו אונזער אידיש - טראַדיציאָנעל לעבן?

ניט וויכטיק צי דאָ, אין אַמעריקע, פּראַוועט מען בעסער אָדער ערגער אַ פּסח-נאַכט! דער פאַקט איז, אַז אַלע, ניט בלויז די יעניקע וועלכע זיינען

נאָך צוגעבונדן צו דער אידישער רעליגיע אָדער טראַדיציע. נאָר אַפּילו די „פרײַדענקער“ און „חלב־פרעסער“, דערמאָנען זייערע קינדער יאָרן מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן און... בענקעניש!

:: :: ::

געווען פּרנסות וואָס האָבן פּסח געבליט; געווען אָבער פּרנסות, וועמענס באַלעבאַטים האָבן פּסח געהאַט „וואַקאַציעס“ ווייל זייער מסחר איז פּסח ניט אָנגעגאַנגען, אָדער ווייל מען האָט זיך ניט געטאָרט צ ו ר י ר ן צו דער סחורה.

איינע פון די פּרנסות וועלכע זיינען געווען אַ „פּסח־סעזאָן־אַרטיקל“ איז געווען, פּייסי באָדנער (אָדער באָנדערס) פּעסער.

אַ גאַנץ יאָר, האָט ער געלעבט פון „טשאַנגעס“, פון פאַריכטן אַ פאַס, דאָ אָדער דאָרט. ווייל נאָך אַלעמען, אַז ביי אַ טעפּליקער אידן האָט אָנגעהויבן רינען די דיישקע וואַסער, האָט ער זי, במחילה, אַליין פאַרקיטעוועט. פלעגט קומען ערב פּסח, האָט מען די חמצדיקע דיישקע, אָדער געבשרט, אָדער — אין מערסטן פאַל — ארויפגעטראָגן אויפן בוידעם און אָראָפּגענומען אַ פּסחדיק פעסל. עס פלעגט טרעפן אָפט, אָפט, אַז דאָס פעסל איז געווען איבערגעטרוקנט און מען האָט עס געדאַרפט „איבערקלאַפּן“.

האָט מען טאַקע, באַצייטנס זיך אָנגעהויבן צוגרייטן, פאַרזאָרגן מיט אַ פעסל פאַרן פּסחדיקן באָרשטש. און דאָ איז שוין פּייסי באָדנער געווען דער גאַנצער יחסן, און געריסן פּאַסעס! פונעם גאַנצן „רייסן פּאַסעס“ פלעגט מען אים ערב פּסח, דאַרפן געבן „מעות חטים“... ווייל ער האָט קוים־קוים געהאַט אויסצוקומען!...

אָבער דערפאַר ווען מען איז פּסח צוגעגאַנגען צום גרויסן פאַס באָרשטש, אָדער צום נייעם פּסחדיקן פאַס וואַסער, האָט מען זיך געשפּיגלט אין פּייסי באָדנערס מלאכה, און ניט איין אידענע האָט אים געוואונטשן דאָס אייביקע לעבן...

געווען אָבער פאַלן פונקט פאַרקערטע. פונקט דעם ערשטן טאָג פּסח האָט מען זיך אומגעקוקט, אַז דער פאַס... רינט. מילא, אין מיטן וואָך, ווען אַ פאַס רינט, נעמט מען אַ שטיק „קיט“, אַ שטיק ווייך ברויט אָדער אַ חלבדיק ליכטל און מען פאַרפּאָפּט דעם לאָך. פּסח אָבער, זיינען אָט די „פּראָדוקטן“ ניט בנמצא אין אַ אידיש הויז. קיט איז חמצדיק! און כאָטש אין „זשעליעזנע מאַגאַזין“ פאַרקויפט מען קיט, אָבער וועלכער איד וועט זיך חמצדיק מאַכן די הענט?... וועלכער איד וועט בכלל אָנרירן חמץ?

מוז מען שוין ווארטן ביז חול המועד, אז פּייסי באָדנער זאָל קומען פאריכטן דעם פּאָס. און באָרשטש? באָרשטש — לייט מען שוין ביי די שכנים, וועלכע זוכן אָט אזא מצווה צו העלפן אין אזא „נויט"...

א פּרנסה וואָס איז פּסח „געלעגן אין דר'ערד", איז געווען, מיין פעטער מאָטיע קרופּניקס! א גאַנץ יאָר, האָט דאָס בלינדע פערד זיך געדרייט אין דער ראָד און געשלעפּט דעם שטיין, וועלכער האָט „געריבן" די „רעטשקע" און געמאַכט גרויפּן, גרייפּקעלעך, און רעטשן־מעל. באַלד נאָך פּורים האָט ער געכשרט די שטיינער, און געריבן „מצה" אויף פאָרפל און מצה־מעל.

ערב פּסח, כמעט פאַרן זעצן זיך צו דער הסב־בעט, האָט ער פאַרענדיקט די אַרבעט, און אַלע אַכט טעג פּסח איז ער געווען אַרבעטסלאָז, און די מומע שפרה וועלכע פלעג זיצן אין מאַרק און פאַרקויפן די גרויפּן און דאָס רעטשן־מעל, און זומער פאַרברענט ווערן פון דער היץ און ווינטער איבערגעפרוירן ווערן פון קעלט, כאָטש זי האָט געהאַט א „פייער־טאָפּ" און געוואַרעמט די פיס (אויף די הענט האָט זי געטראָגן „הענעטשקעס" אָן פינגער...). אַלזאָ, די אַכט טעג פון פּסח, האָט זי געהאַט „וואַקאַציעס" און זיך אַרומגעקוקט אין שטוב. איר „אויסרוען" זיך איז געווען, זי האָט... חול המועד פּסח איבערגעשמירט אַלע צימערן פון דער שטוב און זיך ערשט אויף רעכט אָנגעהאָרעוועט און געבליבן אָן כוחות!...

די איבעריקע טעג פון פּסח, איז שוין ניט וויכטיק צו דערמאָנען. צו וואָס דערציילן, אַז אין משך פון אַלע אַכט טעג, איז קיין ברעקל חמץ ניט געווען צו קריגן אין קיין שום אידיש הויז. צו וואָס דערציילן, אַז  א ל ע  א כ ט  טעג האָט זיך דער יום טוב געפילט אין יעדער ווינקעלע פון שטוב. און צו וואָס דערציילן דעם ווייטיק, און דאָס האַרץ־קלעמעניש ווען מען האָט געדאַרפט צוריק נעמען איינפּאַקעווען די פּסחדיקע פּאָסודע און — אויס יום־טוב!

אמת, די לעצטע פּאָר טעג, דערהויפּט, דעם לעצטן טאָג האָט זיך שוין געבענקט נאָך א שטיקל ברויט. און ווי נאָר עס איז, אחרון של פּסח, געוואָרן פינצטער, בין איך שוין געווען ביי אורי בעקער און געקויפט א „פראַנדזעל" (א מין אַרגענטינער „מעדיא־לונא") פאַר א קאָפּיקע און אים איינגעשלונגען.

דעם ערשטן טאָג נאָך פּסח האָט מען נאָך געגעסן ברויט געקויפט אין „פּעקאַרניע" (פּאַנאַדעריע) און באַלד, באַטאָג האָט די מאַמע ראָשטשינעט ברויט און —

עס איז געוואָרן וואָכעדיק אין יעדער ווינקל. און מיר׳ די חדר־אינגלעך, האָבן שוין אָנגעהויבן טראַכטן פון גיין אין חדר — אַפּט, אָפּט, צו אַ נייעם מלמד.

:: :: ::

געווען אַ סך אידן וואָס האָבן פונעם פּסח געמאַכט אַ שיין לעבן און האָבן געהאַט צו דעכען דערמיט דעם גאַנצן זומער. די מצה־בעקערס, די „יאַיעטשניקעס״, די באָדנערס און טאַקע די שניידערס, שוסטערס און קאַש־קעטן־מאַכערס, האָבן פונעם פּסח אָפּגעשפּאָרט אויף צו לעבן עטלעכע חדשים.

געווען, אָבער, אַנדערע אידן, וואָס האָבן זיך, צוליבן פּסח, פאַרבאָרגן אין חובות און עטלעכע חדשים נאָכאַנאַנד געדאַרפט אויסצאָלן און אָרומ־צאָלן זיך וואָס ער האָט אָנגעבאָרגט. דערהויפּט איז מען געווען שולדיק פאַר די מלבושים וואָס מען האָט זיך געמאַכט. אויף פּסח, האָט מען ד ע ר ו ו י ל עפּעס „אַריינגעוואָרפן״ דעם שניידער׳ דעם שוסטער, און אין „מאַנופאַקטור־נע מאַגאַזין״. און אַז עס איז געקומען דער „נאָך־פּסח״ האָט אָנגעהויבן טרו־קענען דער קאָפּ אָפּצוגעבן...

געווען אויך אַ סך אידן, וועמען עס איז ניט אָנגעשטאַנען צו נעמען „מעות חטים״, האָבן זיי, ערב פּסח, זיך אָנגעבאָרגט ביי די מצות, ביי די אייער, און טאַקע ביים קצב... אָט פאַר זיי, איז דער „נאָך־פּסח״ געווען די ערגסטע צייט פון יאָר...

געווען געשעפטן וואָס האָבן געליטן פונעם פּסח און „נאָך־פּסח״.

עס האָבן דערהויפּט געליטן די „באַקאַלייניע און גאַסטראָנאָמיטשעסקע מאַגאַזינען״, וועלכע האָבן פּסח געפּוסטעוועט. ראַצים גאַסטראָנאָמיטשעסקע געשעפט, וואָס פלעגט אַ גאַנץ יאָר „לייזן גאָלד״, איז פּסח געווען ווי אָפּ־געשטאָרבן. און טאַקע. ווער וועט עס גיין קויפן „סערדעלן״ אָדער כאַלוואַ, אָדער „קראַקאָווסקי״ וואורשט. ווער וועט פּסח גיין קויפן הערינג אָדער גע־רויכערטע פיש?

איז טאַקע געווען אַ רחמנות זיך צוקוקן צו די אָרימע קרעמער, וואָס האָבן פּסח, נעבעך, געליטן גרויסע פאַרלוסטן!

אַנדערע געשעפטן, דערהויפּט די מאַנופאַקטורנע מאַגאַזינען, האָבן אויך עטלעכע וואָכן נאָך פּסח ניט געלייזט קיין געלט. דער׳ וואָס האָט זיך עפּעס נעדאַרפט מאַכן — האָט זיך געמאַכט פ אַ ר פּסח. און אויב מען האָט אפילו שוין יאָ באַשטימט גיין נעמען אַ קליידל דער אידענע אָדער דער

טאָכטער, איז מען געווען אזוי „אויסגעבייטלט” פונעם פסח, אז עס איז פשוט קיין געלט ניט געווען.

פאַר אונז, קינדער, האָט זיך דער „נאָך־פסח” אָנגעהויבן מיט אַ סך פרייד, אָבער אויך מיט אַ סך קאַפּווייטיק. מיר האָבן ליב געהאַט דעם פרי־לינג, דעם זומער און זיך מחיה געווען מיטן וואַרימען וועטער פון „נאָך־פסח”. מיר האָבן אָבער געדאַרפט האָבן אַ מיניסטער־קאָפּ ניט צו פאַרגעסן וואָס פאַר אַן „עומר” עס איז היינט! עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשיכטע מיט „ציילן ספירה” און מיר, קינדער, וועלכע האָבן אָפט ליב געהאַט פאַר־לייקענען אַ מנחה־מעריב, האָבן  א י צ ט  געדאַרפט געדענקען, גוט גע־דענקען, ווי מיר האַלטן אין דער „ספירה” און וועלכער „יסוד” עס איז היינט? און ווייַ איז אונז געווען ווען מיר האָבן פאַרגעסן, און אַנשטאָט „חסד שבתפארת” האָבן מיר געזאָגט „הוד שמבלכות”.

אין אַלגעמיין איז דאָס ספירה ציילן געווען פאַר אונז, קינדער אַן אָפּ־קומעניש. צוליב דער „ספירה” האָבן מיר שוין געמוזט דאַווענען מעריב אַלע טאָג, צוליב „ספירה” האָט אי דער טאַטע אי דער רבי אונז שטענדיק גע־האַלטן אין די הענט” און מיט אַ מעגלעכקייט צו פּאַקן אונז, אַז מיר האָבן ניט געדאַוונט... און אַלס לוין — גוטע פּעטש.

דערפאַר אָבער, האָט אונז דאָס ספירה ציילן אָנגעזאָגט ווי מיר האַלטן און וויפל עס פעלט צו ל״ג בעומר, און דאָס איז געווען אונזער לוין.

און נאָך אַ זאַך האָבן מיר זיך ספירה מחיה געווען: ספירה טאָר מען זיך ניט  ש ע ר ן ! און וועלכעס טעפּליקער קינד האָט עס ליב געהאַט זיך אָוועקזעצן ביי חיימל צירולניק און זיך לאָזן שערן?... דאָס שערן איז גלאַט געווען אַן אָפּקומעניש פאַר אונז...

## ק א פ י ט ל  פ ע ר צ ן

# טעפּליקער קינדער האַלטן פון אַלע אידישע ימים־טובים

טעפּליקער קינדער פּראַוועו ל״ג בעומר. — דאָס גיין אין פעלד אַריין. — דער אַנבייסן מיטן עפּל־קוואַס. — דער „באַהעלפער" וואָס נאַשט אַלץ אויף. — דער רבי וואָס דערציילט פון רבי עקיבאן — טעפּליקער קינדער זיינען פאַרליבט אין רחלן, די טאָכטער פון כלבא שבוע — חנוכה. — די לאַט־קעס און דאָס חנוכה־געלט. — מען שפּילט אין „קוויטלעך" און „דריידל". — פאַרוואָס איז חנוכה? — שלמה סיראָטאַ, דער שטאָט אַפּיקורס, גלויבט ניט אין „נס"־חנוכה. — חמשה עשר בשבט — מען איז מקנא די ציגן פון ארץ ישראל — די טייטלען וואָס וואַקסן נעבן ירושלים. — פּורים — דאָס לייענען די מגילה. — דער גראַגער — המן און ויזתא כאַפּן גוטע קלעפּ. — די מאַמע באַקט פלאָדן — דאָס טראָגן „שלח־מנות" — איך פאַרדין אַ „זייט־געלט". — די פּורים־סעודה — דער 'טריאַטער" מיט אחשורושן — דער רבי דערציילט וועגן פּורים. — שבועות — די מעשה מיט רותן. — דאָס עסן מילכיקס — איך בין שטאָלץ מיט מיין אידיש־קייט. — טעפּליקער אידן און די ימים נוראים, קבר אָבות און תשליך. — איך פאַסט יום־כפור. — שמחת־תורה פאַרגיטיקט אַלעס.

טעפּליקער אידן האָבן אָפּגעהיט אַלע טראַדיציאָנעלע און רעליגיעזע ימים טובים! און, ניט בלויז די  ג ר ו י ס ע  ימים טובים אָדער הייליקע טעג אין וועלכע מען ליגט אַ גאַנצן טאָג אין שיל און מען איז מתפלל צום רבונו של עולם און מען בעט אויף געזונט און פּרנסה, נאָר וועלכן עס איז קליינעם יום־טוב, האָבן אים טעפּליקער אידן געפּראַוועט, כדת וכדין.

און דערום, איז ל״ג בעומר געווען אַ יום־טוב; פּורים — אוודאי און אוודאי; חנוכה איז געווען חנוכה און חמשה עשר בשבט — האָט מען אים אויך ניט דורכגעלאָזט גלאַט אַזוי זיך! פון שבועות, פון סוכות, פון ראש השנה און יום־כיפור — איז דאָך אָפּגערעדט! און וואָס דאַרפט איר מער, וועלכער טעפּליקער איד האָט ניט געוואוסט  ו ו ע ן  מען בענטשט ראש־חודש און ווען עס איז ראש־חודש? וועלכע טעפּליקער אידענע האָט, חלילה,

ראש־חודש געשטריקט א זאק, אָדער פאריכט דעם מאַנס תחתונים? ראש־חודש איז געווען א יום־טוב־טאָג און א יום־טוב איז אין טעפליק געווען... יום־טוב!

מיר, קינדער, האָבן געהאַט עטלעכע ימים טובים, אין וועלכע מיר האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָל, און געמיינט האָבן מיר, אז גאָט האָט זיי באַשאַפן פון אונזערטוועגן, כדי מיר, אידישע קינדערלעך, זאָלן וויסן וואָס עס הייסט געלעבט אויף דער וועלט!

אָט, למשל, אַזאַ יום־טוב ווי ל״ג בעומר! פאַר וועמען, דענקט איר, איז ער באַשאַפן געוואָרן אויב ניט פאַר אונז, טעפּליקער קינדער? אמת, די גרויסע האָבן אים אויך אויסגענוצט און האָבן אין דעם טאָג געפּראַוועט די חתונה פון זייערע קינדער אָדער א תנאים ביי דער טאָכטער. דער יום־טוב אָבער, איז געווען אונזערער! און אזוי ווי גאָט פלעגט געבן דעם רעגן כדי אידן זאָלן קאָנען מאַכן א ברכה איבער א דונער און טעפּליקער קינדער זאָלן קאָנען זינגען דאָס לידעלע:

גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן
פאַר די קליינע קינדערס וועגן
אי ביי־טאָג, אי ביי־נאַכט,
טיר און טויער צוגעמאַכט!

אזוי האָבן די טעפּליקער קינדער געוואוסט, אז דער ל״ג בעומר איז זייער יום־טוב. אין אָט דעם טאָג, האָבן רבי עקיבאס תלמידים אויפגעהערט צו שטאַרבן! און דערפאַר, דאַרף מען גיין אויפן פרייען פעלד מיט א „ביקס" געמאַכט פון א ברעטל, און מיט א „פיילנבויגן" און שטעקעלעך צו „שיסן" און מיט א זאַפּאַס פון עסנוואַרג און טרינקעכץ אויפן גאַנצן טאָג!

ל״ג בעומר, איז טאַקע געווען דער איינציקער טאָג „אינמיטנדערוואָך", וואָס טעפּליקער קינדער האָבן זיך פאַרגינען אַוועקצוגיין אויפן גאַנצן טאָג פון דער שטוב, גיין אין פרייען פעלד וואו עס קען טרעפן א שגץ מיט א טשערעדע שאָף, מיט א הונט וואָס האַווקעט און בייסט, און דאָך ניט מורא האָבן! ווייל ער גייט „באַוואָפנט" און דער עיקר — מיט א קאָמפּאַניע פון צענדליקער קינדער פון אַלע חדרים.

קיין איבעריקן וואַזשנעם אָנבייסן האָט מען אין פעלד אריין ניט מיטגענומען. די מאַמע האָט אריינגעלייגט אין טאָרבעלע אריין, צוויי האַרטע אייער, א שטיקל דאַרע קישקע (א כפּרה אַלע וואורשטן אין דער וועלט פאַר אָט יענעם קליינעם שטיקעלע דאַרע קישקע וואָס די מאַמע האָט אַליין געמאַכט), א פּאָר קנישיקלעך פון הירזש, וואָס די מאַמע האָט נעבטן געמאַכט

און האָט באַהאַלטן פאַרן קינד מאַרגן מיטצונעמען, און אַ צוויי באַרעלעך אָדער עפּעלעך, וועלכע מען האָט געקויפט פאַר דריי קאָפּיקעס אַ צענדליק ביי דער גויע אין מאַרק.

אונז, קינדער, האָט אָבער ניט אַזוי אינטערעסירט דאָס עסן, ווי דאָס... טרינקען! ל״ג בעומר אינדערפרי זיינען מיר אוועק אין מאַרק אריין און גע־קויפט פאַר אַ קאָפּיקע און אַמאָל פאַר גאַנצע צוויי קאָפּיקעס עפּל־קוואַס (דאָ, רופט מען עס „טשאַמפּאַן״ און עס איז בימער ווי די גאָל) .מיט אַט דער פלאַש עפּל־קוואַס איז אונזער יום־טוב געווען קאָמפּלעט. פאַרשטייט זיך, געווען אויך קינדער וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך „מעדני מלך״ ווי למשל, אַ פּולקעלע פון עוף, אַ פליגעלע, און אַמאָלביידע זאַכן צוזאַמען! אָבער מיר, קינדער, זיינען ניט מקנא געווען אַט די רייכע מאכלים, ווייל, במילא האָט מען זיך געטיילט: מיר אַ ביס, דיר אַ ביס! מיר אַ שטיקל מאַ־מעליגע מיט קעז, דיר אַ שטיקל קניש מיט קעז, מיר אַ ביס פּולקע, דיר אַ ביס לעבער! פון מישן מילכיקס מיט פליישיקס, איז קיינעם, חלילה, אפילו אויפן געדאַנק ניט אַרויף!

ניט שטענדיק האָבן מיר אָבער, הנאה געהאַט פון אונזער עסן, און ניט שטענדיק האָבן מיר בכלל געגעסן אונזער מיטיק. דעם גרעסטן חלק מיטיק האָט גאָר אויפגעגעסן דער... באַהעלפער, וועלכער האָט אונז באַגלייט אין פעלד אַריין! ער פלעגט צונעמען פון בעסטן און שענסטן, אויס־טרינקען אונזער קוואַס און זיך וועקלייגן אויפן גראָז פּאָפּן ביז פאַרנאַכט. און, ווער וועט עס גיין פּראָטעסטירן וואָס דער באַהעלפער עסט אויף? אדרבא, מען האָט נאָך געמאַכט אַ פיינע גרימאַסע און אַרויסגעוויזן גרויס צופרידנהייט וואָס דער באַהעלפער פרעסט און זויפט אויף אונזער אָנבייסן! עפּעס אַ קלייניקייט! ער טוט דאָך אונז אַזאַ טובה וואָס ער באַוויליקט צו „פאַרזוכן״ און זאָגן מבינות ווערמענס מאַמע איז מער בריה! און ווערמענס טאַטע איז ניט קיין דבר אחר האָט געגעבן מער קוואַס.

דערפאַר אָבער, ווען ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן, זיינען מיר געוואָרן אמתע בני חורין, געקאָמאַנדעוועט און אַרומגעלאָפן ווי אַזוי און וויפל מיר האָבן אַליין געוואָלט, און פאַרגעסן גאָר, אַז מען איז הונגעריק. און אַזוי ווי מען איז געווען פאַרשוויצט, און וואו צו געבן אַ טרינק איז ניט געווען, האָט מען געפּאַקט ערגעץ ריטשקע וואַסער, זיך אָנגעטרונקען און באַקומען דעם אמתן בויך־וויייטיק אויף עטלעכע טעג!

אַנדערש אָבער איז געווען ווען עס האָט אונז באַגלייט דער רבי אַליין און מיט אונז פאַרבראַכט דעם טאָג. דעמאָלט האָבן מיר געהאַט דעם בעסטן

טאָג פון יאָר. ערשטנס, איז טאַקע דער רבי געווען אויף אונזערע קעסט, אָבער ער האָט נים אויפגעגעסן און אויסגעטרונקען אַלעס וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. ער פלעגט בלויז פאַרזוכן, מאַכן אַ ברכה איבערן קוואַס און באַלד בענטשן; צווייטנס, האָט ער אונז אָפּגעהיט, אַז מיר זאָלן נים שטיפן מער וויפל אונזערע כוחות האָבן אונז דערלויבט און נישט ווערן פאַרשוויצט; דריטנס — און דאָס איז געווען דער עיקר, ער פלעגט אונז דערציילן אַ גאַנצן טאָג מעשיות, דערהויפּט פון רבי עקיבאַן, אָט דעם פשוטן פּאַסטוך וואָס האָט נים געוואוסט קיין צורת אות און איז געוואָרן דער גרעסטער למדן און תנא! ער האָט אונז געגומען אויסמאָלן רחלען, די גבירישע טאָכטער פון כלבא שבוע וואָס האָט זיך פאַרליבט אין דעם פשוטן פּאַסטוך־יונג, האָט זיך אונז אויסגעוויזן, אַז אָט זעען מיר זי, די יפת תואר, און מיר האָבן זיך שוין אויך איינגעליבט אין איר!

נאָר אָט ווייזט אונז דער רבי דאָס בילד ווי אַזוי ר ח ל ע, נעבעך, שטייט איבער אַ דישקע גרעט (וועש), שטייט איינגעקאָרטשעט און איינ־געהויקערט און פאַרדינט אויף פּרנסה פאַר איר און פאַר איר מאַן וועמען זי העלפט אַרויס, כדי ער זאָל קאָנען לערנען! און מיר, חדר־אינגלעך, באַקומען מיטלייד אויף אָט דער שיינער אידישער טאָכטער וועלכע איז געוואַקסן אין אַ ז אַ לוקסוס און איצט מוז זי, נעבעך, אַזוי האָרעווען! מיר ברענען פאַר כעס, אויף דעם פאָטער, דעם אכזר, דעם הינט מיט אויערן וואָס הייסט טאַקע „כלבא שבוע״ און מיר זיינען גרייט זיך צו צעטיילן מיט רחלען מיט אַלעס וואָס מיר פאַרמאָגן, אפילו מיט די אָפּגעשפּאַרטע עטלעכע קאָפּיקעס.

און אָט ווייזט אונז דער רבי אַ בילד ווי רבי עקיבא איז שוין אַ גרוי־סער לערנער און נאָך צוועלף יאָר לערנען, קערט ער זיך אום אַהיים צו זיין רחלען מיט גרוים כבוד. דערציילט מען רחלען, אַז איר מאַן איז שוין אַ גרויסער לערנער און מען פרעגט זי, צי זי בענקט נים נאָך אים? ענטפערט זי:

— אויב ער זאָל ווערן אַ גרויסער לערנער, אַרט מיך נים, אַז ער זאָל דאָרט בלייבן נ אָ ך צ וו ע ל ף יאָר!...

רבי עקיבא שטייט אונטערן פענצטער, הערט וואָס רחלע זאָגט און קערט זיך אום צוריק צו לערנען תורה. און רחלע ווייסט אפילו נים, אַז איר מאַן, רבי עקיבא, שטייט אונטער דער טיר און הערט זיך איין...

דער רבי דערציילט ווייטער. און כאָטש מיר געדענקען פון פאַראיאָרן און פון פאַר צוויי יאָרן, דאָך זיצן מיר מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און הערן ווי דער רבי דערציילט ווייטער ווי אַזוי רבי עקיבא קומט דערנאָך אַהיים מיט 24 טויזנט תלמידים און ווי אַזוי ער קומט אין דעם אָרט וואו

זיין רחלע געפינט זיך, אן ארימע, אפגעריסענע און אפגעשליסענע׳ און שטופט זיך צווישן עולם כדי זיך דערנענטערן צו אים! און ווי אזוי זיינע תלמידים, ניט וויסנדיק אז דאס איז זיין פרוי, לאזן זי ניט צו צו אים און רבי עקיבא גיט א געשריי צו זיי:

— לאזט זי צו! ווייל אלעס וואס א י ך פארמאג (תורה) און אלעס וואס א י ר פארמאגט, האבן מיר א י ר צו פארדאנקען!...

מ י ר פאטשן בראוואָ! ווען מיר פאקן רחלען וואלטן מיר איר אויס־געקושט יעדער אבר. ווען דער רבי דערציילט, אז כלבא שבוע איז געקומען איבערבעטן רבי עקיבאן און ער מיט רחלען האבן אים מוחל געווען, האבן מיר געהאט גרויס פאראיבל אויף זיי. אבער דער רבי האט זיי פארענטפערט:

— פארט א טאטע! כבוד אב!

און אזוי איז דער טאג ביי אונז אוועק. מיר גייען אהיים זינגענדיק, לעבעדיק און פריילעך און אזוי איז אלע יאר. ווי נאר עס קומט דער ערשטער טאג נאך פסח, אזוי הויבן מיר שוין ווידער אן ציילן די וואכן, די טעג, די שעהן, צו דערלעבן דעם ל״ג בעומר און ווידער דאס אייגענע...

:: :: ::

דער צווייטער יום טוב וואס איז באשאפן געווארן כדי טעפליקער קינ־דער זאלן הנאה האבן פון גאטס וועלט, איז געווען דער יום־טוב ח נ ו כ ה.

אמת. פון חנוכה האבן שוין די גרויסע אויך הנאה געהאט, און אפשר נאך בעסער, פון אונז, קליינוואַרג! אבער מיר, די טעפליקער קינדער, האבן פון חנוכה געהאלטן אן עולם ומלואו!

ערשטנס, האט מען חנוכה ניט געלערנט ביינאכט, און די ביינאכטן האט מען פארבראכט אין דער היים און נ ע ק ו ק ט ווי דער טאטע מיט נאך עטלעכע אידן, דערהויפט די שותפים, פלעגן שפילן אין קוויטלעך, אין לאטא אדער גאר אין בלאנדזש; צווייטנס: אויב מען האט ה יי נ ט ביינאכט נ י ט געשפילט ב יי א ו נ ז, דאן האבן מיר, חברה, גענו־מען די קאנקעס אדער דאס שליטעלע און אוועק צום טייך אדער צו דער אומאניער בריק, זיך שליטלען בארג־אראפ!

דאס וויכטיקסטע אבער׳ פארוואס מיר, וועוריקעס, האבן ליב געהאט דעם יום טוב חנוכה, איז געווען צוליב דעם —

חנוכה געלט!

פונעם חנוכה איז געווען געווענדט צי איך וועל פסח... האבן א נייַ קאשקעטל. פון חנוכה, פונעם חנוכה־געלט וועלכן איך האב באהאלטן אין דער קאלטער זאל אונטערן סאפא, איז געווען געווענדט, צי איך וועל האבן

א „מאַטראָסקע״ קאָסטיום נאָך וועלכן איך האָב אַזוי געבענקט! פון חנוכה־געלט איז געווען געווענדט צי איך וועל זיך קויפן אַזעלכע קאָנקעס ווי יאַנקל ווישניאַק האָט! אמתע שטאָלענע קאָנקעס, ניט אַזעלכע ווי איך האָב, שטיקלעך האָלץ און אינמיטן אַן אָנגעשאַרפט שטיקל אייזן איבער וועלכן מען קאָן ברעכן האַלז און נאַקן!

מיט איין וואָרט. מיר האָבן געמאַכט טויזנטער פּלענער וואָס מירן טון מיטן חנוכה־געלט און דער סוף איז געווען, אַז דער טאַטע האָט עס דערנאָך געליען אַ גמילת חסד ביי אונז ביז... פּסח! אָבער, לייען איז אַ יי ן זאַך, און חנוכה געלט דאַרף מען געבן.

און געגעבן האָבן חנוכה געלט אַ ל ע ! עס האָט געגעבן דער טאַטע, די מאַמע, דער עלטערער ברודער און שוועסטער. דערנאָך איז מען געגאַנגען צו פעטער מאָטיע, דערנאָך צו דער מומע שפרה, צו דער מומע חייקע, צו דער מומע יהודית. מען האָט קיינעם ניט דורכגעלאָזט און מען האָט זיך ניט געשעמט צו מאָנען וואָס מער און צו פּראָטעסטירן אויב מען האָט גע־געבן ווייניקער ווי פאַראַיאָרן!...

נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין אָפּגענומען ביי יעדערן זיין חנוכה געלט, האָבן מיר זיך מיט דעם גוט אָנגעשפּילט עטלעכע טעג און דערנאָך אָוועק־געגעבן דעם טאַטן אויף צו באַהאַלטן אויף פּסח.

די עלטערע אידן האָבן פונעם חנוכה געהאַט ניט ווייניקער הנאה ווי מיר, קליינוואַרג. ניט געווען קיין איין אידיש הויז אין טעפּליק וואָס זאָל ניט פאַרברענגען אויפן בעסטן אופן אָט די אַכט טעג.

אָנגעהויבן האָט זיך דער חנוכה מיט אָנצינדן דאָס ערשטע חנוכה־לעמפּל. אין אַ סך, אין דער גרעסטער טייל אידישע הייזער איז געווען אַ ספּעציעל חנוכה־לעמפּל, וואָס איז פון יאָר צו יאָר געשטאַנען אין גלעזער־נעם קאָמאָד און האָט געוואַרט אַז מען זאָל עס אַרויסנעמען צום נוצן. איי־ניקע האָבן אויך געהאַט דעם „שמש״ אויף אָנצוצינדן די ליכטלעך.

אין אַנדערע הייזער, אָרימערע, אָדער אַזעלכע ביי וועמען דאָס חנוכה לעמפּל האָט שוין אָפּגעדינט די דרייסיק־פערציק יאָר און קיין נייס וועט מען „פּלוצים״ ניט גיין קויפן, אין אַזעלכע הייזער, האָט מען גענומען אַ קאַרטאָפל, אויסגעשיילט דאָס אינעווייניקסטע און עס איז געוואָרן אַ חנוכה לעמפּל. אַלע טאָג האָט מען צוגעגעבן אַ נייע קאַרטאָפל. פאַרשטייט זיך, אַז אין שטוב איז געווען אומעטיק און מען האָט זיך געשעמט צו נוצן אַזעלכע חנוכה ליכטלעך. מיט יאָרן שפּעטער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען קעראָסין איז געווען אַ יקר המציאות, איז האַלב טעפּליק געזעסן חדשימווייז

ביי אַט די „ליכטלעך״ און מען האָט גערדאַנקט גאָט, אַז מען האָט געהאַט אַזאַ קאַרנעצל צו קאָנען זיצן אַ פּאָר שעה אויפדערנאַכט.

באַלד נאָך מעריב, ווי נאָר דער טאַטע איז געקומען פון שיל איז שוין געשטאַנען אויפן פּענצטער גרייט דאָס חנוכה לעמפּל. אין דער זייט איז געשטאַנען אַ פלעשעלע מיט בוימל וואָס מען האָט באַנוצט אויף צו ברע־נען און נעבן פלעשעלע, אַ שטיקל גראָבער פאָדים וואָס האָט געדינט אַלס „ליכטל״.

אין די גרעסטע טייל באַלעבאַטישע הייזער, האָט מען חנוכה אויפדער־נאַכט זיך צוזאַמענגעקומען און פאַרבראַכט ביי שפּילן אין „עפּעס״.

די באַליבטסטע שפּיל איז געווען אין „קוויטלעך״. די קוויטלעך זיינען געווען ביז ל״ב (אין איינציקע הייזער איז דאָס גרעסטע קוויטל, די טויז קאָזיר געווען ל״א). די קוויטלעך זיינען געווען, אַליין געמאָלענע און האָבן געהאַט דעם גאַנצן אידישן חן פון „זשיוואָפּיסאַניע״ (קאַליגראַפּיע, שיין־שרייבן). מיט צוגרייטן די קוויטלעך צו שפּילן, איז געווען אַ ספּעץ מיין מלמד עליע שיכמאַן, וועלכער פלעג אָנגרייטן אויף חנוכה אפשר צוואַנציק טעשלעך „קוויטלעך״ און פון דעם אָפּגעשפּאָרט אויף... מצות לפסח.

און אָט האָט איר אַ טעפּליקער שטוב אין מיטן חנוכה:

אין סטאָלאָווע ברענט דער צוועלפער לאָמפּ. די ליכטלעך האָבן נאָר־וואָס אויפגעהערט טשאַדען און זיינען שוין פאַרלאָשן געוואָרן. אַרום טיש זיצן אויסגעזוצט עטלעכע אידן וועלכע שפּילן אין קוויטלעך. אין דער זייט אויף דער ערד, זיצן מיר קינדער און שפּילן אין „דריידל״, וואָס מיר האָבן געקויפט ביי אהרן יאָסל גערשונאָוו פאַר צען גראָשן (אַ ביינערדיקס!). פון אויבן, פון טיש הערט זיך קולות:

נ ע ם ז י ך, נאָר מיט איינעם ווינציקער.

פון הינטערן טיש, וואו מיר זיצן הערט זיך אַ קול:

געפאַלן אויף דעם „שין״! דאָס דריידל וועלכעס האָט געהאַט פיר אָו־תיות נ. ג. ה. ש. (נס גדול היה שם) איז דער קאָזיר געווען ווען עס דרייט זיך און דרייט זיך און פאַלט אויף דער „שין״

זיי, אויבן, האָבן געשפּילט אויף געלט. אַ... קאָפּיקע אַ קאָן, אַ צענער אַ „קאָן״ און אַפילו אַ גריוועניקע (צען קאָפּיקעס) אַ קאָן.

מיר, הינטערן טיש, האָבן געשפּילט אויף... קנעפּלעך און ביבערס (גרויסע קנעפּ). מיר האָבן, חנוכה צייט, אָפּגעריסן וואו ערגעץ אַ קנעפּל, וואָס מיר האָבן געפּאַקט און דאָס איז געווען אונזער געלט. געווען צייטן, חנוכה, ווען איך בין אַרומגעגאַנגען מיט פולע קעשענעס מיט קנעפּ און ביבערס.

און געווען צייטן, ווען איך האָב צוגעבונדן די הייזלעך מיט שטריקלעך און פון טאַטנס אַלטע הויזן איז שוין אויך קיין זכר ניט געווען פון אַ קנעפּל און דאָס אַלעס האָט צוגענומען די „חנוכה־רולעטע", דאָס דריידל!

אינמיטן שפּילן גייט אַריין די מאַמע אַ פאַרפלאָמטע און פאַרפאַ־ליעטע! זי הייסט מאַכן אַ סוף, זי דאַרף גרייטן צום טיש.

דערהערט „גרייטן צום טיש", מאַכט מען הענדום־פּענדום, אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף, און מען רייניקט אָפּ דעם טיש.

אין אַ מינוט אַרום קומט די מאַמע מיט אַ גרויסן פּאַלומעסיק פּאָמ־פּושקעס אָדער באַלאַבעשקעס מיט קנאָבל, באַשמירט מיט געגזענער שמאַלץ וואָס מען האָט אַראָפּגענומען און געפּרעגלט אויף פּסח, און אַלס צוגאָב — עטלעכע געגזענע גריוון.

די פּאַמפּעשקעס זיינען געווען פריש, הייס, האָבן געברענט אין מויל. אַזוי האָט מען זיי געגעסן און אַזוי האָט עס ב"ה קיינעם ניט געשאַדט. אָפּגעגעסן די באַלאַבעשקעס, האָט מען דערלאַנגט אַ גרויסע שיסל מיט אַ סוף פון פּאַסאָליעס אָדער אַ הירזשענעם קוליזש מיט שמאַלץ אָדער אַ רויטן באָרשטש מיט מאַרך־ביינער אָדער אַ „סופּאַניע" (אַ סוף פון הירזש מיט פּאַסאָליעס) און דער עולם האָט געשטופּט די לעפל אין דער אַלגעמיינער שיסל און מען האָט געבליעפּטשעט און גערעדט! גערעדט און געבליעפּטשעט.

אַן אַנדער אויפדערנאַכט, האָט מען, אַנשטאָט די באַלאַבעשקעס, דער־לאַנגט רעטשענע לאַטקעס און אַלס אַ „פריער" האָט מען אַריינגעשיקט צו ראַציען אין „גאַסטראָנאָמיטשעסקי מאַגאַזין" און מען האָט געקויפט עט־לעכע קעסטלעך סאַרדינעס אָדער עטלעכע אוליקעס מיט „מילך" און מען האָט געמאַכט די אמתע סעודה.

למען האמת, דאַרף אויך דערציילט ווערן, אַז די דאָזיקע סעודה איז, ניט שטענדיק געווען על חשבון הבעל־הבית! דאָס האָט מען אַראָפּגענומען „סטאַווקע" פון טיש, און פאַר דעם געלט האָט מען זיך געלאָזט וואוילגיין. די באַלעבאָסטע האָט נאָך געגעבן איר טרחה און דערפאַר האָט זי שוין עפּעס אָפּגעשפּאָרט אויף מאַרגנדיקן מיטיק...

נאָכן עסן, האָט מען שוין די ווייבער אויך מצרף געווען צום מנין, און מען האָט געשפּילט אין „ל אָ ט אָ", אַ שפּיל וואָס אַ קינד פון פינף יאָר קאָן אויך די תורה. די שפּיל איז געגאַנגען אַ... גראַשן אַ קאָן. און דערפאַר זיינען מיר, קינדער, געבליבן אויסער דער שפּיל. אמת טאַקע, מיר האָבן גע־האַט געלט, געהאַט אַ סך געלט. אייניקע פון אונז אפשר דריי קערבלעך.

אבער איינשטעלן און פארשפילן א גראשן, וועט קיינער ניט פון אונז. מען וואלט זיך באוויינט די יארן.

געוועז אויך הייזער אין טעפליק, וואו מען האט חנוכה געשפילט אין קארטן. אין אמתע קארטן! מען האט געשפילט אין איין און צוואנציק, אין אן אקע, אין טערטל־מערטל, אין א קלאוויאש און אין נאך אזעלכע „אויס־געלאזענע שפילן"! אזעלכע זאכן האבן געטראפן ביי חיים באסיין, ביי שלמה סיראטא, ביי נח מאזעס, ביי רפאל גארמאכס און נאך אזעלכע הייזער. און אז א איד האט איין נאכט פארשפילט א דריירל, האט מארגן געוואוסט די גאנצע שטאט, און יעדער איינער האט געטייטלט אויף אים מיט די פינגער! און ווער ווייסט, צי די טעפליקער באנק וואלט אים ניט געוועזן אפגעשניטן דעם קרעדיט, ווען עס זאל ניט געוועזן טרעפן, אז דער גבאי פון באנק, הערשל פאליאק, און נאך א פאר „נאטשאלסטווע" פון דער באנק, זאלן ניט געוועזן זיין צווישן די... פארשפילטע (אדער צווישן די גע־וואונענע).

אין א שיינעם טאג, איז שיקע סאקאראנסקי געקומען פון זאגראניצע (דוכט זיך פון לוואוו) און געבראכט די שפיל וואס הייסט „פאקער". איז אוועק א סדרה „פאקער"! קינד און קייט האבן געשפילט „פאקער" אבער... בלויז חנוכה־צייט. זייער ווייניק טעפליקער אידן האבן זיך אוועקגעזעצט אינמיטן דער וואך צו שפילן אין קארטן! און פון שפילן ש ב ת אין קארטן, איז זיכער קיינעם ניט איינגעפאלן אפילו, און קיינער וואלט ניט געוואגט.

מען האט געשפילט אויך אין אנדערע „אנשטענדיקע" שפילערייען, ווי למשל, אין א „פינפהונדערט איינס", „טוויזנט־איינס"! דערהויפט האט מען געשפילט א „זעקס און זעכציק" און „טאבלין". די גאר פרומערע אידן וועל־כע האבן געהאלטן און געגלויבט, אז חנוכה איז א מצווה צו שפילן, האבן געשפילט אין „דאמקעס" אדער אין „ציג און וואלף".

ניט גאנץ חנוכה האט מען געהאלטן אין איין שפילן אין קארטן. געוועזן נעכט, ווען מען איז געזעסן און דערציילט וועגן דעם „נס" פון חנוכה און בכלל וועגן חנוכה.

דאס דערציילן וועגן חנוכה איז געוועזן פארשידן, לויט די הייזער אין וועלכע מען האט זיך פארזאמלט און גערעדט וועגן חנוכה.

אין די פשוטע אדער ארטאדאקסישע הייזער האט מען געוואוסט, אז דעם יום טוב חנוכה פראוועז מיר, ווייל די „יונים" (יעוואנים) זיינען בא־פאלן ירושלים, עיר הקודש, זיינען אריין אין בית המקדש און אים מטמא גע־מאכט. זיי האבן דארט אריינגעשטעלט א קאפ פון א חזיר (און וואס איז

נאָך געווען אזוי טמא ווי א חזיר?) און זיך געהייסן בוקן צו אים! זיינען געקומען די חשמונאים און מיט גאָטס הילף, ארויסגעטריבן די יונים, און געמאַכט ריין דעם בית המקדש. און אזוי ווי אין בית המקדש האָט שטענדיק געברענט א נר תמיד (מן הסתם אויך א „קאַנעצל" פון א קנויטל מיט בוימל) און די חשמונאים האָבן געוואָלט אָנצינדן דעם נר תמיד האָבן זיי קיין בוימל ניט געהאַט. זוכנדיק, האָט מען געפונען א פאַרפּעטשאַטעוועט קריגל בוימל, וואָס האָט געקאָנט סטייען אויף א יי ן נאַכט, און עס האָט גע־סטייעט אויף גאַנצע א כ ט נעכט! דערפאַר איז חנוכה! און דערפאַר צינדן מיר אַכט חנוכה לעמפּלעך.

די דאָזיקע געשיכטע איז, אונז, חדר אינגלעך, גראָדע געפעלן געוואָרן. און כאָטש דער רבי האָט עס שוין אין חדר דערציילט, און מיר האָבן שוין געקאָנט אויף אויסנווייניק, דאָך פלעגן מיר זיך גוט איינהערן צו דער דער־ציילונג און זיך פאַסמאַקעוועט, גלייך ווי דאָס זאָל זיין פאַר אונז א נייעס.

איי, פאַרוואָס זשע שפּילט מען חנוכה אין קוויטלעך, אין קאָרטן, און מען עסט רעטשענע לאַטקעס? איז דער תירוץ, אז דאָס איז אַזאַ מנהג און א מנהג ברעכט א דין.

געווען הייזער וואָס מען האָט וועגן חנוכה דערציילט גאָר אַנדערש.

ווען מען איז געזעסן ביי ניושקע קושניר און צווישן א זעקס און זעכ־ציק און אַן אָקעלע, האָט מען גערעדט וועגן חנוכה גאָר אַנדערש. דאָרט האָט מען שוין ניט דערמאָנט קיין יונים, נאָר מען האָט גערעדט וועגן גריכן, וועגן אנטיוכוס הרשע, וועגן יהודה המכבי, וועגן די מכבייער בכלל! דאָרט האָט מען שוין גערעדט וועגן אידישע פאַררעטער, וועלכע האָבן געוואָלט פאַר־קויפן דאָס אידישע פאָלק צוליב זייער קאָנוועניענץ! מען האָט שוין דאָרט גערעדט וועגן אידישע אַסימילאַטאָרן וועלכע האָבן נאָכגעמאַכט די גריכישע מנהגים און האָבן געוואָלט, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך אויסמישן מיט די גריכן.

שפּעטער, ווען איך בין עלטער געוואָרן און געגאַנגען צו זאַגרייען אין חדר, בין איך געוואוירע געוואָרן, אז דעם אמת האָט מען דערציילט ביי ניושקע קושניר און ניט ביי יעקב מאיר דעם רבי!... דאָרט בין איך געוואוירע געוואָרן, דאָס ערשטע מאָל, וואָס אזוינס עס הייסט „פינפטער קאָלום" און וואָס אזוינס עס הייסט „קיזלינג"! נאָך איידער איך בין אַלט געוואָרן גאַנצע עלף יאָר האָב איך שוין געוואוסט, אז דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט פאַר־רעטער אפילו צווישן די.... כהנים, וועלכע זיינען געגאַנגען אין די וועגן פון די גריכן.

אמת, שלמה סיראָטאַ פּלעגט דערציילן — ריידנדיק וועגן חנוכה — אַז די גריכן האָבן פּשוט געוואָלט אויסמענטשלען אַביסל די אידן! זיי האָבן געוואָלט, אַז די אידן זאָלן אויפהערן בלויז קוקן אויפן הימל, נאָר זאָלן אינזינען האָבן די ערדישע וועלט אויך! ער פּלעגט אַפּילו וועלן באַרעכטיקן אויך די כהנים, וועלכע האָבן געשיקט זייערע קינדער, און די אידישע יוגנט בכלל, צו מאַכן ספּאָרט־איבונגען. ער האַלט, אַז דאָס האָבן זיי אינמיסטן געטון כדי צו שאַפן אַ געזונטן אידישן דור, מיט מוסקולן זיך צו פאַרטיידיקן...

אויסהערן שלמה סיראָטאַ, פּלעגן מיר שוין ווידער ניט וויסן ווער עס איז גערעכט. עס האָט זיך ניט געלייגט אויפן שכל, אַז די כהנים זאָלן זיין פאַררעטער און עס האָט זיך גראָדע יאָ געלייגט אויפן שכל, אַז זיי האָבן געוואָלט׳ אַז די אידישע קינדער זאָלן מאַכן „גימנאַסטיק״ כדי צו קאָנען געבן אַ שאָס אין די ציין, אַז מען וועט דאַרפן! און ווער ווייסט צי מיר וואָלטן אַלע ניט באַשטימט, אַז... שלמה סיראָטאַ איז גערעכט! ווען ער זאָל ניט געווען זיך באַנאַרישן און אינגאַנצן אָפּלייקענען דעם „נס״ מיט געפונענעם קריגל בוימל, און ער זאָל ניט געווען דערציילן, אַז די גאַנצע געשיכטע איז אַ לעגענדע כדי צו „פאַרנאַרן דאָס פאָלק״. איי, פאַרוואָס זשע צינדט מען חנוכה־ליכטלעך, איז דער תירוץ — אַזוי פּלעגט ער, דער שטאָט־אפּיקורס — דערקלערן, אַז עס איז אַ מנהג זייט טויזנטער יאָרן, און היינט אויך, צו פייערן אַ גרויסן יום־טוב, מיט אילומינאַציעס און פייערווערק און אַזוי האָט מען ד ע מ אָ ל ט געפייערט דעם זיג איבער די גריכן און עס איז געבליבן אַ מנהג אָנצוצינדן פייער, — קליינע ליכטלעך — אַלס אָנדענק פון י ע נ ע אילומינאַציעס..

פאַר אונז, קינדער, איז דאָס אָפּלייקענען דעם „נס״ פונעם געפונענעם קריגל בוימל, וואָס האָט געקאָנט סטייען בלויז אויף איין נאַכט — און געסטייעט אויף גאַנצע אַכט נעכט — געווען אַ גרויסער קלאַפּ. דאָס גאַנצע הייליקייט פון חנוכה איז געלעגן אין אָט די ליכטלעך און אין אָט דעם גרויסן נס! אויב עס זאָל זיין אַ ליגן מיטן „נס״ פון חנוכה, איז דאָך דאָס „דריידל״ מיט די פיר אותיות „נס גדול היה שם״, אויך אַ ליגן. און דאָס האָבן מיר שוין ניט געוואָלט אַפילו צולאָזן צום געדאַנק. און דערפאַר, האָבן מיר שוין אויך ניט געגלויבט שלמה סיראָטאַ זיינע געשיכטעס וועגן די גריכן און וועגן די כהנים, וועלכע האָבן גאָר געמיינט די טובה פון די אידן...

ביי אונז, קינדער, איז שלמה סיראָטאַ, אָפּגעפּסקנט געוואָרן, אַלס... אַ פאַרלוירענער פון ביידע וועלטן!...

און ניט איינמאָל האָבן מיר אים באַדויערט, וואָס מען וועט אים נע־

בעך ברענען און בראָטן אין גיהנום פאַר זיינע אפּיקורסישע רייד.

ווען מיר האָבן אַמאָל דערציילט דעם רבין (גדליה מלמד) וואָס שלמה סיראָטאַ זאָגט, רחמנא לצלן, וועגן חנוכה, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ און אונז געוואָרנט, אַז אויב מיר ווילן ניט ליידן אין גיהנום **גלייך מיט אים**, זאָלן מיר זיך ניט צוהערן צו זיינע רייד. דער רבי האָט אונז פאַרזיכערט, אַז שלמה סיראָטאַס שטראָף אין גיהנום וועט זיין, מען וועט אַוועקשטעלן אַכט חנוכה ליכטלעך אין אַלע עקן פון הימל, און שלמה וועט דאַרפן אַרומלויפן זיי פאַרלעשן. און ביז ער וועט פאַרלעשן דאָס לעצ־טע ליכט, וועלן די ערשטע ליכטלעך **ווידער** ברענען און ער וועט דאַרפן אָנהויבן לויפן ס'ניי...

די פרומע אידן און די רבנים מיט די דיינים, וואָלטן אים זיכער אַריינ־געוואָרפן אין חרם פאַר אַזאַ אפּיקורסס צו לייקענען אין **אַזאַ** הייליקן גלויבן פון נס חנוכה! נאָר אַזוי ווי זיי האָבן געוואוסט, אַז שלמה סיראָטאַ לאַכט זיך אויס פון די רבנים מיט זייער חרם, האָט מען אים ניט אָטשעפּעט און בלויז „מאָראַליש" געזוכט צונישט צו מאַכן זיינע אפּיקורסישע גענג!...

:: :: ::

דעם דריטן גרויסן יום־טוב וואָס גאָט האָט באַשאַפן פאַר טעפּליקער אידישע קינדער, איז דער יום־טוב

— **פורים**.

גאָט האָט אָבער ניט געוואָלט, אַז פון חנוכה ביז פּורים זאָלן טעפּלי־קער אידישע קינדערלעך ניט האָבן מיט וואָס מחיה צו זיין די נשמה, האָט ער, אינצווישן, באַשאַפן דעם אמתן קידערשן יום־טוב, דעם:

— חמשה עשר בשבט.

אויף חמשה עשר בשבט פלעגן מיר, קינדער, וואַרטן מיט אומגעדולד. עס איז געווען דער איינציקער טאָג אין יאָר וואָס מיר האָבן זיך פאַרגינען צו פאַרזוכן און מאַכן אַ ברכה און אַ „שהחינו" איבער פרות וואָס זיינען געקומען **דירעקט** פון ארץ־ישראל. אונזער פאַנטאַזיע וועגן דעם היי־ליקן לאַנד, וועגן דעם ביסעלע ערד וואָס מען ברענגט פון דאָרט כדי צו לייגן צוקאָפּנס אין קבר (דאָס האָבן זיך פאַרגינען בלויז גבירים), וועגן די וויינגאָרטנער און מייטלבוימער וואָס אידן האָבן אין ארץ־ישראל, און וועגן די פרות, דעם שטיק באָקסער און דאָס טייטעלע וואָס איך האַלט אין דער האַנט און וואָס מען האָט אָפּגעריסן פון אַ בוים ערגעץ נעבן ירושלים און נעבן דעם כותל המערבי, דאָס אַלעס, האָט צעשפּילט אונזער פאַנטאַזיע און ווי נאָר מיר האָבן דערלעבט דעם אינדערפרי פון חמשה עשר בשבט, האָבן

מיר געכאַפּט די צוויי־דריי קאָפּיקעס וואָס דער טאַטע האָט געגעבן אָדער וואָס מען האָט אָפּגעשפּאָרט פון עטלעכע טעג „איבערבייסנס” וואָס מען האָט נ י ט געגעסן, און מען איז אַוועק צו שבתין אין קליינטל איינקויפן דעם „חמשה עשר”.

און מיט וואָס פאַר אַן אַפּעטיט האָט מען געגעסן אָט דאָס שטיקל באָקסער און מיט וואָס פאַר אַ האַרציקייט האָט מען דערמאָנט די ביימער ביי וועמען עס איז איצט זייער „ראש השנה” און „דאָרט”, אויבן, ווערט פאַרצייכנט וועלכער בוים זאָל ווייטער געבן פּרוכט און וועלכער זאָל פאַר־טריקנט ווערן! און שטילערהייט אין האַרצן האָבן מיר געבעטן גאָט׳ אַז ער זאָל פאַרצייכענען די ביימער, לחיים ולא למות, כדי אידן אין ארץ־ישראל (וועגן די ביימער פון די טעפּליקער גויים האָבן מיר גאָרניט געטראַכט. וואָס פאַר אַ שייכות האָבן מיר געהאַט מיט זיי און וואָס וועט אונז אַרויסקומען, אַז די טעפּליקער גויאישע ביימער וועלן געבן פּרוכט?...) זאָלן קאָנען זיצן איש תחת גפנו ואיש תחת תאינתו! און גאָט האָט געהערט אונזער געבעט און איבער אַ יאָר האָבן מיר ווידער געגעסן באָקסער און טייטלען.

איין זאַך האָט אונז בלויז פאַרדראָסן. מען האָט דערציילט, אַז אין ארץ ישראל איז פאַראַן אַזוי פיל באָקסערן, אַז די צ י ג ן האָדעוועט מען מיט אָט דער טייערער פרי! פלעגט אונז באַנק טון פאַרוואָס מען פּטרט אַוועק אַזעלכע גוטע פּרות און מען שיקט זיי בעסער ניט קיין טעפּליק, אַז די אי־דישע קינדערלעך זאָלן ניט זשעדנע זיין אַ שטיקעלע באָקסער.

דער חמשה עשר בשבט לויפט איבער שנעל. דער ווינטער־טאָג איז אַ קורצער, און מיר׳ טעפּליקער קינדער, ציילן שוין די טעג צו דערלעבן דעם יום־טוב

— פורים.

פאַרוואָס די מאַמע און אַנדערע האָבן אַ טבע צו זאָגן, אַז „פורים איז קיין יום־טוב ניט און קדחת איז קיין קרענק ניט”, פאַרשטיי איך ניט! ביי אונז, טעפּליקער קינדער, טעפּליקער אידן און אידענעס איז פורים געווען אַ יום־טוב, אַן אמתער יום־טוב, וועלכן מיר האָבן געפּראַוועט מיט אַלע פּי־שטשעווקעס, מיט המן־טאַשן, מיט גראַגערס׳ מיט שלח מנות שיקן, און מיט... פאַרדינען אַ זייטיקן גראָשן!

דער טאָג פון ערב פורים איז פאַר אונז, קינדער, געווען ניט אַזאַ טייע־רע מעציאָצע! פונקט פ אַ ר אַזאַ יום־טוב דאַרף מען גאָר פאַסטן! און אַז דער טאַטע פאַסט (אַ חוץ דעם טאַטן, האָט אַזאַ תענית קיינער ניט גענומען אין אַכט) איז ער בייז, נערוועאיש און מען דאַרף זיך היטן ניט צו מאַכן

קיין טומל און ניט אויפרעגן אים. אָבער, גיי, היט זיך ניט צו טומלען, אַז דו האָסט שוין דעם גראַגער אַ פּאַרטיקן, אַ צוגעגרייטן און דו דאַרפסט אים אויספּרואוון, זען צי ער אַרבעט גוט! צי וועט ער ניט — פּונקט ווען מען וועט דערמאָנען המנען, זיך פאַרהאַקן, און ווען ביי אַלע קינדער וועט דער גראַגער אָנמאַכן אַ טומל, וועסטו, מיט דיין גראַגער, ליגן איינגעזאַלצן און יעדערער וועט לאַכן פון דיר.

דערפאַר אָבער, ווען נאָט האָט געהאָלפן, דער טאָג איז איבערגעלאָפן און מען איז אַוועק אין שיל לייענען די מגילה, דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אונזער וועלט. מיר זיינען געוואָרן די העלדן פון בית־המדרש אָדער גרויסער שיל. אונזער גראַגערן, אונזער טופען מיט די פיס, אונזער קלאַפן מיט אַ שטיק האָלץ אין סטענדער, האָט געקאָנט אויפוועקן אַ טויטן.

ניט שטענדיק אָבער, האָבן מיר איינגעהערט, אַז מען דערמאָנט דאָס וואָרט „המן". און ווער ווייסט צי מיר וואָלטן׳ חלילה, ניט דורכגעלאָזט איינמאָל אום ניט צו דערלאַנגען אַ פּאָר גוטע קלעפּ... אין סטענדער. אָבער, די אידן וואָס זענען געשטאַנען אויפן באַלעמער, נעבן טיש, וואו מען האָט געלייענט די מגילה, האָבן שוין געזאָרגט, אַז המנען זאָל ניט אַפּגיין גלאַט און ער זאָל זיך ניט אויסדרייען אָן אַ קלאַפּ! און ווי נאָר זיי האָבן דערהערט המן, האָבן זיי אָנגעהויבן טופּען מיט די פיס, איז דאָס שוין געווען פאַר אונז אַ סיגנאַל, אַז מען דאַרף אָנהויבן צו גראַגערן.

דעם גרעסטן כעס אָבער צו המנען׳ האָבן מיר אויסגעלאָזט ווען עס איז געקומען ביים דערמאָנען המנס צען בנים! דעמאָלט איז צו אונזער קלאַפּן קיין גרענעץ ניט געווען. און דעם קליינע ויזתא האָבן מיר לסוף געגעבן אַן איבעריקען קלאַפּ. זאָל ער ווסן, דער ממזרוק, ווי אַזוי צו ווען הרגענען אידישע קינדער...

אהיימגעקומען זיינען מיר פאַרפּאַליעטע און פריילעכע מיט אַ ברייטן „גוט יום טוב", און מיר האָבן אַפילו געפּרואווט געבן אַ פּאָר גראַגער אין שטוב. דעם טאַטן האָט, אָבער, וויי געטון דער קאָפּ פונעם תענית און פון דעם גראַגערן און סטוקען אין שיל און מיר האָבן די גראַגערס געמוזט באַהאַלטן צו דער מאָרגנדיקער מגילה (אינדערפרי).

די מאַמע איז אַרויסגעקומען פון דער קיך אַן אָנגעהאָרעוועטע פון אַ גאַנצן טאָג שטיין אין קיך און האַלטן אין איין באַקן. און כאָטש זי איז געווען פאַרהאָרעוועט און אויסגעמוטשעט, דאָך האָט זי געשיינט פאַר פרייד. אַ קלייניקייט, זי האָט אָנגעבאַקן: המן־טאַשן, פלאָדן׳ קאַמישברעטלעך און קליינע פלעדעלעך און סתם געבעקס וואָס מען וועט מאָרגן דאַרפן שיקן צו

„לייט" און וואָס מען וועט דאַרפן ענטפערן ווען „לייט" וועלן שיקן צו אונז.

א ספּעציעלן פּלאַן האָט די מאַמע אָפּגעבאַקן אויף צו שיקן דעם רב און אַנדערע פּני־העיר. עס איז איר ממש געגאַנגען אין לעבן זיך אויסצו־פּיינען, אַלנפאַלס, ניט בלייבן אונטערשטעליק פון אַנדערע. נו, און אַליין איז מען דאָך אויך מענטשן! ס'וועלן זיכער קומען געסט, דאַרף מען זיי אויפנעמען ווי עס דאַרף צו זיין.

חברה קליינוואַרג האָט זיך געשאַרט אין קיך אַריין. געגלויבט, אַז מען וועט אפשר קריגן אַ נאַש! אַן אָפּשניצל פון אַ שטיקל קאַרענעם לעקעך, אָדער אפשר טאַקע אַ פּלאַדנדל וואָס האָט זיך צוגעסמאַליעט און די מאַמע וועט עס ניט וועלן שיקן קיינעם.

די מאַמע האָט אָבער אין קיך ניט אַריינגעלאָזט. זי האָט אונז געהיט ווי גנבים׳ אָבער דערפאַר האָט זי צוגעזאָגט, מירצעשעם, מאָרגן, וועט זי אונז געבן זיך צו דערקוויקן.

קוים דערלעבט דעם מאָרגן, ניט צוליב די נאַשערייען וואָס מיר וועלן עסן, נאָר עס איז אונז געשטאַנען אַ טאָג פון „פּרנסה", פון איבערלעבעכצן! פון אַרומשפּאַנען איבער צענדליקער הייזער!

באַלד אינדערפרי, לויפן מיר מיטן טאַטן אַוועק אין שיל. מען דאַוונט שנעל, מען לייענט ווידער די מגילה. ווידער אַ קלאַפּעניש. אָבער שוין ניט ווי נעכטן. עס האָט גאָר ניט דעם נ ע כ ט י ק ן טעם! נעכטן איז געווען פרייַלעך, לעבעדיק, און היינט קלאַפּט מען פון יוצא וועגן.

מען קומט אַהיים ווידער מיט אַ „גוט יום־טוב". די יום־טובדיקייט פילט זיך אין שטוב. די מאַמע הויבט אָן אויסלייגן די פּלאַדן אין באַזונדערע קופּ־קעלעך, לויט וועלכן מען דאַרף שיקן. עס איז שוין פּאַרטיק דאָס טעצל מיטן ווייסן מענטעלע צוצודעקן. און נאָך איידער מען רירט זיך׳ קומט שוין אַריין „זלאַטע דאָבע די מויד", נח וואַסערפירערס טאָכטער, מיט אַ טעצל אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ פלעדעלע און זי גיט אַ בורטשע:

— דער טאַטע שיקט אייך „שאַלעכמונע". דערלעבט איבער אַ יאָר!

די מאַמע נעמט צו דאָס פלעדעלע, לייגט אַרויף אַן אַנדערס, גיט איר — פאַרן טאַטן — אַ פּערציקער (צוואַנציק קאָפּיקעס) און פאַר א י ר אַ קאָפּיקע, און פראַוועט זי אַרויס פון שטוב.

אין שטוב ווערט אַ גערודער. מען קומט, מען גייט און מען קומט ווי־דער. די מאַמע פירט די מלוכה ווי אַ גענעראַל! ד ע ם אַ פלעדל, יענעם אַ קאָפּיקע, אַ דריטן אַ שיינעם שלח־מנות׳ אַ פערטן — עטוואָס, אבי יוצא

זיין. זי באַקומט צענדליקער װינטשעװאַניעס און ענטפערט איטלעכן, גם אתם, דערלעבט אויך איבעראיאָר!

דערנאָך הויבט זי אָן צוגרייטן אַרבעט פאַר מיר. א י ך טראָג שלח־מנות, די גאַר נאָענטע פריינט, דעם רב, (ער איז אויך אַ מחותן, דעם ברוי־דערס שװער), דעם שוחט, איצי פוקס (דעם סטאַראָסטע) און דעם טאַטנס שותפים. אויפן װעג, כאַפּ איך אַ נאַש, פון ד ע ם און פון יענעם, מאַך שיר ניט אָן קיין רוגז צװישן דער מומע שפרה מיט דער מאַמען, װייל איך האָב — אויפן װעג — אויפגענאַשט אַ האַלב שלח־מנות װאָס די מומע שפרה האָט געשיקט און די מאַמע האָט זיך געפילט באַליידיקט װאָס איר שװעגערן האָט איר „געענטפערט" מיט אַזאַ אָרימען שלח־מנות...

אָפּגעענדיקט מיט אונזער א יי ג ע נ ע ם שלח־מנות, הויב איך אָן אַרבעטן „אויבערשטונדן" פאַר די שכנים, און ספּעציעל, פאַרן רב! איך טראָג „שלח־מנות" און פאַרדין אַ שיינע פּאָר גראָשן „טרינק געלט". פאַר־שטייט זיך, איך טו דאָס אָן דעם װיסן פון טאַטע־מאַמע, װעלכע װאָלטן מיך געממיתט װען זיי װייסן, אַז איך בין געװאָרן אַ „פּראָפעסיאָנעלער" שלח־מנות טרעגער! אָבער, װער װעט עס זיי גיין דערציילן. פאַרנאַכט, באַגראָב איך זיך אין אַ װינקעלע און צייל איבער מיין קאַפּיטאַל. גאַנצע פינף און זיבעציק קאָפּיקעס און עפּעס אַן אָפּגעריבענער דרייער װאָס עמיצער האָט מיר אַריינגעשטופּט.

:: :: ::

די הויפּט שמחה, פאַר אונז קינדער, הויבט זיך אָן ביינאַכט. די פּורים־סעודה און דער גרויסער געפלאָכטענער קוילעטש װאָס פאַרנעמט דעם גאַנצן טיש. און איינמאָל אין לעבן, זיינען טאַקע געקומען צו אונז די „פּורים־שפּילער" און געגעבן אַ שפּיל אָפּ אַ „טריאַטער", אַז מיר האָבן זיך געהאַלטן ביי די זייטן, אָט דאָס אַלעס פאַרשאַפט אונז גרויס פאַרגעניגן.

דאָס גאַנצע שטעטל איז געשטאַנען הינטער די פענצטער און אַריינ־געקוקט צו דער „פּרעדסטאַװליעניע" (פאָרשטעלונג) און א י ך בין געװען קעניג און קיסר! איך האָב אָנגעפירט מיט דער ט י ר, װעמען מען דאַרף אַריינלאָזן, און װעמען מען דאַרף לאָזן אין דרויסן.

די פּורים־„פאָרשטעלונג" האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן און אַ לאַנגן אָנ־דענק אין מיין לעבן. איך געדענק אַפילו, אַז די „שױשפּילער" האָבן זיך אָנגעשיכורט טאַקע ביי אונז אין שטוב און פון ושתי המלכה האָט מען אַראָפּגעריסן דאָס קליידל און דאָס קאַפּטעלע און „זי" איז געבליבן אין די... פאַר הויזן און זשילעט!

פון אונז זיינען די אַקטיאַרשטשיקעס אוועק „פּרעדסטאַווען״ צו נחמן לאַדיזשענסקי, און אַזוי ווי זיי זיינען שוין געווען שיכורלעך, האָבן זיי פאַר־טשעפּעט אַ לאָמפּ, אים איבערגעקערט און עס איז געוואָרן אַ שריפה וועלכע מען האָט באַלד אָפּגעלאָשן.

דער צווייטער טאָג, נאָך פּורים, האָט זיך נאָך געפילט אַ שטיקל יום־טובדיקייט און פרייליכקייט. פּאַרט „שושן־פּורים״! פּאַרט נאָך עפּעס אַ שייכות מיט דער גאַנצער געשיכטע פון המנען, אַז פגרן זאָל ער, מיט זיינע צען זין' ימח שמם וזכרם, וועלכע האָבן געוואָלט אויסהרגענען די אידן פון הודו ביז כוש. שושן פּורים איז מען אין חדר ניט געקומען לערנען, נאָר הערן מעשיות פון רבין וועלכער האָט דערציילט די נסים פון אסתר המלכה, ווי אַזוי זי איז געווען פרום און שעמעוודיק, ווי אַזוי דער מלך־טפּש, אחשוורוש, האָט זיך אין איר פאַרליבט אין ערשטן אויגנבליק, ווי אַזוי, מרדכי הצדיק וואָס האָט זיך געשעמט אויסצוגעבן אַז ער איז אַ איד, כדי ער זאָל האָבן „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״ און קאָנען זיין נאָענט צום קעניגלעכן הויף, ווי אַזוי ער האָט זיך אונטערגעהערט, אַז מען וויל פאַרסמען דעם מלך אחשוורוש און ער האָט עס געטון מעלדן דעם קעניג, און ווי נאָר מען האָט דערלאַנגט דעם קעניג דאָס עסן, האָט ער אַריינגערופן אַ הונט, אים געגעבן אַביסל און דער הונט האָט תיכף איינגענומען אַ מיתה משונה! און עס טוט אונז, חדר־אינגלעך, באַנג אויפן הונט, אַ „טשערבעלעכיי״ (אַ צער בעל החיים)׳ וואָס האָט מען נעבעך, געהאַט צום הונט?

און דער רבי דערציילט ווייטער, און אונז ווייזט זיך אויס, אַז אָט שטייען מיר אין קעניגס הויז, און מיר זעען ווי דער קעניג גיט אַ קלאַפּ מיט זיין שטעקן, אַז מען זאָל אים ברענגען דעם ספר הזכרונות, ווייל ער קאָן ניט שלאָפן׳ וויל ער זיך אַביסל זאַבאַווען! ער האָט ניט געוואוסט, דער מלך טפּש, אַז דאָס האָט גאָט, אומיסטן, צוגענומען ביי אים דער שלאָף, כדי ער זאָל הייסן ברענגען דעם ספר הזכרונות און ער זאָל דאָרט לייענען, אַז מרדכי האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן...

און אָט ווייזט אונז דער רבי דאָס בילדל, ווי אַזוי המן האָט צוגעגרייט די תליה פאַר מרדכין און ער קומט צום מלך אחשוורוש אַ פריילעכער׳ אַ לעבעדיקער און איז גרייט שוין בעטן דעם קעניג, אַז מען זאָל מרדכין אויפ־הענגען אויף דער תליה פון פופציק הייל (טעפּליקער קינדער האָבן, נעבעך, ניט געוואוסט וויפל איז אַ „הייל״) און דאָ, גאָר, הייסט אים דער קעניג נעמען אַ פערד און פירן מרדכין איבער דער שטאָט און אויסשרייען „ככה יעשה לאיש״.

מיר הערן דעם רבינס מעשהלעך און דאָס חיות צעגייט זיך פאַר פרייד.
מיט אײן זאַך זענען מיר, טעפּליקער קינדער ניט איינשטימיק, מיטן אויסהרגענען אַזויפיל גויים וואָס די אידן האָבן געטין טון אין שושן הבירה און אין אַנדערע שטעט פון הודו ביז כוש! נאָך אַלעמען, כאַפּט זיי דער רוח! עס איז ניט קיין אידישע טבע צו נעמען נקמה און הרגענען...
אַזוי האָבן דעמאָלט, פאַר די צייטן פון טרעבלינקע און פאַר מײדאַנעק און פאַר אַשוויענטשים, — געטראַכט אידישע קינדער...
הײנט טראַכטן זיי שוין אַנדערש!...

:: :: ::

טעפּליקער אידישע קינדערלעך׳ האָבן הייליק און פייערלעך געפּראַוועט דעם יום־טוב
— שבועות!
פאַר די „גרויסע״, פאַר אונזערע טאַטעס, איז שבועות געווען אַ פּשוטער געוויינלעכער יום־טוב אין וועלכן מען האָט געלייענט די מגילת רות, מען האָט געזאָגט אקדמות, און מען האָט געגעסן מילכיקס! עטוואָס, ניט קיין סך, האָבן טעפּליקער אידן געוואוסט, אַז שבועות איז דער „חג הבציר״ — דער יום־טוב פון „זשניווא״. געוואוסט, האָט מען, אַז שבועות האָט מען גענעבן די תורה אויפן ברג סיני און מען האָט אונז, אידן אויסדערוויילט פאַרן „אתה בחרתנו״־פאָלק.
איך מוז מודה זיין, אַז ביי זיי, ביי די „גרויסע״ האָט זיך שבועות, נים געפילט אַזאַ הייליקייט ווי ביי אונז, קליינוואַרג! צי דאָס איז געווען ווייל די גרויסע האָבן שוין געפילט דעם טעם פון „שווער צו זיין אַ איד״ און די געשיכטע מיט מתן תורה, איז פאַר זיי געווען אַ קליין גליק, צי דערפאַר וואָס מען האָט פאַרבינדן דעם יום טוב שבועות, מיט אַ געשיכטע וואָס הייסט „עומר״ פון וועלכע אונזערע טעפּליקער אידן האָבן קיין אַנונג ניט געהאַט, צי אפשר, ווייל שבועות איז אַ געשיכטע מיט „גרינס״ און טעפּליקער אידן האָבן, זייער ווייניק, געזען גרינס פאַר די אויגן!...
דערפאַר אָבער, איז דער יום טוב שבועות, פאַר אונז, קינדער, געווען אַ גאַנצער און גרויסער יום־טוב!
דאָס ערשטע די געשיכטע מיט... רות!
הערט אַ מעשה! אַ גויקע טשעפּעט זיך צו, און וויל דווקא ווערן אַ אידיש קינד. זי ווייסט, אַז אידן ליידן און דאַרפן וואַנדערן פון אָרט צו אָרט, דאָך, וויל זי ווערן אַ אידיש קינד און וויל ניט אָפּטרעטן פון אַ שוויגער.
וואָס יאָ, די געשיכטע מיט קריכן צו בועזן אין בעט אַריין׳ איז אונז

נ י ט געפעלן געווארן, אבער, אז עס שטייט געשריבן, מעג אזוי זיין!

פון „אקדמות" האבן מיר קינדער ווייניק וואס געהאלטן, ווייל עס איז געווען שווער אויסצולערנען. אבער, אונז איז געפעלן געווארן דער נוסח, וועלכער האט זיך אונז איינגעקריצט אין זכרון ביז היינט צו טאג!

דערפאר האבן מיר הנאה געהאט, וואס דער רבי האט אונז דערציילט ווי אזוי די אידן האבן באקומען די תורה אויפן בארג סיני, ווי אזוי גאט האט זיך ארומגעטראגן מיט איר, ווי שרה די קוראלאפניצע מיט אן אלטן האן און קיינער האט די תורה ניט געוואלט נעמען אין די הענט אריין, ווייל דארטן שטייט, אז מען טאר ניט הרגענען, מען טאר ניט גנבענען, מען טאר ניט גלוסטן יענעמס ווייב, יענעמס דינסט און יענעמס אייזל! און וועלכער איד גלוסט עס יענעמס ווייב, יענעמס דינסט אדער אייזל?

דער רבי דערציילט אונז דערנאך ווי אזוי הקב"ה איז דערנאך געקומען צו די אידן מיט דער תורה און ווי אזוי ער האט דערזען, אז עס זיינען פא־ראן אידן, („ערב רב") וואס גלוסטן י א יענעמס ווייב, יענעמס דינסט און יענעמס אייזל, האבן זיי ניט געוואלט מקבל זיין די תורה און האבן נאך צוגערעדט אנדערע צו שלעכטן, האט גאט, ברוך הוא, גענומען דעם בארג סיני און האט אים געגעבן א בויג אויס אויף די אידן (און דער רבי ווייזט מיט ביידע הענט ווי אזוי דער בארג האט אויסגעזען און וואו די אידן זיי־נען געשטאנען) און האט זיי געגעבן א זאג:

איר נ ע מ ט די תורה? — אילא ניט...

און די אידן האבן „באהבה", מקבל געווען די תורה און אויסגעשריען: נעשה ונשמה!

פרעגן דעם רבין, סטייטש? היתכן? דאס הייסט דאך צ ו ו י נ ג ע ן, פארגוואלדיקן׳ אנווארפן די תורה! און פארוואס האט ער עס ניט געטון מיט די איבעריקע פעלקער ווענען ער האט פארגעלייגט די תורה און זיי האבן געזאגט, אז זיי ווילן ניט!... פרעגן אט דאס דעם רבין, איז אונז גארניט איינגעפאלן, און ווען עס פאלט אונז איין, וואלט דער רבי, אנשטאט אן ענטפער, זיכער דערלאנגט א... פאטש!

דערום, פלעגן מיר קינדער, ארויס פון רבינס מעשיות וועגן שבועות, ניט איבעריק צופרידן. דער רבי האט אונז ניט געקאנט ענטפערן פארוואס, למשל, מיר עסן שבועות ב ל ו י ז מילכיקס, און דער טאטע מיט דער מאמען ווערן נעבעך אויסגעריסן איידער זיי קריגן אביסל קעז, און די פאר קווארט מילך צו דער מילכיקער סעודה און צו די מילכיקע „קאשנעקעס".

אמת, ניט יעדער טעפּליקער איד האָט געדאַרפט גיין זוכן מילך אויף שבועות. געווען געגוג אידן אין טעפּליק וואָס האָבן געהאַט ציגן און האָבן געהאַט די גלאָז מילך, משטיינס געזאָגט, און אָפּגעשפּאָרט אויף שבועות „געגוג" מילך עס זאָל סטייען אויף א מילכיקער סעודה. ווי אויף צו להכעיס אָבערי פלעגן די ציגן זיך מעלקן א גאַנץ יאָר ביז... א פּאָר וואָכן ערב שבועות און די גליקלעכע ציגן־באַלעבאַטים, זיינען געבליבן אָן מילך.

פונדעסטוועגן, זיינען טעפּליקער אידן, חלילה, ניט געבליבן אָן דער מילכיקער סעודה. מען איז אַוועק אויפן דאָרף פאַרטאָג און מען האָט גע־בראַכט פון דאָרט א קוואָרט מילך. און קעז האָט דער טאַטע פאַרזאָרגט פון ערב־שבועותדיקן יאַריד און טעפּליקער אידן האָבן געפּראַוועט דעם יום־טוב ווי גאָט האָט געבאָטן און ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן געפּראַוועט.

שבועות ביינאַכט, פלעגט דער טאַטע אונז פאַרהערן דעם „אקדמות" און מיר פלעגן אים אויסזינגען מיטן נגון און פאַרטייטשן די שווערע האַ־מעטנע ווערטער וואָס גייען צום גראַם. דערנאָך האָבן מיר פאַרטייטשט און „צעגלידערט" די מגילת רות און דער טאַטע איז געווען צופרידן וואָס מיר האָבן א „פעולה" ביים רבין.

בייטאָג, איז געווען פולשטענדיקער יום־טוב. טיר און טויער צוגעמאַכט. אידן, פאַרפּוצט יום־טובדיק, שפּאַצירן אַרום אין גאַס און דער איינציקער חילוק צווישן א ז א א יום־טוב־טאָג ווי שבועות און א פּשוטן שבת איז, וואָס מען... רויכערט א פּאַפּיראָס און אַנשטאָט א גוט שבת — גיט מען זיך אָפּ א „גוט־יום־טוב".

ביי אייניקע אידן אין שטוב טרעפט מען אויך אָנגעריסן גרינע צווייגן פון ביימער, וועלכע זיי האָבן, — אָפּט מיט מסירת נפש צוליב די גויאישע הינט — געבראַכט צו טראָגן פון א באַקאַנטן ערל פון דאָרף, אָדער, וואָס אָט דער ערל, האָט פאַר א האַלב קערבל אָדער פאַר א שטיקל ווייסן קויי־לעטש, אַליין געבראַכט צום אידן. אַזוי אַרום האָבן טעפּליקער אידן מקים געווען דעם מנהג פון האָבן „גרינס אויף שבועות", כאָטש זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס קער זיך אָן דער יום־טוב פון „זמן מתן תורתנו" מיט... גרינע ביימלעך, פונקט ווי זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען ווי קומט עס וואָס מען האָט אַריינגעשטעלט אינמיטן דערינען די געשיכטע מיט א אידן אלי־מלך מיט א אידענע נעמי, מיט זין וואָס שטאַרבן און מיט שניר וואָס האָבן ליב די שוויגער. ביי אונזי קינדער, האָט רות געהאַט אַלע חנען און מיר זיינען געווען גרייט, ווען מיר טרעפן זי, א גלעט טון איבערן פּנים, כאָטש זי איז נעגאַנגען באָרוויס ווי א שיקסע (אַזו האָבן מיר זי געזען אויסגע־

מאָלט אין אַ מגילה), מיט אַ לאַנגער „ספּידנעצע” ווי פּאַראַסקע, און מיט לאַנגע צעפּאַטלטע האָר ווי אַ מכשפה. די מאַמע, וועלכע איז שוין דעמאָלט געווען אַ שוויגער, האָט אומיסטן געלייענט די מגילת רות (אין טייטש) הויך אויפן קול, כדי די שניר' וועלכע איז געזעסן דערביי, זאָל הערן ווי אַזוי מען דאַרף אָפּגעבן כבוד אַ שוויגער...

:: :: ::

דער שבועות איז גיך איבערגעלאָפן. (פאָרט צוויי טעג, ניט מער). און פאַר אונז, חדר־אינגלעך, האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער זומער פון לערנען אין חדר און פאַרגעסן אין ימים טובים! דער נעקסטער יום־טוב איז געווען — ראש השנה! און טעפּליקער קינדער האָבן, ניט איבעריק, ליב געהאַט אָט דעם טרויעריקן, שרעקלעכן און... מאָנאָטאָנעם יום טוב. חוץ דעם, ביז מען איז צוגעקומען צו אָט דעם „משטיינס געזאָגט” יום־טובֿ האָט מען געדאַרפט דורכמאַכן צוויי ת ע נ ת י ם, צוויי לאַנגע זומערדיקע טעג פון פאַסטן און זיך פּייניקן! דאָס זיינען געווען

— שבעה עשר בתמוז און תשעה באב.

דעם ערשטן תענית האָבן טעפּליקער קינדער ניט געפאַסט. דערפאַר אָבער, האָבן מיר שוין געפאַסט דעם גרויסן, אָפּט שטאַרק הייסן טאָג, פון תשעה־באב, און געקלאָגט און געוויינט אויפן חורבן פון בית המקדש און פון ירושלים עיר הקודש.

שבעה עשר בתמוז זיינען מיר געגאַנגען אין חדר אריין, אָבער, מיר האָבן נ י ט געלערנט. מיר האָבן געדאַוונט בציבור און די איבעריקע צייט האָט אונז דער רבי דערציילט ווי אַזוי די פעסטונגען פון ירושלים זיינען געפאַלן, ווי אַזוי די אידן זיינען געגאַנגען על קידוש השם' כאָטש זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז די מלחמה איז פאַרלוירן.

מערסטייל, פלעגט אונז דער רבי דערציילן וועגן צ ו ו י י ט ן חורבן, וועלכער איז געשען אַ ז ו י פיל יאָרן שפּעטער פון ערשטן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער רבי איז דעמאָלט געווען און האָט א ל י י ן, מיט זיינע אייגענע אויגן, צוגעזען דעם גאַנצן קאַמף! ער פלעגט דערציילן און מיר פלעגן זיצן שטיל, אַז מען האָט געהערט אַ פליג דורכפליען' און אויס־געהערט זיינע דערציילונגען.

דער רבי האָט אונז דערציילט פון דעם גרעסטן אידישן פאַררעטער אין דער געשיכטע יאָזעפוס פלאַוויוס, ווי אַזוי ער האָט אָפּגענאַרט די צוואַנציק גבורים, וועלכע זיינען געווען מיט אים אין הייל און האָט געמאַכט אַזוי' אַז איינער זאָל קוילען אַ צווייטן און האָט א ז ו י אויסגעדרייט, אַז ער זאָל

בלייבן דער לעצטער און ער האָט זיך איבערגעגעבן צו די רוימער, וועלכע האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד...

עס איז איבעריק צו דערמאָנען, אַז קיין אידישע געשיכטע אויף א י־ד י ש האָט נאָך דעמאָלט ניט עקזיסטירט (גרעצס געשיכטע איז געווען אויף העברעאיש) און מיר האָבן אָנגענומען דעם רבינס דערציילונגען וועגן אַלע פּאַסירונגען אַרום דעם חורבן גלייך ווי תורת משה.

שפּעטער, ווען עס האָט געהאַלטן ערב תשעה באב׳ האָט אונז דער רבי פאַרגעזעצט צו דערציילן איינצלהייטן וועגן חורבן. אָט דערציילט ער אונז ווי אַזוי עס האָט געהערשט דער הונגער אין ירושלים און ווי אַזוי דער משרת (קיין א נ ד ע ר אויסדרוק אָדער באַגריף וועגן א באַאַמטן האָט מען אין טעפּליק ניט געוואוסט) פון דער מיליאָנערשע מרתא בת ביסות איז געגאַנגען קויפן זעמל־ברויט, האָט מען געזאָגט, אַז עס איז בלויז פאַראַן ו וייס ברויט. האָט זי געשיקט נאָך וויים ברויט, האָט עס שוין ניט געסטייעט און עס איז בלויז געווען ש וו א ר ץ ברויט. האָט זי געשיקט נאָך שוואַרץ ברויט, איז שוין אויך ניט געווען קיין ל ע ק (אַזוי האָט דער רבי געוויזן מיטן שפּיץ פינגערל) ברויט און מען האָט איר געוואָלט געבן בלויז גערשטן־ברויט. אַזוי לאַנג און אַזוי גרויס, ביז וואָס־ווען, איז שוין גאָרניט געווען וואָס צו קריגן צו עסן, און די גרויסע גבירתה איז אַליין אוועק צו זוכן וואָס צו נעמען אין מויל אריין און זי האָט געפונען אַן אויסגע־טרוקנטע פייג, וואָס דער גרויסער תנא רב צדוק האָט אויסגעשפּיגן, האָט זי אויפגעהויבן פון דער ערד, אויפגעגעסן, און באַלד געשטאָרבן.

אין אונזערע קינדערשע אייגעלעך האָט זיך געשטעלט טרערן. מיר האָבן געהאַט גרויס רחמנות אויף די איינוואוינער פון ירושלים און דער־הויפּט, אויף אָט דער גרויסער מיליאָנערשע וועלכע איז געשטאָרבן פאַר הונ־גער. מיר האָבן געפּרואווט האָבן „טענות״ צום רבין הלמאי, אָט דער „בויך״, דער נארישער משרת, האָט ניט געקויפט ב א ל ד וועלכעס עס איז ברויט. זאָל זיין וויים, שוואַרץ, אבי צו עסן! דער רבי האָט גראָדע געהאַט א פאַר־טיקן תירוץ. מן הסתם איז ער געווען א „פּיר־גילדנדיקער״ משרת!

די געשיכטעס וועגן הונגער אין ירושלים און ווי אַזוי מאַמעס האָבן געקאָכט... זייערע קינדער כדי זיך אָנעסן, האָט געמאַכט אויף אונז א געוואַל־דיקן איינדרוק און האָט געווירקט אַז מיר זאָלן אויך פאַסטן און זיך „פּיי־ניקן״! חוץ דעם, מיט אונזער פאַסטן, האָבן מיר דערוויזן דעם טאַטן, אַז מיר זיינען שוין „גרויסע״ און דאָס... פּאַטשן, מעג שוין זיין וויניקער אביסל און מיט... דרך־ארץ! א קליינינקייט! א קינד וואָס פאַסט שוין אין א ז א לאַנגן תשעה־באבריקן טאָג!

ארום פיר אזייגער פלעגן מיר שוין דערפילן הונגער, אָבער, גיי, מאַך קאַליע אַזוי פיל שעהן פון מוטשען זיך און הונגערן, צוליב נאָך אַ פּאָר שעה! און ביז מיר האָבן דערלעבט צו זען אַ שטערן און ביז מיר האָבן דערהערט, אַז מען דאַוונט שוין מעריב, איז אונז די אויגן ארויס.

געווען אָבער מאָמענטן ווען מיר האָבן פון תשעה באב געהאַט פאַרגעניגן אויך. דערהויפּט י ע נ ע יאָרן ווען מיר זײַנען נאָך געווען קליינע און ניט זוכה געווען צו הערן און צו פאַרשטיין דעם רבינס מעשיות וועגן חורבן ירושלים. אין י ע נ ע יאָרן, איז בײַ אונז די קינות־נאַכט געווען אַ נײַעס! דער טאַטע זעצט זיך אויף דער ערד און זאָגט און וויינט, וויינט און זאָגט מיט אַזאַ טרויעריקן ניגון! און ער איז אַפילו ניט שטרענג, אַז מיר, קינדער, זאָלן זיצן נעבן אים, אַריינקוקן אין דער קינה און מיטזאָגן.

צום גרעסטן טייל האָבן אידן געזאָגט די קינות צו צוויי און צו דרײַ פון איין קינה. טאַקע, וועלכער איד וועט עס גיין ס פּ ע צ י ע ל קויפן אַ קינה? און די, וואָס ער האָט געהאַט, האָט זיך שוין אַזוי צעשיט, אַז עס פעלן שוין אַלע בלעטלעך. דאָס איז געווען איינער פון די מאָטיוון וואָס דער טאַטע האָט אונז ניט געהאַלטן נעבן זיך ביים זאָגן די קינות און מיר האָבן געקאָנט זיך שפּילן אין דרויסן און באַוואַרפן איינער דעם אַנדערן און אַפילו די אַלטע אידן מיט „בודיקעס“.

געקומען אהיים פון די קינות פלעג מען שפּעט אין דער נאַכט און אַזוי ווי „ברוגזע“, קיין וואָרט ניט ריידן און באַלד גיין שלאָפן. פון דער סטאַלאַווע וואו איך בין געשלאָפן, האָב איך געהערט דעם טאַטנס קרעכצן. דאָס זאָגן די קינות און דאָס וויינען, האָט געהאַט די געהעריקע ווירקונג אויף אים און ער האָט ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן און די מאַמע האָט דערציילט, דעם אַנדערן אינדערפרי, אַז דער טאַטע האָט זיך, אויפן געלעגער׳ געדרייט ווי אַ שלאַנג! וואו די מאַמע האָט געזען ווי אַזוי אַ שלאַנג „דרייט זיך“, איז פאַר מיר געבליבן אַן אייביק רעטעניש!

דער טאָג פון תשעה באב, זײַנען די קליטן געווען אָפן גלייך ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר און אידן זײַנען געפאָרן אויפן יאַריד צו פאַרדינען אויף שבת! און כאָטש מען האָט געפאַסט און מען איז געווען גוט אויסגעמוטשעט פונעם תענית, דאָך, האָט מען אויפגעהויבן אַ זאַק ווייץ פון זעקס פּוד, געגעבן מיט אים אַ טרייסל צו שאַפן דעם איינדרוק ביי מערל, אַז עפּעס איז דאָרט דאָ זייער ווייניק ווייץ...

:: :: ::

באַלד נאָך תשעה באב האָט זיך אָנגעהויבן דערפילן דאָס אָנקומען פון

די „שרעקלעכע טעג" פון די ימים נוראים. איידער מען האָט זיך גערירט, האָט מען געבענטשט ראש חודש אלול און, אָט איז שוין ראש חודש און אָט הויבט מען שוין אָן בלאָזן שופר אַלע טאָג!

דער חודש אלול איז פאַר אונז, טעפּליקער קינדער, געווען אַ טייערער חודש! מיר האָבן ווייניק וואָס געלערנט, ווייל דער רבי פלעגט גיין אַלע אינדערפרי אויפן בית עולם און אריינכאַפּן אַ זייטיק פּאַרדינסטל ביי מאַכן די „אל מלאס". מיר, די קינדער, פלעגן אויך אריינלייגן די הענט אין די קעשענעס און אָוועקשפּאַצירן אויפן בית עולם און זיך צוקוקן צו די „שיינע" מצענעס ווי אַזוי די אידענע ליגט איבער דער מצבה און רעדט צו איר מאַן און בעט אים ער זאָל צושיקן אַ זיווג דער טאָכטער וועלכע ווערט, נעבעך, פאַרוויאַנעט! דו מעגסט זי אָנקוקן ווי אַזוי זי איז געוואָרן — שרייט זי אריין אין קבר אריין. — ווען דו זעסט זי׳ שטאַרבסטו נאָך אַמאָל!

אַן אַנדער אידענע האָט גלאָט תענית צום מאַן וואָס ער האָט זי גע־לאָזט אַ וויסטע אלמנה מיט פינף „ווערים", וועלכע זי דאַרף אויסהאָדעווען. בני־בה, גיט זי אָפּ דעם מאַן אַ גרוס, אַז שלמהלע דאַרף שוין בר־מצווה ווערן און שמואל־נתן גייט שוין אין חדר צו יאָסל שעסטאָפּאַליעץ, און — מיט אַ פריילעכער מינע און שמאָלץ — באַרימט זי זיך פאַרן מאַן, אַז ער מעג שוין הערן ווי אַזוי שמואל־נתן, זאָגט עברי, ווי אַ וואַסער! און ביים נעקסטן יאָרצייט נאָך איר מאַן — אַ מכה איז איר — וועט ער שוין זאָגן קדיש ווי אַ גרויסער!

און אָט, ליגט אַ אידענע איבער אַ קבר, וויינט און שלאָגט זיך מיטן קאָפּ אין שטיין פון דער מצבה. זי ענדיקט וויינען׳ ווישט זיך גוט אויס די אויגן, רופט צו דעם „מלא"־מאַכער ער זאָל מאַכן אַ „מלא" איבער איר מאַן, זאָגט אים, אַז דער מאַן האָט געהייסן שלמה זלמן בר׳ דניאל. לאָזט זיך אויס, אַז דער קבר איבער וועלכן זי איז געלעגן און זיך געקלאַפּט מיטן קאָפּ אין שטיין אריין, איז גאָר געווען אַ פרעמדער קבר פון אַ פרעמדן מאַן!... די אידענע בטלט אויס צו אים אַלע בייזע חלומות, גייט אַוועק און געפינט איר מאַנס קבר און הויבט אָן, נאָך אַמאָל פון אָ נ ה ו י ב, גלייך ווי זי איז ערשט נאָרוואָס ארויף אויפן בית־עולם.

אָט אַזוי דרייען מיר זיך ארום גאַנצע טעג אויפן בית עולם׳ העלפן אַ אידענע וועלכע איז בעזגראַמאָטנע, איבערלייענען די מצבה און איר זאָגן, צי ד אַ איז דאָס פלאַץ וואו זי דאַרף אָנהויבן וויינען. עס קומען אויף „קבר־אבות" אַ סך ווייבער פון אַנדערע שטעטלעך וואָס האָבן דאָ זייערע איינענע. אָט קום איך אהיים און טרעף שוין די מומע חייקע וועלכע ברענגט

מיר שטענדיק עפּעס א מתנה. אַט איז צו איצי באַסעם געקומען א גאַנצע כאַליאַסטרע פון בערשאַד, און צווישן זיי איז פאַראַן א בחורל אין מיינע יאָרן. מיר שליסן „קענטשאַפט", בייטן זיך מיט... קנעפּ און מאַרגן גייען מיר שוין צוזאַמען אויפן בית עולם און לאַכן זיך אָן פון די נאַרישע ווײַבער וואָס שרייען און טענהן צום מאַן:

ג ז ל ן ! ר ו צ ח ! אויף וועמען האַסטו מיך איבערגעלאָזט? פאַרוואָס נעמסטו מיך ניט צו ז י ך !

און כאָטש מיר זיינען קינדער פון קוים צען יאָר אַלט, און פאַרשטייען גאָר ווייניק אין הלכות „מאַן און ווייב", דאָך ריידן מיר צווישן זיך (דאָס האָבן מיר שוין געהערט אין דער היים ריידן די „גרויסע" אַזוי).

ער האָט זי קוים געפּטרט, וויל זי, ער זאָל זי נעמען צו זיך! משוגע איז ער?

שלעכט איז געווען' פאַר אונז, קינדער, ווען מיר האָבן געטראָפן דער מאַמען אויפן בית־עולם ווען זי איז געגאַנגען אויף קבר אבות צו א י ר מאַמען. קוקן ווי די מאַמע וויינט און נ י ט נאָכוויינען — איז געווען אוממעגלעך! עפּעס א קליינינקייט. די מ א מ ע וויינט! אַט יענעם טאָג האָבן מיר געהאַט א פאַרשטערטן „קבר־אבות", און עטלעכע טעג נאָכדעם, זיינען מיר ניט געגאַנגען אויפן בית־עולם.

אָבער, קיין פאַרגעניגן און פון וואָס צו פאַרברענגען דעם חודש אלול האָט אונז ניט געפעלט. מיר האָבן אויסגעפונען אַן אָרט וואו מען קאָן האָבן נחת־רוח. מיר פלעגן אַוועק צו משה מאָטיען אין קלויז און זיך צו־געקוקט ווי אַזוי משה מאָטיע מאַכט „רעפּעטיציעס" מיטן שופר! ווי אַזוי ער בלאָזט אַרויס די „שברים־תרועה", אַז עס קלינגט ווי גוטע מוזיק. פון אַלע שופר־בלאָזער, איז משה מאָטיע געווען דער בעסטער און זעלטן, כמעט קיינמאָל נ י ט, האָט זיך געטראָפן, אַז צו משה מאָטיעס שופר זאָל אַריין דער שטן און ניט דערלאָזן, אַז די קולות פון שופר זאָלן אַוועק אין הימל. געווען אַפילו א ז ע ל כ ע אָבערגלויביקע ווייבער, וואָס האָבן די ימים־נוראים געדאַווענט ביי משה־מאָטיען אין קלויז ווייל זיי זיינען געווען זיכער, אַז די תפילות וועלן דערגרייכן צום הימל — דורך משה מאָטיעס שופר בלאָזן...

:: :: ::

די ראש השנה שטימונג, האָט זיך אָנגעהויבן פילן וואָס א טאָג אַלץ מער. אמת, אין שטוב האָט מען ניט געשמירט, ניט גערייניקט אַזוי ווי ערב פּסח, אָבער עס האָט זיך פ א ר ט געפילט א יום־טובדיקייט אין שטוב.

דער טאַטע האָט איבערגעקוקט די ציצית פון טלית, האָט אַראָפּגענו־מען פון דער שאַפע דעם אַלטן גרויסן „מחזור לראש השנה", האָט אָפּגע־טרייסלט דעם שטויב און האָט אויסגעגלייכט די צעריסענע בלעטלעך, און דערביי געגעבן אַ קרעכץ ווי איינער רעדט:

— כ'וואָלט געדאַרפט קויפן אַ נייעם מחזור. ד ע ר איז שוין צעשיט און עס פעלן שוין בלעטלעך' נאָר ה י י נ ט י ק ס יאָר וועל איך זיך שוין באַגיין אַזוי! איה"ש איבער־אַ־יאָר וועל איך קויפן אַ נייעם מחזור...

און אַזוי האָט ער צו זיך גערעדט יאָרן און יאָרן און אַזוי האָט ער גע־דאַוונט אינעם מחזור וואָס ער האָט געקראָגן בירושה פון זיין טאַטן ע"ה און זיין טאַטע פון זיין זיידן, א. אַ. וו.

דעם טאָג פון ערב ראש השנה האָט מען שוין ניט געאַרבעט. ס'זאָל אפילו געווען פאַלן טערניוועקער יאַריד — איז מען ניט געפאָרן! וועלכער איד וועט עס אַרויספאָרן ערב יום טוב פון דער שטוב? פאַרנאַכט איז מען נעגאַנגען אין מרחץ און זיך צוגעגרייט, געהייליקט, צו די צוויי שרעקלעכע טעג וועלכע שטייען פאַר.

צו קבלת יום־טוב, איז גאַנץ טעפּליק אין שיל. דער ווייבערשער עזרת־נשים איז אַביסל שיטערלעך, אָבער עס זיינען פאַראַן זייער אַ סך ווייבער, דאָרט, אויבן. דער חזן גיט זיך אַ „קאַטשע" מיט דעם —

ה מ ל ך!

און די גאַנצע שיל ווערט פאַרוואַנדלט אין משוררים און העלפט אונ־טער, „האַלט אַ טאָן" און פאַרלויפט דעם חזן מיט דער עברי און מיטן ניגון!

דער חזן, אַביסל אַ הייזעריקער פון... צופיל מאַכן „פּראָבעס" אַ גאַנצן חודש אלול, גיט אַ דריי דעם —

ואהבתך אל תסיר ממני לעולמים! ברוך אתה ה'!

און די גאַנצע שיל ענטפערט:

טאַי, לאַלאַלאַ לאַ לאַ לאַ! טאַי, לאַלאַלאַ לאַ לאַ!

די שיל, די גרויסע און דערהויבטע מיר, קליינוואַרג, כאַפּן אויף דעם ניגון און מיר זינגען! פון אָט י ע נ ע ר צ י י ט אָ ן, קאָנען מיר און מיר געדענקען דעם נוסח פון ראש השנהדיקן דאַווענען.

געענדיקט דאָס דאַווענען, זאָגט איינער דעם אַנדערן „אַ גוט־יום־טוב" און טאַקע באַלד גיט ער צו:

לשנה טובה תכתבו ותחתמו, לאלתר לחיים!

דעם ערשטן טאָג ראש השנה, פלעגט מען אויפשטיין פרי. די מאַמע האָט געשטעלט דעם סאַמאָוואר און די „שטוב" האָט געטרונקען טיי. די שטימונג איז אַן ערנסטע. ביים טיש רעדט מען ניט מער, וויפל מען מוז פרעגן אָדער ענטפערן. עס מאַכט דעם ריכטיקן איינדרוק ווי מ'איז אין עפּעס שולדיק און מען גייט צום ריכטער — צו אַט ד ע ם ריכטער, וואָס ווייסט אַלעס און האָט אַלעס געזען, און מען ווייסט ניט זיין אורטייל!...

דער ערשטער, לויפט אַוועק אין שיל דער טאַטע. ער האָט ליב אָנצוקומען פאַר „הודו". די מאַמע גרייט צו פאַר די קינדער דעם „איבערבייסן", — עס זאָל זיי ניט כליאַנען דאָס האַרץ ביז מען וועט אַרויסגיין פון דער שיל — זי כאַפּט איר ווייבעריש מחזור, מיט „עברי טייטש", און לויפט אויך אַוועק אין שול אַריין!

עט שפּעטער, ווען מען האָלט שוין נאָך נשמת, לויפען מיר, קינדער, אויך אַוועק אין שול! אין אַלגעמיין, איז מען ראש השנה ג ע ל אָ פ ע ן אין שיל, נישט ווי אַ פּשוטער שבת אָדער אַנדער יום־טוב, ווען מען פלעגט גיין פּאַוואָליע, מיט צייט, און אַפילו כאַפּן אַ שמועס אויפן וועג מיט אַ באַקאַנטן, וועגן וואָכעדיקע ענינים.

אין שול האָט זיך געפילט דאָס „הייליגקייט" און דאָס שרעקלעכקייט פון דעם טאָג. דער גאַנצער עולם איז ערנסט, די אידן דאַווענען, מערסטנטייל — שטייענדיק! אַנדערע — מיט די טליתים איבערן קאָפּ און גאַר, גאַר אַ סך אידן גייען אָנגעטון מיט ווייסע קיטלען און מיט שטעק־שיך אויף די פיס.

די צוויי שרעקלעכסטע מאָמענטן פון דאַווענען זענען געווען ווען מען האָט געבלאָזן שופר און ווען מען האָט געזאָגט „ונתנה תוקף". ביים בלאָזן שופר האָט זיך אויסגעדאַכט ווי עס שטייען אין קאַן אַלע אונזערע תפילות. וועט דער שטן זיך איינשפּאַרן און ניט דורכלאָזן אונזערע קולות צום הימל — איז, ווער ווייסט וואָס עס שטייט אונז פאָר! און ווי גליקלעך זענען מיר געווען, ווען דאָס בלאָזן שופר איז דורכגעגאַנגען „גלאַט"; ווען דער בעל תוקע האָט זיך ניט „פאַרהיקעט" און די „שברים־תרועה" זענען אַרויס פון שופר געלייטערטע און נישט געשטרויכלטע! דעמאָלט האָבן מיר געוואוסט אַז גאָט הערט אונזערע תפילות און עס פלעגט זיך דאַווענען מיט מער חשק!

געווען, אָבער, פאַלן, ווען דער בעל תוקע האָט געקעמפט מיטן שטן ווי אַ ריז, און דער שטן — איינמאָל ניין! ער לאָזט ניט אַרויס די „תרועות! דער בעל תוקע, מערסטנטייל אַ איד אַ חלוש, מוטשעט זיך, שטרענגט אָן אַלע כוחות, אָבער — עס גייט ניט! דעמאָלט, איז אַ שרעק דורך, איבער דער שיל. אידן האָבן געציטערט און שטיל האָבן זייערע ליפּן געשעפּטשעט אַ

תפילה צום רבונו של עולם, אז דער שטן זאָל באַזיגט ווערן! און ביז עס האָט זיך געענדיקט דאָס שופר בלאָזן, איז געווען א טויט־שטילקייט אין שול; מען האָט געהערט א פליג דורכפליען!

דערפאַר איז געווען נאָך שרעקלעכער דער מאָמענט, ווען מען איז צוגע־קומען צום „ונתנה תוקף", און דער עולם האָט אָנגעהויבן „צעקייען" די ווערטער:

בראש השנה יכתבון... מי לחיים ומי למות, מי ינוח ומי ישקט, מי באש ומי בחרב, מי יענה ומי יעשיר... א. א. וו.

דער טאַטע, די מתפללים האָבן, כמעט אַלע, געוויינט! דאָס אמת'ע גע־וויין אָבער, האָט זיך דערהערט פון דער ווייבערישער אָפּטיילונג! די מענער האָבן געוויינט און זיך נעשראָקן פאַר דעם וואָס וועט קומען און וואָס קאָן טרעפן! זיי האָבן, אין זייערע תפילות, געבעטן נאָט אַז, ביים „פאַר־שרייבן" זאָל מען זיי אײַנזינען האָבן צום גוטן!

די ווייבער, וועלכע האָבן געלייענט דעם עברי טייטש פון זייער גרויסן און ברייטן מחזור מיט די אָפּגעריבענע טעוועלעך, האָבן זיך דער־מאָנט, אַז: ביי הער איז געשאָרבן א קינד, ביי דער, דער מאַן, ביי א צווייטער, די מאַמע; א דריטע האָט זיך דערמאָנט אַז איר טאַטע איז דער־הרגעט געוואָרן דורך דער „שווערד" (אין דער יאַפּאַנישער קריג); א פערטע, לייענענדיק אין עברי־טייטש, אַז עס ווערט פאַרשריבן ווער עס זאָל ווערן אָרים און ווער רייך, האָט זיך דערמאָנט, אַז ערשט צוריק מיט עטלעכע יאָר, איז זי געווען א גבירנטע, און שרה לאה די גראָבע, פלעגט איר ברייננען אין שטוב אריין די בעסטע עופות און די פרישסטע אייער, און איצט איז דער מאַן א יורד, קוים קוים אויף צו לעבן, און זי האָט נעבעך געוויינט אויף איר גורל און געבעטן נאָט אַז ער זאָל זיך דערבאַרעמען איבער איר און זי דער־מאָנען ביים „פאַרשרייבן"...

א פינפטע אידענע, האָט ביים „ונתנה תוקף" אוועקגעלייגט איר גאַנצע קונסט אין וויינען, וויסנדיק אַז זי האָט פינף מיידן חתונה צו מאַכן און די קלענסטע מעג שוין הערן קלעזמער!...

די ווייבערס וויינען, האָט ניט געלאָזט דעם חזן אָנהויבן זיך גאָרגלען! און דער שמש, דער גבאי, און סתם חשוב'ע בעלי הבתים פון „מזרח־שטעט" פלעגן קלאַפּן מיט דער דאַלאָניע איבערן מחזור וואָס איז געלעגן אויפן שטענדער און אַרויפשרייען צו די נשים:

—נו! אַ! זאָל שוין זיין שטיל!...

אָבער, גיי, ווער שטיל, ווען עס וויינט זיך אַזוי! ווען עס איז אָנגעוויי־

מיקט אויפן הארצן פון אזוי פיל צרות און פרעניות וואס דאס אידישע פאלק האט אויסצושטייען און טאקע פון אייניקע צרות אליין אויך!...

קוים מיט צרות ווערט דאס ווייבערטום איינגעשטילט און דער חזן זעצט פאר די תפילות, וועלכע די מ ע נ ע ר הערן אויס ביזן סוף! זעלטן האט געטראפן, אז מען זאל דעם חזן לאזן... אליין באם סוף פון די תפילות.

די ווייבער, דערהויפט די, וועלכע האבן ניט קיין גרויסע מיידלעך וואס זאלן צוגרייטן דאס עסן אין דער היים, לאזן איבער די שיל פריער און גייען אהיים, באלד נאך „ונתנה תוקף".

מיר, די קינדער, גייען אויך ארויס פון דער שול באלד נאך די וויכטי־קע תפילות פון נאך דעם „ונתנה תוקף". מיר גייען פארענדיקן אונזער שפיל וואס מיר האבן אנגעהויבן אין דער צייט פון „אויסנעמעס" (אין דער צייט פון „קראת התורה"). דאס „אויסנעמעס" איז פאר אונז, קינדער, געווען א שטיקל פרייד אין דעם טרויעריקן טאג! ערשטענס: האבן מיר געהאט א שיינעם ספעקטאקל, צו שטייען און צו קוקן ווי אזוי מען דינגט זיך איבער אן עליה! מיר האבן ליב געהאט צו קוקן ווי אזוי דער שמש רופט מיט א מאנאטאנער שטימע:

פיר גילדן — שלישי!
פינף גילדן — שלישי!
א קארב (א רובל) שלישי!
צוויי קארבן — שלישי!

און אזוי האט מען „געטריבן" און געטריבן און ארייננעטריבן איצי דו־כאוונע אין דריי קארבן שלישי!

האבן מיר אבער געוואלט האבן מער פארגעניגן פון אט דעם ספעקטא־קל, זענען מיר אריין אין שניידערשן שולכ'ל און דארט בייגעווען א „רע־מאטע"! דארט, אז מען האט שמשון שוסטער איבערגעטריבן מיט צוויי גיל־רן אן עליה, פלעגט ער א מאך טון מיט דער האנט און א געשריי טון:

איך האלט אייך אין דער ערד מיט דער עליה צוזאמען, און — אויס קונה!...

געווען אויך פאלן, ווען „אויסנעמעס" זענען מיר אוועק אהיים עפעס „איבערכאפן". די מאמע האט צוגעגרייט א פולקעלע אדער א פליגעלע, האט מען עס אויפגענאשט אן ברויט (דאס ברויט האט מען געגעסן... באַ־זונדער). און אויב די מאמע האט גארניט אנגעגרייט, האט מען שוין אליין עפעס געפונען צו קייען און אויף שנעל איינגעשלונגען וואס עס האט זיך געלאזט, און אוועק צוריק צו דער שול זיך.... שפילן!

פון דער שול איז מען אַהיים געקומען אַ זייגער דריי. מען האָט אָפּ־געגעסן די יום־טוב'דיקע מאכלים און פאַרביסן מיט עטלעכע... ווײַנטרויבן וועלכע מען האָט געקויפט ערב ראש השנה ביים קאַצאַפּ וואָס האָט גע־בראַכט צופירן פון בעסאַראַביע און וואָס אידן האָבן געקויפט פאַר אַ „שהח־יינו". דאָס גאַנצן עסן, האָט מען, כמעט, געגעסן פון איין טעלער אָדער שיסל. ווען עס האָט אָבער געהאַלטן בײַ „טײַערע" מאכלים, האָט מען גע־געסן יעדערער באַזונדער!.. ווײַנטרויבן, איז בײַ אונז געווען פון די זעלטענע און טײַערע פרוכטן, וועלכע, ניט יעדערער, האָט זיך פאַרגינען צאָלן אַ קערבל און אַמאָל 8 גילדן (אַ קאַרב מיט 20 קאָפּיקעס אַ פונט...) אויף ראש השנה אָבער, און כדי צו מאַכן אַ שהחינו און זיך דערמאָנען אין ארץ ישראל, וואו אידן עסן ווײַנטרויבן, פונקט ווי מיר, דאָ, קייען סעמאַטשקעס — אַזוי פלעג אונז דער טאַטע דערציילן נאָכן פאַסמאַקעווען די עטלעכע ווײַנטרויבן — ערב ראש השנה, פלעג מען זיך פאַרגינען צו קויפן אַ גאַנץ פונט ווײַנ־טרויבן (היגע 400 גראַם) פאַר דער גאַנצער פאַמיליע...

ביים טיש האָט דער טאַטע דערציילט ווי אַזוי משהלע חזן איז היינ־טיקס יאָר געווען אויסגעצייכנט. און ווי אַזוי דאָס „כאָר", און דער „סאָ־ליסט" איציק־גדליה מלמדס, האָט פשוט פאַרכישופט דעם עולם.

נאָכן עסן, האָט מען זיך ניט געלעגט שלאָפן! ראש השנה טאָר מען ניט שלאָפן, מען קאָן נאָך פאַרשלאָפן דאָס גוטע קוויטעל! אַזוי פלעגט דער טאַטע זאָגן! חוץ דעם, איז ניט געווען ווען צו שלאָפן, ווײַל באַלד נאָכן עסן, איז שוין געוואָרן שפּעט, מען דאַרף גייען דאַווענען, דערנאָך גייען צו „תשליך".

דאָס גייען צו „תשליך"! — צו וועלן מיר נאָך דערלעבן צו זעען אַזאַ בילד? גאַנץ טעפּליק! טאַטע, מאַמע, און מיר, זכרים, זענען אוועק צום טײַך! דאָס גאַנצע שטעטל! אַלע מינוט פון אַן אַנדער שיל און קלויז, קו־מען אַן אידן און ווײַבער מיט זייערע בחורים'לעך, מען שטעלט זיך אוועק נעבן טײַך, מען נעמט אַרויס די מחזרים. אידן קוקן צו צוויי צו דריי אין איין מחזיר. מען זאָגט אָפּ עטלעכע תפילות און דערנאָך לײדיקט מען אויס אַלעס וואָס דאָרט איז פאַראַן, גלײַך אין טײַך אַרײַן! דאָס האָט מען די „זינד", וואָס זענען געבליבן, אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך!

פאַרשטייט זיך, אַז די קעשענעס זענען נאָך געווען ליידיק פון פריער פאַרן גייען צו תשליך, האָבן מיר שוין אויסגעליידיקט די קעשענעס אין דער היים, ווײַל, ווען חלילה ניט, דאַרפן מיר דאָך אַלעס אַרײַנוואַרפן אין טײַך אַרײַן! . . .

פונ׳ם תשליך גייט מען ווידער אין שול! און אויב מען גייט אהיים, איז אויף גאָר ווייניק צייט. די יוגנט, וואָס אַלע ימים טובים, שפּאַצירט זי אין די גאַסן — ווייזט זיך היינט ניט, ווייל עס איז ראש השנה! היינט ווען עס איז, דאָרט, אויבן, אָפּן דער ספר הזכרונות און עס ווערט פאַרשריבן, מי ישקט ומי יטרף, היינט גייט מען נישט שפּאַצירן אין גאַס. נאָר מען נעמט זיך צונויף ביי חברים אָדער ביי „פּאַדרוגאַס" (חבר־טעס) אין שטוב און מען פאַרברענגט דאָרט אין אומשולדיקע שפּילערייען און פלירטעוועו.

אויף דער נאַכט, איז די שיל נאָך פולער פון נעכטן! נעכטן, ערב ראש השנה, האָט נאָך געקאָנט טרעפן, אַז אַ איד זאָל פאַרשפּעטיקן צו קבלת יום טוב. היינט, איז שוין יעדער איד אין דער היים און ער גייט אין שיל אריין! דער ווייבערשער „עזרת נשים" איז אָבער ליידיק! די ווייבער האָבן בייטאָג ניט געטאָרט קאָכן אויף היינט ביינאַכט, שטייען זיי איצט אין קיך און גרייטן צו די יום־טוב׳דיקע סעודה אויף היינט ביינאַכט און אויף מאָרגן מיטאָג: מאָרגן וועט מען דאָס עסן בלויז דאַרפן דערוואַרעמען! דערפאַר טרעפט מען אין עזרת נשים נאָר, די גאָר עלטערע פרויען וועלכע האַלטן זיך אויף קעסט באַ דער טאָכטער אָדער באַ דער שניר!

די דאָזיקע באַבעס, וועלכע בעטן אַ גאַנץ יאָר, אַז דער רבונו של עולם זאָל זיך אויף זיי דערבאַרעמען און זיי... צונעמען צו זיך, ווייל דאָס לעבן איז זיי שוין נמאס, קומען ראש השנה אין שול און וויינען און בעטן אַז זיי זאָלן פאַרשריבן ווערן לחיים ולא למות!...

דער צווייטער טאָג ראש השנה איז שוין לייכטער אביסל! דאָס הייליקייט, דער שרעק, איז נאָר געווען דעם ערשטן טאָג! היינט — איז מען שוין צוגעוואוינט אַז דער בעל תוקע זאָל זיך „פּאַרהיקען" ביים בלאָזן שופר, און ביים ונתנה תוקף — וויינט מען שוין ניט אזוי ווי נעכטן! דאָס דאַווענען אליין, גייט אויך שנעלער. דער עולם, וואַרט שוין ניט ביז עלינו און, באַלד נאָכן חזנ׳ס שמונה עשרי, הויבט מען זיך אָן צו רוקן אַ היים. ווען מען פרעגט מיך, וואָלט איך געהייסן מאַכן בלויז איין טאָג ראש השנה! דער טאַטע זאָגט אָבער, אַז מען מוז מאַכן צוויי טעג ראש השנה, ווייל מיר... זענען אין „גלות". אין ארץ ישראל פּראַוועט מען בלויז איין טאָג, ניט מער!

דאָס וואָס דער ראש השנה, מיטן דאַווענען און וויינען, גייט שוין אוועק, איז פאַר אונז, קינדער, אַ שטיק נחת רוח: וואָס אונז געפעלט ניט, איז דאָס, וואָס ס׳הויבן זיך אָן די עשרת ימי תשובה, די „צען טעג", וואָס מיר האָבן, ביזן חתמ׳נען דאָס „קוויטל", און אין אָט די צען טעג, דאַרף מען זיך גוט אויפ־

פירן! דער טאַטע דערקלערט אונז, מיט אַזאַ אויטאָריטעט, גלייך ווי ער אַליין זאָל עס האָבן געזעען. ער באַשטעטיקט, אַז עס זיינען דאָ פאַלן, וואָס ראש השנה ווערט, דאָרט, אויבן, איינער פאַרשריבן אַז עס זאָל אים טרעפן אַ אומגליק, ער זאָל פאַרברענט ווערן, אָדער אַ חיה רעה זאָל אים פאַרציקן (יטרף) אָדער ער זאָל פאָרן קיין אַמעריקע און זאָל, אין ים, דערטרונקען ווערן אָדער גאָר ער זאָל אומקומען דורך אַ שווערד (מן הסתם די שווערד פונעם סטראַזשניק), און, צווישן ראש השנה און יום כיפור, האָט דער מענטש שטאַרק תשובה געטון, און ווען עס איז געקומען ביים חתמנען דאָס קוויטל (ווי עס שטייט געשריבן: וביום צום כיפור יחתמו) האָט מען, אויבן, צע־ריסן דעם „פסק דין" און ער איז געבליבן לעבן.

אַזוי דערציילט דער טאַטע, און פון זיינע רייד, פאַרשטייען מיר שוין אויך, אַז עס קאָן נאָך האַלטן „שמאָל" מיט אונז, ווער ווייסט, ווי אַזוי מען האָט אונז דאָרט פאַרשריבן, און מיר נעמען אויף זיך, די צען טעג, ניט אי־בעראיפּעווען אפילו אַ וואָרט פונ'ם דאַוונען! זיך וואַשן צום עסן, בענטשן, זאָגן קריאת שמע, און בכלל, טוען אַלעס וואָס זאָל דערוויזן אַז מיר האָבן חרטה אויף אונזערע זינד און טוען תשובה!...

וואָס יאָ, פאַסטן אום צום גדליה — דאָס לאָ מיט אַן אַלף! פון אָט דעם תענית, האָבן, ניט בלויז טעפּליקער קינדער, נאָר אפילו, טעפּליקער אידן ווייניק וואָס געהאַלטן. הערט אַ מעשה:

די אידן וואָס זיינען געבליבן אין ירושלים נאָכן ערשטן חורבן, האָבן ניט געקאָנט פאַרליידן, וואָס איינער, אַ גדליה בן אחיקם, איז געוועזן קאָר־צעניר־מוצעניו מיט די נבוכדנצרס באַנדעס סאָלדאַטן, און נבוכדנצר האָט אים — מן הסתם אויף זייער פּראָטעקציע און אפשר גאָר צוליב שיינע עט־לעכע טויזנטער באַבאַר, געמאַכט פאַר ג ו ב ע ר נ א ט א ר, זיינען גע־קומען די אידן, פאַרנאַרט דעם בחור אין זאַק אריין און אים דערהרגעט. איז דערימעך — דאַרפן מיר ה יי נ ט, העכער צוויי טויזנט יאָר נאָך דער געשיכטע, פאַסטן און זיך פייניקן. אַז ניט דערלעבן זאָל ער!...

אַזוי געוויינלעך, פלעגט פאַרענדיקן שלמה סיראַטאַ, ווען ער פלעגט שטיין מיט אַ רעדל אידן אין מאַרק און מיט זיי ריידן וועגן דעם תענית, „צום גדליה"... דער טאַטע, אָבער, וואָס פלעגט גראָדע האַלטן פון שלמה סיראַטאַ, האָט יאָ געפאַסט! ווייל...

— אַ תענית — דאַרף מען פאַסטן.

די עטלעכע טעג צווישן ראש השנה און יום כיפור, זיינען פאַר אונז, קינדער, שנעל איבערגעלאָפן. די טעג זיינען שוין געוועזן קלענער, עס האָט

געשמעקט מיט „אַסיען”, מיט רעגנס, קעלטן און ווינטן. אין חדר איז מען נישט געגאַנגען. מיר האָבן אפילו ניט געוואוסט צו וועלכן מלמד מירן גיין דעם קומענדיקן זמן. און כאָטש דער טאַטע האָט, פון יוצא וועגן, אַ פרעג געטון, צי איך וויל ווידער גיין דעם זמן צו דעם און דעם מלמד, אָדער איך וויל גיין צו אַ צווייטן — דאָך האָבן מיר געוואוסט, אַז אונזער מיינונג און דעה וועט ניט גענומען ווערן אין אַכט!... דער טאַטע האָט שוין אין קלויז אָפּגערעדט מיטן מלמד וואָס ער האָט אונז געדענקט צו שיקן. ערשט שפּע־טער, ווען מיר זיינען שוין געוואָרן גמרא־אינגלעך און תנ"ך האָבן מיר שוין געקאָנט אויסגעווייניק, האָט אונזער דעה געהאַט אַ ווערט, און מיר פלעגן שוין אָנווייזן צו וועלכן מלמד מיר ווילן גייען און מיר פלעגן אויספירן!

:: :: ::

ערב יום כיפור איז ווידער געוואָרן אַ גערודער אין שטוב. מיט אַ נאַכט פריער האָט מען געבונדן די כפרות און מיט זיי אַוועק צום רב — וואוהין עס פלעגט קומען בעני שוחט קוילען דעם רבס כפרות.

דאָס „שלאָגן כפרות” איז פאַר אונז קינדער געווען אַ שטיקל פאַר־ברענגעכטס. עפּעס אַ קלייניקייט: מען נעמט אַ ווייסן האָן, מען דרייט אַי־בערן קאָפּ און מען זאָגט דעם „זה חליפתי, זה כפרתי” א. א. וו.

געוויינלעך פלעגט דער טאַטע שלאָגן כפרות צוזאַמען מיט די זכרים און די מאַמע צוזאַמען מיט די נקבות. און איך פלעג נאָכבעבטשען דעם טאַטן, דעם „זה חליפתנו”. צוזאַמען האָט מען געקוילעט צוויי — זעלטן, זעלטן דריי — כפרות, דריי וו יי ס ע עופות. וואָס דער טאַטע האָט אַ שטיק צייט פאַר יום טוב נאָכגעזוכט און פאַרוואָרפן אין שטייג אויף כפרות, ווייל ווען עס פלעגט קומען ערב יום כיפור, האָט מען זיך פאַר אַ ווייס עוף געהייסן „אָפּגילטן” — אַזוי פלעג דער טאַטע דערציילן — האָט מען שכל געהאַט און זיך צוגערייט מיט וו יי ס ע עופות, מיט וואָכן פריער.

ערב יום כיפור שטייען מיר אויף פאַרטאָג. עפּעס אַ קלייניקייט! עס שטייט אונז פאַר אַ ז אַ שווערער טאָג און נאָך דערצו, אַ ז אַ שרעקלעכע נאַכט, ווי די כל נדרי נאַכט. די מאַמע פּאָרעט זיך ביי די עופות פון די געכטיקע כפרות. זי טענהט, אַז די הענער זיינען האַרט ווי אַ שטיין און זער ווייסט וויפל זיי דאַרפן זיך קאָכן. דער טאַטע איז אַוועק אין שיל אָפּ־דאַווענען און כאַפּן... 39 מלקות! איך שטיי אין דער זייט און קוק זיך צו ווי דער טאַטע שטעלט זיך אויף די קני און די הענט און דניאל שמש שלאָגט מיט די מלקות און ציילט דערביי...

איך וואָלט אפשר אָנגעהויבן וויינען וואָס מען שלאָגט דעם טאַטן, אָדער גאָר לאָבן פון דער גאַנצער קאָמעדיע. ווייל איך האָב דאָך געזען, אַז ער שלאָגט פּאַוואָליע, „אויף צו כלומרשטן", נאָר אָט זע איך ווי יעקב מאיר דער רב ליגט און זעליק גערשונאָוו ליגט אויך צעלייגט. און אפילו יחיאל פישער ליגט אויך צעלייגט און דער שמש שמייסט זיי אַריין די מלקות און זיי גיבן אים נאָך א קאָפּיקע אָדער גאָר א גאַנצן צענער (5 קאָפּיקעס). פארשטייט איך, אַז דער ענין איז ערנסט און עס אַכט מיך ניט וואָס מען האָט געשלאָגן דעם טאַטן!...

ס'ווערט פארנאַכט. מען לויפט אין שיל, מען דאַוונט די וואָכעדיקע מנחה, אָבער, מיט אַן אַנדער טאָן. מען לויפט (אַלע מען לויפט! מען איילט זיך!) א היים זיך אָפּפאַסטן. מאָרגן פאַסט די גאַנצע שטוב א חוץ, א ו נ ז, גאָר קליינע קינדער, וועלכע פאַסטן בלויז היינטיקע נאַכט פון „כל נדרי".

פאַר אונז, קליינע, איז דער יום־כיפּורדיקער טאָג געווען דער ערגסטער פון אַלע טעג פון א גאַנץ יאָר און פון אַלע ימים טובים. אין אָט דעם טאָג האָבן מיר געבידעוועט, געהונגערט און ניט געטאָרט קיין הויכן רייד טון. דערהויפּט, האָבן מיר געליטן „מאָראַליש".

אַזוי ווי מיר האָבן נ י ט ג ע פ א ס ט, האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן, ערב יום כיפּור, ביז די עלטערע וועלן אָפּטרונקען די טיי (נאָכן עסן) און ערשט דערנאָך האָט מען אונז, קליינוואַרג, געגעבן (ניט שטענדיק איז אין שטוב געווען א גלאָז פאַר יעדער מענטשן....) און טאָמער האָבן מיר עפּעס געוואָלט פון טיש, האָט מען באַלד עפּעס אונז א שליידער געטון אין פּנים די „מינדערשעצונג":

— וואָס איז? איר פאַסט דען?

— וואָס כאַפּסטו? דו פאַסט דען?

מיר, די ניט־פאַסטער, האָבן געמוזט אָפּשווייגן, ווייל... מיר האָבן דאָך ניט געפאַסט.

דאָס זעלבע איז געווען מוצאי יום כיפּור, ווען מען איז געקומען פון שיל, און איידער מען איז געגאַנגען עסן, האָט מען זיך „דערקוויקט די נשמה", מיט א גלעזל טיי... זיינען מיר, די קינדער, ווידער געבליבן די לעצטע!...

דער אמת אָבער איז געווען, אַז מיר האָבן דעם יום כיפּורדיקן טאָג, אָפּגעפאַסט גלייך מיט די גרויסע. ווייל אַזוי ווי טאַטע־מאַמע, זיינען איבערפרי אַוועק אין שיל, אַזוי האָבן מיר תיכף אויפגענאַשט — און נאָך אַן

ברויט דערצו — דאָס לעבערל מיטן פּופּיקל וואָס מען האָט אונז געלאָזט אויף אָנבייסן, און דאָס פּולקעלע וואָס מען האָט געלאָזט, אַז מיר זאָלן עסן אַרום דריי אַזייגער ווען דאָס האַרץ וועט אונז אַ „חלש״־טון — אַזוי האָט די מאַמע פאַרזאָגט. גיי, האַלט זיך איין, ביז ביימאָג, ווען אַזעלכע טייערע זאַכן — נאָך וועלכע איר זענט אַזוי זשעדנע — ליגן אייך פאַר די אויגן. וואָס זשע איז געוואָרן דער סוף? — זיינען מיר טאַקע געווען הונגעריק דעם גאַנצן טאָג, און דאָס ניט צולאָזן אונז, „זיך אָפּפאַסטן״ איז געווען איינע פון די גרעסטע עוולות וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן אונז.

דערפאַר אָבער, ווען אַלס 11־יאָריק בחורל האָב איך געמאָלדן עטלעכע טעג ערב יום כיפּור: איך פאַסט! בין איך געוואָרן דער העלד פון טאָג, און ביים פאַרפאַסטן, האָט מען דאָס ערשטע, אין זינען געהאַט „דאָס קינד״, וועלכער פאַסט נעבעך. אַ גאַנצן טאָג האָט מען אַכטונג געגעבן אַז „דאָס קינד״ זאָל ניט חלשן, און דער טאַטע האָט אָנגעגרייט די חלשות טראָפּן, אי פאַר זיך אי פאַר מיר, און ערשט, ווען עס איז געקומען אויף דער נאַכט, צום „אָפּפאַסטן זיך״, בין איך געווען דער ערשטער אַטענדירט צו ווערן און מען האָט מיר אונטערגעטראָגן פון שענסטן און בעסטן! עפּעס אַ קלייני־קייט!

דאָס קינד האָט געפאַסט!...

:: :: ::

מיר קערן זיך אום צו דער „כל־נדרי״ נאַכט.

די שיל איז פול, אַז קיין שפּילקעלע איז ניטאָ וואו אַריינוואַרפן. דאָס גאַנצע שטעטל איז אין די בתי מדרשים. אין שטוב זיינען נאָר געבליבן די ניט פאַרהייראַטע מיידלעך, אויף וועמען עס איז ניט חל צו גיין אין שיל אַריין. און דאָרט וואו אַזעלכע זיינען ניט געווען, האָט מען פאַרשלאָסן די טיר און דעם שליסל באַהאַלטן, ערגעץ אין אַ ווינקעלע, אויף אַן אָפּגערעדט אָרט (מען וועט דאָך יום־כיפּור ניט טראָגן קיין שליסל ביי זיך)...

די שיל איז פול מיט גרויסע חלבדיקע ליכט. הונדערטער ליכט, אַריינ־געשטעקט אין קעסטלעך מיט זאַמד, שטייען אויפן „בעלעמער״, נעבן אָרון קודש, און סתם אויף די פענצטער. די היץ פון די ליכט און פון אַזוי פיל מתפּללים, און פון די פאַרמאַכטע פענצטער איז געוואַלדיק גרויס! אָבער, קיינער פּראָטעסטירט ניט און... פאָדערט ניט קיין „ווענטילאַטאָר״, אָדער לפּחות עפענען די פענצטער.

דער חזן גיט אַ ברום אַרויס: „על דעת המקום ועל דעת הקהל״...
און עס פאַלט אָן אַן אימה אויף יעדן איינעם.

אין דרויסן איז נאָך ליכטיק, אָבער אין אַלע שילן הערט מען שוין דאָס גאָרגלען זיך פון חזן:

מיום הכפורים הזה — עד יום הכפורים הבא עלינו לטובה.

דער ארון קודש איז אָפן. אידן, אָנגעטון אין ווייסע קיטלען מיט די מליתים איבער די קעפּ, שטייען און האַלטן די הייליקע ספרי תורות און אַ טויט־שרעק באַפאַלט זיי, ווען דער חזן דרייט אַהין און אַהער דעם:

„כל נדרי“...

איך ווייס ניט, ווי ביי אַנדערע קינדער וואָס זיינען געשטאַנען נעבן זייערע טאַטעס י ע נ ע ם שרעקלעכן אויפדערנאַכט, נאָר אויף מ י ר האָט די נאַכט פון כל נדרי געלאָזט אַ ווירקונג אויפן גאַנצן לעבן און ווען איך בין געוואָרן אַ בחור מיט אַן אייגענעם גראָשן אין קעשענע, פלעג איך, מיט פאַרגעניגן, דורכגיין דעם גאַנצן טיש מיט די „קערות“ און מיט כוונה אַריינוואַרפן אַ נדבה אין יעדער „קערה“ גלויבנדיק, אַז דערמיט וועט מיין „פּסק־דין“ עטוואָס לייכטער ווערן! און ווען איך פלעג, ערב יום כיפור, צעטיילן אַ... פערציקער — און שפּעטער, אַ גאַנץ קערבל — אין די קערות, פלעג איך שטיין מיט אַ לייכטן געמיט און ביים שלאָגן זיך „על חטא“ האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז עס וועט מיר ביישטיין דער „זכות“ פון מיינע הייגטיקע נדבות...

:: :: ::

פון אַ זייגער פיר אָן, האָט מען אָנגעהויבן חשבונען וויפל שעה מען האָט נאָך צו נאַכט. דערהויפּט איז מען געוואָרן אָנגעשטרענגט און געציילט די מינוטן, ווען מען האָט אָנגעהויבן דאַווענען מנחה. דער עולם איז שוין געווען מיד, אויסגעשעפּט, אָבער, ווען דער שמש איז אַרויפגעגאַנגען און געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש צו „פאַרקויפן די עליות“ — איז דער עולם געוואָרן מונטער.

די מנחה־עליות זיינען שוין ניט געווען אַזאַ „מציאה“, דערפאַר אָבער האָט מען זיך שטאַרק געדונגען איבערן „מפטיר יונה“. דער דאָזיקער מפטיר האָט געהאַט אַ סך בעלנים. דער הויפּט קונה איז געווען ר' א ה ר ן י אָ ס ל ג ע ר ש ו נ אָ וו. וועלכער האָט אים קיינעם ניט צוגעלאָזט, אפילו ווען מען האָט אים אַריינגעטריבן ביז אַ... פינפערל.

אָפּגעדאַוונט מנחה, האָט שוין געפעלט אַ קלייניקייט צו נאַכט און דער עולם האָט געהאַלטן אין איין קוקן אין די פענצטער צי מען זעט שוין אַ שטערן...

דער חזן זאָגט שוין נעילה. ער האַלט שוין כמעט ביים סוף. אָבער, אָנעם בלאָז פון שופר, איז דער יום־כיפור ניט פאַרענדיקט און אויף צו געבן

אַם דעם בלאָז, דאַרף מען זען און גוט זען אַ פּאָר שטערן.

דער עולם אין שיל איז שוין נערוועאיש. דערהויזט איז אַ נערודער אין דער ווייבערשער שיל. פאַראַן אַ סך ווייבער, וואָס האָבן ניט קיין עלטערע מיידלעך אָדער אַ דינסט וואָס זאָל דערווייל אויפּשטעלן דעם סאַמאָוואַר און מוז אַליין לויפן אַהיים צוגרייטן אַ גלעזל טיי דעם מאַן. און ווי נאָר מען דערהערט דעם בלאָז פון שופר, ווערט דער עזרת נשים ליידיק און די מע־נערשע טייל — העכער האַלב ליידיק. און טאַקע! פון דעם וואַכעדיקן מעריב מאַכט מען זיך שוין אַ קליינעם צימעס און מען גיט אים אַ כאַפּ אַפּ על רגל אחת!..

„פּטור" ווערנדיק פון די טרויעריקע און שרעקלעכע טעג, האָט די זון, פאַר אונז קינדער — ווידער אַ שיין געטון, כאַטש, דעם אמת זאָגנדיק, זיינען שוין דעמאָלט קיין זוניקע טעג נישט געווען! עס זיינען אָנגעקומען די סוכות־טעג! אידן האָבן פאַרקלאַפּט אַ פּלאָקן אין דרויסן און געמאַכט אַ פּלאַץ פאַר דער סוכה, פאַר אַט דער „זומער־וואוינונג", וואו מען וועט דאַרפן עסן גאַנצע אַכט טעג.

געווען אַ סך אידן וואָס האָבן געוואוינט אין ענגע געסלעך און גאָרניט געהאַט קיין פּלאַץ פאַר אַ סוכה. געווען אַנדערע אידן וואָס זיינען, נעבעך, געווען גרויסע אָרימעלייט און האָבן ניט געהאַט וואו צו קריגן אַ פּאָר ברעט־לעך אויף צו מאַכן אַ סוכה! אָבער, אָן קיין סוכה איז קיין שום איד ניט געבליבן. פונקט ווי קיין שום איד איז ניט געבליבן אָן צו בענטשן אתרוג. אַ סך אידן האָבן זיך איינגעאָרדנט ביי שכנים און אַ סך אידן זיינען יוצא געווען מיט מאַכן דעם קדוש אין דער סוכה וואָס די שיל אָדער בית מדרש האָט פאַרמאָגט. און אַזוי האָט מען געפּראַוועט און דערמאָנט זיך אין „יענע" וואַנדער־יאָרן וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט, נעבעך, געוואַנדערט אין דער מדבר און נישט געהאַט וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן און געמוזט, נעבעך, עסן אין סוכות — אין פּאַלאַטקעס — וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט אין דער מדבר!...

דעם ערשטן טאָג סוכות פלעגן מיר, קינדער, אויפשטיין גאָר פרי ווייל עס דאַרף קומען דניאל שמש מיטן אתרוג און לולב וועלכן מיר דאַרפן בענטשן. דניאל פלעגט קומען אין איילעניש. אַ קלייניקייט, ער מוז באַזוכן אַ ז ו י פ י ל באַלעבאַטים! און יעדער באַלעבאָס האָט קינדער, שנירן, איידעמס, אייניקלעך און בתיה דער מוידם נשמה איז אויך ניט פון קלאָ־טשע און איז אַ אידישע טאָכטער וואָס וויל מקיים זיין די מצווה אתרוג בענטשן. צווישן יאָ און ניין, דערציילט דניאל שמש, אַז ווען ער קומט אַריין

אין אַ שטוב וואו עס איז פאַראַן אַ שוואַנגער־פרוי, היט ער דעם אתרוג ווי דאָס אויג אין קאָפּ! ווייל עס האָט זיך אים שוין געטראָפן, אַז אינמיטן סוכות איז ער געבליבן אָן אַן אתרוג, ווייל די טראַגעדיקע אידענע האָט אָפּגעביסן דעם „פּיטום“, וואָס איז אַ סגולה אויף צו געבוירן לייכט דאָס קינד...

אין אַלגעמיין, וואָלטן מיר פונעם יום טוב סוכות קיין איבעריקן פאַר־גניגן ניט געהאַט. מיר, די קליינע וועוועריקעס, האָבן גוט אין זינען געהאַט, אַז מיטן יום־טוב סוכות ענדיקן זיך אונזערע גוטע זיבן יאָר, אונזערע „פריי־הייטס־טעג“, און באַלד נאָך סוכות — ה יי ד אַ אין חדר אריין!

האָט אָבער גאָט געוואָלט אונז פאַרזיסן די לעצטע טעג פון אונזער פרייהייט, און פאַרגיטיקן פאַר די טרערן, צער און צרות וואָס מיר האָבן געהאַט פון די „שרעקלעכע טעג“, אָנהויבנדיק פון תשעה באב, אָן! האָט ער אונז צוגעשיקט אַ שמחת תורה מיט הקפות, מיט אָנשיקערן זיך, מיט אויפ־גערופן ווערן צו דער תורה גלייך מיט די גרויסע! מיט טאַנצן אויפן טיש און זיך צוקוקן ווי שלום בעל־עגלה און די „קינסקעס“ (די ערגסטע שונאים צווישן זיך) קושן זיך אין די פּיסקלעך און פאַר פרייד — קושט מען זיך מיט די ווייבער אויך!... אַלזאָ! אַט דער שמחת תורה טאָג, האָט שוין פאַר־גיטיקט פאַר אַלעם! און ווער איז געווען גלייך מיט מיר, ווען איך האָב געזען ווי דער טאַטע שטייט נעבן ארון קודש, די קאַפּאָטע צעשפּרייט, דאָס היטל פאַררוקט, און מיט אַ שטימע פול מיט פרייד רופט ער אויס:

אלוף התורני! ר' משה חיים בר' זלמן שנאור — תן כבוד לתורה!

און משה חיים, אַ איד אַ פּראַמאַלטשיק, אַ שיינער באַלעבאָס מיט אַ צווייזייטיקער שטוב אין דער גלאָוונע גאַס, גיט אַזוי, אַ גיי אַרויס פון זיין סטענדער, און גייט אויספולן דעם „באַפעל“ וואָס מען האָט אים געגעבן: — אָפּגעבן כבוד דער תורה!

דאָס בעסטע אָבער, האָב איך ליב געהאַט צו זיין ביי די הקפות אין... בעל־מלאכהשן שילכל! דאָרט, האָט מען גערעדט נאָר אָן אַנדער „שפּראַך“. ד אַ ר ט, האָט שמואל אהרן געגעבן אַ בורטשע אַרויס צום גראַם:

אַלעוואַטרוני! יאַנקל דאַברעסעש, אַ מכה דיר אין האַרצן און אַ יאָר זאָלסטו האָבן אַ שוואַרצן — צ ע ן כבוד לתורה!

אַלעוואַטרוני! ע ל י, אַרויספאַלן זאָל אויף דיר אַ סטעלי, פאַלן זאָל זי פון אויבן און בלייבן זאָלסטו אָן קרובים — צ ע ן כבוד לתורה!

אַלעוואַטרוני! נחומצע שוסטער וואָס זיצט ביי דער טיר; און קריכן זאָל ער שוין אויף אַלע פיר — צ ע ן כבוד לתורה!

און אַט אַזוי האָט ער „אויפגערופן צו דער תורה", און מיר חברה און די גרויסע, זיינען „צעזעצט" געוואָרן פאַר געלעכטער. די „אויפגערופענע" האָבן זיך, חלילה, ניט באַליידיקט, פון אַ זאַ סאָרט „אויפרופעניץ" און עס געהאַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך. וואָס יאָ, דאָרט, אין אַט דעם בעל־מלאכהשן שילכל האָט זעלטן געטראָפן, אַז אַ שמחת תורה זאָל אָפּגיין גלאַט אָן אַ... צעשפּאָלטענעם קאָפּ! מען האָט אַזוי פיל געטרינקען, אַזוי פיל גע־שיכורט, אַז מען האָט ניט געוואוסט וואָס מען טוט. אָבער — צו קיין פּאָ־ליציי, איז דאָס ניט דערגאַנגען. זיך גוט צעשלאָגן, צעבלוטיקט און זיך דער־נאָך אַ ל יי ן איבערגעבעטן!...

רעזומירנדיק:

טעפּליקער אידן, טעפּליקער קינדער, האָבן געפייערט און געפּראַוועט אַלע אידישע ימים טובים! זיי האָבן זיי געפּראַוועט כדת וכדין און טאַקע אמת, אמת, הנאה געהאַט פון זיי. טעפּליקער אידן זיינען געווען קבצנים־דלפנים, דאָך האָט מען זיי ניט געדאַרפט שלעפּן ביי די פּאָלעס, אַז זיי זאָלן אַריינוואַרפן עפּעס אין די „קערות"! מען האָט ניט געדאַרפט ר יי ס ן ביי זיי אויף מעות חטין! און זעלטן, זעלטן האָט זיך געטראָפן, אַז אַ טעפּליקער איד זאָל ניט האָבן קיין שטיקל פיש און קיין ברעקל פלייש אויף יום־טוב.

טעפּליקער אידישע קינדערלעך האָבן פאַרשאַפט פאַרגעניגן זייערע על־טערן מיט זייער „פרעגן די קשיות", מיט זייערע ברכות איבערן אתרוג, מיט זייערע ברכות ווען מען האָט זיי אויפגערופן צו דער תורה און מיט זייערע פריילעכע אויסגעשרייען:

— פּעטער! דערלעבט איבער אַ יאָר!

שפּעטער, זיינען די טעפּליקער קינדערלעך עלטער געוואָרן! געוואָרן ג ר ו י ס ע אינטעליגענטן, וועלט־מענטשן! זיי האָבן אָנגעפולט די שטעט פון ניו־יאָרק ביז בוענאָס איירעס און אויפן וועג, האָבן זיי פאַרלוירן דעם זכרון ווי אַזוי זיי האָבן געפּראַוועט אַט די זיסע, ליבע ימים טובים! ווי אַזוי זיי האָבן געהאַט פאַרגעניגן צו לויפן עפענען די טיר, אַז אליהו הנביא זאָל אַריינקומען, און אַזוי ווי זיי האָבן עס „פאַרגעסן", לערנען זיי עס אַ ו י ך ניט זייערע קינדער און קינדס־קינדער און עס ווערט צו ביסלעך אָפּגעמעקט אַ ז ע ל כ ע ש יי נ ע, אַזעלכע האַרציקע מנהגים און טראַ־דיציעס!

אַ שאָד! אַ גרויסער שאָד!

### קאפיטל פופצן

# טעפליקער אידן פירן מסחרים מיט דער „אויסערלע־כער וועלט"

דער טעפליקער באן און זיינע קאנקורענטן. — די בעלי עגלות. — שלום בעל־עגלה און זיינע צוויי זין, ליפע און עליק. — די קינגס־קעס. — די קאנקורענץ און די „שלום עפאכע". — דניאל בעל עגלה וואס פארבינדט טעפליק מיט טערניווקע. — יאסל, דער אר־סאניער בעל עגלה, זיין פייטאן און וואגן. — דער „אומאניער פאיעזד" און דער „אדעסער קוריער". — מען פארט האנדלען און מען ליגט אונטער דער באנק.—דער „טשעטווערטע קלאס", דאס אפ־קומעניש אויף דער וועלט. — סטאנציע „מע־קען". — דער טעפליקער „האטעל" אין... אדעס — דאס שותפות מיט זוריאל שא־ראגעס. — דאס פארן אויף „טארגעס". — קיעווער סוחרים און מסחרים. — די נסים ונפלאות פון קיעווער גאראראוואי און פון עלישא האלפערין. — בראדסקים צוקער און וויסאצקים טיי. — מען נעמט אפ א גרוס פון... ראטשילדן — טעפליקער אידן „ציען" צו דעם באן ביז אין דער... קלויז!

מען דארף, חלילה, ניט מיינען אז טעפליקער אידן האבן ניט געוואוסט אז עס עקזיסטירט א גרויסע אויסערלעכע וועלט און עס זיינען פאראן פאב־ריקן און גרויסע געשעפטן אויף דער וועלט. טעפליק, ווי קליין עס איז גע־ווען, האט געפירט גרויסע מסחרים, גרויסע געשעפטן, מיט די גרעסטע און וויכטיקסטע שטעט פון רוסלאנד און אפילו זאגראניצע (אויסלאנד). געווען אידן אין טעפליק וואס האבן אין זאגראניצע אויסגעגעבן שווערע צענדלי־קער טויזנטער קערבלעך — אזוי פלעגט מען אין קלויז ריידן — און „מיר זאלן עס אפשפארן אין צען יאר" — מיט דעם פלעגט מען פארענדיקן — וויפל טעפליק ז ע צ ט אן אין אויסלאנד א יאר!...

די „פארבינדונגס־מיטלען" צווישן טעפליק מיט דער אויסערלעכער וועלט, זיינען — אין ערשטן פלאן — געווען די עטלעכע בעלי־עגלות וואס האבן גענומען די טעפליקער אידן און זיי געפירט מאכן געשעפט. טאקע, לויט אט די בעלי־עגלות, האט מען אין טעפליק געוואוסט, וואוהין — ווער

עס פּאַרט מסחרן. און כדי איר זאָלט בעסער קאָנען דעם טעפּליקער מסחר, מוזט איר פריער זיך באַקאָנען מיט טעפּליקער בעלי־עגלות.

די בעלי־עגלות אין טעפּליק זיינען געווען איינגעטיילט אין צוויי טיילן: די „לאָקאַלע" און „אויסערלעכע".

די לאָקאַלע זיינען עס געווען די צוויי בעלי עגלות, דניאל דער טערניוקער בעל עגלה און יאָסל דער אומאַניער בעל עגלה. דער וואָס איז געפאָרן מיט זיי איז געווען ביי די טעפּליקער אידן אַ קליינער מיוחס ווייל מען האָט געוואוסט, אַז ער פאָרט נישט לשם מסחר, נאָר לשם פאַמיליע ענינים. דניאל בעל עגלה איז געווען דער זייגער פאַר צענדליקער טעפּליקער אידן. מען האָט געוואוסט, אַז ווען עס קלינגען די גלעקלעך פון דניאל בעל עגלהס פערד איז פּונקט עלף אַזייגער! יאָרן און יאָרן, אפשר פערציק יאָר, איז דניאל בעל עגלה אַלע טאָג, אויסער שבת און יום טוב געקומען צו דער צייט און פונקט דריי אַזייגער, אוועק־געפאָרן צו דער צייט! די פּאַסאַזשירן האָבן שוין געוואוסט, אַז זאָלן זיי קומען צו אהרן טשערנאָווס איינפאָר־הויז, פינף מינוט נאָך דריי — וועלן זיי שוין דניאל בעל עגלה נישט טרעפן, אפילו ווען ער זאָל דאַרפן אוועקפאָרן מיט אַ ליידיקן פייטאָן. צו זיינע פּאַסאַזשירן, פלעגט דניאל זאָגן:

— איך בין ניט דער... באַן, וואָס אַלע טאָג „אָפּאָזדאַיעט" ער (פאַר־שפּעטיקט) אויף אַ שעה און אַמאָל אויף צוויי שעה! מיינע פערד וויסן, אַז זיבן אַזייגער דאַרפן זיי זיין אין שטאַל און זיך אָפּרוען...

אַ רייזע פון טעפּליק קיין טערניווקע אין פייטאָן, פלעגט קאָסטן — לויטן פּלאַץ פון זיצן: „ערשטע קלאַס" — דאָס הייסט, אויבנאָן, אין בויד, האָט געקאָסט פופציק קאָפּיקעס. אַקעגן דעם אויבנאָן, אויף דעם בענקעלע וואָס מען האָט זיך פיר שעה צייט אָפּגעקוועטשט די פּלייצעס, האָט געקאָסט דרייסיק קאָפּיקעס און אויף דער קעלניע, נעבן דניאלס זיץ־פּלאַץ, וואו מען איז געווען אויסגעשטעלט פאַרברענט ווערן פון דער זון, פאַרנעצט ווערן פון רעגן און איבערגעפרוירן ווערן פון קעלט, צוואַנציק קאָפּיקעס. ווען דער פייטאָן איז אָבער געווען „רעפּלעטאַ", איז מען געזעסן איינער דעם אנדערן אויפן קאָפּ און מען האָט געצאָלט די „טאַריף פון ערשטן קלאַס"...

די לעצטע עטלעכע יאָרן פון זיין לעבן איז דניאל בעל עגלה געוואָרן אַ שברי כלי און דווקא ניט פון אַזוי פיל יאָרן זיצן אויף דער קעלניע, נאָר פון גאָר אַ זייטיקער געשעעניש.

אין איינעם אַ שבתדיקן טאָג, האָט איינער אַ טערניווקער איד, געהאַט

א לאַדעניש אין געריכט מיט א טערניוקער סטראַזשניק. דאָס שטעטעלע טערניוקע האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם ריכטער און מען פלעג דאַרפן פאָרן קיין טעפּליק זיך לאָדן. דער איד האָט געוואונען דעם משפט. ווען ער איז זונטיק אהיימגעפאָרן, (מיט א געדונגענער גוֹאישער פור) האָט אים, אויסער דער שטאָט, אָפּגעוואַרט דער סטראַזשניק און אים דערשאָסן אויף טויט. מען האָט דעם אידן געבראַכט קיין טעפּליק און עס האָט זיך געטון חושך! ביים פּאַלמעסן אים, האָט מען ביי אים אַרויסגענומען די קויל פון א רעוואָלווער וואָס דער סטראַזשניק האָט געהאַט. אַזוי ווי אָבער, קיין עדות איז נ י ט געווען, האָט מען דעם סטראַזשניק באַפרייט. דער איינציקער עדות וואָס האָט י אָ געזען ווען און ווי אַזוי דער מאָרד איז פאָרגעקומען — איז געווען דניאל בעל עגלה. ווען ער גייט אָבער זאָגן עדות, האָט ער דעם אידנס סוף... דאָס האָט אים אין איין טאָג צעבראָכן און גרוי געמאַכט. דערהויפּט, ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיינעם א נאָענטן ידיד...

נאָך דניאל בעל עגלהס טויט, איז טעפּליק אָפּגעשניטן געוואָרן פון טערניוקע און בלויז געהאַט פאַרבינדונגען, ווען עס איז פאָרגעקומען טערניוקער יאַריד.

דער צווייטער „לאָקאַלער" בעל עגלה, איז געווען א געוויסער טיפּ יאָסל בעל עגלה. ער פלעג פירן פּאַסאַזשירן קיין אומאַן און אין איין וועג, איינקויפן מינדערוויכטיקע סחורות אין אַט דער גרויסער שטאָט פאַר די קליינע טעפּליקער קרעמער. און כאָטש פון טעפּליק קיין אומאַן איז געווען 35 ווערסט און מען האָט געדאַרפט דורכפאָרן א „שרעקלעכן" וואַלד (דריי ווערסט פון אומאַן), וואו מען פלעגט אַמאָל באַפאַלן די פּאַסאַזשירן און זיי באַרויבן, דאָך איז מען בעסער געפאָרן מיט יאָסל בעל עגלה, וועלכער פלעג די פּאַסאַזשירן אָפּלאָזן אין מיטן מאַרק אויף דער אַלטער שטאָט, ניט ווי דער באַן, וואָס איז געווען אין אומאַן, ווייט פון דער שטאָט, און מען האָט געדאַרפט דערנאָך נעמען אַן איזוואָזטשיק צו פאָרן ביזן „צענטער" אַריין.

די הויפּט פּרנסה פון יאָסל בעל עגלה איז גאָר געווען דאָס פירן... גנבהשע זאַכן צו פאַרקויפן. יאָסל איז געווען דער פאַרמיטלער צווישן טעפּליקער און אומאַניער אונטערוועלט־מענטשן און דורך זיין וואָגן מיט שטרוי האָט מען איבערגעפירט אַלעס וואָס מען האָט געגנבעט אין ביידע שטעט...

די הויפּט בעלי עגלות, אָבער, אַרום וועמען עס האָט זיך געדרייט דער טעפּליקער מסחר און וועלכע האָבן געהאַט א גרויסן חלק אין דעם, וואָס אין קלויז האָט מען געוואוסט, ווער־וואוהין עס פאָרט, ווער־וויפל עס פירט

מיט זיך געלט און, ווער־וואָס פאַר אַ סחורה וועט איינקויפן — זיינען עס געווען די בעלי עגלות וואָס האָבן געפירט פּאַסאַזשירן צום באַן.

דער הויפּט איזוואָזטשיק איז געווען שלום בעל עגלה און זיינע צוויי זין ליפּע און עליק. אָבער עליק האָט זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט קאָמיסיאָנער־שאַפט און בלויז ליפּע איז געווען דער פּרנסה־געבער פון דעם גאַנצן גרויסן הויזגעזינד.

פאָרנדיק 4 מאָל אין טאָג צום באַן און באַדינענדיק דעם אומאַניער פּאַיעזד און דעם אָדעסער קוריער, האָט ליפּע געפירט אַ גענויעם חשבון, וועה וואוהין עס פאָרט און צו וואָס ער פאָרט! ער פלעג אויך ארויסנעמען די בילעטן פאַר זיינע פּאַסאַזשירן, האָט ער שוין אוודאי געוואוסט וואוהין דער טעפּליקער איד פאָרט...

די צווייטע פאַמיליע בעלי עגלות, זיינען געווען די „קינסקים". עטלעכע ברידער וואָס האָבן געפירט אַ קאָנקורענץ אויף לעבן און טויט מיט שלום בעל עגלהס הויזגעזינד, מיט זייערע פערד און מיט זייערע פייעטאָנען! און ניט איינמאָל איז שבת געווען אַ געלויף אין שטעטל, ווייל די קינסקים האָבן זיך געשלאָגן מיט שלומס זין. (ווען נאָך איז געווען אַזוי גוט און ווען נאָך האָבן אידן געהאַט אַזוי פיל צייט זיך... צו שלאָגן — ווי שבת בייטאָג, נאָכן דרימל). די מלחמה איז געווען אַ פאַרביטערטע. מען פלעג זיך איינס דאָס אַנדערע אָנטון גרויסע שאָדנס! אונטערשטעכן אָדער פאַרסמען די פערד, צעשניידן די בויד פון פייטאָן, אַלץ — צוליב אַ פּאַסאַזשיר וואָס איינער האָט אויסגעכאַפּט אָדער „אָפּגערעדט" ביים צווייטן...

אין אַלגעמיין, האָבן די באַנען איינגעטיילט די פּאַסאַזשירן אין פאַרשידענע קלאַסן לויט וועלכע די טעפּליקער אידן האָבן זיי אָפּגעגעבן כבוד, האָבן געהאַט דרך ארץ פאַר זיי, און האָבן געוואַרט אויף וויכטיקע ידיעות ביי זייער קומען צוריק.

איז מען געפאָרן צום „אומאַניער באַן", האָט מען דעם פּאַסאַזשיר גענומען ווייניק אין אַכט. וויסעך! קיין אומאַן! ווער פאָרט היינט נ י ש ט קיין אומאַן! אויך מיר אַ פּאַסאַזשיר! און ווען ער איז געזעסן אין בויד און געוואַרט, אַז דער פייטאָן זאָל זיך שוין אָנפילן, און מען זאָל פאָרן צום באַן, האָט מען זיך אויפן „אומאַניער באַן־פּאַסאַזשיר" כמעט ניט אומגעקוקט. מען האָט געוואוסט, אַז ה יי נ ט פאָרט ער און מאָרגן קומט ער צוריק!

אַנדערש איז אָבער געווען מיט די פּאַסאַזשירן וועלכע זיינען געפאָרן צום באַן וואָס גייט קיין וואַפּניאַרקע, און וואו מען האָט די „פּערעסיאַדקע"

אויפן אָדעסער קוריער אָדער קיין קעשעניעוו, און אפשר גאָר קיין זאַגראַ־ניצע. צו אַט, די, פּאַסאַזשירן, האָט מען זיך באַצויגן מיט אַן אויסערגעוויינ־לעכן דרך ארץ. מען פלעגט זיי אריינשטופּן אַ האַנט צום געזעגענען זיך מיט זיי, און געקוקט אויף זיי מיט קנאה און פאַרדרוס, „פאַרוואָס קען א י ך ניט פאָרן"...

דער מנהג פון פאָרן צום באַן איז געווען פאָלגנדער:

איין טאָג פריער, איידער דער פּאַסאַזשיר האָט געדאַרפט פאָרן, האָט ער געמאָלדן דעם בעל עגלה, אַז מאָרגן, פאָרט ער צום אומאַניער אָדער אָדעסער באַן. דעם צווייטן טאָג, צוויי שעה איידער דער באַן פלעגט דורכ־גיין די סטאַנציע „קובליטש", פלעגט שוין דער בעל עגלה אַרומפאָרן צו־נויפנעמען די פּאַסאַזשירן מיט זייער באַגאַזש, וועלכער איז אָפט געווען גאָר גאָר אַ היפּשער. נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט דעם גרעסטן טייל פון זיין „פּאַסאַזש" אויפן פייטאָן, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט נעבן שמואל שפּילבאַנדס שטוב — ביים געסל וואָס פירט צום „פּאַיעזד" און געוואַרט. טאָמער קומט איינער, וואָס האָט נישט באַשטעלט פריער קיין פּלאַץ און האָט אין לעצטן מאָמענט באַשטימט צו פאָרן ערגעץ. אָט דאָ, נאָענט מיטן באַן. אַזאַ איינער, פלעגט, געוויינלעך קומען אָן באַגאַזש, און מען האָט גע־וואוסט, אַז מען דאַרף זיך מיט אים ניט צערעמאָניען ווייל ער פאָרט ה יי נ ט און קומט מאָרגן צוריק.

דערפאַר פלעגן, אָט די, וואָס זיינען געפאָרן למרחקים, באַגלייט ווערן פון אַלע זייערע פאַמיליערע און נעבן די עטלעכע פייטאָנען זיינען געשטאַנען צענדליקער ווייבער, קינדער און סתם אידן וועלכע זיינען געקומען געבן דעם פּאַסאַזשיר זייער „פאָר־געזונט".

צום „אָדעסער" באַן, זיינען ניט געפאָרן בלויז גבירים־אדירים! געווען אידן וועמענס קינדער האָבן געדינט אָדער געאַרבעט אין אָדעס. און ווידער זיינען געווען אידן וואָס פלעגן פאָרן קיין אָדעס איינהאַנדלען מציאות אויפן „טאָלטשאָק" און זיי ברענגען קיין טעפּליק, וואו מען האָט זיי פאַרקויפט. דערהויפּט האָט מען געבראַכט מלבושים. און טעפּליקער אידן פלעגן קויפן און זיי נוצן אויף שבת און יום טוב. און ווען מען פלעגט זען אַ אידן שבת גייען מיט אַ שוואַרצן סערדוק פון דער שיל און דער סערדוק מיט די הויזן זענען געווען לעפּיש און צעקנייטשט, די אַרבל קורץ און די הויזן אביסעלע צו לאַנג, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס איז סחורה פון אָדעסער טאָל־טשאָק, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט ביי איינעם פון די „אָדעסער סוחרים" וואָס פאָרן מסחרן פון טעפּליק קיין אָדעס!

די דאָזיקע טאָלטשאָטנע סוחרים, פלעגן פאָרן ביז אָדעס... „אונ־טער דער באַנק" אָדער מיטן „טשעטוויאָרטע קלאַס". אָט דער „פערטער קלאַס" איז געווען דאָס אמתע אָפּקומעניש פאַר אונזערע טעפליקער פּאַסאַ־זשירן. מען איז געפאָרן ענג, איינגעפּרעסט, ווי אין אַ פעסל הערינג, און אויב מען האָט געהאַט די זכיה צו פאַרכאַפּן אַ באַנק און זיך צולייגן שלאָפן (פון טעפליק ביז אָדעס איז מען געפאָרן 26 שעה) האָט מען זיך אָפּגע־קוועטשט די אברים און געקומען אַהין אַ צעבראָכענער!

אָבער, ניט דאָס אַליין איז געווען דער אומגליק מיטן „טשעטוויאָרטע קלאַס". פאַרנדיק מיט אים, האָט דער קאָנדוקטאָר אייך, בכלל, ניט געלאָזט שלאָפן קיין האַלבע שעה! אַזוי אויף יעדער באַן־סטאַנציע פלעגן זיך אָנ־שטופּן נייע און נייע פּאַסאַזשירן, פלעגן די קאָנדוקטאָרן אייך אַלע האַלבע שעה וועקן און פאָדערן דעם בילעט. איר האָט ביי אים ניט געקאָנט פועלן ער זאָל אייך דערקאָנען אין די שטיוול, ווען איר ליגט אויסגעצויגן אויף דער אויבערשטער באַנק אין וואַגאָן און כאַפּט אַ דרימל. ער וועקט אייך אויף און פאָדערט דעם בילעט...

דערפאַר אָבער, איז געווען אַ חיות צו פאָרן מיט דער „סטאַנציע מע־קען". דאָס הייסט, פאָרן אָ ן אַ בילעט און באַצאָלן דעם קאָנדוקטאָר כאַ־באַר דעם באַטרעף פון אַ האַ ל ב ן בילעט. די קאָנדוקטאָרן, וועלכע פלעגן פאָרן מיט די באַנען וואָס זיינען דורכגעגאַנגען אידישע ישובים, פלעגן שוין וויסן, אַז ווי נאָר דער באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און מען איז אַראָפּ־געגאַנגען אויפן „פּעראָן" פון וואָקזאַל, האָט ער אויסגערופן:

סטאַנציע „מ ע ־ ק ע ן", דאָס הייסט — קיין אינספּעקטאָר פאַרט ניט! פלעגן שוין עטלעכע אַזעלכע קליענטן ניט גיין נעמען קיין בילעט און געפאָרן באַקוועם, אָפּט־אָפּט, אין ע ר ש ט ן קלאַס, און באַצאָלן די האַלב פון דריטן אָדער פערטן קלאַס.

דאָס אַלץ איז גערעדט געוואָרן, וועגן די משׂטיינס געזאָגט, פּאַסאַזשירן וועלכע זיינען געפאָרן קיין אָדעס אַלס קבצנים און געקומען אַלס קבצנים.

די אַנדערע וועלכע זיינען געפאָרן האַנדלען ג ר ו י ס און סאָליד. יענע זיינען געפאָרן צווייטע קלאַס (זעלטן, זעלטן, ערשטע) און פאַר יענע. האָבן עס די טעפליקער בעלי־עגלות געהאַט דעם גרעסטן דרך ארץ.

די ערשטע, די שלעפּעריש „סוחרים", פלעגן אין אָדעס פאַרפאָרן צו דער „טעפליקער סטאַנציע", וועלכע האָט זיך בפירוש גערופן „טעפליקסקי האָטעל". דער דאָזיקער האָטעל, וואָס האָט פריער געהייסן „גאָסטיניצא", נאָך דערנאָך, ווען ער האָט געביטן די דיוואַנען און דעם טיש האָט ער זיך

א נאָמען געגעבן „האָטעל", איז געווען דער צוזאַמענטרעף־פּונקט פאַר טעפּ־ליקער לאַנדסלייט אין אָדעס. דער באַלעבאָס פון „האָטעל" איז געווען עזריאל שאַראַגאָסעס איידעס, וועלכער האָט זיך ארויסגעצויגן קיין אָדעס ווייל דאָס קליינשטעטלדיקע לעבן איז אים ניט אָנגעשטאַנען. דאָרט, אין אָדעס, האָט ער זיך גענומען צו צענדליקער פּרנסות. ביז ער האָט געפּטרט דעם נדן, געדונגען א גרויסע דירה און געמאַכט א „סטאַנציע", דערנאָך זי פאַרוואַנדלט אין א „גאָסטיניצע" און האָט דערגרייכט צום „טשין" פון... האָטעל! אהין פלעגן עס פאָרפאָרן די טעפּליקער סוחרים, וועלכע האָבן זיך געפילט דאָרט ווי ביי זיך אין דער היים, געגעסן א „זראַזע" מיט רייז און א „סופּאַניע" פּונקט ווי זייער רחל־לאה קאָכט זיי. און דאָרט, האָבן זיי זיך געלייגט שלאָפן מיט די שטיוול אָדער בלאָטיקע שיך אויפן דיוואַן, און קיי־נער האָט זיי קיין דעה ניט געזאָגט. וואָס שייך „גאָסטיניצע־געלט" האָבן זיי אויך ווייניק וואָס געדאַרפט צאָלן. ערשטנס, האָט דער באַלעבאָס פון „האָ־טעל" בכלל ניט באַריסן די הויט ביי זיינע לאַנדסלייט. צווייטנס, איז גאָר אַלץ געגאַנגען אויף שותפות, טאָקע דורך זיין טעפּליקער שוואָער, וועלכער פלעגט — דורך די סוחרים — „האַנדלען מיט אָדעס", פאַרקויפן און קויפן, און דאָס האָטעל־געלט איז אריינגעגאַנגען אין שותפות.

די גרויסע סוחרים, די יעניקע וועלכע זיינען געפאָרן איינהאַנדלען מאַ־נופאַקטור אָדער צעלניק אָדער באַזאַר־זאַכן, י ע נ ע זיינען שוין איינגע־שטאַנען אויף גרעטשעסקאַיאַ, אָדער אויף פּרעאָבראַזשענסקאַיאַ! און אפילו דערגרייכט איינצושטיין אויף... דעריבאַסאָווסקאַיאַ! זיי פלעגן זיך באַמיען צו שרייבן אהיים וואָס אָפט, ווייל זיי האָבן געשריבן מיט קאָנווערטן און פּאַפּיר פון... האָטעל און זאָל טעפּליק וויסן וואו ער שטייט איין! דעם סוחרס ווייב, פלעגט טאָקע נעמען די בריוו און זיך באַרימען פאַר אַלע שכנות מיט איר מאַנס „גאָסטיניצאַ" וועלכע איז די ערשטע קלאַסיקסטע אין גאַנץ אָדעס.

דאָך, אז עס פלעגט ווערן נאַכט, דערהויפּט ווינטער, זיינען זיך אין טעפּליקער האָטעל צוזאַמענגעקומען אַלע טעפּליקער סוחרים, געטרונקען א היימישע גלאָז טיי, געגעסן א פּאָר היימישע לאַטקעס און יעדער איינער פון די גרויסע סוחרים האָט דערציילט די נסים ונפלאות פון ז יי ן האָטעל און פון די רייכע מאַלצייטן וואָס מען קאָן אין מויל ניט נעמען, און פון די באַדינער וואָס גייען אָנגעטון מיט גאָלדענע קנעפּ און איר ווייסט ניט צי דאָס איז א לאָקיי צי גאָר דער גראַדאָנאַטשאַלניק! א צווייטער האָט דערציילט, אז זיין האָטעל איז אַן אַנטיסעמיטישער פון כערעגטע ביזן אינגל

וואס פוצט די שיך. ער מוז אבער דארט איינשטיין, ווייל עס לוינט זיך צום געשעפט! ער מוז ווייזן, אז ער איז ניט קיין שלעפער און ביי אים איז א קערבל א ממזר!

א צווייטער טעפליקער נגיד וואס שטייט איין אין „האטעל קאנטינענטאל" דערציילט, אז ער שטארבט דארט פשוט פאר הונגער! ס'הייסט, עסן גיט מען דארט דווקא א סך! מען טראגט אים צו אפשר צען טעלער! אזוי ווי, אבער, דארטן שטייען איין בלויז די העכסטע אריסטאקראטישע מענטשן, און אלע עסן לויט די שטרענגסטע רעגלען פון עטיקע, און אזוי ווי ער ווייסט אפילו ניט אין וועלכער האנט מען דארף האלטן דאס מעסער און אין וועלכער דעם גאפל, — גייט ער אוועק א הונגעריקער פון טיש! און אז ער קומט איצט אהער, אויף דער טעפליקער גאסטיניצע, כאפט ער זיך צו צום עסן, ווי א וואלף! און כדי זיך צו נוקמען, עסט ער בלויז מיט די הענט און ברעכט די פולקע מיט די פינגער, ווי איינער זאגט: אייך פריצים אויף צו להכעיס! דערנאך שטופט ער אריין די פינגער אין מויל אריין און רייניקט זיך די ציין און פארענדיקט מיט אויסרייניקן זיך די נאז גלייך... אויפן פאל!

:: :: ::

געווען אין טעפליק נאך א קלאס „גרויסע" סוחרים, וואס פלעגן פארן אין דער גרויסער וועלט האנדלען. אבער זיי זיינען שוין ניט געפארן אין דעם וואכעדיקן אדעס, פון וועלכער מען פלעגט זיך אנדערציילן זייער ניט קיין שיינע מעשיות און אויף וועלכער מען האט אפילו געזאגט, אז דער גיהנום ברענט דארט א גאנצן טאג און א גאנצע נאכט! די אנדערע קלאס סוחרים זיינען געפארן קיין... קיעוו! אט אין יענעם קיעוו, וואו א „אידן איז פארבאטן געווען צו וואוינען" און ניט נאר וואוינען — נאר אפילו איבערנעכטיקן א נאכט! אט צו יענעם קיעוו האט עס געצויגן טעפליקער סוחרים, וועלכע זיינען געפארן אויף „טארגעס" (ליציטאציעס). גאר, גאר מקנא זיין אט די סוחרים — איז ניט געווען וואס! כאטש זיי פלעגן דערציילן גאנצע חידושים ווי אזוי זיי האבן אפגענארט דעם גאראדאוואי און זיינען געווען צוויי חדשים אין קיעוו און איינגעשטאנען אין א האטעל — צוויי שפאן פון „אוטשאסטאק" (קאמיסאריע). דאך האט מען געוואוסט, אז ער האט געבעך שטארק געבידעוועט און וואו ער האט גענאכט — דארט האט ער ניט גענעכטיקט. און ווען ער האט שוין ערגעץ גענעכטיקט — איז ער ניט געשלאפן רואיק, ווייל אלע מאל האט זיך אים אויס-

געווין, אז מען גייט מאַכן אַ רעוויזיע און אַט כאַפּט מען אים און אַט שיקט מען אים — פּאַ עטאַפּנים פּאַריאַדקאַם — ארויס קיין טעפּליק!

אַפּבידעווענדיק צוויי מאַנאַטן אין קיעוו, פלעגט אַט דער טעפּליקער סוחר קומען אַ היים און ער האַט געהאַט צו דערציילן אויף זעקס חדשים וואָס ער האַט געזען און געהערט. דערהויפּט פלעגט ער האָקן ליגנס ווענן... בראַדסקין, וועמען ער איז געגאַנגען מבקר חולה זיין, ווייל ער איז געוואוירע געוואָרן, אַז בראַדסקי ליגט קראַנק! און דאַ פלעגט ער דערציילן, ווי אַזוי מען האָט אים אויפגענומען מיט אַ שיינער גלאָז טיי, און אוועקגע־שטעלט אַ „היטל" צוקער, ווי איינער רעדט: — נעם, טרינק, וואַרף אַריין וויפל דו אַליין ווילסט, ווייל צוקער איז ביי אונז „בלאָטע"! צוקער קאָסט אונז קיין געלט ניט! אַזוי ווי אָבער, מען דאַרף ניט אַרויסווייזן, אַז מען איז אַ חזיר — אַזוי פלעגט ער פאַרענדיקן — האָב איך אָפּגעהאַקט אַ קליין שטיקעלע צוקער און געמאַכט, קוים קוים זיס! זאָלן זיי ניט מיינען, אַז מיר, טעפּליקער סוחרים, זיינען אַזוי זשעדנע. דערנאָך פלעגט דער טעפּ־ליקער סוחר, אויסמאָלן דאָס רייכשאַפט וואָס עס טוט זיך ביי בראַדסקין אין שטוב, ווי אַזוי אויף דער ערד ליגן אויסגעלייגט טעפּיכער געבראַכט פון פּערסיע און אויף די ווענט הענגען בילדער וואָס די גרעסטע „זשיוואָפּיס־צעס" האָבן זיי געמאָלן!

אויב אַזוי, פלעגט אים איבערשלאָגן אַ צווייטער טעפּליקער וועלט־סוחר, אויב אַזוי, ביסטו ניט געווען אויף דיין לעבן אין קעשעניעוו, און האָסט נישט געזען וואָס עס טוט זיך ביי אלישע אַלפּערין אין געשעפט און אין שטוב. ביי אלישע אַלפּערין הענגען טאַקע ניט קיין פּאָרטרעטן פון נאַ־קעטע נקבות, דערפאַר הענגען דאָרט בילדער פון משה רבינו און פון אליהו הנביא און פון משה מאָנטעפיאָרע און פון דעם טאַלנער רבין ר' דוד'ל און פון נאָך גדולים און אַז מען טרעט איבער זיין שוועל, ווייסט מען, אַז מען איז אין אַ אידישער שטוב.

ווער ווייסט צו וואָס אַזאַ דיסקוסיע וואָלט געבראַכט, ווען עס מישט זיך ניט אַריין אַ דריטער טעפּליקער „וועלט־סוחר" און דערוווייזט, אַז בײדע, אי בראַדסקי אי אלישע אַלפּערין מעגן גיין הייצן די הרובע און פּוצן די שיך ביי... וויסאָצקין אין מאָסקווע, וואו ער איז געווען קויפן טיי! ביי וויסאָצקין אין שטוב — אַזוי דערציילט ער — טרעט מען פּשוט אויף זילבער און אויף גאָלד! ווען דו ווילסט אַ שפּיי טון — אַזוי פּאַרזי־כערט ער — מוזטו צוגיין אין אַ ווינקעלע, שטייט דאָרט אַ זילבערן שיסעלע און דו דאַרפסט אַהין אַ שפּיי טון. וואָס דאַרפט איר מער — אַזוי דער־

ציילט דער טעפּליקער וועלט־סוחר — איידער איר גייט אריין צו וויסאָצקין אין געשעפט, איז אין דרויסן פאראן אזא שטומפּיק מעסער אויף וועלכן איר דאַרפט זיך אפּרייניקן די בלאָטע פון די גאַלאָשן אָדער שטיוול און דאָס מעסער איז פון ריין זילבער! און כדי קיינער זאָל עס ניט צוגנבענען, איז דאָס אריינגעגראָבן ניין איילן אין דער ערד!.

טעפּליקער אידן, וועלכע שטייען אין א רעדל אין מיטן מאַרק, אָדער אין קלויז נאָך די שלוש סעודות, און הערן אָט די אַלע באַרימערייען, וואָלטן שוין אפשר געפּסקנט, אז וויסאָצקי איז דער גרעסטער מיליאָנער, ווען עס מישט זיך ניט אריין ליובארסקי, א מאַנופאַקטור סוחר וואָס האנדלט בלויז מיט זאַגראַניצע, און ער מאַכט צונישט, ממש טאַקע, פּאַרך, פון די גרויסע רוסישע מיליאָנערן וועלכע פאַרמאָגן ניט דאָס מיסט פון איין פּאַריזער ראָטשילד. ביי וועמען אין שטוב ער איז געווען צוזאַמען מיט א דעלעגאַציע פון רוסישע אידן וואָס וואוינען אין פּאַריז. די דעלעגאַציע פון די רוסישע אידן, צווישן וועלכע ער איז אויך געווען — און, גייט גלויבט אים ניט אויפן וואָרט, — איז געקומען בעטן ראָטשילדן, אז ראָטשילד זאָל עפּעס טון פאַר די רוסישע אידן וועלכע ליידן אזוי פיל פון גזירות און נגישות! ראָטשילד — אז ער וויל, קאָן ער — האָט זיי אַלע אויפגענומען מיט א גלעזל טיי און זיי צוגעזאָגט, אז ער וועט זיך דורכריידן מיטן ענגלישן מלך, וועלבער איז אַן אייגן שוועסטערקינד פון פּאָני גנב, און וועט זען פּועלן, אז מען זאָל די אידן געבן „ראַוונאָפּראַוויע” (גלייכע רעכט). אויב ניט, וועט ער, ראָטשילד אים, פּאָני גנב, געבן א מכה ניט קיין הלוואה!...

און עס גייט אוועק א צעטל פון באַפּוצונגען ווי אזוי ראָטשילדס שטוב זעט אויס, און ווי אזוי ראָטשילד נעמט אויף אונזערע אידן. און ליובארסקי שווערט זיך מיט טויטע שבועות, אז זיי האָבן געטראָפן ראָטשילדן אָנגעטון אין א טלית קטן און זיצנדיק איבער אַן אָפענער גמרא גטין און זיך קנייטשן דעם שטערן איבער א הארבער פּלוגתא, צי מעג מען געבן א גט א ווייב וועלכע איז געוואָרן, רחמנא לצלן, חסר דעה, אויב עס איז ניט פאַראַן קיין היתור פון קיין מאה רבנים און דווקא פון דריי לענדער.

א גליק — אזוי פאַרענדיקט ליובארסקי — א גליק, וואָס אין אונזער דעלעגאַציע זיינען געווען עטלעכע אידן וואָס האָבן סמיכות אויף רבנות, און האָבן אים, ראָטשילדן געהאָלפן אַרויסקריכן פון דער הארבער שאלה און ער האָט אונז געקאָנט אויפנעמען און אויסהערן מיט א רואיקן מוח.

ביי טעפּליקער אידן ווערט איינשטימיק באַשלאָסן, אז דער רייכסטער איד אויף דער וועלט איז:

ראָטשילד! הלוואי, גאָטעניו, — אַזוי גיט יעדער צו — אַ הונדערט חלק אויף מיר געזאָגט געוואָרן! און אַזוי ווי ער האָט צו ראָטשילדן גאָרניט, אים צו ווינטשן שלעכטס, פאַרענדיקט ער:

אָן זיין שאָדן — רבונו של עולם.

:: :: ::

עס איז, איצט, גאָר קיין ספק ניט, אַז דעם גרעסטן חלק אין טעפּליקער פּראָגרעס האָבן געהאַט די עטלעכע בעלי עגלות וואָס האָבן אונז — אַ דאַנק זייערע שקאַפּעס און פייטאָנען פאַרבונדן מיט דער אויסערלעכער וועלט. ווען ניט ליפּע, ווען ניט די קינסקעס, ווען ניט דניאל און יאָסל בעלי עגלות, וואָלטן טעפּליקער אידן געמוזט גיין צופוס ביזן באַן, אָדער ביז טערניווקע און איידער צו גיין צו פוס אַזוי פיל ווערסט, וואָלטן שוין טעפּליקער אידן בעסער געזעסן אין קלויז און זיך דערציילט מעשיות פון בעל שם טוב. לכן, דערום, וואָלטן טעפּליקער אידן געדאַרפט זיין דאַנקבאַר די בעלי עגלות! דאָך, איז אַזוי נ י ט געווען. אַ טעפּליקער בעל עגלה איז געווען ביי אונז אַ קליינער צימעס און קיין באַלעבאַטישע שטוב וואָלט זיך מיט קיין בעל-עגלה ניט משדך געווען. נאָך מער, טעפּליקער אידן האָבן גאָר ג ע פּ ל אַ-נ ע ו ע ט צוצוציען דעם באַן ביזן שטעטל אַריין און קאַליע מאַכן די בעלי עגלות זייער פּרנסה. דאָס גליק — פאַר די בעלי עגלות — איז געווען, וואָס די אַלע פּלענער וועגן צוציען דעם באַן אין שטעטל, האָט מען גע-מאַכט... שבת אין קלויז, ווארעמענדיק זיך ביי דער הרובע. און ווי נאָר דער זונטיק איז געקומען, האָט מען פאַרגעסן אין די פּלענער און מען איז געגאַנ-גען טאַפּן ביים גוי אין וואָגן און אים פרעגן:

— שאָ טי מאַיעש?

די בעלי עגלות האָבן ווייטער געפירט אידן און אידן האָבן ווייטער געמסחרעוועט ביז... ביז

די פינצטערע טעג זיינען אָנגעקומען אויף טעפּליק.

# קאפיטל זעכצן

## טעפליקער אידן לעבן איבער ביטערע צייטן

טעפליקער אידן האבן זיך אויסגעלעבט די יארן אין „עושר און אין כבוד". — מען האט געהארעוועט, געבידעוועט, קינדער חתונה געמאכט און דערלעבט אייניקלעך און אור־אייניקלעך. — מען האט געהאט אלע פארגעניגנס, אפילו דאס פארגעניגן צו שרייען „דאלאי ניקאלאיא". — טעפליקער יוגנט וואס האט געקעמפט פאר „ראווגא־פראוויא" (גלייכע בירגער־רעכט) און האט זיך געשעמט מיט דעם „פראסטאי נאראד". — די גרוסן וואס טעפליק האט אפגענומען פון די רוסישע שטעט „וואו אידן איז נים דערלויבט צו וואוינען". — איידער אנרירן חזיר מיט דער האנט — איז שוין גלייכער בלייבן אין טעפליק. — דאס יאר 1905. — פארוואס איז מען געלאפן קיין אמעריקע? — דער קעשעניעווער פאגראם. — ק ר ו ש ע וו א ן — דער גרעסטער צורר היהודים. — פארוואס האט מען נים געוואלט גייען דינען פאניע גנב? — דער פריזיוו און דאס „ציען זיך". — די ערשטע וועלט־מלחמה און דער גרעסטער בלבול אויף די אידן, אז זיי פאראטן דאס פאטערלאנד. — די דייטשן פארנעמען טעפליק און צוויי אונגארישע סאלדאטן ווערן די בעלי הבתים איבערן שטעטל. — דער שונא פון רוסלאנד און די טעפליקער אידן. — טעפליקער אידן ראטעווען אפ הונדערטער פויערים פון געשמיסן צו ווערן! עס נים א שיין די זון — עס קומט די רעוואלוציע, וועלכע ווערט דערטרונקען אין אידיש בלוט! — ווי נעמט מען די יארן פון צאריזם?

זייט וויפל יאר איז טעפליק געווארן א אידיש שטעטעלע? ווען איז טעפליק געגרינדעט געווארן? ווער איז געווען מיין... עלטער זיידע?

אויף אט די פראגעס האט קיין שום טעפליקער איד נים געקענט ענט־פערן. יעדער טעפליקער איד איז געווען זיכער, אז טעפליק איז זייט הונדערטער יארן. יעדער איד האט געלעבט אין טעפליק און זיך דארט אויס־געלעבט די יארן אין „עושר און אין כבוד". יעדער טעפליקער איד איז גע־ווען צופרידן מיט זיין גורל און מיט זיין לעבן, און קיין טייערס פון טעפ־

ליק האָט פאַר אים ניט עקזיסטירט. און אַז אַ טעפּליקער איד האָט מיט זיין זון געדאַרפט אַ שידוך טון אין דער פרעמד, און דער זון איז אַוועק אויף קעסט צום שווער אויף עטלעכע יאָר, איז אים געווען שווערער דאָס שיידן זיך מיט טעפּליקער בריק, מיט טעפּליקער וואַסער מיל, מיט טעפּליקער מקו־מות קדושים, מיט טעפּליקער בית הקברות, ווי דאָס שיידן זיך מיט טאַטע־מאַמע. טעפּליק, דאָס שטעטעלע מיט די בלאָטעס און סליאָטעס איז געווען און איז געבליבן איינגעבאַקן אין האַרצן.

מיט דעם איינציקן רבין מיט וועלכן מיר פּלעגן ריידן וועגן „היסטאָ־רישע זאַכן" איז געווען מיטן רבין עלי שיכמאַן. מיר האָבן איינמאָל גע־וואָלט וויסן ביי אים, וואָס ער געדענקט וועגן טעפּליק, ווען ער איז געווען אַ קינד?

עלי שיכמאַן, שוין דאַן אַ איד אין די קרוב צו זיבעציק, פּלעגט דער־ציילן, אַז אַזוי ווי טעפּליק זעט א י צ ט אויס, אַזוי האָט עס אויסגעזען מיט 50 יאָר צוריק. דער איינציקער חילוק פון דאַן ביז איצט איז, וואָס דעמאָלט זיינען ניט אַלע גאַסן געווען אויסגעפּלאַסטערט און עס זיינען ניט געווען קיין „געמויערטע מויערן" ווי היינט!...

אַזוי האָט טעפּליק עקזיסטירט יאָרן און יאָרן. אידן האָבן חתונה גע־האַט, געהאַט אַ טוץ קינדערלעך, עטלעכע פון זיי זיינען געבליבן לעבן, אַנ־דערע זיינען אַוועק מיט דער סקאַרלאַטינע, דיפטעריע, טיפוס, פּאָקן און מאָזלען. מען האָט זיי מקבר געווען אַן שווערקייטן, און אַן דינגעניש מיט דער חברה קדישא. איז דאָס געווען אַ ציפּל קינד, איז געקומען דער שמש און האָט עס א ל יי ן, אונטערן אָרעם פאַרשלעפּט. איז דאָס געווען אַ גרויס קינד, האָבן חברה נושאי המטה אים ג ע כ א פ ט און אַוועקגעלאָפן אויפן בית עולם און עס מקבר געווען. מען האָט אויך ניט געקליבן קיין ספּעציעל פּלאַץ. איז דאָס געווען אַ קינד — האָט מען עס געלייגט צווישן די קינדער קברים, אלא וואָס דען, אַ גרויסער שוין! האָט מען אים געלייגט אין דער רייע ביי וועלכן מת מען האָט געהאַלטן. קיין „פּאַטשאַטנע" פּלעצער זיינען ניט געווען. קיין „באַוועדאָס" — אוודאי ניט!

אין אַלגעמיין אָבער, האָבן טעפּליקער אידן דערלעבט צו פירן צו דער חופּה זייערע קינדער, און מען האָט דערלעבט אייניקלעך און אור־אייניק־לעך. און ווען ניט די פּאָר בלעטער וואָס זיינען באַקומען געוואָרן אין שטעטל און זיי האָבן געבראַכט די וויסטע, פינצטערע, בשורות, וואָס אויף דער וועלט קומט פאָר — וואָלטן טעפּליקער אידן געווען די גליקלעכסטע מענטשן

אויף דער וועלט און וואָלטן זיך אויסגעלעבט זייערע יאָרן אונטערן צאַר און אונטערן... פּריסטאַוו און סטראַזשניק.

אייגנטלעך, האָבן זיי צום פּריסטאַוו און סטראַזשניק גאָרניט געהאַט. אויב נאָר דער פּריסטאַוו איז געווען א „נעמער", האָבן טעפּליקער אידן גע־לעבט א גוטן טאָג, און ניט, נאָר, עס האָט זיי ניט געפעלט „פרייהייט", נאָר זיי האָבן פראַנק און פריי, דעם סטראַזשניק אין די אויגן, געזונגען א געוויס רעוואָלוציאָנער לידעלע, וועמענס סטראָפן עס זיינען מיר געבליבן איינגע־קריצט אין זכרון:

„צאַר איספּוגאַלסיאַ
דאַל מאַניפעסט
מיאָרטווים סוואָבאָדו
זשיווים פּאַד אַרעסט"!

(דער קיסר האָט זיך איבערגעשראָקן און אַרויסגעגעבן א מאַניפעסט! די טויטע — פרייהייט, און די לעבעדיקע אונטערן אַרעסט).

און געענדיקט האָט מען דאָס לידל:

„דאָלאָי ניקאָלאַי, דאָלאָי סאַמאָדיערזשאַוויע".

ווען האָט א טעפּליקער איד דערפילט דעם טעם פון לעבן אונטערן צאַר? ווען ער האָט געדאַרפט אַרויספאָרן אין דער גרויסער וועלט, אָדער א קינד זיינס האָט געדאַרפט אַריין אין גימנאַזיע אָדער אוניווערזיטעט און אין לעצטן פאַל — ווען מען האָט געדאַרפט פירן א זון צום פּריזיוו! נו, האָט מען זיך אויך אַן עצה געגעבן. אידן זיינען געפאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד, אידישע קינדער האָבן געלערנט אין גימנאַזיע און אין אוניווערזיטעט. אידי־שע דאָקטוירים זיינען געווען אין יעדער שטאָט און שטעטל. און מיטן פּרי־זיוו? — האָבן זיך אויך אידן ניט פאַרלוירן...

אמת, די טעפּליקער אידן וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון אָט יענע „פאַרבאָטענע שטעט" און האָבן דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן זיך אָנגעמוט־טשעט דאָרט מיטן „נאַכטלעגער", און ווי אַזוי בייטאָג האָבן זיי געציטערט פאַרן „גאָראָדאָוואָי" (טעפּליקער אידן האָבן געהאַט מער דרך ארץ פאַרן נאָ־מען „גאָראָדאָוואָי", ווי סטראַזשניק), און עס האָט זיי געקאָסט כך וכך באַבאַר, ווען טעפּליקער אידן פלעגן הערן פון די אָבלאַוועס בייגאַכט אין זייער אכסניה, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַריינגעכאַפּט צו דער אַלטער גויע אונטער דער קאָלדרע און ווען דער גאָראָדאָוואָי האָט געוואָלט זוכן ביי דער גויע אויפן אויוון, אָדער אויף דער ליזשאַנקע, האָט די גויע אים, דעם גאָ־

ראַדאַוואַי, גוט אַנגעווידלט און אים אפילו געזאָגט אַזעלכע ווערטער, וואָס, ווען אַ איד זאָגט זיי, גייט ער אַוועק אין קאַטאָרגע.

דערפאַר אָבער, האָבן טעפּליקער אידן מקנא געווען אָט יענע „פאַר־באַטענע שטעט”, וואָס דאָרטן זיינען פאַראַן ווייניק... אידישע קרעמער און מען רייסט ניט, איינער ביים אַנדערן, דעם ביסן פון מויל! אַך, ווען מען לאָזט אַ טעפּליקער אידן — פלעגט מען ריידן אין קלויז צווישן זיך — פאָרט ער אַוועק קיין ראָסטאָוו אָדער קיין צאַריצין, אָדער גאָר קיין פּעטערבורג, און עפנט דאָרט אויף אַ „באַקאַליינע מאַגאַזין” און וואָלט געלייזט גאָלד...

טפש איינער, פלעגט אַ צווייטער איד אים באַמערקן, דאָרט, אין פּעטערבורג, וואָלסטו דאָך געמוזט האַלטן... חזיר אין קלייטל. און ווי אַזוי וואָלסטו אים אָנגערירט מיט דער האַנט?...

דער טעפּליקער איד, וואָס וויל פליען אין די הימלען און בענקט נאָך פּעטערבורג — ווערט באַזיגט. איידער אָנרירן חזיר מיט דער האַנט, און נאָך, חלילה, דאַרפן פאַרקויפן בשר קוויטש — איז שוין גלייכער בלייבן אין טעפּליק. און מען האָט שוין געלייגט די האָפענונג אויף דער טעפּליקער יוגנט וואָס האָט געקעמפט פאַר „ראַוונאָפּראַוויע” (גלייכע בירגער רעכט). זי, די יוגנט, האָט געאַרבעט מעשים. מען האָט אָפּגעהאַלטן מיטינגען, מען האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידלעך, און געענדיקט מיטן אויסגעשריי:

„דאָלאָי ניקאָלאַי!”

אמת, די דאָזיקע „רעוואָלוציאָנערע” יוגנט האָט אַביסל אונטערגעזויג־דיקט בנוגע דעם טעפּליקער „פּראָלעטאַריאַט”! זי, אָט די יוגנט, האָט אים איגנאָרירט און זיך, ניט נאָר ניט באַמיט אים העלפן זיך אויסבילדן, נאָר אפילו ניט צוגעלאָזט נאָענט צו זיך. מען האָט זיך פשוט געשעמט מיטן פּראָלעטאַריאַט. אָבער די רעוואָלוציע האָבן זיי געפאָדערט אין נאָמען פון:

— טעפּליקער פּראָלעטאַריאַט!..

און טעפּליקער פּראָלעטאַריאַט איז געווען גלייכגילטיק צו דער רעוואָ־לוציע. דער טעפּליקער אַרבעטער האָט טאָקע געאַרבעט 12 און 14 שעה אַ טאָג. אָבער — מיטן קיסר האָט עס ניט געהאַט וואָס צו טון. און ווער ווייסט צי טעפּליקער איד און טעפּליקער פּראָלעטאַריער וואָלט ניט געווען דער געטרייסטער בירגער פון צאַרישן רוסלאַנד, ווען עס קומט ניט אָן דאָס יאָר 1905, ווען מען ווערט ניט געוואויר פון אַ צורר היהודים וואָס הייסט קרושעוואַן און ווען מען הערט ניט פון קעשעניעווער פּאָגראָם, און פון דער „טשאָרנאָסאָטניע” (שוואַרץ־מאהניקעס).

דער קעשעניעווער פּאָגראָם האָט אויפגעוואָרפן טעפּליקער אידן אין אַ

פּחד! עפּעס אַ קלייניקייט, נעמען פּרוּוען, זיי אויפשניידן די בייכער און אריינשטופּן קעץ אהין!

נעמען קליינע קינדער ביי די פיסלעך און זיי צעברעכן די שאַרבנס אין שטיינער! אויפשטעקן פּיצלעך קינדער אויף די שפּיזן און מיט זיי שפּאַצירן!...

ניין, טעפּליקער אידן געפעלט ניט אַזאַ רוסלאַנד און זיי גלויבן גאָרניט אַז מען זאָל אַראָפּוואַרפן דעם צאַר. און אויב מען וועט שוין אַראָפּוואַרפן דעם צאַר — גלויבן זיי שוין ניט אין איוואַן זלאַדיעס יושר! און

עס הויבט זיך אָן די עמיגראַציע קיין אַמעריקע. טעפּליקער אידן לויפן! פאַר אַ הונדערטער קריגט מען אַ שיפסקאַרטע ביז קיין „נעוו־יאָרק" און דאָרטן איז אוים פּריסטאַוו, אוים קרושעוואַן און אוים צאַר!

איבערהויפּט האָט אָנגעהויבן לויפן די יוגנט וואָס האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. איצט, נאָך אַזאַ מין פּאָגראָם, און נאָך אַזוי פיל קליינע פּאָגראָמעלעך וואָס קומען פאָר, איז ניטאָ פּאַרוואָס גיין דינען דעם צאַר גאַנצע פיר יאָר און ווערן פאַרשיקט ווערגעץ קיין סיביר אָדער אוראַלער בערג.

דאָס דינען דעם צאַר איז געווען די גרעסטע אָפּקומעניש פאַר טעפּלי־קער אידן. דאָס עסן טריפס! דאָס עסן אום פּסח — חמץ! דאָס ניט קאָנען דאַווענען שבת און יום טוב ווי אַ איד איז געוואוינט. און דערנאָך, די ספּע־ציעלע דערנידערונגען וואָס אַ אידישער סאָלדאַט האָט געהאַט אויסצושטיין, איז געווען אַ גענוגער מאָטיוו, אַז אַ טעפּליקער איד זאָל טון אַלעס מעגלעכעס, אבי ניט גיין דינען „פאָניע גנב".

און דאָס „טון אַלעס מעגלעכעס" האָט זיך אָנגעהויבן מיט „ציען" זיך. צוויי־דריי מאָנאַטן פאַרן פּריזיוו, האָט מען זיך „אָנגעהויבן ציען" כדי צו פאַרלירן וואָג: חברה „נאָוואָבראַנצעס" זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע נאַכט און מען איז... ניט געשלאָפן (אַ מיטל צו „פאַרלירן וואָג") און כדי, ניט צו שלאָפן, האָט מען... געשפּילט אין קוויטלעך, געזונגען, געטאַנצט, געטרונקען... עסיק און ווידער געזונגען ביז טאָג. דערנאָך איז מען געגאַנגען צו דער אַרבעט אַ מידער און ניט דערשלאָפענער.

ווען מען איז געקומען צום פּריזיוו האָט מען אויסגעזען ווי... אַ מת! דער „וואָינסקי נאַטשאַלניק" האָט אָבער געגעבן אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע, אַ זאָג געטון „גאָדיען" און צוגעגעבן:

„דו וועסט זיך שוין דאָרט פּאָפּראַווען"...

און אַזוי פלעגט זיין אַלע יאָר. חברה האָבן זיך געצויגן און די „פּרי־סטאַטווע" האָט געטון אירס. אַלאַ, ווען די פּריסוטסטווע האָט שוין איינעם

אַרויסגעלאָזט, אַלס קאָנסעקווענץ פונעם „ציען" זיך, איז, אָבער, דער „וואַ־אינסקי נאטשאַלניק" געווען אַ גרויסער „נעמער", אָדער דער „פּריזיוונ יק" האָט זיך אַזוי „געצויגן", אַז ער האָט זיך דערצויגן ביזן גרוב. די פּריסוטסטווע האָט אים נִיט צוגענומען, אָבער גאָט האָט אים יאָ צוגענומען...

טעפּליקער אידן האָבן ניט געוואָלט דינען דעם צאַר און זיי האָבן גע־האַט באַרעכטיקטע מאָטיוון דערצו. דער צאַר האָט זיי באַהאַנדלט ווי שטיפ־קינדער, און אַ שטיפמאַמע, אַ שלעכטע שטיפמאַמע, וואָס שלאָגט, מאַטערט, לאָזט אין שטוב ניט אַריין, נעמט צו דעם ביסן פון מויל, אַזאַ שטיפמאַמע האָט מען פיינט. און ווען מען האָט אַ געלעגנהייט אויסצודרייען זיך און ניט צו דינען איר — טוט מען עס.

דאָס אַלעס איז אָבער געווען אין דער „מירנע ווּרעמיע" (שלום צייט).

אָט איז אונטערגעקומען אַ צייט ווען טעפּליקער אידן, גרויס און קליין, האָבן אַרויסגעוויזן פּאַטריאָטיזם און ליבשאַפט צו דער שטיפמאַמע — רוסלאַנד. עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה. רוסלאַנד האָט זיך געשלאָגן מיט פעלקער וואו אידן האָבן געלעבט בשלום. דערהויפּט האָבן די אידן שטאַרק געהאַלטן פון פראַנץ־יאָזעף, דעם עסטרייכישן קעניג וואָס איז געווען אַן אמתער אידן־פריינט. דאָך, האָבן טעפּליקער אידן ניט פאַראַטן זייער שלעכטע און מרשעתדיקע שטיפמאַמע און זיך געגאַנגען אָננעמען איר כבוד און פאַרטיידיקן דעם צאַר־באַטיושקאַ, קעגן זיינע שונאים.

דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן ביטערע צייטן פאַר טעפּליקער אידן.

פון איין זייט האָבן זיי געליטן וואָס מען האָט צוגענומען זייערע טאַ־טעס, זייערע ברידער און אוועקגעשיקט „אויפן פראָנט", זיך שלאָגן מיט די דייטשע און עסטרייכישע... אידן און פון דער צווייטער זייט, האָט מען גע־קוקט אויף זיי ווי אויף פאַרעטער, ווי אויף אינערלעכע שונאים, וועלכע דינען דעם אויסערלעכן שונא מיט זייער געלט און מיט... שפּיאָנאַזש. און ווען די בלעטער פלעגן אָנקומען קיין טעפּליק און מען האָט געלייענט ווי אַזוי מען טרייבט די אידן פון די פראָנט גרענעצן, ווי אַזוי אידישע משפחות ווערן אַריינגעזעצט אין די פי־וואַגאָנען און איינגעפּאַקעוועט ווי הערינג אין אַ פעסל און אַרויסגעשיקט קיין טיף רוסלאַנד — האָבן טעפּליקער אידן, נאָך מער פיינט באַקומען זייער שטיפמאַמע, אָבער, פאַראַטן — האָט זי קיינער נישט.

איינמאָל, און דאָס איז שוין געווען אין די צייטן פון די איבערקערע־נישן און באָאָס — האָבן טעפּליקער אידן געהאַט אַ געלעגנהייט צו דער־

וויזן, אַז זיי זיינען געטרייע רוסישע בירגער, כאָטש מען באַגייט זיך מיט זיי אַזוי אכזריותדיק.

אין אַ שיינעם טאָג האָבן די דייטשן דערגרייכט קיין טעפּליק און „אָפּ־געגומען" די שטאָט ביים „שונא", וועלכער איז נאָך צוריק מיט אַכט טעג אַנטלאָפן פון גאַנצן געגנט. אין שטעטל זיינען אריין עטלעכע דייטשן, אָפּ־געוועזן דאָרט דריי שעה, איבערגעלאָזט אַ „גאַרניזאָן" וואָס איז באַשטאַנען פון... 1 עלטסטן און 2 אונגאַרישע סאָלדאַטן און — אוועק ווייטער.

טעפּליק, האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. טעפּליק האָט דערפילט אַז עס קו־מען אָן פאַר זיי פרייע צייטן. און טאַקע... פּרנסה אויך. די דייטשן זיינען הונגעריק, זיי קויפן אַלעס וואָס זיי זעען מיט די אויגן, צאָלן וויפל מען בעט, שלאָגן ניט קיין אידן, שרייען אפילו ניט זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ — און וואָס נאָך דאַרף אַ טעפּליקער איד?

דאָך, האָבן טעפּליקער אידן ניט אַרויסגעוויזן קיין פרייד, קיין ענטוז־יאַזם, מיט דעם פאַרנעמען זייער שטעטל פון דעם שונא פון זייער „פאָ־טערלאַנד". דער קאָמענדאַנט האָט געשיקט רופן די אידן און מיט זיי גע־רעדט אויף... אידיש! ער האָט געבעטן זייער שטיצע און הילף קעגן פאַר־פלוכטן רוס! טעפּליקער אידן, זיינען אָבער געווען אויסגעהאַלטן! זיי האָבן אויפגענומען די נייע מאַכט מיט פריינטלעכקייט אָבער ניט מיט פרייד און איבערגעגעבנקייט. זיי האָבן געוואָלט וויזן, דעם סטאַרשינאַ, דעם סטאַ־ראָסטע, די ערלים פונעם וואָלאָסט מיט זייער פּיסאַר דעם אַנטיסעמיט, אַז כאָטש די „מאַכט" איז איצט „ז י י ע ר ע" — דאָך בלייבן זיי געטרייע רו־סישע בירגער...

אין איינעם אַ טאָג, האָבן טעפּליקער אידן אָפּגעראַטעוועט הונדערטער פּויערים פון טעפּליק, בעזשילנע, טאַשליק, קאָמעריווקע און וואַזשנע, גע־שמיסן צו ווערן.

דער דייטשער קאָמענדאַנט האָט באַפוילן די פּויערים צו ברענגען כך וכך פוד תבואה צום וואָקזאַל. פאַר דער תבואה האָט ער געצאָלט גוט געלט.

זיינען זיך צונויפגעקומען אין וואָלאָסט אַריין די פּויערים פון אַט די נאָענטע דערפער און פון שטעטל און „באַשלאָסן":

מען גיט ניט קיין תבואה, סיידן ער זאָל זיי צוזאָגן, אַז די תבואה וועט ער שיקן קיין... פּעטראָגראַד, וואו מען האָט שטאַרק געהונגערט.

ווען מען האָט עס געמאָלדן דעם דייטשן קאַפּיטאַן, האָט ער גאָרניט געזאָגט, נאָר טעלעפאָניש אַרויסגערופן פון הייסין, אַ ראָטע סאָלדאַטן, זיי געשיקט איבער די אויבנדערמאָנטע דערפער און צענויפגעטריבן קיין טעפּ־

ליק, אינמיטן מאַרק, עטלעכע הונדערט גויים. אַהין האָט מען געבראַכט לײדיקע פּעסלעך און יעדער גוי האָט געדאַרפט זיך אַוועקלייגן איבערן פּעסל און קריגן 50 נאַגייקעס.

ווען טעפּליקער אידן האָבן דערזען דאָס בילד, זיינען זיי פּאַרציטערט געוואָרן. ערשטנס, וואָס דאָס שמייסן קומט פאַר אינמיטן מאַרק, צווייטנס, וואָס מען וועט שמייסן בלויז די גוים! אָט די ביידע זאַכן וועלן דערנאָך דינען פאַר אַ גוטן מאָטיוו, אַז די טעפּליקער אידן זיינען געווען די פריינט פון שונא. אַ סימן, אויף צו שלאָגן די אַמתע רוסן, האָט מען עס געטון אויף טעפּליקער מאַרק, כדי אידעלעך זאָלן הנאה האָבן... און אין אַלגעמיין האָבן טעפּליקער אידן ניט געקאָנט זען קיין בלוט... און אַ פּאָר מינוט פאַר דער עקזעקוציע האָבן טעפּליקער אידן געפּועלט ביים קאָמענדאַנט — טאַקע פאַר די פּויערים אין די אויגן — אַז מען זאָל אָפּלייגן דעם אורטייל אויף 14 טעג און ביז דאַן נעמען זיך די טעפּליקער אידן אונטער, צוצושטעלן דעם „פּריץ" די געפאָדערטע צאָל פּוד ווייץ. אויב ניט — זאָל מען זיי שלאָגן.

דאָס שמייסן איז אָפּגעלייגט געוואָרן. די תבואה האָבן טעפּליקער אידן צוגעשטעלט אין צייט און... נאָך פאַרדינט אויף שבת ביי דעם מסחר. אָבער, די טעפּליקער גויים זיינען ניט געבליבן צופרידן. ביי זיי איז אויסגעקומען, אַז די גאַנצע אַרבעט מיט צונויפנעמען דעם „סבאָד" אויפן טעפּליקער מאַרק, איז געווען אַ „זשידאָווסקי" שטיקל אַרבעט, כדי אַרויסווייזן אַז זיי פּאַרטייִדיקן די אמתע רוסן... אַ סימן, אויב די אידן קאָנען אַלעם פּועלן ביי די דייטשן, טאָ זאָלן זיי פּועלן, אַז די דייטשן זאָלן... פאַרלאָזן די „מאַטושקאַ ראָסיאַ".

∷ ∷ ∷

טעפּליקער אידן האָבן ביסלעכוויז אָנגעהויבן אָנווערן זייער גלויבן און האָפענונג אין דער רעוואָלוציע. אַ סך פון זיי, האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף שליסן אַ „סעפּאַראַטנעם" שלום מיט די דייטשן און אַ סוף, אַן עק! אַנדערע האָבן גלאַט געוואָלט האָבן צוריק פון פראָנט זייער מאַן, זייער קינד אָדער ברודער. און ווידער אַנדערע, שוין די מער „אויפגעקלערטע", האָבן געהאַלטן אַז מיר האָבן ניט פאַרוואָס צו פאַרגיסן קיין בלוט צוליב דעם ענגלישן און פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם...

די הויפּט דעבאַטע איז אָנגעגאַנגען אין... קלויז! אייניקע, די מער רייכערע, און דערהויפּט די יעניקע וועלכע האָבן... אויפן פראָנט קיינעם ניט געהאַט, האָבן געהאַלטן מיט קערענסקין, זיך שלאָגן ביזן זיג.

אַנדערע, די מער אָרימערע, און ווי געזאָגט, די, וועלכע האָבן עמיצן

געהאַט אין פּלען אָדער אויפן פראָנט, האָבן געטענהט, אַז אונז דאַרף ניט אָנגיין ווער עס וועט זיגן; אונז דאַרף ניט אינטערעסירן ביי וועמען אין די הענט עס וועלן בלייבן די דאַרדאַנעלן! וואָס אונז אינטערעסירט איז —

עס זאָל שוין ווערן שלום!

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן שלעכטע קלאַנגען פון פראָנט: קערענסקיס אָפענסיווע האָט געהאַט א דורכפאַל! די סאָלדאַטן זיינען דע־מאָראַליזירט געוואָרן און לויפנדיק פון פראָנט, ראַבעווען זיי אידיש האָב און גוטס (פון קיין הריגות האָט מען נאָך נישט געהערט).

אָט דערציילט מען, אַז אין גאַליציע, וואו „אונזערע" זיינען נאָך גע־שטאַנען, האָט מען אָנגעהויבן מאַכן פּאָגראָמען... און די זעלבע רוסישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן ערשט נעכטן דורכגעמאַרשירט די גאַסן מיט... רויטע פאָנען און געזונגען די מאַרסעליעזע — האָבן ה יי נ ט, ווי אויף א באַ־פעל, צעראַבירט א גאַנץ שטעטל, געשענדעט פרויען און צעריסן קישנס און איבערבעטן.

טעפּליקער אידן האָבן אָנגעהויבן חרטה האָבן אויפן גאַנצן עסק. זיי וואָלטן שוין צוריק מוחל געווען די גאַנצע רעוואָלוציע מיט דער גאַנצער „ראַוונאָפּראַוויע", מיטן מעגן וואוינען אין קיעוו און מיטן מעגן האַלטן אַ קרעטשמע אָדער אַ קנעלעכץ אין טאַשליק אָדער טראַיאַנע. טעפּליקער אידן האָבן צוריק אָנגעהויבן בענקען נאָכן... צאַר, נאָכן פּריסטאַוו, נאָכן סטראַזש־ניק, פאַר וועמען דאָס גאַנצע דאָרף האָט מורא געהאַט און עס איז געווען רואיקייט און אָרדענונג. און ווען עס זאָל דעמאָלט געווען זיין געוועגדעט אין טעפּליקער אידן, וואָלטן זיי געווען געגעבן אַ דריי דעם דישל אויף צוריק און

— אוים מיט דער רעוואָלוציע!

מען האָט אָבער ביי טעפּליק ניט געפרעגט. טעפּליקער אידן האָבן זיי־ער מיינונג אין דער וועלט אריין ניט איבערגעשיקט! עס איז גאָר אַ פראַגע, צו די „וועלט", צו קערענסקי מיט זיין מיניסטאָרן קאַבינעט, האָבן גאָר גע־וואוסט, אַז עס עקזיסטירט אַ טעפּליק, און

— דערפאַר איז די פּאָליטיק אַוועק מיטן קאָפּ אַראָפּ!

אָבער — מען דאַרף ניט מיינען, אַז טעפּליק האָט זיך שטאַרק גענו־מען צום האַרצן וואָס קערענסקי האָט אַזוי ווייניק מזל מיט זיין פּאָליטיק און מיט זיין פירן די מלוכה. פאַרקערט, געווען א סך אידן, וואָס האָבן אויסגענוצט די „ראַוונאָפּראַוויע" און זיינען אַוועק אין דער גרויסער וועלט און אָנגעהויבן מאַכן גוטע געשעפטן.

איינער איז געפאָרן קיין צאַריצין ווייל ער האָט געהערט אַז דאָרט קאָן מען קויפן שפּאָט ביליק זילבערנע לעפל, גאָפּלען און גלאָט די רייכע גבירישע „סערוויזן“, וועלכע מען פאַרקויפט איבער, מיד־ליד, און מען פאַרדינט אַ אַפּטייקע.

אַ צווייטער איז געפאָרן קיין מאָסקווע קויפן זשיראַדאָווס לייוונט טאַקע פון דער סאַמע פאַבריק און פאַרדינען שטיקער גאָלד!

אַ דריטער, איז אויך מיטגעפאָרן קיין מאָסקווע, אָבער ניט צו קויפן לייוונט — נאָר ברענגען „טרעאוגאָלניקס“ גאַלאָשן!

אַ גרויסע טייל אידן האָבן זיך אָבער אוועקגעלאָזט קיין טולא, אין דער שטאָט וואו סאַמאָווארן פאַרקויפן זיך שפּאָט ביליק! וואו סאַמאָווארן וואַלגערן ממש אין די גאַסן! און עס האָט ניט געדויערט לאַנג, ווי די „סאַמאָוואַרן־סוחרים“ זיינען געקומען קוים מיטן לעבן, ווייל, ניט נאָר, האָבן זיי ניט געקראָגן קיין סאַמאָווארן, אפילו אַ פּיצל סאַמאָוואַר פאַר זיך אויך ניט, נאָר פאַרנדיק אין ענגשאַפט, אין די וואַגאָנען, האָבן זיי שיעור ניט געפּטרט די פאָר קערבלעך וועלכע זיי האָבן געפירט אויף מסחר!

דערפאַר אָבער, אַז עס פלעגט קומען שבת אין שיל אָדער בית מדרש, פלעגן זיך צענויפנעמען רעדלעך — פאַרשטייט זיך ביי אויסנעמעם אָדער פאַר מנחה, און מען האָט דערציילט די נסים ונפלאות וואָס מען האָט געזען אין וועג!

האָט, למשל, ישראל טאַפּט דערציילט אַז זייענדיק אין מאָסקווע איז ער געווען אַ בעלן איבערצייגן זיך, צו עס זיינען טאַקע פאַראַן פערציק מאָל פערציק קלויסטער. האָט ער אויסגעשפּאַנט אַלע מאָסקווער גאַסן, געהאַלטן אין איין ציילן און האָט קוים אָנגעציילט 200 קלויסטערס ניט מער!

ווייל אים אַ איד „טרייסטן“, גיט ער אַ מאַך, אַזוי אין דער זייט:

אַזוי פיל גוטע יאָר אויף מיר, מיט אייך צוזאַמען, וויפיל קלויסטערס אין מאָסקוואַ זיינען פאַראַן מער ווי צוויי הונדערט און אפילו פון צוויי טויזנט! עפּעס אַ קלייניקייט! מאָסקוואַ! און עס ווערט אַ שפּאַרעניש און אַ דינגעניש, וויפיל קלויסטערס אין מאָסקוואַ איז פאַראַן, און לסוף, גלייבט מען זיך אויס:

פאַראַן אפשר טויזנט קלויסטערס!

און אַז טעפּליקער אידן ענדיקן מיטן „מאָסקווער“ סוחר, וואָס איז געפאָרן קויפן טויזנטער ארשין זשיראַדאָווס לייוונט און איז אַליין שיעור־שיעור, געקומען אין איין העמד — גיט מען זיך אַ נעם צו זיידל טראַסטאַ־

נעצער, וועלכער איז געפאָרן קיין פּעטראָגראַד, אריינגעבן זיין זון אין דער „וואָיענע שקאָלע".

זיידל טראסטיאַנעצער, א איד א תלמיד חכם, האָט געהאַט א שוואַכקייט צו תרסיסי מלחמה, די גאַנצע צייט פון דער מלחמה איז זיידל געווען א גאַנצער סטראַטעג און האָט „אויסגערעכנט" צום טאָג, צו דער שעה, וואו די רוסן וועלן „נאַסטופּאיען" אָדער וועלן „אָטסטופּאיען". ער האָט „געוואוסט" פון אלע פּלענער פון אלע גענעראַל־שטאַבן! זיין אומגליק איז בלויז געווען — ער פלעגט ניט טרעפן! און טאָמער האָט ער יאָ געטראָפן — איז געווען פונקט קאַפּויר! האָט ער, למשל, געזאָגט, אז ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש וועט זיך „אָנעמען מיט כח" און וועט געבן א שיק א מיליאָן סאָלדאַטן אויף א „נאַסטופּלעניע" — האָט גאָר ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש גענומען אַנטלויפן פון פראָנט און געמוזט רעזיגנירן!

און אז מען איז געקומען צו זיידלען מיט א טענה:

סטייטש! זיידל! עפּעם האָסטו דאָך געזאָגט!

האָט ער געהאַט א פּאַרטיקן תירץ: אמיין, דער לוח טרעפט אויך ניט!

אָט אזוי, האָט זיידל טראַסטיאַנעצער אָנגעפירט אלע טאָג מיט דער סטראַטעגיע, ביז גאָט האָט געהאָלפן, סע איז געוואָרן די רעוואָלוציע, ראַוונאָפּראַוויע, און אידן קאָנען ווערן אָפיציערן און אפילו גענעראַלן!

פאַר זיידלען האָט זיך געעפנט א נייע וועלט מיט נייע האָפענונגען! ער האָט אָנגעהויבן פּראָפּאַגאַנדירן אין שטאָט, אין קלויז, און להבדיל — פון דער אויבערשטער באַנק — אז אידן זאָלן שיקן זייערע קינדער אין די „וואָיענע שקאָלעס" און ווערן אָפיציערן! אידן דאַרפן זיך לערנען פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע! די ראַוונאָפּראַוויע!

און כדי צו ווייזן, אז ער טוט אליין אויך, דאָס, וואָס ער עצהט יענעם, האָט ער אין א שיינעם טאָג מודיע געווען אין קלויז אז ער פאָרט קיין פּעטראָגראַד אריינגעבן זיין בן יחיד אין דער מיליטערישער שולע!

איי, דער בן יחיד זיינער, האָט א „ווייסן בילעט" ווייל — ניט פאַר קיין שום אידן געדאַכט, — רעדט ער אביסעלע היקעוואַטע, און אז ער פאַרהיקעט זיך, דאַרף מען אָפּוואַרטן א פינף מינוט, ביז ער קומט צו זיך און... הויבט אָן היקען פאָוואָלינקע, — נו! מילא! וועט מען אים ניט געבן קיין פאָלק סאָלדאַטן — אזוי פלעגט זיידל זאָגן אין קלויז — כדי מיט זיי מאַנדרעווען, און מען וועט אים באַשטימען אלס וואָאינסקע „פּיסאַר", אויף צו שרייבן, פאַרשרייבן און אריינשרייבן!..

אין א שיינעם טאָג איז זיידל אוועק מיט זיין זון קיין פּעטראָגראַד!

דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים באַגלייט ביז צו... ליפּע בעל עגלהס פּייטאָן, און אים געוואונטשן אז די „פּריסוטסוויע" זאָל אים זאָגן „גאָדיען"!

זיידל האָט זיך, מיט זיין זונדעלע אָפּגעוואַלגערט אין פּעטראָגראַד א חודש צייט, ניט געקאָנט קריגן קיין שטיקל שוואַרץ שטיקל ברויט און געקומען אהיים!

קיין טענות האָט זיידל צו דער „רעוואָלוציע" ניט געהאַט! אויף צו להכעיס — אזוי פלעגט ער דערציילן און זיך „פּאַרענטפערן", אויף צו להכעיס, האָט זיין זונדעלע אין פּעטראָגראַד אָנגעהויבן היקען אזוי — אז מען האָט טאַקע קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען און ווען איך בין דער וואָיענ־סקע נאַטשאַלניק — אזוי פלעגט ער זאָגן און זיך געבן א קלאַפּ אין האַרצן מיטן קולאַק — ווען א ז א בחור קומט צו מיר, וואָלט איך אים געזאָגט:

ספּאַסיבאַ בראַטעץ! טאַלקאָ — סטופּיי ז׳ באָגאָם!

(א דאַנק דיר ברודערל, אָבער, גיי א היים געזונטערהייד)! דערפאַר אָבער, האָט זיידל וואָס צו דערציילן פון פּעטראָגראַד! ווען ער זאָל לעבן טויזנט יאָר — אזוי שווערט ער ביי זיינע נאמנות — וואָלט ער געהאַט וואָס צו דערציילן און דערציילן!

דאָס ערשטע דערציילט ער, טאַקע פון פּעטראָגראַד אליין! ווי גרויס ס׳איז! ווי שיין ס׳איז! ווי אזוי דוואָרניקעס וואַשן אלע טאָג די טראָטוואַרן ווי ביי אונז, די אידענע דעם פּאָל, לכבוד שבת! היינט דער טייך, דער נעוואַ, וואָס גייט פּונקט אינמיטן שטאָט און כאָטש נעם א לאָדקע און שווים אויף אים!

דערנאָך גייט ער איבער צו איינצלהייטן! ער דערציילט פון דעם קיסרס פּאַלאַץ וואָס שטייט פּוסט און פּאַס, און יעדערער, ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, קאָן אריינגיין, אפילו מיט שטיוול פול מיט בלאָטע — זאָל ער אזוי האָבן גוטס ווי ער האָט אליין געזען א גוי, א פּשוטן כאַמולאַ פון א דאָרף, איז אריין מיט בלאָטיקע שטיוול גלייך צום קיסרס פּאַלאַץ! אזוי שווערט ער זיך, זיידל, און מען מוז אים גלויבן!

א ספּעציעל פאַרגעניגן האָט זיידל געהאַט, צו דערציילן וועגן זיין באַ־זוך אין „צאַרסקאָיע סעלאָ", אָט אין יענעם מקום וואו, ניט בלויז א איד, נאָר א פּשוטער בשר ודם (סיידן א דוואָריאַנין) האָט קיינמאָל מיט קיין פוס ניט איבערגעטראָטן!

זיידל דערציילט, און אידן הערן אים מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם, ווי אזוי אין צאַרסקאָיע סעלאָ, זיצן איצט פּשוטע מענטשן, נאָש בראַט, און די קאָנסט אהין קומען מיט א פּראָשעניע אָדער קריווודע, ווען דו ווילסט! מען

לאָזט דיך צו ביז צום גאָר גאָר עלטסטן! און זיידל ווייזט אין דער הויך איבער זיין קאָפּ וויפיל זיין האנט דערגרייכט!

ער איז געווען אין צארסקאָיע סעלאָ וועגן זיין זון! ער האָט זיך געבעטן ביי זיי, אפשר קאָנען זיי אים צונעמען, כאָטש אפּילו פאר א קובער, אויף צו שיילן קארטאָפל! אָבער אין דער „וואָאינסקע שקאָלע" — און דערציי גיט ער א טיפן זיפץ און גיט צו:

נישט געווען מעגלעך עס צו פּועלן!..

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

איך האָב אָט דעם גאנצן עפּיזאָד מיט זיידלען געבראכט ניט בלויז צו אילוסטרירן די שטימונג פון טעפּליקער אידן בעת קערענסקים רעגירונג, נאָר אלס איבעריקער באווייז ווי אזוי טעפּליקער אידן האָבן זיך דערפרייט מיט דער „ראוונאָפּראוויא" און זיינען געווען גרייט מקריב זיין זייערע קינדער — אָט יענעם, צוליב וועמענס באפרייאונג און באקומען א „ווייסן בילעט" ביים צארס פּריסוטסוויע, ער האָט באקומען א „מזל טוב" פון אלע זייטן!

:: :: ::

ניט באשערט געווען טעפּליקער אידן האָבן אינגאנצן פארגעניגן פון דער רעוואָלוציע, איז פאר זיי אויפגעשטאנען א נייער פּראָבלעם:

„וואליוטא"!

האָבן זיך טעפּליקער אידן אויסגעלעבט זייערע יאָרן, און האָבן שטענדיק געוואוסט אז אויף דער וועלט עקזיסטירט א זילבערנע גריוועניקע (10 קאָפּקעס) א זילבערנער גילדן (15 קאָפּ) א פּערציקער (20 קאָפּ) א האלב קערבל און א זילבערן קערבל!

פון פּאפּיר געלט — ווער עס האָט געהאט אזעלכס, — האָט מען געוואוסט אז עס איז פאראן א גרין דרייערל, א געל פינפערל, א רויט צענערל! און געווען אידן וואָס האָבן געהאט קנאקעדיקע „קאטערינקעס" (הונדערטער).

חוץ דעם — האָבן טעפּליקער אידן געזען און טאקע געהאט אויך — גילדענע פינפערלעך און צענערלעך!

ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן זיינען די גילדענע מטבעות ניט געשטייעט! א סך האָבן זיי באהאלטן, און דער גרעסטער טייל, איז אומבאמערקטערהייד, צוריקגעצויגן געוואָרן פון צירקולאציע!

די צרה איז געקומען באגלייך מיט דער רעוואָלוציע! קערענסקים רעגירונג האָט געוואָלט אָפּמעקן יעדער שפּור פון צאריזם און טאקע פאר איין

וועגס, צעגישט מאַכן די גרויסע אָנגעזאַמלטע מיליאָנען וואָס דעם קיסרס משפחה און בכלל די רוסישע אדעליקע האָבן אָנגעזאַמלט אין דער צייט פון מלחמה, האָט זי גענומען און אין א שיינעם טאָג געמאָלדן:

דאָס „ניקאָלאַיעווער" געלט דאַרף אויסגעטוישט ווערן אויף א נייער מטבע, וועלכע מען האָט טאקע גערופן „קערענקעלעך"...

טעפּליקער אידן האָבן זיך, גראדע, ניט דערשראָקן פאַר אָט דער „גזירה"! קיין סך ניקאָלאַיעווער מיליאָנען איז אין טעפּליק ניט געווען! און אפילו די גרויסע גבירים, אדירים, „מיליאָנערן" ווי אלטער הוראָוויץ אָדער חייקע פישער, האָבן ניט געהאַט קיין מזומנע צענער טויזנטער אין דער אייזערנער קאַסע! דאָך, איז געוואָרן א צעמישעכטס!

אידן סוחרים, וועלכע זיינען געפאָרן קויפן סחורה, האָבן זיך געמוזט אומקערן, ווייל קיין ניקאָלאַיעווער געלט האָט מען ניט גענומען און קיין „קערענקעלעך" האָט מען ניט ג ע ו אָ ל ט נעמען!..

אזוי ווי מען האָט, אלץ, געגלויבט, אז אָט אָט קומט א סוף צו דער גאנצער רעוואָלוציע (אין יענער צייט האָט שוין קאָרנילאָוו אָנגעהויבן זיין מיט וואָס מער סחורה און מיט וואָס ווייניקער מזומן געלט!

און, אין אָט אזא שיינעם טאָג, איז מען געוואוירע געוואָרן פון וואָרט „וואליוטא"! מען איז געוואוירע געוואָרן אז, דאָס איז א מסחר ווי אלע מסחרים און מען קאָן פאַרדינען א שיינע פּאָר רובל ביי אָט דעם מסחר!

און עס האָט זיך אָנגעהויבן מסחריי ארום וואליוטא! אידן האָבן „גע־קויפט" קערענקעלעך און פאַרקויפט „קערענקעלעך" און... פאַרדינט אויף שבת!

אידן זיינען געפאָרן אין די גרויסע שטעט און געבראַכט פון דאָרט דעם „קורס" פון דער וואליוטא! ה ײ נ ט צאָלט מען אזוי פיל און מאָרגן צאָלט מען אזוי פיל! און מען האָט געהאַנדלט צ ו י ש ן ז י ך , ווייל די גוים, וועלכע האָבן געבראַכט תבואה צו פאַרקויפן אָדער א פורל האָלץ אָדער א וואָגן שטרוי, ז י י האָט מען געמוזט צאָלן מיט „אמתע" ניקאָ־לאַיעווע רובלס! און, כאָטש מען האָט שוין די גרינגע דרייערלעך און די רויטע צענערלעך ניט גענומען אין קלייט, האָט זיך דער גוי ניט געמאַכט קיין ווערן! ער האָט געגלויבט, אז א טאָג ווערט קומען ווען דאָס ניקאָלאַיעווער געלט וועט צוריק ווערן געלט און דער קיסר — מלך פון דער מאַטושקאַ ראָסיא!

און — זאָל טאקע דאָ באמערקט ווערן — ער, דער טעפּליקער פּויער, האָט געהאַלטן אין איין „אָפּנארן דעם זשיד"! ער האָט ביי אים „אויסגע־

נאַרט" דאָס גאַנצע ניקאָלאַיעווער געלט וואָס דער איד האָט פאַרמאָגט און עס באַהאַלטן! עס שפּעטער מיט א פּאָר יאָר, האָט דער פויער דערמיט... אויסגעקלעפּט זיין צימער!..

:: :: ::

מילא, אז עס איז געוואָרן א גזירה „וואַליוטע" און די וועלט מסחרט מיט דעם — וואָלטן טעפּליקער אידן זיך געמוזט צו פּאַסן צו די אומשטענדן און אויך... אָפּלעקן א ביינדל פונעם נייעם מסחר! איז מען אָבער, אין א שיינעם טאָג געוואוירע געוואָרן א נייעס!

פאַראַן פאַלשע „קערענסקעס"! נאָר, וואָס הייסט פאַלשע? — פאַראַן מ ע ר פאַלשע ווי אמתע! געוועזן פאַלן, ווען מען האָט געטראָפן „קערענ־קעלעך" מיט אויפשריפטן אויף זיין:

טשיעם נאַשי — חוזשיע וואַשי? (מיט וואָס זיינען א ו נ ז ע ר ע — די געפעלשטע, הייסט עס — ערגער פון א יי ע ר ע ! . .) און...

אידן האָבן גענומען קערענקעלעך און געבראָכן האלדז און האקן! מען איז געפאָרן קיין אומאַן נאָך סחורה און דאָרט האָט מען האלב אויסגעבראַ־קירט אלס פאַלשע!

און

דער מסחר מיט דער „וואַליוטא" איז אונטערגעגאַנגען! דער מסחר איז אַרויס פון די הענט פון די „גרויסע סוחרים" און אַריין צו... די ווייבער אין די הענט! די ווייבער, די אויפקויפערינס פון אייער און הינער, דער־הויפּט די ווייבער פון די... מלמדים און שוחטים, וועלכע האָבן אונטערגע־האַנדלט און צוגעהאָלפן דעם מאַן אין פּרנסה, האָבן אָנגעהויבן מאַנעווּרירן מיט דער „וואַליוטא"! זיי האָבן מיט דער גויע געמסחרעוועט און גערדרייט אזוי, אזביידע זיינען געבליבן צופרידן! די גויע האָט געפּאַקט א גרין ניקאָ־לאַיעווסקע דרייערל, האָט זי געמאַכט א קניפּל און איז באַהאַלטן עס, עס, אין א ספּעציעל באַהעלטעניש, און די אידענע האָט געקראָגן א וואויל עוף, און א שאָק אייער אָדער א עמער פלאָמען, און עס אוועקגעטראָגן צום גביר און פאַרדינט אויף שבת!

מאָרגן, האָט די זעלבע גויע געדאַרפט איינקויפן אין „מאַנופאַקטורנא מאַגאַזין" וואו מען האָט שוין קיין ניקאָלאַיעווער נ י ט גענומען, איז ווידער נחום מלמדס אידענע געקומען צו הילף! זי האָט געקראָגן פאַר איר א פּאָר אמתע „קערענקעלעך" און זיי אויסגעביטן — טאַקע ווידער אויף פּראָ־דוקטן — און, ווידער זיינען ביידע אַרויס צופרידן! די גויע האָט זיך גע־

קויפט עטלעכע ארשין ציץ אויף א ספּידנעצע און די נחומצע האָט פאַר־דינט אויף אויסקומעניש!

און אז די נחומצע און טאקע די גויע אויך, זיינען געזעסן אויף דער נאכט ביים טעפּל קארטאָפל מיט דער שאָלעכטס, וואָס מען האָט פארביסן מיט א עק פון א הערינג, האָט מען אויסגעבטלט אלע בייזע חלומות אויף די יעניקע וואָס האָבן אויסגעטראכט דאָס מישעניש און פארמישעניש מיט „וואַליוטא" אָבער, דערביי האָבן זיי געדאנקט גאָט — יעדער איינע אויף איר שטייגער — וואָס זי האָט געהאט וועך עס זאָל איר ארויסהעלפן ביי אָט דעם וואַליוטא־פּלאָנטער!..

איך וויל פארענדיקן מיטן ענין וואַליוטא אויף גאָר א טרויעריקן אופן!

שפּעטער, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אָנפאַלן פון די באנדעס, ווען קערענסקי איז שוין לאנג געפאַלן, ווען די „מאכט" האָט זיך געביטן, כמעט אלע טאָג (געווען א פאַל אין טעפּליק, ווען אין זיבן טעג האָט זיך... אכט מאָל געביטן די מאכט), דעמאָלט איז דער ענין וואַליוטא געווען דער שווערסטער און אומדערטרעגלעכסטער!

ווען א באנדא — וואַליניצעס למשל, פלעגט אריין אין שטעטל, און האָט ארויפגעלייגט א „קאָנטריבוציע", האָט זי אָנגעוויזן אין וועלכער וואַ־ליוטא!

זי פלעגט פאָדערן למשל: 20 טויזנט רובל ניקאָלאיעווער, 20 טויזנט קערענקעלעך און 50 טויזנט „אוקראאינער"!

דאָס לעצטע, איז געווען א צוגעקומענע מכה, א מטבע פון 50 רובל, א שטיקל דינער קארטאָן וואָס האָט זיך געבויגן און געבראָכן און זיך צעריסן, נאָך דריי מאָל האלטן אין די הענט! און ווי אויף צו להכעים! ווען די באנ־דעס האָבן געפאָדערט „אוקראאינער" 50־ער, האָבן זיי געמוזט זיין ש פּ אָ ג ל נ יי ע , נאָר וואָס פון דער מאשין ארויס! און — אידן האָבן געקראָגן דאָס געלט, עס געקויפט ביי די פויערים, וועלכע פלעגן עס בא־האלטן, און זיך אויסגעלייזט פון פּאָגראָם!

עס עט שפּעטער, ווען די באָלשעוויקעס זיינען געקומען, האָבן זיי דעם מסחר פון וואַליוטא באשטראָפט מיט... צעשיסן! און האָט מען געפונען ביי עמיצן עטלעכע „סאָרטן געלט' מעג זיין א קליינער סכום — איז אחת דתו למות! און — טעפּליקער אידן האָט טאקע געגעבן א פאָר קרבנות אויפן מזבח פון

וואַליוטא!

אָבער — מירן זיך אומקערן אויף צוריק!

טעפּליקער אידן, האָבן געלעבט אין די האָניק חדשים פון דער רוסי־שער רעוואָלוציע! א טעפּליקער האָט געוואָלט „אָניאָגן" די פּאַרלוירענע דריי הונדערט יאָר פון אונטערדריקונג אין רוסלאַנד, און ער האָט געזוכט פאַר זיין קינד א תכלית — די גימנאַזיע און דערנאָך דעם אוניווערזיטעט און אפשר טאַקע א דאָקטאָר, א אמתער דאָקטאָר, מיט א טערמאָמעטער, מיט א זייגערל וואָס ווייזט די סעקונדן ווען מען טאַפּט דעם דפק און אפשר טאַקע וועט זיין קינד נאָך אמאָל ווערן א... פּראָפעסאָר!

א צווייטע זאַך וואָס טעפּליקער אידן איז שטאַרק געפעלן געוואָרן, איז וואָס א סך אידן זיינען געוואָרן אָפיצירן! פאַר וועמען, פאַר וועמען, פאַרן טשין „אָפיציר" האָבן טעפּליקער אידן געהאַט גרויס דרך ארץ! דערהויפּט נאָך, אויב דער אידישער אָפיציר געפינט זיך אין פּעטראָגראַד, אין מאָסקווע, אין טיפּליס, אין ראָסטאָוו, אָט אין י ע נ ע שטעט, וועלכע טעפּליקער אידן האָבן געחלשט אָנצוקוקן! האָבן זיך טאַקע געפונען סוחרים אין טעפּליק, וואָס האָבן אָנגעהויבן ארויספאָרן „אויף דער וועלט".

דאָס פאָרן קיין מאָסקווע, קיין פּעטראָגראַד, קיין ראָסטאָוו, קיין קיעוו און קיין טיפליס איז געוואָרן א ט אָ ג ־ ט ע ג ל ע כ ע ר פאַל ביי טעפּליקער סוחרים. דערהויפּט האָבן טעפּליקער אידן אָנגעהויבן פאָרן קיין ק ר י ם אויף „דאַטשע". דאָס גרעסטע פאַרגעניגן איז ביי זיי געוואָרן, צו פאָרן קיין יאַלטאַ וואו עס פלעגט אמאָל זיין ניקאָלאַיס זומער־רעזידענץ, און דאָרט פאַרברענגען די „וואַקאַציעס".

פאַרשטייט זיך, דערנאָך האָבן זיי געהאַט צו דערציילן און באַרימען זיך אויף וואָכן און חדשים.

דאָס פאָרן פון טעפּליקער אידן אויף דאַטשע איז ווערט א ספּעציעל קאַפּיטל. —

קאפיטל זיבעצן

# טעפליקער אידן פארן אויף „דאטשעס"

די טעפליקער דאטשניקעס פאר דער רעוואלוציע און נאך דער רעוואלוציע. — טאשליקער דאטשניקעס און מאריענבאדער פאסאזשירן.—טעפליקער באַרישניעס קומען אהיים אויף „קאניקולעס".— אָדעסער סטודענטן וואס פאָרן קיין טעפליק אויף „דאטשע". — טעפליקער ווייבער פאָרן זיך באָדן אין אָדעסער „לימאן". — טעפליקער נגידותטעס פאָרן „אויף טרויבן". — דאס מזל פון צוויי שטעטלעך: ראשקאָוו און וואד-ראשקאָוו. — די גרויסע וואונדער וואס מען דערציילט וועגן ווייִנטרויבן, וואס וואלגערן זיך אין גאס. — די רעוואלוציע רופט טעפליקער אידן פאָרן קיין קרים. — פעאדאָסיע און יעווּפּאטאריע. — געגענדל די פרימאלטשיטשטשע, דערציילט ווי אזוי זי איז געזעסן אויפן קיסר'ס בעט. — מען וואלט הנאה געהאט פונם לעבן, נאר מען הערט שלעכטע בשורות. — עס רוקט זיך אָן א שווארצע במארע און פארשטערט די דאטשעס.

זאגן, אז טעפליקער אידן האבן ערשט דערפילט דעם טעם וואס עס הייסט לעבן אויף דער וועלט, נאך דער רעוואלוציע — וואלט געהייסן אויסטראכטן א בילבול אויף טעפליק. דער אמת איז, אז נאך א סך יארן פאר דער רעוואלוציע, האט א סך טעפליקער אידן געוואוסט פון א „גוט לעבן" און זיך פארגינען צו שיקן דאס ווייב אויף „דאטשע" און טאקע אויף 2-3 מאנאטן צייט.

אמת, ניט אלע דאטשניקעס זיינען געווען גלייך! אייניקע זיינען ארויסגעפאָרן אויף „דאטשע" קיין... טאשליק, א דארף וואס איז געלעגן א פאר ווערסט פון טעפליק און וואו מען האט געקאנט — ביי א אידן פארשטייט זיך — אפדינגען זיך קעסט און לעבן א גוטן טאג.

די „דאטשע" איז באשטאנען פון „שעפן" פרישע לופט, עסן לויזע אייער וואס האבן געקאסט זייער ביליק, און טרינקען מילך פון דער קו, דאס הייסט, „אמתע" מילך פאר א קאפיקע א קווארט.

אין משך פון די צוויי מאנאטן „דאטשע", איז די „דאטשניצע" ניט

אהיים געקומען, כאָטש עס איז געווען בלויז 5 אָדער זעקס ווערסט פון דער שטאָט. ווען זי קומט אהיים און דערזעט ווי אַזוי אין שטוב איז אָנגעוואָרפן און אָנגעקידעט, ווען זי דערזעט דעם „סראַטש", וואָלט זי שוין צוריק ניט געוואָלט פאָרן אויף דער דאַטשע און וואָלט זיך אוועקגעשטעלט ראַמען און רייניקן! אַזוי אָבער, איז געווען, „דאַליע אָטשי — דאַליע סערדצע", און די דאַטשניצע האָט הנאה געהאַט פון איר לעבן.

פאַרשטייט זיך, ניט יעדערער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען אַזאַ „לוקסוס" פון שיקן דאָס ווייב אָדער דאָס הויזגעזינד אויף אַ „דאַטשע" קיין טאַשליק אפילו. קיין שניידערס אָדער סטאָליערס ווייב, איז זיכער ניט געפאָרן אויף אַ דאַטשע. געפאָרן זיינען די ווייבער פון די „פּרימאַלשטשיקעס" (מעל הענדלער), סוחרים אָדער... אָנזעצערס.

געווען אַזעלכע וואָס האָבן עפּעס פאַרזעצט פון שטוב אַבי צו זיין מיט לייטן גלייך און שיקן אויף אַ דאַטשע. געווען אָבער אויך אַנדערע וואָס האָבן געשיקט דאָס ווייב אויף אַ דאַטשע ווייל... דאָקטאָר פיגורסקי און הערשל פעלדשער האָבן געהייסן. און אויב דער דאָקטאָר הייסט פאָרן, און אויב הערשל פעלדשער זאָגט, אַז מען דאַרף האָבן פרישע לופט, האָט מען פאַרזעצט אַ קישן און געשיקט דאָס ווייב אויף „דאַטשע".

געווען אָבער אויך אידן אין טעפּליק וואָס האָבן אַזש אָנגעשפּאַרט קיין מאַריענבאַד און, ניט נאָר אהין געשיקט דאָס ווייב, נאָר זיך אויך אהין אַראָפּגעכאַפּט אויף אַ פּאָר וואָכן. דאָס זיינען געווען די אידן גבירים, ר' יחיאל פישער, ר' זעליק גערשונאָוו, אַלטער האַראָוויץ, ישראל ליובאַרסקי און אפילו נח מאָזעס! זיי, אָט דער קלאַס דאַטשניקעס זיינען געווען די מיוחסים ביי אונז. אַ קלייניקייט, פאָרן אויף אַ דאַטשע קיין „זאַגראַניצע"!

געווען אויך אַ דריטער קלאַס דאַטשניקעס — די וועלכע זיינען געפאָרן אויפן אָדעסער „לימאַן". געהייסן האָט עס, אַז זיי האָבן „רעוומאַטיזם" און דער דאָקטאָר זאָגט, אַז צום „רעוומאַטיזם" איז דער לימאַן די בעסטע רפואה. פונדעסטוועגן, האָבן זיך טעפּליקער אידן געוואונטשן אַזוי פיל גוטע יאָר (דערנאָך וועלן זיי בעטן אויף מער), וויפל טעפּליקער ווייבער זיינען געפאָרן קיין אָדעס צום לימאַן, און האָבן גאָר קיין רעוומאַטיזם ניט געהאַט. נאָר זיינען געפאָרן פּטרן דעם מאַן עטלעכע קערבלעך, און שפּאַצירן אויף דעריבאַסאָווסקי אָדער גאָר גיין אין „טריאַטער" און זען ווי די אַקטיאָרשטשיקעס מאַכן קונצן אָדער ווי קלאַראַ יאַנג זינגט „סאַלנע" לידלעך!

דער הויפּט פאַרגעניגן ביי טעפּליקער „דאַטשנע-ווייבער" איז געווען,

ניט ווען זיי זיינען געווען אויף זייער „דאַטשע". נאָר דאָס גרייטן זיך צום פאָרן און דערנאָך ווען זיי זיינען געקומען צוריק.

פון פאָרן אויף „דאַטשע" האָט מען אָנגעהויבן ריידן מיט וואָכן און חדשים פריער. טאַקע, באַלד ווי עס האָט זיך באַוויזן דער ליבער זומער, האָבן די ווייבער, טרעפנדיק זיך אין יאַטקע, אָדער ביים קויפן מעל אויף חלה, אָדער להבדיל, שבת אין ווייבערישן „עזרת נשים", אָנגעהויבן שמועסן, וועך, וואוהין עס פאָרט היינטיקס יאָר. איבערהויפּט, האָט מען אָנגעהויבן זוכן „שותפים" צו אַ צימער, כדי עס זאָל קאָסטן ביליקער אָדער כדי מען זאָל ניט דאַרפן איינשטיין אין איין צימער מיט „דער רוח ווייסט וועמען".

געזוכט שותפים האָבן בלויז די „אָדעסער" דאַטשניקעס, דאָס הייסט, די י ע נ י ק ע, וועלכע זיינען געפאָרן צום אָדעסער לימאַן, און געוואָלט איינשטיין אין אַ „האָטעל" אויף רישיליעווסקי גאַס. די „דאָרפס־דאַטשני־קעס", האָבן געדאַנקט גאָט, אויב זיי האָבן געקראָגן אַ בעטל צו שלאָפן ביים ישובניק, וועלכער האָט, במילא, מער ווי איין „דאַטשניצע" ניט צוגע־נומען און ניט געקאָנט קאָרמעווען...

דערפאַר אָבער האָבן די „מאַריאַנבאַדער דאַמעס" געהאַט דעם אמתן קאָפּ־ווייטיק, איידער זיי האָבן געקראָגן „שותפים" צו דער רייזע. ביי זיי איז פּשוט געגאַנגען אין לעבן, אַז זיי זאָלן אין דער פרעמד, האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצוריידן.

און אַזוי פלעגט זיך טומלען צווישן די ווייבער, וואָכן און מאָנאַטן, ווער עס פאָרט אַהער? און מיט וועמען שרה־גיטל וועט איינשטיין דאָרט. אָט דאָס פאַרגעניגן פון ר יי ד ן וועגן פאָרן, האָט ביי די ווייבער געהאַט מער ווערט, ווי דאָס פאָרן אַליין...

אָבער, איר דאַרפט ניט מיינען, אַז טעפּליק איז בלויז געפאָרן אויף דאַטשעס צו י ע נ ע ם ! געווען אויך אַזעלכע וואָס זיינען געפאָרן אויף „דאַטשעס" קיין... טעפּליק.

אָט, למשל, אונזער „לערנדע יוגנט", די סטודענטלעך מיט די זיל־בערנע קנעפּלעך אויף דעם „טושורקע", זיינען געקומען קיין טעפּליק אויף „קאַניקולאַס" (וואַקאַציס) און, נאָכן שוויצן איבער די ביכער אין דער גרוי־סער שטאָט, זיינען זיי געקומען שעפּן די טעפּליקער „פרישע לופט", און פאָרן אויף וועלאָסיפּעדן אונטער דער שטאָט. די עלטערע סטודענטן, די בחורים מיט די באַרישניעס, האָבן געהאַט זייער „דאַטשע" אין טעפּליק אוי־סער דער שטאָט, ביי אַ לייכטן פלירט און... קושן זיך.

אַזוי אָדער אַזוי. אין משך פון די זומער חדשים האָט טעפּליק געהאַט

אַ היפּשע צאָל היימישע „דאַטשניקעס" ביי זיך. צוזאַמען מיט די היימישע סטודענטן, פלעגן שוין אויך אַראָפּקומען אַ פּאָר אָדעסער סטודענטן, וועל־כע זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פון זייערע טעפּליקער חברים צו „פאַרברענ־גען" ביי זיי די קאַניקולאַס. די דאָזיקע פרעמדע „דאַטשניקעס" האָבן אָנ־געמאַכט צרות אין טעפּליק. ערשטנס, האָבן זיי חוזק געמאַכט פון טעפּליק, פון טעפּליקער אידן און פון טעפּליקער יוגנט. זיי פלעגן ריידן צווישן זיך בלויז רוסיש און אַרויסגעוויזן אַן אָפענע נידערשעצונג צו טעפּליקער אידן.

צווייטנס — און טאַקע דאָס ערגסטע — זיי פלעגן צעברעכן די הער־צער פון אַ סך טעפּליקער מיידלעך. טעפּליקער באַרישניעס פלעגן די כפּרה ווערן פאַר אַן „אָדעסיט". דערהויפּט נאָך אַ סטודענט מיט גאָלדענע קנעפּ און מיט אַ קאָקאַרדע! און וועלכעס מיידל וועט זיך ניט פאַרליבן אין אַזאַ פּאַרשוין... און ניט איין טראַגעדיע פלעגט טרעפן נאָכן ענדיקן די קאַני־קולאַס ווען די אָדעסיטן זיינען אָפּגעפאָרן אַהיים...

מירן זיך אומקערן צו אונזערע טעפּליקער ווייבער.

:: :: ::

אַ גרויס פאַרגעניגן ביי די טעפּליקער ווייבער, איז געווען, ווען — זיי זיינען געקומען פון די „דאַטשעס"!

מלכה גראַז, און גיטל סטאַלקאַרטש, און חיה דבורה קוראָלאַפּניצע, און נאָך אַזעלכע אָרימע דאַרפס־דאַטשניצעס, האָבן דערציילט די נסים ווי אַזוי זיי פלעגן זען ווי מען מעלקט די קי, ווי אַזוי זיי האָבן געגעסן סמעטענע פון אַ טעלער, ווי אַזוי זיי האָבן געבראָקט אייער און געטרינקען די געלעכ־לעך, ווי וואַסער, ווי אַזוי זיי האָבן געגעסן פלאָמען פון בוים און געטרונקען סאַראָוועדקע פון שיסל! אָט די ווייבער, זיינען טאַקע געקומען פון דאָרף, געזונט, שטאַרק און פאַפּראַוועט.

די אָדעסער לימאַנטשיק־דאַטשניצעס, האָבן דערציילט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך געוואַלגערט אין שוואַרצער בלאָטע, ווי אַזוי זיי זיינען אויסגעריסן געוואָרן אַלע טאָג איידער זיי האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן באַנדעלע וואָס פירט צום לימאַן! און נאָך אַ סך דערציילן, ווערט מען געוואוירע, אַז גע־באָדן זיך, האָבן זיי אפשר... דריי מאָל פאַר דער גאַנצער צייט. דערפאַר אָבער, האָבן זיי געשפּאַצירט אויף דערעבאַסאָווסקי, אויף פּושקינסקע, געווען ביים לאַנזשעראָן, געהאַנדלט מציאות אויף פּרעאָבראַזשענסקי, געטרונקען טיי אויף גרעטשעסקי און געגאַנגען זען מישא פיזשאָן און זינאַ ראַפּעל.

גיטל טשערנאָוו דערציילט, אַז זי האָט קיין מזל ניט געהאַט, אַז זי איז די גאַנצע צייט געווען קראַנק, און ווען זי איז שוין געזונט געוואָרן און

איז געגאנגען נעמען דעם טראמוויי, וואס פארט צום לימאן־באנדעלע, האט מען ביי איר אויסגעריסן איר בייטל מיטן גאנצן געלט און זי איז געבליבן אן א קאפיקע און געמוזט איבערהאקן די „דאטשע" און זיך אומקערן אהיים.

די ווייבער קוקן זיך איבער, און זאגן גארניט, ווייל זיי ווייסן שוין, אז די גאנצע געשיכטע איז א ליגן! דער אמת איז, אז זי איז דורכגעגאנגען דורכן טאלטשאק, און האט געזען ווי איינער שטייט מיט א טישעלע און מיט דריי פינגערוטן קאטשעט ער דריי ארבעסלעך און פארדעקט זיי קינסט־לעריש, דערביי זינגט ער און רופט אויס:

„רוב פאסטאוויש — דווא וואזמיאש!" (דו וועסט איינשטעלן א קערבל — וועסטו ארויסנעמען צוויי).

האט זיך איר, גימלען, פארגלוסט פרוואוון דאס מזל! אפשר וועט זי „פארדינען" א פאר קערבלעך, וועט זי דער לימאן גארניט קאסטן און זי וועט נאך אהיימברענגען געלט. האט זי זיך גוט צוגעקוקט וואו די ארבעס פאלן, דערנאך האט זי שטילערהייט צעבונדן דאס קניפל, און ארויסגענומען די עטלעכע פופציק קערבלעך און... אין צען מינוט ארום איז זי געבליבן אן א פרוטה. איר גליק איז געווען, וואס זי האט שוין געהאט איינגעצאלט פאר דעם פענסיאן פאר א מאנאט צייט. באלד נאכן מאנאט האט זיך גע־ענדיקט איר דאטשע.

דעם אמת וועגן די „דאטשניצעס" איז מען געוואוירע געווארן, ווען די ווייבער האבן זיך צעקריגט צווישן זיך. דאן, איז מען געוואוירע געווארן, אז נעכע ק. איז אפילו איינמאל ניט געווען ביים לימאן, נאר זיך געוואלגערט מיט א יונגערמאנטשיק אויפן ברעג פון „לאנזשעראן" און חייקע פישער האט זיך געשוואוירן ביי איר טויטער מאמען, אז זי האט אליין געזען ווי ביידע, דאס הייסט, נעכע און דער יונגערמאנטשיק, האבן געגעסן איין עפל, ד. ה. ד ו א ביס, איך א ביס! און ביים געבן איר דעם עפל אין מויל אריין, האט זי אים געגעבן א קוש אין דער האנט...

א צווייטע — „מאריאנבאדער דאטשניצע" האט דערציילט, אז דבורה... האט גאר די וואסער פון מאריאנבאד אפילו ניט פארזוכט. וואס זי האט יא פארזוכט, איז די טריאטערס און די צירקן און וועלכע זי איז איבערגעלעגן...

:: :: ::

א חוץ דאס פארן אויף די דאטשעס אין דארף אדער קיין אדעס, האבן טעפליקער ווייבער געהאט נאך איין „דאטשע", וואס די דאקטוירים האבן געזאגט, אז אט די דאטשע איז די בעסטע און געזונטסטע! די דאזיקע „דא־טשע" האט געהייסן:

„ט ר ו י ב ן"!

„מען פאָרט אויף טרויבן"!

דאָס איז מען געפאָרן אין יענע געגנטן וואו עס וואַקסן ווייַנ־טרויבן און עסנדיק די ווייַנטרויבן — האָבן די דאָקטוירים געזאָגט — איז, אי גוט צום מאָגן, אי זיי רייניקן די בלוטן, אי טאַקע גוט פאַר די קישקעס!

נו, וועלכע טעפּליקער אידענע, וואָס גאָט האָט איר געהאָלפן זי קאָן „פאָרן", וועלכע אידענע, וויל עס ניט איינמאָל אין איר לעבן „פאָרן אויף טרויבן", דערהויפּט נאָך, ווען דער דאָקטאָר אליין האָט געראָטן און הערשל פעלדשער האָט אויך צוגערעדט...

וואוהין פאָרט מען אויף טרויבן? דאָס בעסטע און נאָענטסטע פּלאַץ איז קיין בעסאַראַביע! אָט, אהין, פון וואַנען דער קאַצאַפּ ברענגט ערב ראש השנה אַ וואָגן ווייַנטרויבן און רייסט די הויט, ווען מען וויל קויפן אויף אַ „שהחינו"!

אָבער — ניט אומעטום פון בעסאַראַביע איז גוט צו פאָרן. וואָס טי־פער אין בעסאַראַביע — קאָסט טייערער. פאָרט מען אויף טרויבן קיין וואַד־ראשקאָוו, קיין ווערטיוזשאַן, קיין סאָראָקע, קיין יעדינעץ און קיין בעלץ. אָבער — די בעסטע טרויבן — אַזוי פּסקנען טעפּליקער ווייבער — זיינען אין אקערמאַן און איזמאַאיל! דאָך — פאָרן זיי גאָר קיין ק א מ ע נ ק ע. דאָרט קאָסט, אי ביליק דירה געלט, אי מען קריגט ווייַנטרויבן וויפל מען וויל. אַנדערע פאָרן קיין ראשקאָוו, און זיינען דאָרט די „מיוחסים" דאַטשני־קעס, כאָטש אין וואַד ראשקאָוו איז בעסער צו זיין, פאַראַן בעסערע ווייַנ־טרויבן וועלכע וואַלגערן זיך ממש אויף דער ערד און... בעסערע אידן.

אַ מזל פון צוויי שטעטלעך! — טענהן די ווייבער, און... בלייבן אין ראַשקאָוו, וווייל... עס קאָסט ביליקער.

און אָט אַזוי פלעג עס מיט טעפּליקער ווייבער פּאַסירן יאָר איין, יאָר אויס, ביז...

ביז די וועלט האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי האָבן שוין נייע פּלעצער וואו־הין צו פאָרן אויף דאַטשע. זיי קאָנען פאָרן קיין קרים, קיין יעווּפּאַטאָריע, קיין פעאָדאָסיע!

:: :: ::

דאָס וואָרט קרים. דאָס וואָרט פעדאָסיע, איז פאַר טעפּליקער גבירנ־טעס געוווען דאָס צויבער וואָרט נאָך וועלכן מען בענקט:

אַזוי ווי אַנדערע, קליינע קינדערלעך ביי די אומות העולם, חלומען וועגן אַ פּרינץ מיט אַ גאָלדענעם פּאַלאַץ, אַזוי האָבן טעפּליקער גבירנטעס

געחלומט צו זיין אמאָל אין קרים, אין פעאָדאָסיע, אין יאַלטע, אין אָט דער שטאָט וואוהין אַלע קסרים פאָרן אויף דאַטשע.

און אָט איז געקומען די געלעגנהייט צו קאָנען פאָרן אהין. אויף דער וועלט הערשט „ראוונאָפּראַוויע"! מען מעג! א איד מעג אַלעס! איוואַן און פעדאָט, פּאַראַסקע און יעוודאָכאַ זיינען געוואָרן אוים מיוחסים! שרה און גענענדל, ירוחל שלום, און אהרן יאָסל, קאָנען אויך פאָרן קיין קרים, קיין פעאָדאָסיע, קיין יעופּאַטאָריע, קיין יאַלטע!

און עס איז געוואָרן אַן „עפּידעמיע" יעופּאַטאָריע. טעפּליקער ווייבער האָבן זיך אָפּגענוקמט פאַר יענער צייט וואָס א איד האָט אהין ניט געטאָרט אריינשמעקן אפילו, און זיינען — אויף צו להכעים — געלאָפן קיין פעאָדאָסיע. און מען האָט גערארפט שטיין און הערן ווי אזוי גענענדל די פּריי-מאָלשטשיצע דערציילט ווי אזוי זי האָט געמאַכט א שפּאַציר צום קיסרס פּאַלאַץ און ווי אזוי זי איז אַליין געזעסן אין א „סאָפע", געבעט פון בעסטן פּליוש און די פיסלעך געמאַכט פון גין-גאָלד! א סברא, אז אויף אָט דער קאַנאַפּע האָט דער קיסר געבאַפּט א דרימל נאָכן עסן, אָדער נאָך א גלעזל 96-ער בראָנפן וואָס ער האָט געטרונקען.

פאַרשטייט זיך, אז ניט אַלע ווייבער האָבן געגלויבט, אז גענענדל איז געזעסן אויפן קיסרס קאַנאַפּע און מען האָט בכלל געצווייפלט צי גענענדל איז געווען אין פעאָדאָסיע און גענענדל האָט געמוזט שווערן, אז זי זאָל אזוי דערלעבן צו פירן איר בית יחידה צו דער חופה!... ערשט דעמאָלט האָט מען איר געגלויבט.

:: :: ::

טעפּליקער אידן וואָלטן ערשט געווען פאַרקאַטשעט זיך די אַרבל הנאה צו האָבן פון די „דאַטשעס" און פונעם לעבן. עפּעס א קלייניקייט! פרייהייט! ראוונאָפּראַוויע! רעפּובליקאַ!

האָט מען אָבער אָנגעהויבן הערן וויסטע פינצטערע בשורות וואָס זיי-נען אָנגעקומען פון דעם גאַנצן תחום המושב! עפּעס האָט מען דערהערט א נייַ וואָרט

„בעי זשידאָוו — ספּאַסאַי ראָסיאַ" (שלאָג אידן, ראַטעווע רוסלאַנד).

עפּעס האָט מען דערהערט וועגן א פּאַרטיי וואָס הייסט „באָלשעוו-יקעס", און אַן אַנדער פּאַרטיי וואָס הייסט „מענשעוויקעס"; מען איז געוואוי-רע געוואָרן, אַז ב יי ד ע שלאָגן זיך און... אידן כאַפּן די קלעפּ, און די דאַטשעס זיינען פאַרשטערט געוואָרן, ווייל... א שוואַרצע כמאַרע האָט זיך אָנגערוקט אויף טעפּליק און האָט פון טעפּליק געמאַכט טיל-תל!

## קאַפּיטל אַכטצן

# טעפּליק ווערט פאַרניכטעט פיזיש פון די באַנדעס און מאָראַליש פון דער „נייער אָרדענונג"

ווי אַזוי טעפּליק האָט אויפגענומען די רעוואָלוציע. — אַ שבת בייטאָג וואָס האָט אויפגערודערט דאָס שטעטל. — דער פּריסטאַוו און די סטראַזשניקעס שטייען ניט פון דער גאַס. — מען וואַרט אויף די בלעטער. — דער נאַטשאַלניק פּאָטשטאַ זאָגט יעדערן „דאָבראָיע אוטראָ" (גוט מאָרגן). — מען קרוינט דעם לערער פון דער נאַראָדנע שקאָלע אַלס פּריסטאַוו. — אידן ווילן מעסער דעם נאָמען „קאָמיסאַר". — עליק קלעזמער און חיים באַס עניעס טוען אָן שווערדן און ווערן „מיליציאָנערן". — עס יאַוועט זיך אַרויס אַ סך „האָזן". — אַלע אויפדערנאַכט אַן אַנדער סאָבראַניע. — די גוישע סבאָדן. — די מעלדונג וועגן אידישער גלייכבאַרעכטיקונג געפעלט ניט דעם וואָלאָסטנאָי סטאַראָסטע. — די זיבן גליקלעכע מאָנאַטן פון קערענסקיס רעגירונג. — די וואַלן אין דער „אוטשרעדיטעלנע סאָבראַניע" (גרינדונגס־פאַרזאַמלונג). — טעפּליקער אידן פאַרגעסן ניט אין גרוזענבערגן. — די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע. — טעפּליקער גנבים און אויסוואורפן ווערן העכטע באָלשעוויקעס. — וואָס איז אַזוינס קאָמוניזם? — פּאָגראָמען, בלוט, שחיטות און דערנאָך גייסטיקע אויסראָטונג. — טעפּליק ווערט אויס טעפּליק און די אידן ווערן אויס אידן. — אַ מאָנומענט מיין ליבן האַרציקן, הייליקן טעפּליק, דאָס שטעטעלע וואָס האָט אַזוי צופרידן געלעבט, ביז די מענטשן זיינען אויפגעשטאַנען גליקלעך מאַכן די וועלט!..

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען האָבן מיר שוין דערציילט וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע און איר ווירקונג אויף טעפּליקער אידן. מירן אָבער זינדיקן קעגן דער היסטאָריע, ווען מיר זאָלן ניט דערציילן מיט אַלע פּרטים און פּינטעלעך, ווי אַזוי טעפּליק האָט, בכלל אויפגענומען אָט די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע, וואָס האָט געמאַכט אַ גאַנץ איבערקערעניש אויף דער וועלט!

אין אַ שיינעם, ליכטיקן שבת בייטאָג איז דאָס געווען. פּורים צייט. אין דרויסן שמעקט שוין מיטן ליבן פרילינג. דער שניי האָט שוין נאָכגעלאָזט און אין די קאַנאַוועס פליסן ריטשקעס וואַסער.

טעפּליקער אידן זיינען אויפגעשטאַנען, ווי אַלע שבת, גרייט צו לויפן אין די שילן אַריין, אָפּדאַווענען, און טאַקע כאַפּן אַ שמועס מכוח מצות אויף פּסח, מכוח יקרות און אין איינוועגס הערן וואָס הערט זיך אויפן פראָנט?

פונעם פראָנט, האָבן טעפּליקער אידן געערדט מער ווי פון עפּעס אַנ־דערש! נישט געווען קיין איין טעפּליקער איד, ער זאָל ניט וויסן גענוי, די געאָגראַפיע ווא ו מען שלאָגט זיך א י צ ט, און וואו מען וועט זיך שלאָגן די צווייטע וואָך. נישט געווען א יי ן איד, ער זאָל ניט וויסן די וויכטיקסטע סודות וואָס זיינען געקומען, טאַקע פון דער קייסעריניעס... שלאָפצימער, אין וועלכן מען האָט זיך געסודעט וועגן א „ס ע פּ א ר א ט נ ע ם שלום"! ניט געווען אויך איין טעפּליקער איד, ער זאָל בכלל ניט וויסן וואָס עס קומט פאָר אין פּעטראָגראַד, בערלין, ווין און לאָנדאָן און זאָל ניט אַרויסזאָגן זיין מיינונג, ווער עס וועט זיגן.

דער הויפּט־געשפּרעך אין די דאָזיקע טעג, איז געווען... דער מאָרד פון ראַספּוטינען. טעפּליקער אידן האָבן פון די בלעטער און פון די סוחרים וואָס זיינען געווען אין פּעטראָגראַד און מאָסקווע, געוואוסט אַלע סודות פון אָט דעם אויסגעלאַסענעם מאַנאַך און זיינע באַציאונגען מיט דער צאַריצאַ ווי בכלל מיטן קעניגלעכן הויף.

אָפּגעדאַוונט שבת אינדערפרי, אָפּגעגעסן די שבתדיקע סעודה, איז טעפּליק ווי דער שטייגער איז געווען, אַוועק אין פּאָטשט „אָפּנעמען בריוו" און דער עיקר — די בלעטער, דורך וועלכע מען ווערט געוואוירע עפּעס נייעס. מען קומט אין פּאָטשט און מען באַמערקט, אַז עפּעס ניט געוויינלעכס קומט דאָרט פאָר. שטעלט אייך פאָר די איבערראַשונג. דער נאַטשאַלניק פּאָטשטאַ, אַן ערל וואָס פלעגט טרייבן די אידעלעך ממש מיט אַ שטעקן, איז עפּעס מיטאַמאָל געוואָרן א ז ו י פריינטלעך, אַז ער האָט אַזש גע־זאָגט אַ פּאָר אידן... זדראַווסטוואַויטיע!

דער פּאָטשטאַליאָן, אַן אמתער שונא ישראל, איז היינט אויך עפּעס צו פריינטלעך. בעת אַנטשולדיקונג וואָס עס געדויערט אַזוי לאַנג דאָס אויס־סאָרטירן די בריוו און ווען ער לייענט די נעמען פון די „גליקלעכע" וואָס האָבן באַקומען קאָרעספּאָנדענץ, זאָגט ער, כמעט ביי יעדן נאָמען דאָס וואָרט: גאָספּאָדין.

די דאָזיקע איבערראַשנדע ענדערונג איז באַלד קלאָר געוואָרן. די אָנ־געקומענע בלעטער ברענגען שוין גענויע ידיעות וועגן דער רעוואָלוציע און וועגן ניקאָליים אַבדיקאַצי. ווייזט אויס, אַז דורכן טעלעגראַף האָט מען שוין

געגעבן צו וויסן דעם נאַטשאַלניק פון דער פּאָטשט, אַז די רעוואָלוציע האָט געזיגט און ער זאָל וויסן, אַז איצט עקזיסטירט שוין „סוואָבאָדאַ". עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זעלבע האָבן שוין געוואוסט די טעפּליקער „נאַטשאַלסטווע", וועלכע איז פּלוצים, אַנטרינען געוואָרן פון שטעטל. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך, אין אַ טריאומפאַלן מאַרש, אַוועקגעלאָזט צום טעפּליקער „רעגירונגס-הויז", צום פּריסטאַוס וואוינונג און געטראָפן דאָס הויז פּוסט און ליידיק. אַזוי ווי טעפּליקער אידן זיינען געווען שטילע רואיקע מענטשן און די טעפּליקער „רעוואָלוציאָנערן" האָבן נאָך בכלל נישט געוואוסט צי „מען מעג שוין", האָט מען אין „אוטשאַסטאָק" ניט גערירט קיין האָר און מען איז אַוועק אין מאַרק הערן עפּעס נייעס.

ארום זעקס אזייגער פּאַרנאַכט האָט שוין טעפּליק געוואוסט אַ ל ע ס! מען האָט גערעדט טעלעפאָניש קיין הייסין און קיין אומאַן און אַ סברא אפילו, אַז אַלטער שטורמאַן האָט אויך גערעדט קיין קיעוו. מען איז געוואוירע געוואָרן, אַז שוין... זעקס טעג ווי די רעוואָלוציע האָט געזיגט! מען האָט שוין אויך געוואוסט אַז מיכאַאיל אַלעקסאַנדראָוויטש, ניקאָלייטשיקס ברודער, האָט שוין אויך אָפּגעדאַנקט (פונעם וואָרט „אַבדיקירט" האָבן טעפּליקער אידן ניט געהאַלטן), מען איז געוואוירע געוואָרן, אַז מען רעדט שוין וועגן אַ „רעפּובליקאַ" און אַז מען וועט געבן די אידן „ראַוונאָפּראַוויע" (גלייכע רעכט).

פון אָט דער „ראַוונאָפּראַוויע" האָבן טעפּליקער אידן שטאַרק געהאַלטן! עפּעס אַ קלייניקייט, מען וועט מעגן וואוינען אין... בעזשילנע, אין מאַשליק, אין טשאָרנאָגרעבליע, אין קאַמענאַיאַ קערניצאַ, מען וועט מעגן האַלטן אַ קרעטשמע אין ראַסקאָשיווקע און מען וועט מעגן פאַרקויפן הערינג אויפן... קיעווער קרעסטשאַטיק! אַ איד וועט מעגן ווערן אַ... סטראַזשניק, אַ פּריסטאַוו און וועט אפשר — ווער ווייסט — קאָנען דערגרייכן צום משין פון גובערנאַטאָר.

און אַזוי ריידנדיק וועגן ראַוונאָפּראַוויע און וועגן נאַטשאַלסטווע, האָט זיך טעפּליק אומגעקוקט, אַז די שטאָט איז געבליבן אָן אַ „וולאַסט" (מאַכט). און טעפּליק האָט זיך דערשראָקן. און טאַקע? ווי נעכטיקט מען איבער אָן אַ פּיצל סטראַזשניק און אָן אַ ברעקל סאָצקי אַפילו? און, טאַקע צו מאָרגן, האָבן טעפּליקער איינוואוינער, די אידן מיט די גויים, צונויפגערופן אַ „סכאָד" און גענומען קלויבן „אויטאָריטעטן".

דאָס ערשטע איז געווען די פראַגע, וועמען מאַכט מען פאַר „פּריסטאַוו"? און כאָטש עס איז שוין געווען פאָלנע סוואָבאָדע און פאָלנע ראַוו־

נאַפּראַוויע, דאָך האָבן טעפּליקער אידן ניט געוואַגט צו דערמאָנען, אַז זיי ליגן פאַר אַ אידן פאַר אַ פּריסטאַוו! און די „אָבשע סאָבראַניע״ האָט באַשטימט דעם לערער פון דער נאַראָדנע שקאָלע אַלס פּריסטאַוו. דערפאַר, אָבער, ווען עס איז געקומען צו באַשטימען סטראַזשניקעס, האָבן די ערלים נאָכגעלאָזט און נאָכגעגעבן, אַז אַ פּאָר אידן זאָלן מעגן טראָגן דעם צאַר־באַטיושקאַס שווערד אויף זיך און עליק קלעזמער און חיים באַס־עניעס זיינען געוואָרן די ערשטע „אָרדענונגס־היטער״ פון דער רעוואָלוציע.

באַלד איז אָבער געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן טעפּליקער אידן און די טעפּליקער גויים. די ע ר ש ט ע, וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן חלומען וועגן אַ... „רעפּובליקאַ״ און האָבן זיך שוין פאַרגעשטעלט רוסלאַנד מיט אַ פּרעזידענט און אַ פּאַרלאַמענט, האָבן פאַרגעלייגט אַז דער נייער פּריסטאַוו זאָל זיך רופן — „קאָמיסאַר״. די סטראַזשניקעס — „מיליציאָנערן״ און דער אוטשאַסטאָק — קאָמיסאַריע.

די ערלים, די פּראָסטע מוזשיקעס און די וואָלאָסטנאָי רעדל־פירער, האָבן ניט געוואָלט מסכים זיין דערויף. זיי האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן, אַז עס האָט זיך עפּעס געביטן. זיי האָבן געטענהט, אַז אַלעס דאַרף בלייבן פּאָ סטאַראָמו! איי, חיים באַס עניעס טראָגט אַ שווערד? — האָבן זיי געגלויבט, אַז דאָס וועט אויך זיין ביז אין אַ צייט. ביז עס וועט אָראָפּקומען פון „דאָרט״, אויבן, עמעצער פון נאַטשאַלסטווע, און וועט צוריק אָנווייזן די אידעלעך זייער פּלאַץ! אַזוי ווי מען איז ניט געקומען צו קיין איינפאַרשטענדעניש, האָט מען געמאַכט אַ דערווייליקן שלום! דער נאָמען „אוטשאַסטאָק״ איז טאַקע געבליבן. דער נאָמען „פּריסטאַוו״ — אויך. נאָר די סטראַזשניקעס האָט מען שוין גערופן „מיליציע״, און מען האָט פאַרגרעסערט דעם „שטאַב״ מיט... נאָך עטלעכע אידן.

די ערשטע פּאָר טעג פון דער רעוואָלוציע איז אין טעפּליק דורך שטיל. מאַנטיק האָט געדאַרפט זיין טעפּליקער יאַריד און אַזוי ווי די טעפּליקער אידן האָבן דערשמעקט, אַז דער וואָלאָסטנאָי סטאַרשינאַ איז ניט צופרידן מיט דער רעוואָלוציע און מיט דער „ראַוונאָפּראַוויע״ און עס איז אַ סברא, אַז ער גרייט צו אַ שטיקל פּאָגראָם אויף מאַנטיק, האָבן טעפּליקער אידן זיך אויך געגומען גרייטן, כאָטש מען איז געווען זיכער, אַז מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף די פיר טעפּליקער סטראַזשניקעס מיט זייערע לאַנגע שווערדן. די צרה איז בלויז געווען, וואָס די „מיליציאָנערן״ זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן „ציוויל״ און אַ מוזשיק האָט בלויז דרך ארץ ווען מען טראָגט אַ „קאָקאַרדע״, אַ קנעפּל אויפן קאָפּ! האָבן טאַקע טעפּליקער אידן פאַררופן אַ סכאָד

און דורכגעפֿירט אַ באַשלוס, אַז די „מיליציאָנערן" דאַרפֿן טראָגן... אַ היטל מיט אַ „קאָקאַרדע". אַז די מיליציאָנערן זאָלן טראָגן אַ פּולשטענדיקע אוי־ניפֿאָרם, איז געווען אוממעגלעך צו פּועלן ביי די גויים, וועלכע זיינען אָנ־געפֿירט געוואָרן פֿון וואָלאָסטנאָי סטאַרשינאַ. עס האָט געהאַלטן ביי אַ פּאָל־שטענדיקן איבעררייס צווישן אָט דיביידע צדדים פֿון שטעטל און די אידן האָבן נאָכגעגעבן.

דער מאָנטיק איז אַריבער שטיל. דער יאַריד איז בכלל געווען אַ קליי־נער. וויזט אויס, אַז די ערלים זיינען געוואָרן, אַז די אידן זיינען גרייט זיך צו פֿאַרטיידיקן, און אפשר, גאָר, איז דער גאַנצער קלאַנג געווען אָן אומזיסטער... די טעפּליקער אידן, האָבן בכלל שוין ניט אינזינען געהאַט אַ ז אַ „נאַרישקייט" ווי... פּרנסה און זיך אָפּגעגעבן מיט דער רעוואָלוציע! אַ ל ע נאַכט און די גאַנצע נאַכט איז געווען „סאָבראַניעס" און „סאָבראַ־ניעס", און אַלע טאָג און אַ גאַנצן טאָג. זיינען פֿאָרגעקומען געמיינזאַמע „סכאָדן" מיט די גויים צוזאַמען און מען באַהאַנדלט „וויכטיקע" פּראָבלע־מען, ווי למשל, רייניקן די גאַסן, אויסהאַלטן די „נאַטשאַלסטווע" און באַ־זאָרגן די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע מיט אַ נייער קישקע!

פֿאַרשטייט זיך, אַז אַלע הוצאות זיינען געגאַנגען אויף דעם חשבון פֿון די אידן און די גויים האָבן געדאַרפֿט געבן בלויז זייער אַרבעט. אָבער, אויך פֿאַר דער אַרבעט האָט מען געדאַרפֿט צאָלן. די אידן האָבן אַלעם אָנגענומען באהבה. זיי האָבן געוואָלט, אַז די גויים זאָלן זיין צופֿרידן, און דער עיקר, די גויים זאָלן זען, אַז ווען מען גיט די אידן ראַוונאָפּראַוויע זיינען זיי גרייט אויף אַלעם און אויף אַלעמען בייצושטייערן.

:: :: ::

צווישן ד י וועלכע האָבן די ערשטע אָנגעהויבן געניסן פֿון דער רעוואָלוציע, זיינען געווען די פּאָר צענדליק „האָזן" וועלכע האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אין טעפּליק. די דאָזיקע „האָזן" וועלכע האָבן, אָדער דעזערטירט פֿון פֿראָנט, אָדער, זיך גאָר ניט געשטעלט צום פּריזיוו, האָבן, די לעצטע עטלעכע מאָנאַטן פֿון פֿאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, געלעבט אין שרעק, אין אַנגסט, און אין מאַטערנישן! אין חודש יאַנואַר, דאָס הייסט, צוויי חדשים פֿאַר דער רעוואָלוציע איז אַרויס אַ קעניגלעכער באַפֿעל, אַז ווען מען כאַפּט אַ דעזערטיר, אָדער אַזעלכן וואָס האָט זיך ניט געשטעלט צום פּריזיוו, קומט אים טויט שטראָף. אַ סברא אפֿילו, אַז די זשאַנדאַרמען האָבן געהאַט אַ רעכט צו שיסן דעם געכאַפּטן באַלד אויפֿן אָרט. און, כאָטש קיין טעפּליק זיינען נאָך די זשאַנדאַרמען ניט אַראָפּגעקומען, און כאָטש מען האָט נאָך

ניט געהערט אַז מען זאָל ערגעץ האָבן עמעצן געשאָסן פאַר אויסבאהאַלטן זיך פון פראָנט. דאָך האָבן עטלעכע צענדליק פאַמיליעס אין טעפּליק, זיך געפונען אין אַ טויט שרעק, אַז מען זאָל ניט געפונען זייער מאַן אָדער זייער זון.

די לעצטע צייט, האָבן די דאָזיקע „האָזן" געלעבט ווי... קרעציקע. יע־דער פאַמיליע ביי וועמען אַזאַ „האָז" האָט זיך אויפגעהאַלטן, האָט אים געהאַלטן פאַרשפּאַרט אַלע פיר און צוואַנציק שעה פון טאָג אין אַ קעלער אָדער אויפן בוידעם, און דער קלענסטער שאָרך, אָדער דער קלענסטער קלאַפּ אין דער טיר פון אַ שיכורן גוי אָדער פון גלאַט אַ קינד וואָס האָט געשפּילט אין „מיאַטש", האָט אָפּגעריסן דאָס האַרץ, ביים „האָז" און ביי זיין גאַנצער פאַמיליע. דער פּריסטאַוו האָט געוואוסט ווער עס באַהאַלט זיך. עס איז דאָך אים אָנגעקומען פון אויעזד, אַז ער זאָל זוכן דעם אַנטלאָפענעם אָדער דעם „ניט־צוגעשטעלטן". ער האָט געוואוסט אַז מען באַהאַלט זיך אויס אין שטוב און האָט גענומען גוט געלט כאַבאַר פאַר „זוכן" אויבנאויף. דעם אמת געזאָגט, האָט ער ניט געהאַט קיין שום אינטערעס צו געפינען דעם געזוכטן, ווייל, מיט אַ יי נ ע ם ווייניקער, איז מיט אַ צענערל אָדער אַ פּופּציקער אָדער אפשר טאַקע אַ גאַנצער הונדערטער אַ מאָנאַט ווייניקער איינקונפט. וואָס זשע האָט ער געטון? ער האָט געהאַלטן די משפחות אין אַ פּערמאַנענטן נערוון־שרעק. אַלע טאָג, האָט ער מודיע געווען, „בסוד סו־דות", אַז די זשאַנדאַרמען דאַרפן די טעג קומען! אַלע טאָג האָט ער גע־שראָקן די אומגליקלעכע קרבנות זיינע, אַז אָ ט קומען די „כאַפּערס"! גע־ווען נ ע כ ט וועלכע ער האָט פאַרזיכערט אויף געוויס, אַז ה יי נ ט ביינאַכט וועט זיין אַ רעוויזיע. אין אַזעלכע נעכט, פלעגן מאַמעס נעמען זיי־ערע צוואַנציק יעריקע בחורים, זיי איינוויקלען אין בעט אונטערן... איבער־בעט אָדער אונטערן אָקאָלאָט שטרוי, און פון אויבן, אוי ף אים, האָט זי זיך געלייגט מיט אַ זעקעלע אייז אויפן קאָפּ. עס האָט געדאַרפט הייסן, אַז זי איז געפערלעך שלאַף, האָט אפשר טיפוס, און ווען די זשאַנדאַרמען וועלן קומען און זי דערזען אין אַזאַ פּאָזע, וועלן זיי שוין ניט זוכן ווייטער און זיך אָפּטראָגן...

זיך פאָרשטעלן די איבערלעבונג פון דעם „האָז" אין אַ ז אַ פּאָזי־ציע — איז איבעריק. אַ ז אַ איינער, איז אין איין נאַכט גרוי געוואָרן. און אָט, אָט די „האָזן", האָט די רעוואָלוציע באַפרייט און זיי אַרויסגעפירט אויף דער ליכטיקער שיין.

אויף איינעם פון די „סכאָדן" האָט די „אָבשטשינאַ" אָנגענומען אַ רע־

זאָלוציע, דאָס זיי דאַרפֿן זיך תּיכּף צושטעלן צום פּריזיוו, כאָטש טעפּליק האָט גוט געוואוסט, אַז עס עקזיסטירט שוין ניט קיין וואָינסקי נאַטשאַלניק מיט קיין פּריסוטסטוויע! און ווער ווייסט וואָס מיט אָט די „האָזן" וואָלט גע־וואָרן, ווען פּלוצים קומט ניט אָן אַ באַפֿעל וועלכן מען האָט צעהאַנגען אי־בער דער שטאָט, וואו עס האָט זיך געזאָגט קלאָר און דייטלעך, אַז אַלע „האָזן" ווערן באַפֿרייט פֿון שטראָף! אויב זיי שטעלן זיך אַ ל ײ ן צו אין משך פֿון אַ חודש צייט צו די אויעזדנע מיליטערישע אָפּטיילונגען. אויב אָבער, זיי וועלן עס נאָך י ע נ ע ר צייט נ י ש ט טון, איז... טויט־שטראָף.

אָבער, ווער האָט דען געדענקט פֿון נ י ט צושטעלן זיך? עפּעס אַ קלייניקייט, פּטור ווערן פֿון אָט די שרעקענישן און פֿון ליגן אין שמוץ און אין קרעץ, גאַנצע וואָכן! ווען דער קיסר אַליין שענקט זיי די שטראָף — וואָלטן זיי א ו י ך געוווען זיך צוגעשטעלט. דער קיסר האָט אָבער געהאַט אַ פֿאַרשטאָפּטן קאָפּ און איז נאָכגעגאַנגען ראַספּוטינס שכל, דערפֿאַר איז ער באַגראָבן געוואָרן און די „האָזן" זיינען געוואָרן בני חורין.

:: :: ::

עס האָט זיך פֿאַר טעפּליק אָנגעהויבן די זיבן גוטע מאָנאַטן פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע. טעפּליק האָט אויפֿגענומען די רעוואָלוציע מיט ברייטע אָרעמס. ניט נאָר די יוגנט, נאָר די עלטערע אידן זיינען אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן און געזונגען די „מאַרסעליעזע". קיין שום אידישע שמחה, קיין שום חתונה, תּנאים אָדער ברית, האָט זיך ניט אָנגעהויבן און ניט געענדיקט, אָן דער דאָזיקער פֿראַנצויזישער פֿרייהייטס־ליד. און זייענדיק אַזוי פֿאַרשי־כּורט פֿון דער זיסקייט פֿון דער רעוואָלוציע, האָבן זיי גאָרניט באַמערקט אַז זייערע שכנים, די גויים אַרום, זיינען גאָרניט אַזוי באַגייסטערט פֿון אָט דער ענדערונג. זיי האָבן ניט באַמערקט, אַז וואָס מער זיי טאַנצן אין די גאַסן, אויפֿן בראָך פֿון ניקאָלאַיטשיקן מיט זיין דינאַסטיע, אַלץ מער ווערן די ערלים פֿאַרביטערט, וואָס די אידעלעך פֿרייען זיך אויפֿן בראָך פֿון דעם „צאַר באַטיושקאַ".

טעפּליקער אידן ווילן זיך ניט אומקוקן אויף צוריק. זייער משיח איז שוין געקומען. עס האָלט שוין דערביי, אַז... חיים באָסיעס זאָל ווערן אַ מי־ראָוואָי סודיאַ! און רפאל גאָרמעכס זאָל פֿאָרן אַלס דעלעגאַט קיין פּעטראָ־גראַד!

דער איינציקער וועלכער האָט באַמערקט, אַז טעפּליקער אידן פֿרייען זיך צופֿיל מיט „גאָטס גענאָד" איז געווען דער קלוגער רב ש מ ש ו ן

אהרן פּאָלאָנסקי, וועלכער פלעגט, שבת אין שיל, וואָרענען דעם עולם פון צופיל טאַנצן אין די גאַסן.

אָבער — גיי טאַנץ ניט, אַז עס קומט אָן אַ מעלדונג, אַז אין טעפּליק ווערט געגרינדעט אַ 4־קלאַסיקע גימנאַזיע, וועלכע געפינט זיך דווקא, אין יענעם הויז, פאַר וועלכן אַ איד האָט געציטערט אימת מות — אין הויף פון דער „קאָמיסאַריע". אָט אין יענעם הויז וואו עס האָט געוואוינט דער טעפּליקער פּריסטאַוו וואָס האָט געריסן כּאבאר און... איינגעזעצט אין קאַרצער די רייכסטע אידן!

אדרבא, טאַנץ ניט, ווען דו זעסט אַז אין גימנאַזיע נעמט מען צו אַלע טעפּליקער אינגלעך, אָן אונטערשייד, איד אָדער גוי! און כאָטש די גויים זיינען געווען אַ מערהייט אין גימנאַזיע, ווייל זיי האָבן דאָך געהאַט אַ „וועלטלעכע" בילדונג פון... 4 יאָר נאַראָדנע שקאָלע, דאָך האָבן זיך טעפּליקער אינגלעך שנעל „פּרעפּארירט" ביי די עקסטערנע סטודענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין טעפּליק, און די גימנאַזיע איז געוואָרן פול.

די גרעסטע פרייד אָבער, ביי די טעפּליקער אידן, איז געוואָרן, ווען מען האָט אין שטאָט צעהאַנגען פּלאַקאַטן, דורך וועלכע מען האָט איינגע־לאַדן די טעפּליקער „בירגער" אויסצוואוויילן דעפּוטאַטן צו דער „אוטשרע־דיטעלני סאָבראַניע" (גרינדונגס־פאַרזאַמלונג).

די דאָזיקע פּלאַקאַטן האָבן, פּשוט, צעחושט די טעפּליקער אידן. עס איז געוואָרן אַ קאָך אין שטעטל און אַ קהלניש פון קליין און גרויס.

אַזוי ווי טעפּליק האָט פאַרמאָגט עטלעכע אידישע „פּאַרטייען", ווי למשל פּועלי־ציון, צעירי־ציון, אַלגעמיינע ציונים, איז געוואָרן אַ דינגעניש צווישן זיי, פאַר וועמען זאָל טעפּליק שטימען.

געווען אָבער, אין טעפּליק אויך „וועלטלעכע" פּאַרטייען ווי סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און אַפילו... באָלשעוויקישע פּאַר־טיי, וועלכע האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט און געוואָלט אַז טעפּליק זאָל שטי־מען פאַר „זייער" דעפּוטאַט. און, כאָטש צו קיין בלוט פאַרגיסונג אין די גאַסן איז ניט געקומען, אָבער אומרואיק אין שטעטל איז געווען. דערהויפּט האָט זיך געפילט דער „וואַל־קאַמפּיין" אויף דער נאַכט, ווען „עמך" האָט אוועקגעלייגט שער און אייזן, ווען דער קרעמער האָט פאַרמאַכט דאָס קלייטל און ווען דער „מאַכעטוויעניק" (מוכר תבואהניק) איז געקומען פון יאַריד, זיך אָפּגערעכנט מיט די שותפים, שוין געווען אין מיל און פאַרקויפט דעם ווייץ וואָס דער פּויער וועט מאָרגן ברענגען, אָפּגעדאַווענט מנחה־מעריב, אָפּ־

געבאַפּט די וועטשערע אויף איין פוס, און אוועק אין „סאַלאָן" פון אַלטער שטורמאַן, וואו עס קומט פאַר אַ סאָבראַניע פון אַ „פּאַרטיי" וועגן די וואַלן.

די אידישע נאַציאָנאַלע „פּאַרטייען" האָבן געשטיצט די קאַנדידאַטור פון באַרימטן אדוואָקאַט אָסקאַר גרוזענבערג, דער פּאַרטיידיקער פון בייליסן.

די „וועלטלעכע פּאַרטייען" אין טעפּליק, וועלכע האָבן געהאַט אַלס זייערע „פירער" דעם „ראַבאַטשי נאַראָד" און די אַסימילירטע אינטעליגענץ וואָס האָט גערעדט אידיש אין שטוב און רוסיש — אין גאַס, זיי האָבן געשטיצט די קאַנדידאַטור פון מאַקלאַקאָוו, אויך אַ פּאַרטיידיקער פון בייליסן, אָבער אַ באַוואוסטער סאָציאַל-דעמאָקראַט.

און אין טעפּליק איז געוואָרן פרייליך. איין אָוונט, איז גאַנץ טעפּליק געווען אין סאַלאָן און איז איבערצייגט געוואָרן, פּ אַ ר וו אָ ס מיר מוזן שטיצן גרוזענבערגן! דעם צווייטן אָוונט האָט מען די טעפּליקער אידן איבערצייגט, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַז מיר דאַרפן שטיצן בלויז מאַקלאַקאָוון. מיר דאַרפן דערווייזן די חסידי אומות העולם, אַז מיר, אידן, באַצאָלן גוטס פאַר גוטס! איי, גרוזענבערג, האָט דאָך דעם גרעסטן חלק אין בייליסעס באַפרייאונג — איז דאָך אָבער גרוזענבערג אַ... איד, און אַ אידן מעג מען... אָנפייפן!

וואָכן און וואָכן איז אָנגעגאַנגען אַט דער טומל אין טעפּליק. וואָס מיר פרנסה, ווער מיר געשעפטן. אידן האָבן אפילו קיין צייט ניט געהאַט... חתונה מאַכן קינדער! וועמען ליגט אין זינען אַ חתונה? וועלכער איד (אָדער בחור) וועט עס „פּטרן" אַן אָוונט און גיין טאַנצן אויף אַ חתונה, ווען עס דאַרף געלייזט ווערן אַזאַ וויכטיקער פּראָבלעם:

גרוזענבערג אָדער מאַקלאַקאָוו!

אַט איז אָנגעקומען אַ „בריוו" פון אָדעס, אונטערגעשריבן פון מ. מ. אוסישקין (ע"ה), ח. נ. ביאַליק (ע"ה) און פון, אים צו לענגערע יאָר, חיים גרינבערג. זיי רעקאָמענדירן די אידן פון טעפּליק אַז מען זאָל שטימען פאַר גרוזענבערגן.

און טעפּליקער אידן זיינען שוין גרייט צו פאָלגן דעם רוף פון אַט די דריי גדולי ישראל! נאָר, אַט הענגט מען פּלאַקאַטן, אָפּגעדרוקט ביי פּאַליאַקן אין דרוקעריי, וואו מען רופט טעפּליקער אידן אויף אַ סאָבראַניע אויסצוהערן די שריפטלעכע ווענדונג צו זיי פון די גרעסטע רוסישע פּערזענלעכקייטן.

מען קומט אויף דער נאַכט אין סאַלאָן און מען טרעפט אַ „בריוו" צו טעפּליקער אידן פון די גרעסטע רוסישע און אידישע פּערזענלעכקייטן ווי:

קאַראַבאַטשעווסקי (אויך בײליסעס אַ פּאַרטײדיקער), מיליוקאָוו, און, דאַכט זיך, דר. י. נ. שטיינבערג און ר. אַבראַמאָוויטש, וואו מען רעקאָמענדירט צו שטימען פאַר מאַקלאַקאָוון. און... טעפּליקער אידן באַשטימען צו שטימען פאַר מאַקלאַקאָוון

דעם צווייטן טאָג קומט אַן אַנדער בריוו און דעם דריטן — ווידער אַ קעגנער בריוו. ביי טעפּליקער אידן האָט עס געהייסן, אַז די „וועלט״ איז אָפּהענגיק פון זיי און זיי זיינען געוועזן שטאָלץ אויף זיך.

ערשט, עט, עט, שפּעטער, איז טעפּליק געוואוירע געוואָרן, אַז די „בריוו״ זיינען ניט געוועזן געשריבן ס פּ ע צ י ע ל קיין טעפּליק! אַז אויך טערניווקער אידן, האכרימעווער אידן, דובאָווער אידן, פּאָקיטילעווער אידן און טערליצער אידן ווי בכלל, אַלע אידן פון שטאָט און שטעטל האָבן באַקומען אָט די „ספּעציעלע בריוו״ וואָס האָבן אַלע געהאַט א יי ן איינהאַלט און בלויז, אויבן, איז געוועזן געביטן דאָס קעפּל פון שטאָט. טעפּליקער אידן זיינען געוואוירע געוואָרן, אַז די דאָזיקע בריוו, הייסט „צירקולאַר״ און מען שיקט אַרויס אַזעלכע בריוו אין די טויזנטער!

און —

טעפּליקער אידן זיינען אַביסל אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. געוואָרן אויס „מיוחסים״, צו וועמען אוסישקין און ביאַליק, קאַראַבאַטשעווסקי און מיליוקאָוו שרייבן בריוו און בעטן זיך ביי זיי: שטימט פאַר אונזערע קאַנדידאַטן!... און טעפּליקער אידן, אַביסל אָפּגעשמיסענע, באַשטימען צו שטימען פאַר גרוזענבערגן!

:: :: ::

די גוטע זיבן מאָנאַטן פון דער רעוואָלוציע הויבן אָן פאַרגיין. די בלעטער ברענגען אַ נייעם וועגן אַ נייער רעוואָלוציע, אַ באָלשעוויסטישער! מען ווערט געוואוירע, אַז מען איז איבערגעפאַלן די „אוטשרעדיטעלנאיא סאָבראַניע״ און זי צעטריבן! קערענסקי איז אַנטלאָפן און די „וולאַסט״ איז איבערגעגאַנגען צו לענינען און טראָצקין.

טעפּליקער אידן זיינען גראָדע ניט צופרידן מיט דער נייער רעוואָלוציע. ווען מען פרעגט זיי, וואָלטן זיי ניט מסכים געוועזן, אַז מען זאָל קערענסקין פאַרטרייבן. טעפּליקער אידן זיינען ממש געוועזן איינגעליבט אין קערענסקין. עפּעס אַ קלייניקייט: ק ע ר ע נ ס ק י! אָט דער וואָס האָט פּראָקלאַמירט ראַוונאָפּראַוויע! אָט דער וואָס האָט געהאַלטן אַזעלכע שיינע רעדעס אין דער גאָסודאַרסטווענע דומאַ! אָט דער, וואָס האָט געהאַט מוט

צו זאָגן דעם קיסרס ברודער, מיכאאיל אַלעקסאַנדראָוויטשן (און וואָס מען האָט עס איבערגעגעבן אין קלויז וואָרט ביי וואָרט):

„וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ: זיצט אין דער היים! אַז מירן אייך דאַרפֿן, וועלן מיר אייך רופֿן.

די טעפּליקער ווייבער זיינען גאָר גאָר געווען איינגעליבט אין קער־רענסקין. ערשטנס, איז ער געווען זייער אַ שיינער יונגערמאַנטשיק! און צווייטנס — אַזוי האָט מען געזאָגט — האָט קערענסקי צוגעזאָגט צו געבן די ווייבער ראַוונאָפּראַוויע (גלייכע רעכט) מיט די מענער. איי, צו וואָס טעפּליקער ווייבער דאַרפֿן האָבן ראַוונאָפּראַוויע? איז געווען אַ צווייטע פֿראַגע. טעפּליקער ווייבער, האָבן, אָבער, מקנא געווען די מענער וואָס קהלן זיך גאַנצע נעכט, וואָס קאָן שרייען „זשעלאַיעם" און „ניע זשעלאַיעם"! און זייער האָפֿענונג איז געווען — קערענסקי.

טעפּליקער אידן האָבן, אָבער, ווייזט אויס, געהאַט אַ קליינע דעה אין פּעטראָגראַד. מען האָט זיך ניט גערעכנט מיט זייער מיינונג און ליבע צו קערענסקין און

דער כאַאָס, די צרות, די פּאָגראָמען און שחיטות, האָבן זיך אָנגעהויבן און טעפּליקער אידן איז פֿאַרשטערט געוואָרן זייער פֿרייד און עס זיינען צערינען געוואָרן זייערע האָפֿענונגען אויפֿגעריכט צו ווערן.

דאָס איינציקע ביסל טרייסט וואָס טעפּליק האָט געהאַט פֿון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, איז געווען, ווען מען איז געוואוירע געוואָרן אַז צווישן די „הויפּט־קעפּ" פֿון די באָלשעוויסטישע מאַכערס, געפֿינען זיך עטלעכע פֿון אחינו בני ישראל. מען איז געוואוירע געוואָרן, אַז לעאָן טראָצ־קי, הייסט גאָר לייבעלע בראָנשטיין, אַז לייבעלעס טאַטע, איז אַן אַלטער, פֿרומער, איד, אַ סברא גאָר, אַ בראַסלאַווער חסיד, וואָס וויל ניט עסן ביי זיין זון קיין אָנבייסן, ווייל ער האָט מורא אַז... עס איז ביי אים ניט... אינ־גאַנצן כשר.

אַן אַנדער איד האָט דערציילט, אַז טראָצקי אַליין דאַוונט אַלע טאָג און וואַשט זיך פֿאַרן עסן, און שטענדיק האָט ער ביי זיך צוויי אידישע סאָלדאַטן ביי דער טיר, וועלכע ער רופֿט אַריין, נאָכן עסן, כדי צו בענטשן מזומן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, האָט מען זיך שוין אין טעפּליק אָנגעהויבן צוגעוואוינען צו דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, בפֿרט נאָך, ווען מען האָט דערהערט, אַז די באָלשעוויקעס וועלן, איינס און צוויי, מאַכן אַ סוף פֿון דער מלחמה. טעפּליקער אידן האָבן שוין אָנגעהויבן גלויבן, אַז גאָט

שיקט די רפואה פאַר דער מכה, און אָנשטאָט דעם ערל קערענסקין, וועלן זיי האָבן אַ בראַסלאַווער חסידס אַ זון אויפֿן קיסרס שטול!...

טעפּליקער אידן וואָלטן, אפשר, שוין געוואָרן באָלשעוויקעס! ווען ניט די שלעכטע נייעס וואָס ווערן באַוואוסט דורך מענטשן וואָס קומען פֿון קיעוו, פֿון אָדעס, פֿון מאָסקווע, נייעס וואָס מאַכן די טעפּליקער אידן פֿאַר אַנטי־באָלשעוויקעס. אָט ווערט מען געוואוירע, אַז די באָלשעוויקעס האָבן זיך גענומען צו די גלחים און צו די קלויסטערס! און אָט דערציילט מען שוין, אַז די באָלשעוויקעס האַלטן אויך ניט פֿון די... רבנים און בתי מדרשים! די באָלשעוויקעס האַלטן אַז „רעליגיע איז אָפּיום פֿאַרן פֿאָלק", און מען דאַרף דעם אָפּיום אויסראָטן!

אינמיטן דערינען, איז מען אין טעפּליק געוואוירע געוואָרן פֿון אַ „ניי" וואָרט:

— קאָמוניזם!

ס'זיינען פֿון הייסין, אַראָפּגעקומען עטלעכע יונגע שקצים, מיט גרויסע טשופּרינעס, מיט... רעוואָלווערן אין די זייטן. געקומען זיינען זיי פֿרייטיק ביינאַכט און אויף שבת האָבן זיי גערופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג אין וואָלאָסט, און גערעדט וועגן... קאָמוניזם!

דער וואָלאָסט איז געווען איבערפֿולט פֿון אידן און פּויערים. מען הערט צען מאָל, הונדערט מאָל, איבערחזרן דאָס וואָרט „קאָמוניזם" און קיינער פֿאַרשטייט ניט, און קיינער ווייסט ניט:

— וואָס איז אַזוינס קאָמוניזם?

עפּעס רעדט איינער פֿון די געקומענע „קאָמיסאַרן", וועגן צעטיילן! וועגן יענע וואָס האָבן צופֿיל און איניקע וואָס האָבן גאָרנישט! אַז מען דאַרף זיך צעטיילן!

אין וואָלאָסט איז געוואָרן אַ שטיקל גערודער. ביי אַ זייט אַרום אַ טישעלע, זיצט איינער פֿון די געקומענע קאָמיסאַרן און פֿאַרשרייבט „מיטגלידער" אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און גיט אַרויס דעם פֿאַרשריבענעם אַ טאַרכעמעלע פֿון אַן אָנגעשלאָסענעם מיטגליד. פֿון אחינו בני ישראל, פֿאַרשרייבן זיך אַ גרויסע צאָל אַרבעטער, אָבער, די גרעסטע טייל וואָס פֿאַרשרייבן זיך זיינען, די לומפּן־פּראָלעטאַריער, די ליידיקגייער און ציבעלע גנבים! עס פֿאַרשרייבט זיך משה אהרנס הויזגעזינד, דעם ריישערס בנים, חיימל לייב קענים, זיסקעלע גנב, שייקעלע גנב, משהלע טשאַלאָוויק, און נאָך אַזעלכע אויסוואורפֿן. זיי לייגן אין „געשעפֿט" גאָרניט אַריין און האָפֿן אַרויסצונעמען.

ביי די באַלעבאַטישע אידן, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט ווער עס פאַר־שרייבט זיך אַלס „קאָמוניסט", האָט ארויסגערופן אי אַ ציטער איבערן לייב, אי אַ שטיקל האָפענונג! פון איין זייט, האָבן זיי געגלויבט, אַז די נייע „קאָ־מוניסטן" וועלן מאָרגן קומען צו זיי אין די קלייטן און זיך הייסן זיך טיילן מיט זיי! אלא ניט, וועלן זיי קומען אין שטוב אריין, הייסן ארויסנעמען די מלבושים און זיך הייסן טיילן. עס איז דאָך „קאָמוניזם"!

אַנדערע ווידער, האָבן גאָר נבואות געזאָגט, אַז דער „קאָמוניזם" וועט אפשר מאַכן, פון אָט די בראָדיאַגעס, אַ לייט! זיי וועלן אריין צווישן מענטשן — וועלן זיי אויך ווערן מענטשן.

דאָס זעלבע איז געשען מיט די פויערים. ווען מען האָט איינגעלאַדן זיך פאַרשרייבן אין דער „פּאַרטיי קאָמוניסטאַ". איוואַן זלאָדי, און פּראַ־קאָפּ וואַסערטרעגער האָבן זיך באַלד פאַרשריבן און באַקומען אַ „פּאַרטיי" קאַרטע. מאַכטיי בעלאַראַבאַטניקאָוו, אַ באַלעבאַטישער ערל מיט אייגענע צען דעסיאַטין קאַמפּ, האָט קיין חשק ניט געהאַט זיך צעטיילן מיט זיין גוטס און האָט פריער געוואָרנט, אַז אויב פּראָקאָפּ וועט מאָרגן קומען צו אים נאָך אַ „חלק" — וועט ער אים מיט אַ זאַסטופּ שפּאַלטן דעם קאָפּ!...

דער דאָזיקער שבת האָט די טעפּליקער אידן — שפּעטער מיט חדשים — געקאָסט זייער טייער. ווען די פּעטליוראָווצעס האָבן געוועלטיקט איבער־דער געגנט, האָבן די טעפּליקער גויים עדות געזאָגט, אַז  אַ ל ע  אידן האָבן זיך פאַרשריבן אַלס קאָמוניסטן...

:: :: ::

די חדשים זיינען געלאָפן. שוין באַלד צוויי יאָר, זינט יענעם גליקלעכן שבת ווען די טעפּליקער אידן זיינען געוואוירע געוואָרן, אַז פרייהייט הערשט איבער רוסלאַנד.

ס'איז ווינטער פון תרע"ט (1918-1919) אין טעפּליק און טויזנטער ווערסט אַרום טעפּליק, הערשט כאַאָס, אַנאַרכיע, און בירגער־קריג. טעפּליק איז אַן  א ו ק ר אַ נ י ע ר  פּראָווינץ, וועמענס הויפּטשטאָט איז קיעוו און וואו עס איז פאַראַן אַ אידישער מיניסטער. אויפן הארצן פון טעפּליקער אידן איז ניט פריילעך. מיט דער באַן קאָן מען ניט פאָרן, ווייל מען וואַרפט ארויס די אידן פון די באַנען אינמיטן פאָרן. מען נעמט ארויס די אידן פון די וואַגאָנען ביי יעדער סטאַנציע און מען צעשיסט זיי. פון שטעטל קאָן מען שוין אויך קיין יאַריד ניט ארויספאָרן. מען פאַלט איבער די אידן און מען נעמט צו זייער געלט און מלבושים.

אין איינעם אַ מיטוואָך ווערט מען אין טעפּליק געוואוירע פון דער־

פּראָסקוראָווער שחיטה. די שטאָט וויינט! מען קומט זיך צונויף אין די בתי מדרשים און מען זאַמלט געלט און מלבושים פאַר די לעבנגעבליבענע! אַז אַט דער אומגליק קאָן אויך טרעפן אין טעפּליק — טראַכט מען ניט!

ביז עס קומט דער שרעקלעכער פּורים פון תרע״ט!

דינסטיק, עטלעכע טעג פאַר פּורים, טערנייווקער יאַריד איז דעמאָלט געווען, און דאָס איז געווען דאָס גליק פון אַ סך אידן, וועלכע זיינען דע־מאָלט אין שטעטל ניט געווען און זיך, אַזוי אַרום געראַטעוועט. פון אומאַ־ניער געגנט איז אָנגעקומען דער ערשטער באַטאַליאָן פון די פּעטליוראָוו־צעס, וועלכע זיינען אָפּגעטראָטן אונטערן שטורם פון די באָלשעוויקעס, וואָס זיינען שוין געווען אין אומאַן. דער באַטאַליאָן איז אַריין אין שטעטל און דעם ערשטן אידן וואָס זיי האָבן געטראָפן אויפן וועג — האָבן זיי באַלד דערשאָסן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם. אַ שחיטה, וועלכע האָט געדויערט די גאַנצע נאַכט און דעם מיטוואָכדיקן טאָג. 400 טעפּליקער אידן, מענער, פרויען און קינדער האָבן דעמאָלט פאַרלוירן זייער לעבן.

מיטוואָך פאַרנאַכט האָט מען דערהערט אַ שיסעריי פון אומאַניער בריק. עס איז געקומען אַ באַטאַליאָן באָלשעוויסטישע „סאָלדאַטן״, די גרעס־טע טייל 16 און 18 יאָריקע אינגלעך, באָרוועסע און נאַקעטע!ביים קומען נאָענט צום שטעטל האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן, און איבערגעשראָקן די באַנ־דיטן וועלכע זיינען אַנטלאָפן!...

זיי זיינען אָבער ווייט ניט אוועק! דורך די היימישע בעזשילנער גויים, זיינען זיי געוואוירע געוואָרן, אַז די באָלשעוויקעס זיינען קליין און נישטיק אין צאָל און אין מאַכט, און — זונטיק, פּורים תרע״ט, איז ערשט געוואָרן די אמתע שחיטה וואָס האָט ניט איבערגעלאָזט קיין איין שטוב עס זאָל עמעצער דאָרט נישט פעלן!... באַגלייך מיט די באַנדיטן, זיינען געקומען די טעפּליקער גויים מיט זעק און געטראָגן און גערויבעוועט אידיש האָב און גוטס.

פון דעמאָלט אָן, הויבט זיך אָן די ירידה און די פאַרניכטונג פון דעם גליקלעכן שטעטעלע טעפּליק.

נאָך די „אָפיציעלע״ פּעטליוראָווסקע באַנדעס סאָלדאַטן, האָט זיך אָנ־געהויבן דער פּעריאָד פון די „ניט אָפיציעלע״ באַנדעס, פון וואָליניצעס רוצחים, וואָס האָבן חרוב געמאַכט טעפּליק.

אָבער, וויפל די טעפּליקער אידן האָבן ניט געליטן פון די גויאישע

באַנדעס, האָט זיי אַזוי ניט געאַרט ווי זייערע איבערלייבעכצן בעת דער הערשאַפט פון די א י ד י ש ע באַנדיטן.

טעפּליק, איז דאָס איינציקע אידישע שטעטעלע, וואָס האָט — צום גרויסן באַדויערן און צו אונזער גרויסער שאַנדע — אַרויסגעגעבן אַ סעריע פון נ יי ן אידישע באַנדיטן, וועלכע האָבן טעראָריזירט דאָס שטעטעלע, געהרגעט און געראַבעוועט און וואָס נאָך ערגער, געשענדט אידישע פרויען! צענדליקער און הונדערטער יאָרן, זינט טעפּליק האָט עקזיסטירט, האָט זיך קיינער ניט אומגעקוקט אויף די קינדער ווי אַזוי זיי וואַקסן! מען האָט גע־וואוסט, אַז דאָס קינד גייט אין חדר, זיצט דערנאָך אין קלויז און לערנט ביז מען מאַכט אים חתונה. זיך אומקוקן אַז אַ בחור'ל גייט אַראָפּ פון דרך הישר, כאַפּט אַראָפּ אַ קאַוועץ (ארבוס, סאַנדיאַ) פון וואָגן, זיך אומקוקן, אַז אַ קינד וואַלגערט זיך ביי אַ פּאָר אונטערוועלט מענטשן אין שטוב — דאָס האָט קיינער ניט געטון! און ווען מען האָט זיך אומגעקוקט איז שוין שייקעלע — חזנס אַ זונדל — געווען אַ פּאַכמאַן אַ גנב! איז שוין פייסעלע — אַ מלמדס אַ תכשיט — געווען אַ גנב אַ אַ רוצח א. אַ. וו.

דער הויפּט פון די אידישע באַנדיטן איז געווען יאָסעלע בעל עגלה, וועלכער האָט אָוועקגעוואָרפן זיין „פאַך" פון פירן פּאַסאַזשירן און גנבות קיין אומאַן, און איז געווען אַן „אַטאַמאַן" ביי די אידישע באַנדיטן. און כדי די „פּרנסה" זאָל בלייבן צווישן אייגענע האָט ער גענומען נאָך צוויי אידישע גנבים אין באַנדיטן, שייקעלען און זיסקעלע גנב, זיי אַריינגעלייגט אין „שותפות" זיינע 2 מיידלעך וועלכע ער האָט געגעבן אַלס כלות, און ער ווערט דער שרעק פון טעפּליקער אידן.

טעפּליקער אידן אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשוץ, וועלכע גייט „באַוואָפנט" מיט... שטעקעלעך. די אויפגאַבע פון דער זעלבסטשוץ איז... צו מאַכן אַ גוואַלד! צו שרייען ווען עס איז ערגעץ אַ „נאַליאָט". ווען מען באַפאַלט אַ אידישע שטוב. די ערשטע צייט, פלעגן זיך די באַנדיטן דערשרעקן פאַר די גוואַלדן און קולות אין דרויסן און זיך צעלויפן. שפּעטער זיינען זיי צוגע־וואוינט געוואָרן צו די קולות און געטון זייערס. און אַז עס איז יאָסעלע בעל עגלה נמאס געוואָרן די גוואַלדן פון דער „זעלבסטשוץ" האָט ער זי שנעל ליקווידירט, דערשיסנדיק דעם אָנפירער פון זעלבסטשוץ.

די טעפּליקער אידן גייען צו ביסלעך אָפּ מיטן בלוט. זיי האָבן ניט קיין איין גוטע וואָך, קיין איין גוטן טאָג! אָדער אין שטעטל בושעוועט וואָ־ליניעץ מיט זיין באַנדע, אָדער היים ליב קענים, היים גדליהס, מישקעלע

גנב, משהלע טשאָלאָוויק, שייקעלע דעם חזנס, אָדער זיסקעלע גנב, בושע־וועז און קאָמאַנדעווען אין טעפּליק.

איינעם אַ טעפּליקער באַנדיט, האָבן ארגענטינער אידן געהאַט דעם „כבוד" צו קאָנען פּערזענלעך. אין יאָר 1923 איז חיים יאַבלאָטשניק — איינער פון די טעפּליקער אונטערוועלט מענטשן, געקומען קיין ארגענטינע מיטברענגענדיק מיט זיך אַ... געליענע פרוי מיט עטלעכע קינדער און אפילו אַ שוויגער...

חיימל יאַבלאָטשניק, איז געווען דער אַדרעס און די געבענטשטע היים פאר אַלע אידישע און גויאישע באַנדיטן. די „וואַלינצעס", די הויפּט באַנ־דיטן וואָס האָבן געהאַלטן אין איין ראַבעווען דאָס שטעטל, פלעגן ביי אים אָפּזעצן די גערויבטע זאַכן און נאָך אַ טאָג פון פּאַגראָמירן — האָט מען ביי חיימלען געהוליעט ביז טאָג.

חיימל יאַבלאָטשניק, איז אויך געווען דער „וועגווייזער" פאר די פרעמדע באַנדיטן, וואוהין זיי דאַרפן גיין ראַבעווען. חיימל האָט געוואוסט וועלכער איד עס האָט אַ גוטן „סעקרעט" (אַן אָרט וואו זיך צו באַהאַלטן) און ער פלעגט נאָכקוקן, ווער עס קומט צו אַט דעם אידן זיך באַהאַלטן (אידן מיינען דאָך שטענדיק, אַז ביי י ע נ ע ם איז זיכערער), דאַן, פלעגט חיימל שיקן זיינע מענטשן אין דעם הויז פון אַנטלאָפענעם אידן און מען האָט אויס־געליידיקט די שאַפעס, און אַפילו די איבערבעטן.

אינטערעסאַנט איז, אַז אַלע טעפּליקער אידישע באַנדיטן האָבן באַקו־מען זייער טויט אין די שטעטלעך פון אַרום טעפּליק. ד ע ם האָט מען אויפגעהאַנגען אין גאַלאָוואַניעווסק, אַ צווייטן האָט מען דערהרגעט אין בערשאַד! אַ דריטן — אין כריסטינאָווקאַ און עטלעכע האָבן די באָלשעווי־קעס דערשאָסן אין אומאַן. דער איינציקער וואָס האָט זיך געראַטעוועט, ח יי מ ל י אַ ב ל אָ ט ש נ י ק, האָט דערלעבט צו קומען קיין ארגענטינע.

דורך אַ צופאַל ווערט ער דערקענט פון טעפּליקער אידן, און ספּעציעל ווערט ער „פאַרשיט" דורך זיינער אַ פאָטאָגראַפיע וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", געשיקט פון זיין קאָרעספּאָנדענט אין קעשענעוו. דער פויגל ווערט דאָ אַרעסטירט און אַ שטיק צייט רודערט ער אויף די שטאָט. אין הכנסת אורחים, וואָס האָט זיך ערשט דאַן געגרינדעט ווערט אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן פון אידישע אינסטיטוציעס, און מען באַשליסט צו פועלן ביי דער רעגירונג אַז זי זאָל אים צוריקשיקן קיין טעפּליק.

מען האָט דעם באַנדיט צוריקגעשיקט. ער איז קיין טעפּליק ניט דער־

פאַרן. אויפן וועג, נעבן וואָלאָטשיסק, איז ער געפּגרט ווי אַ כלב. אָבער טעפּליקער אידן איז דערפון ניט גרינגער געוואָרן. דאָס שטעטל איז שוין חרוב געוואָרן און האָט געמוזט אָנקומען צו די אָרומיקע שטעטלעך, אַז מען זאָל שיקן אַ וואָגן מיט... ברויט. טעפּליק, אָט דאָס בליענדע שטעטעלע, וועמענס איינוואוינער האָבן געלעבט גליקלעך, חתונה געמאַכט קינדער, געטאַנצט אין מיטן גאַס אַ פריילעכס, געשפּילט טעאַטער און געזען בילדער אין „אילוזיאָן”, אָט דאָס שטעטעלע איז אין משך פון צוויי יאָר איבערגעקומען אויף ככר לחם. און די שענסטע באַלעבאַטים זיינען געשטאַנען אין אַטשערעד צו נעמען אַ... געשאַנקען ברויט וואָס טערניוועקער אידן האָבן צוגשיקט...

:: :: ::

עס זיינען אַוועק נאָך אַ פּאָר יאָר. די וואונדן האָבן זיך צוביסלעך אָנגעהויבן פאַרהיילן. די סאָוועטן-מאַכט האָט זיך אָנגעהויבן באַפעסטיקן און צו די באַנדעס איז געקומען אַ סוף.

טעפּליק האָט שוין אָבער מער דעם קאָפּ ניט געקאָנט אויפהויבן. די „נייע אָרדענונג” איז ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר טעפּליק, און טעפּליק איז ניט געווען צוגעגרייט זיך צופּאַסן צו דער „נייער אָרדענונג”. נאָך הונדערטער, טויזנטער יאָרן נעמט מען אַ טעפּליקער אידן, מען הייסט אים פאַרמאַכן זיין... ליידיק קלייטל און מען שיקט אים... גראָבן קאַרטאָפל אָדער שניידן קאָרן אין פעלד. מען נעמט אַ טעפּליקער אידן און מען הייסט אים צו 50-60 יאָר ווערן אַ פּראָלעטאַריער.

אָבער, דאָס איז ביי אים אויך געווען אַ קלייניקייט. נו, מילא! וואו שטייט עס געשריבן, אַז עלי דער שטומער זאָל פאַרקויפן קוילן אָדער שבתאי קרעמער — אַ „מיטל שטיקל” הערינג פאַר אַ קאָפּיקע! וועלן זיי נעמען זייערע אַלטע קריזשעס און גיין מיט זיי אין פעלד אריין. און מען איז טאַקע געגאַנגען. איי, זייער גיין אין פעלד האָט קיינעם קיין נוצן ניט געבראַכט! — אָבער, מען מוז דאָך עסן. מען האָט געגראָבן אַ גאַנצן טאָג קאַרטאָפל, האָט מען עפּעס אהיימגעבראַכט פאַר די פּיצלעך קינדער.

ערגער איז געווען פאַרן טעפּליקער אידן ווען מען האָט צוגענומען זיין קלויז און אים אַרויסגעטריבן פון דאָרט. און פון דער קלויז האָט מען געמאַכט אַ קלוב.

ערגער איז פאַר אים געווען, אַז ווען פון אַלע בתי מדרשים האָט מען בלויז צוויי איבערגעלאָזט פאַרן גאַנצן שטעטל און אין די איבעריקע האָט מען געטאַנצט און געהוליעט.

און אזוי ווי די „נייע אָרדענונג" האָט געהאַט אַן אינטערעס אַז איוואַן זלאָדי און פּראָקאָפּ דער וואַסערטרעגער און נאָך און נאָך שיכורים פון דאָרף זאָלן זיין גוט צו איר און אזוי ווי מען האָט דאָך פּאַרט געמוזט געבן אַ תּקון דער נייער אָרדענונג פון „מיינס איז דיינס — דיינס איז מיינס!", האָט מען געטון אַלעם מעגלעכעס, אַז די א י וו א נ ס, די פּ ר אָ ק אָ פּ ס, און די פּאַראַסקעס מיט די יעוודאָכעס פון דעם דאָרף ארום שטעטל, זאָלן קומען אין אָט די אידישע קלובן — און בראַסלעווער קלויז, אין בית המדרש, אין בערשאַדער קלויז און אין די איבעריקע קאַנפיסקירטע מקומות קדושים און דאָרט פאַרברענגען זייער פרייע צייט צוזאַמען מיט די אידישע בחורים און מיידלעך וואָס האָבן זיך צוגעשאַרט צו דער „נייער אָרדענונג". טעפּליקער איד האָט זיך צוגעקוקט ווי אזוי ער ווערט צוביסלעך פאַרניכטעט גייסטיק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג אויף מלמדים און אויף חדרים. מען האָט אויפגעהערט שיקן די קינדער אין חדר, ווייל פאַר לערנען מיט קינדער חומש מיט רש"י איז געקומען... פיר יאָר קאַטאָרגע.

מען האָט אויפגעהערט צו חלומען פון פאָרן אין דער העברעאישער גימנאַזיע קיין יפו, ווייל, פאַר ז יי ן אַ צ י ו נ י ס ט, איז געקומען... סיביר. מען האָט זיך אפילו געדאַרפט היטן צו דאַווענען ביחידות און אָנטון טלית און תּפילין, ווייל טאָמער קומט עמעצער אריין און פּאַקט אים ביי אַזאַ „חטא", ווערט ער פאַרעכנט פאַר אַ קלעריקאַל, רעאַקציאָנער, שונא פון דער מאכט, און מען מעג אים פאַרפאַלגן...

דאָך, אַז עס איז געקומען צו אַ יום טוב, און דערהויפּט צו די ימים נוראים, האָט מען זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און מען האָט זיך גוט... אויסגעוויינט אויפן פיזישן און גייסטיקן בראָך וואָס עס איז געקומען אויף טעפּליק. מען האָט געוויינט אויף דער אומגליקלעכער פאַרגאַנגענהייט וואָס עס האָט איבערגעלעבט טעפּליק, און נאָך מער האָט מען געוויינט אויף דער צוקונפט וואָס עס דערוואַרט טעפּליקער אידן.

אָט שטייט ער, אין ענגשאַפט, אין שיל. ארום און ארום זיינען פאַראַן בלויז עלטערע מענטשן. בלויז זקנים. קיין קינד, קיין יונגן מענטשן זעט מען נים. די קינדער ט אָ ר מען ניט נעמען „מיט געוואַלד" אין שיל אריין, און די בחורים אָדער מיידלעך, האָבן מורא זיך צו ווייזן אפילו נאָענט פון דער שיל. זאָל אים, עמעצער פון די „כאַוויירים", זען אין שיל אָדער נאָענט פון דער שיל, שטייט ער פאַר אַ געפאַר, אויסגעשלאָסן צו ווערן פון קלוב, און — מער פון אַלעם — פון דער אַרבעט...

און מען היט זיך. מען היט זיך פאַר אַ נעכטיקן חבר, מען היט זיך

פאַר אַן אייגענעם ברודער אָדער שוועסטער און מען היט זיך אויך פאַר אַן אייגן קינד...

און עס האָט געטראָפן, ניט איינמאָל, ווי אַן אייגן קינד האָט געמסורט דאָרט וואו מען דאַרף, אַז דער טאַטע האָט גערעדט שלעכטס אויף דער „נייער אָרדענונג". עס האָט געטראָפן אַז אַ קינד האָט פאַרקלאָגט דעם טאַטן פאַר דער מאַכט, אַז דער טאַטע האָט אים געצוואונגען צו... עסן מיטן היטל. און עס איז אפילו געווען אַ פאַל ווען אַ קינד האָט געמסורט דעם טאַטן, אַז ער איז אַ מלמד און לערנט מיט קינדער „טריף־פסול", ווי דאַווענען, חומש מיט רש"י, אָדער גאָר העברעאיש.

מילא, פאַר לערנען חומש מיט רש"י, האָט מען זיך נאָך געקאָנט אויס־קויפן! פאַר לערנען ה ע ב ר ע א י ש, איז מען גלייך אַוועק קיין סיביר.

דער טעפּליקער איד האָט אָנגעהויבן פילן, אַז ניט נאָר ער ווערט גייסטיק פאַרניכטעט, נאָר ער ווערט איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט. צו־ביסלעך, צוביסלעך האָט ער אויפגעהערט צו באַקומען בריוו פון זיינע איי־גענע, פון זיינע קינדער וואָס האָבן זיך געראַטעוועט און זיינען אַוועק קיין אַמעריקע... און האָט זיך שוין צו אים דערשלאָגן אַ בריוו, איינע פון צען, האָט אים די „נייע אָרדענונג" דערנאָך געשיקט רופן, און, איידל געגעבן אָנצוהערן, אַז ער זאָל וואָס וויניקער, האָבן צו טון מיט דער „אימפּעריאַ־ליסטישער" וועלט! און אַז ער שרייבט אַהין אַ בריוו, זאָל ער וויסן וואָס צו שרייבן... און עס איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז דער טעפּליקער איד האָט געשריבן צו זיין זון, צו זיין איידעם, קיין אַמעריקע:

טייערער מיינער: שיק מיר ניט קיין אידישן לוח, ווי דו פלעגסט עס טון אַלע יאָר, ווייל די לוחות, זיינען דאָ... פאַרבאָטן.

אין אַ צווייטער און אַ דריטער בריוו האָט דער טעפּליקער איד זיך געבעטן ביי זיין זון, ברודער אָדער איידעם, אַז מען זאָל אים בלויז שרייבן דריי ווערטער:

— מיר זיינען געזונט!

און ער וועט ענטפערן אויך דאָס זעלבע.

צוביסלעך, צוביסלעך, איז דער טעפּליקער איד אָפּגעריסן געוואָרן פון דער אויסערלעכער וועלט. קיין צייטונגען, קיינע בריוו, קיינע ידיעות וועגן דעם איבעריקן אידנטום פון דער וועלט, האָט ער ניט באַקומען און ניט געטאָרט באַקומען. און האָט ער יאָ אַמאָל באַקומען אַ בריוו פון זיינעם אַן אייגענעם פון דער אויסערלעכער וועלט, און אויב צו דער בריוו איז נאָך געווען צוגעלייגט אַ פאָטאָגראַפיע אויף וועלכער דער קרוב, דאָס קינד אָדער

ברודער, איז געשטאַנען אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, האָט ער כאָטש הנאה געהאַט וואָס — אויב ער איז פאַראורטיילט צו גיין אַנגעטאָן אין אַ „קאָסטיום" געמאַכט פון אַ פּאַר... זעק! אויב ער מוז גיין באָרוועס אין מאַרק — זאָל כאָטש זיין קינד לעבן אַ גוטן טאָג! און דער טעפּליקער איד האָט געשריבן צו זיין קינד אַ בריוו בזה הלשון:

טייער קינד מיינס: מיר האָבן דיין בריוו מיטן בילד באַקומען. איר זעט זייער שיין אויס. אייערע פּנימער לייכטן פון פרייד און צופרידנהייט. מיר שיקן אייך אויך אונזער בילד! און כאָטש מיר גייען ניט אַזוי אַנגעטאָן ווי איר, דאַרף זאָלט איר וויסן, אַז מיר זיינען גליקלעך און צופרידן מיט אונזערע אַלטע מלבושים. מיר לעבן אין פרייהייט און עס פעלט אונז גאָרניט...

אַזוי האָט געשריבן אַ בריוו דער טעפּליקער איד ווען ער האָט געוואוסט אַז... זיין בריוו גייט דורך אַ צענזור! ווען ער האָט געוואוסט, אַז ווען ער זאָל שרייבן איין וואָרט פון אומצופרידנהייט, מעג ער זיך ריכטן אויף אַ לאַנגער רייזע קיין סיביר.

און צו די אַלע האַרצווייטיקן האָט דעם טעפּליקער איד, מער פון אַלע ווייטיקן, ווען ער האָט געזען ווער עס זיינען זיינע „שופטים".

ער קומט אין אַ רעגירונגס אַפּיסינע און טרעפט דאָרט אַלס „הויפּט-מאַכער", הויפּט „קאָמיסאַר", אַ היימישן בחור, אליקום שוסטערס בחורעצ, וואָס איז געווען אַ לײַדאַק, אַ שלעפּער פון די וועגענער, און דאָ, דאָ זיצט ער אויבנאָן און איז דער „קאָמיסאַר איבער וואוינונגען". ער איז דער ממונה, צו איר זאָלט וואוינען אין אייער הויז, אָדער איר זאָלט זיך במחילה אַריבערקלויבן אין קיך, און אין אייער הויז זאָל זיך באַזעצן איינער פון די נייע „אַריסטאָקראַטן" — עלי שפּייזערס תנא, וועמען דער טאַטע האָט אויסגעלערנט דאָס „פּאַך" פון... שינדן נבלות.

צי למשל, ווען נחמן לאַדיזשינסקי, קומט אין „ראַיאָנקאָם" אַרויסנעמען אַ דערלויבעניש צו קאָנען... פאָרן קיין אומאַן (דערלעבט יאָרן) און דער קאָמיסאַר, וואָס דאַרף אים אַרויסגעבן דעם „פּראָפּוסק", איז איציקל דעם רויטנס בחורל, טאַקע עפּעס אַ שטיקל קרוב פון נחמנען, וואָס האָט געוואוינט פון יענער זייט בריק און זיך אָפּגעגעבן מיט האַלטן אַ „כאַרטשעווניע" (רעסטאָראַן) און... אויסלײַדיקן ביי די גויים די קעשענעס... עס האָט די טעפּליקער אידן, ניט אַזוי ווייט געטון די שמיץ, ווי דער פאַקט ז ע ר עס גיט זיי...

און ניט בלויז די עלטערע אידן אין טעפּליק האָבן געליטן. ניט ווייַ-

ביקער האָט געליטן די יוגנט, כאָטש זי האָט זיך געזוכט צוצופּאַסן צו דער „נייער אָרדענונג".

די טעפּליקער יוגנט, די גרעסטע טייל טעפּליקער קינדער האָבן פּלוצים דערפילט דעם טעם פון... אָפּקומען פאַרן טאַטנס זינד. די „נייע אָרדענונג" האָט, בוכשטעבלעך, איינגעטיילט די טעפּליקער קינדער אין צוויי טיילן:

איין טייל, דער פּריווילעגירטער, איז געווען י ע נ ע חברה יוגנט, וועמענס טאַטעס האָבן... אַמאָל געדאַוונט אין בעל מלאכהשן שילכל, וועמענס טאַטעס האָבן גענומען אַ גוטן טרינק בראַנפן און געלאַטעט שיך אין מאַרק אָדער איבערגעניצעוועט אַ פּאָר אַלטע הויזן. דאָס זיינען געווען די קינדער פון „פּראָלעטאַריער", וועמען מען האָט געגעבן די בעסטע דירות און אַ גרעסערע פּאָרציע צוקער אָדער זאַלץ.

די צווייטע טייל יוגנט — די, פון „בורזשואַזנם קלאַס", זיינען געווען די קינדער פון טעפּליקער קרעמער, הענדלער, מאַכעטוויעניקעס, פערד־הענדלער, טאַנדייטניקעס און כלי קודש, ווי די זין פון די רבנים, חזנים, שוחטים און אפילו דניאל שמש זון, וואָס האָט שטענדיק געהונגערט ביי זיין טאַטן און איין מאָל אין וואָך געזען אַ שטיקל פלייש פאַר די אויגן, אָט די אַלע זיינען געווען „דעגראַדירטע" און מען האָט זיי באַהאַנדלט ווי... שונאים פון דער „נייער אָרדענונג".

אָט אַזוי, צוביסלעך, האָט טעפּליק פאַרלוירן דעם אויסזען פון אַ איִדיש טראַדיציאָנעל שטעטעלע און איז געוואָרן אַ „קאָלכאָז", גלייך מיט אַנדערע גויאישע „קאָלכאָזן" פון דעם „סאָציאַלן עקספּערימענט".

מיט איין זאַך זיינען אָבער, דאָס ביסל איבערגעבליבענע טעפּליקער אידן געווען זיכער. מיט זייער טרוקענעם אויסגעדאַרטן גוף! זיי האָבן אויפגעהערט מורא האָבן פאַר באַנדעס, פּאָגראָמען און שחיטות און זייער ביסל ביינער האָבן זיי אַוועקגעלייגט שלאָפן מיטן געדאַנק, אַז ביינאַכט וועלן זיי ניט הערן מער די גוואַלדן אַז —

מען מאַכט אַ „נאַליאָט" און מען קוילעט אידן!

מיט דער צייט האָבן זיי זיך צוגעוואוינט צו די צרות און אפילו זיך איינגערעדט, אַז זייערע שכנים, די, פון יענער זייט בריק, די, וועלכע האָבן פאַרביטן זייערע קלויסטער פּראָצעסיעס, אויף רויטע מאַניפעסטאַציעס, אַז אָט, די טרוכימס און מאַכטייס, די פעדאָטס און מאַקסימס, זיינען שוין געוואָרן „פיינע" מענטשן, האָבן אַפילו חרטה אויף די פריערדיקע יאָרן, ווען זיי זיינען געקומען אין שטעטל אַריין ראַבעווען, און זיי זיינען שוין געוואָרן אידן־פריינט.

אין איינעם א שיינעם טאָג זיינען טעפּליקער אידן געוואָרן געוואָרע
אז א נייע זון גייט אויף פאר זיי! די בלעטער וואָס זיינען אָנגעקומען פון
קיעוו, פון אָדעס — און פארשטייט זיך די רוסישע בלעטער, ווייל קיין אי־
דישע האָבן שוין אויף דער אוקראאינא ניט עקזיסטירט — אלזאָ, די בלע־
טער מעלדן אז די „נייע אָרדענונג” גייט איינפירן פרייהייט פון מסחר,
פרייהייט פון... לעבן און פרייהייט פון רעליגיע אפילו! דערציילט האָט מען
און גערעדט האָט מען — און דאָס מאָל, שוין ניט אין קלויז אָדער אין בית
המדרש — וועלכן מען האָט שוין ניט געהאט, נאָר אין מרחץ אָדער גלאַט
אין מארק — אז די מאכט האָט זיך אומגעקוקט אז מיט צעשטערן אלעס
וועט מען רוסלאנד צוריק ניט אויפבויען, און מען האָט באשטימט נאָכלאָזן
אביסל די צוים!..

דאָס דאָזיקע „נאָכלאָזעניש” האָט מען א נאָמען געגעבן „נעפּ” (נייע
עקאָנאָמישע פּאָליטיק) לויט אָט דער נייער פּאָליטיק, האָט מען דערלויבט
צוביסלעך האנדלען, קויפן און פארקויפן! מען האָט דערלויבט דעם פּויער
ארויספירן זיינע תבואות אין מארק אריין און מען האָט דערלויבט דעם אידן
זיי צו קויפן און איבערפארקויפן!

אין דער זעלבער צייט, האָט מען אויך נאָכגעלאָזט אביסל בנוגע
רעליגיע! מען האָט ווידער דערלויבט צו... קלינגען מיט די גלעקער אין
קלויסטער און להבדל, מען האָט דערלויבט אידן... מיטנעמען די קינדער אין
קלויז אריין! אָבער — די קאָנפיסקירטע בתי מדרשים האָט מען שוין צוריק
ניט אָפּגעגעבן! און די טעפּליקער אידן האָבן זיך צענויפגעקוועטשט אין די
איבערגעבליבענע קלויזן, און געבעטן גאָט, אז ער זאָל אויפעפענען די אויגן
פון די „וועלט־באפרייער” און זיי זאָלן דערזעען די עולה וואָס ווערט קעגן
זיי באגאנגען און זאָל זיי צוריק אומקערן דאָס ביסעלע פרייהייט וואָס זיי
האָבן געהאט ביים צאר און ביי קערענסקין!

די דאָזיקע „נייע” עקאָנאָמישע פּאָליטיק, האָט אָבער לאנג ניט גע־
דויערט! די „נייע אָרדענונג” האָט זיך אומגעקוקט אז איר „סאָציאליסטישער
עקספּערימענט” ווערט צוביסלעך אויסגעוועפּט, דורך דערלויבן אזוי פיל אינ־
דיווידועלע פרייהייטן און מען האָט געגעבן א דריי דעם דישעל אויף צוריק!
און ביים אָפּשאפן דעם „נעפּ” האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די צרות פון די
טעפּליקער אידן! די קאָמיסאַרלעך האָבן, אין דער צייט פון „נעפּ”, גענומען
גוט אויפן אויג די סוחרים וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם „נעפּ”, זיי האָבן
באזונדער פארצייכנט, די יעניקע, וועלכע האָבן אויסגענוצט די רעליגיעזע
פרייהייט, משטיינס געזאָגט, וואָס דער „נעפּ” האָט דערלויבט, און האָבן א

לערן געטון מיט זייערע קינדער חומש מיט רשי אדער, רחמנא לצלן, העב־רעאיש, אדער גאר געזונגען די „התקוה", און ווען די זיבן גוטע... חדשים פון „נעפ" האבן זיך געענדיקט, זיינען, אט די אידן געווען די ערשטע פאר־סאזשירן קיין... סיביר!

צווישן די ארויסגעשיקטע „בורזשועו", וואס האבן שוין מער ווי א זאקענעם מלבוש ניט געהאט אויף זיך, צווישן די „רעליגיעזע פאנאטיקער", וואס האבן געוואלט „פארסמן" דאס פאלק מיטן „אפיום" פון... נשמת כל חי, אדער אז ישיר, אדער דאווענען מנחה־מעריב, איז אויך געווען מיין אלטער, זיבן און אכציק יאריקער פאטער נוסקע ע"ה. ער האט ניט דערלעבט צו קומען צום ארויסשיקונגס פלאץ און געשטארבן אין מיטן וועג אין א פרעמד דארף!

אבער — די רעוואלוציע, „די נייע אָרדענונג" איז געראטעוועט געווארן!

:: :: ::

אוועק א צייט, די יארן זיינען געלאפן, דער אלטער סטארשינא און סטאראסטא, זיינען שוין לאנג אין „מלכות שמים". ס'איז שוין אויפגע־שטאנען א יונגער דור, געבוירן אין דער צייט פון דער רעוואלוציע און „נייע אָרדענונג", און אט דער נייער דור, איז שוין דערצויגן אויף ליבע צו זיין „כאוער", ער ווייסט שוין ניט פון קיין אנטיסעמיטיזם, און דער טעפליקער איד, דער יונגער און דער אלטער האט זיך אנגעהויבן פילן זיכערער, און א סך פון זיי, געוועזענע „בורזשועו" אדער „בורזשויסקע קינדער", וואס האבן שוין פארגעסן דעם טעם פון... א ווייס שטיקל ברויט, האבן שוין מיט שפאט געקוקט און געלייענט די בריוו פון זייערע פריינט וואס וואוינען אין דער „אימפעריאליסטישער" וועלט, און געווען אזעלכע וואס האבן אונז אפילו באדויערט און באוויינט, אלס... אומגליקלעכע, ביז...

ביז, דער גרויסער בראך איז געקומען.

:: :: ::

איבער די הימלען פון דער וועלט האט זיך אנגערוקט א שווארצע כמארע, דער פארפלוכטער דייטש האט אויפגעוואכט און זיך א לאז געטון איבער דער וועלט זי איינצונעמען און פארשקלאפן. דאס ערשטע האט ער זיך גענומען צו די אידן און די קולות פון די געפייניקטע איז דערגאנגען ביז די הימלען.

אויך טעפליקער אידן האבן, פון ווען־ניט־ווען, דערהערט דעם פאר־צווייפלטן געשריי פון אייראפעאישן אידנטום. אמת! זייער ווייניק איינצל־

הייטן האָבן זיי געוואוסט, וואָס עס קומט פאַר פון יענער זייט גרענעצן פון טעפּליק. די בלעטער, די אָפיציעלע צייטונגען פון דער „נייער אָרדע־נונג", האָבן כמעט גאָרניט געשריבן וועגן דער לאַגע פון די אידן אין יענע מקומות וואו דער דייטש, ימח שמו, האָט געשטעלט אַ פוס. און ווען די טעפּליקער אידן זיינען שוין געוואוירע געוואָרן וואָס דער דייטש טוט מיט די אידן וועלכע ער פאַרכאַפּט — האָבן זיי אויך גאָרניט געקאָנט טון, ווייל אַלס אידן האָבן זיי ניט עקזיסטירט מער, און אַלס „טעפּליקער איינוואוינער" האָבן זיי זיך געדאַרפט האַלטן... נייטראַל. ווייל, די „נייע אָרדענונג" האָט געלעבט בשלום מיטן דייטש און אפילו געשלאָסן מיט אים אַ „נישט־אַנגריפס־אָפּמאַך". געווען אַפילו, אַ סברא, אַז אַ טייל פונעם ברויט וואָס טעפּליקער „קאָלכאָז" האָט פּראָדוצירט, איז אַוועק צום דייטש, ער זאָל האָבן וואָס צו עסן...

אַזוי איז געשען ביזן חודש יוני פון 1941. דער דייטש ימח שמו איז באַפאַלן דאָס גרויסע לאַנד פון דער „נייער אָרדענונג", באַפאַלן אויך טעפּליק און עס חרוב געמאַכט. אָפּגעווישט פון גאָטס ערד.

אומזיסט האָבן טעפּליקער אידן געהאָפט, אַז זייערע שכנים, די אוקראַאינער כאַווירים זייערע, אָט די, וועלכע האָבן באַקומען אַ פּאָליטישע דערציאונג פון 25 יאָר, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך, אַז אָט די כאַווירים זייערע, וועלן זיי העלפן און עמעצן פון זיי ראַטעווען.

זייער האָפענונג איז געווען אומזיסט. דאָס וואָס דער ד י י ט ש, ימח שמו, האָט ניט פאַרענדיקט, האָבן ז י י עס געטון! און

נישטאָ מער קיין טעפּליק! אָפּגעמעקט טעפּליק! נישטאָ שוין מער יענער מאַרק, יענע בתי מדרשים, יענע קלייטן און קלייטלעך! נישטאָ שוין מער די בערשאַדער קלויז וואו עלי מלמד האָט געלערנט „בגנבה", נישטאָ שוין מער די גרויסע מיל וואָס האָט געגעבן עלעקטריע איבערן שטעטל! נישטאָ שוין קיין לעבעדיקער איד אין שטעטל! און אַפילו פונעם בית עולם, איז שוין קיין זכר ניט געבליבן! הונדערטער יאָרן האָבן טעפּליקער אידן געלעבט גליקלעך. הונדערטער יאָרן האָבן זיי ניט געוואוסט וואָס עס איז אַזוינס „ציוויליזאַציע", און וואָס איז אַזוינס „רעוואָלוציע"! זיי האָבן געוואוסט, אַז קיין קיעוו טאָרן זיי ניט פאָרן און אין בעזשילנע, טאָרן זיי קיין קרעטשמע ניט האַלטן! נו, זיינען זיי, אויף צו להכעיס, געפאָרן קיין קיעוו און נאָך ווי געפאָרן! געפאָרן און פאַרדינט געלט! און אין בעזשילנע זיינען געווען... צוויי אידישע קרעטשמעס.

איז אויפגעשטאַנען אַ נייע וועלט וואָס האָט געהאַט אַלס ציל... גליק־

לעך צו מאַכן טעפּליק און אַלע טעפּליקס פון אונזער אַלטער היים. האָט מען איבער דעם, געמאַכט עטלעכע און צוואַנציק יאָר פייער־ברענענדיקע, עקספּערימענטן, ביז עס איז געקומען אַ שוידערלעכער בעסטיאַלער שונא, און האָט עס אינגאַנצן אָפּגעווישט פון דער ערד.

עפּעס איז דאָך געבליבן אין טעפּליק. עס איז געבליבן אַ שטיקל „ישוב" פון יענער זייט בריק!... עס זיינען געבליבן הייזער וואו מען טרעפט אויך אַביסל אָרימקייט פון אַ אידישער שטוב פון נעבן מאַרק... עס זיינען געבליבן די איוואַנס און די מיקיטעס מיט די פּאַראַסקעס און יאַוודאָכעס, וועלכע וועלן ווייטער בויען די „נייע אָרדענונג", אָבער, אָן מ יי ן טאַטע־מאַמע, אָן א יי ע ר טאַטע־מאַמע, אָן אונזערע ברידער, שוועסטער, פּלי־מעניקעס און פּלימעניצעס. ז יי זיינען שוין אין טעפּליק ניטאָ!

פאַרשוואונדן איז טעפּליק ד אָ ר ט ! אָבער, אייביק וועט טעפּליק און אַלע טעפּליקס אונזערע, אייביק וועלן זיי לעבן אין אונזער זכרון! מירן זייער ליכטיקן אָנדענק קיינמאָל ניט אויסמעקן פון אונזער זכרון, מירן אונ־זערע קינדער דערציילן, און מיר וועלן זיי בעטן, אַז אויך ז יי, זאָלן עס דערציילן ז יי ע ר ע קינדער, דאָס ערשט ניט לאַנג, האָט געלעבט גליקלעך און צופרידן, אַ האַרציק אידיש שטעטעלע! עס האָבן דאָרט געלעבט אונזערע טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע, ברודער־שוועסטער, פעטער־מומע, און איצט איז דאָס שטעטעלע פאַרשוואונדן, און אָט די שורות בלייבן בלויז אַלס...

מאָנומענט פאַר אונזערע שטעטעלעך טעפּליק!

(ענדע פון ערשטן טייל)

## אין דרוק פון זעלבן מחבר:

### יונגע יאָרן

צווייטע טייל פון טרילאָגיע „קאַפּיטלען פון פּופּציק יאָר לעבן".

### אין אַרגענטינא

דריטע טייל פון טרילאָגיע „קאַפּיטלען פון פּופּציק יאָר לעבן".

### בוענאָס איירעס, נעכטן און היינט

פעליעטאָנען און הומאָרעסקעס.

### דאָס אידישע לעבן אויף דער אַרגענטינער פּראָווינץ

רייזע־איינדרוקן און בילדער פון אידישן לעבן איבער דער גאַנצער אַרגענטינער פּראָווינץ.

דער דאָזיקער בוך, אַרויסגעגעבן פון
„דער אַרגענטינער מאַגאַזין", האָט זיך גע־
ענדיקט דרוקן דעם 20־טן יולי פון
יאָר 1946, אין דער דרוקעריי „קולטור"
פון יעקב מושקאַט און יוחנן זאַסלאַווסקי,
גאַס סאַרמיענטאָ 2157, טעלעפאָן: 47 קויאָ,
5164, בוענאָס אײרעס, רעפּובליק אַרגענטינא.

Este libro, editado por EL MAGAZINE ARGENTINO, se terminó de imprimir el día 20 de Julio de 1946, en los Talleres Gráficos "CULTURA" de Muszkat y Zaslavsky, de la calle Sarmiento 2157 - U. T. 47, Cuyo 5164, Buenos Aires, República Argentina.